בנימין רעסלער

# דער וועג צו ישראל

ראָמאַן

(ערשטער בוך פון אַ טרילאָגיע)

אַרויסגעגעבן פון :
„אונזער וואָרט", פּאַריז, מיט דער באַטייליקונג פון דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד, ניו־יאָרק.
.1950 תשי"א
פּאַריז — ניו־יאָרק

קאַפּיטל 1

# א בריוו פון עמק

אָנהויב חודש אדר האָט ר' מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט מודיע געווען דעם ווייב:

— הינדע, אם ירצה השם דינסטיק אויף דער נאַכט פאָר איך קיין ווין.

ס'איז געווען אין אַ שבת־צו־נאַכטס, באַלד נאָך הבדלה, ווען ער האָט אָנגעזאָגט די בשורה וועגן זיין ווייטער יאַזדע, וואָס איז שוין א זיכערע זאַך. ס'ווייב, וואָס האָט נאָר וואָס געהאַט איבערגעטראָגן די שוועל פון זיין חדר מיוחד, כדי ווי געוויינלעך צו נעמען דאָס וואָכנגעלט פאר דער הוצאה פון זייער רייכן און פארצווייגטן הויז, האָט געענטפערט שטיל און פרום:

— נו, זאָל זיין מיט מזל און אין א גוטער שעה.

ר' מרדכי לייב — א ייד א הויכער, מיט א צעפּעכערטער, שווארצער באָרד, אַדורכגעפלאָכטענע מיט אַ סך זילבערנע פעדעם — איז נאָך געווען אָנגעטאָן אין די בגדי שבת און האָט געהאַלטן אין אונטערבאָמקען א חסידיש זמר'ל און אביסל נישט פארענדיקטע זאָגעכצער:

— שערי גאולה... אוי, שערי גבורה... אי־אי, שערי דיצה, שערי דעה, שערי הוד.

— אוי... און זע־זשע, הינדע־לעבן, אז מען זאָל צוגרייטן פאר דער נסיעה אלץ וואָס איך דארף... און אוי, שערי ברכה, שערי בינה, חן וחסד...

אזוי ציקלענדיק דעם לאַנגן שבת־צו־נאַכטיקן „רבון העולמים“, האָט ער אויסגעטאָן דאָס טייערע מאָרדער־שטריימל, עס אַוועקגעלייגט אויף אַ פּאָלי־טורטן טישעלע, אויסגעגלעט די ברייטע פּליושענע יאַרמולקע, בהרחבה'דיק אראָפּגענומען פון די לענדן דעם זיידענעם גאַרטל מיט די פראנזן און אים ארייננעלייגט אין דער הינטערשטער קעשענע פון דער אַטלעסענער בעקעשע:

— משמיע שלום, מבשר טוב, טי־די־די־די — האָט ער צוגעשפּאַנט צו דער גרויסער פייער־קאַסע און א דריי געטאָן דעם שלאָס — כ'וועל, אם ירצה השם, פּורים האַלטן אין ווין.

ער האָט ארויסגענומען א היפּש פּעקל מיט אסיגנאַציעס און עס, אזוי בלאחר־יד, דערלאַנגט דעם ווייב:

— נו־אָ, ט'האָסטו. סע גייט דאָך צו פּסח אויך. אוי, מה נאָוו על ההרים רגלי מבשר...

בדיעבד האָט ר' מרדכי לייב נישט געהאַט מער וואָס צו זאָגן צו זיין יידענע; ער האָט נישט ליב געהאַט איבעריקע רייד. דורך דעם צוויקער מיט דעם דינעם גאָלדענעם קייטעלע, וואָס האָט קרומלעך גערוטן אויפן שפּיץ פון זיין שארפער נאָז, האָט ער בלויז געוואָרפן א זייטיקן בליק אויף זיין נידריקן, איינגעשרומפּענעם ווייב, וואָס איז נאָך אלץ געשטאַנען אויף דעם זעלבן אָרט מיטן פּעקל געלט אין האַנט. אין שווערן שייטל אויפן קאָפּ, ווי אַ הויכער, האָריקער טורעם, מיט א ציטער־קאַם, לאַנגע בליאסקענדיקע ברעלאָקן אין די אויערן, א שווארץ וואָל־שטאָף קלייד, מיט שפּיצן־קראַגן ארום האַלז, — האָט הינדע, א שווייגנדיקע, נאָך אויף עפּעס געווארט.

זי האָט וווי'ל פארשטאַנען, אז עס מוז זיין דערביי א טיפער טעם און טאַקע גאָר וואזשנע סיבות, למאי ער, „אירער“, קלייבט זיך קיין ווין אין אזא

אומגעוויינלעכער צייט. זי האָט בחוש געפילט, אַז איינע פון די סיבות איז אויך דער בריוו פון ארץ־ישראל, וואָס זי האָט ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק אוועקגעלייגט אויף זיין דעמבענעם שרייב־טיש, נאָכדעם ווי זי האָט אים קודם גאַנצע דריי מאָל איבערגעלייענט...

אָבער ער, איר מרדכי לייב, מאַכט זיך כסדר נישט וויסנדיק.

און אויך איצט האָט ער געשוויגן און זיך מיט גאָרנישט ארויסגעבאַפּט. ער איז צוגעגאַנגען צום אַלמער, ארויסגענומען א ספר, אויפגעמישט און אַנ־געהויבן אונטערברומען שטייענדיקערהייט. זעענדיק ווי עס האַלט, האָט הינדע הינטערוויילעכץ זיך צוגעשאַרט צו דער טיר. אויף דער שוועל האָט זי זיך ווי דערמאָנט:

— סע קומט היינט אָן עולם צו דער מלווה־מלכה, האַ?

— נו, וואָ־דען — האָט ער אַ מאַך געטאָן, נישט־ארויסנעמענדיק די אויגן פון ספר — וואָ־דען... אוודאי!

—אדרבה, מהיכי תיתא — האָט זי ארויסגעשפּאַנט מיט דריבנע טריּ־טעלעך — בכבוד גדול...

ער האָט שוין גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזען. ר׳ מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט, דער באַלעבאָס פון ווילכעווער גוט, דער חסידישער „פּריץ“, האָט ליב געהאַט צו עפענען א ספר דווקא אין יענע רגע׳ס ווען וואָכעדיקע ענינים דאגות און חשבונות, הייבן אָן צו באַקומען צו פיל שליטה איבער אים.

אין ר׳ מרדכי לייב׳ס גרויסן חדר מיוחד, וואָס איז אויך געווען זיין פּרי־וואַטער קאַנטאָר, איז פּונקט אַנטקעגן דער שווערער קאַסע געשטאַנען א גרוי־סער, ברייטער ספרים־שאַנק. אַנטקעגן דעם שרייב־טיש פאַר חשבונות — א טיש אויף צו לערנען, פאַרשפּרייט מיט א טישטוך און מיט א לייכטער אין־דער־מיט. און נעבן דער שוואַרצער, צעראַטעבנער סאָפע אויף צו כאַפּן א דרימל — א פּשוטער קלויז־שטענדער, טאָמער פאַרגלוסט זיך אריינצוקוקן אין א ספר שטייענדיקערהייט. דער ספרים־שאַנק — א ש״ס, מוסר־ספרים, מדרשים, א זוהר, שאלות־ותשובות׳ן, חסידישע ספרימלעך, — איז געווען א מין בפירושע וואָרנונג צום קאַסע־קאַסטן, אַז עשירות, עולם הזה, חומר, מסחרים זענען דאָ נישט דאָס אייבערשטע פון שטייסל, און אז זיי קאָנען זיך דאָ נישט צעלייגן צופיל אין דער ברייט. זייער ממשלה האָט דאָ א גרענעץ, און צופיל גיט מען זיי דאָ נישט נאָך...

ר׳ מרדכי לייב האָט איצט נישט געלערנט קיין גמרא. שטייענדיק ביים שאַנק, האָט ער געקוקט אין ערשטן פּרק פון „מסילת ישרים“, ווי דאָס וואָלט געווען א נייער ענין פאַר אים. ער האָט געברומט און פאַרצווינגן א ניגון, גלייך א גרויס הידוש וואָלט פאַר אים קלאָר געוואָרן אין דער מינוט:

—„יסוד החסידות ושורש העבודה הוא שיתברר ויתאמת אצל האדם מה חובתו בעולמו“, האַ? יאָ... — האָט ער זיך געציקלט — מה חובתו בעולמו...

פאַר א מענטשן דאַרף קלאָר ווערן וואָס עס איז זיין חוב אויף דער וועלט, וואָרים אָן דעם איז קיין חסידות נישטאָ. עס דאַרף קלאָר ווערן; עס דאַרף!... עס דאַרף!.. אָבער ביי ר׳ מרדכי לייבן אין מוח איז קיין צופיל קלאָרקייט נישט געווען. וואָרים די דאגות, וואָס האָבן אים אין די לעצטע טעג ארומגע־כאַפּט, גיבן נישט קיין מנוחה און דערלאָזן נישט צו קיין לויטערקייט. אָט דאָס איז דאָך די מעשה, למאי ער פאָרט דינסטיק קיין ווין; פאָרט צום טשאָרטקאָווער, צו דעם רבין ר׳ ישראל׳עניו.

ראשית כל האָט ר׳ מרדכי לייב טאַקע סתם זיך זייער שטאַרק פאַרבענקט נאָכן רבין זאָל לעבן, ממש עד כלות הנפש. וואָרים ס׳ווערט שוין באַלד אַ יאָר זינט „ער“ זאָל מאריך ימים זיין איז געווען אין טשאָרטקאָוו צו גאַסט. בידוע, זיצט דאָך דער צדיק יסוד עולם אין ווין, פון זינט די מלחמה האָט אויס־געבראָכן און דער מאָסקוויטער האָט חרוב געמאַכט דאָס טשאָרטקאָווער הויף: שוין א קיימא לן פון 81 יאָר. און ווייל מלכות פוילן געוועלטיקט איצט איבער גאַליציע, איז שוין גאָר קיין רייד נישט אַז דער רבי זאָל זיך אומקערן א היים.

ר' מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט וואָס איז ביז דער מלחמה געוווינט געווען צו זיין אין טשאָרטקאָוו אויף ראש השנה, אויף שבועות און גלאַט אויף עטלעכע געהויבענע שבתים דורכן יאָר — ער האָט איצט געמוזט יוצא זיין מיט דעם, וואָס איינמאָל אין צוויי יאָר קומט דער רבי אויף עטלעכע וואָכן אהיים, און איינמאָל אין צוויי יאָר פאָרט ער צום רבין אין ווין.

געוויינטלעך איז ר' מרדכי לייב זיך נוהג צו מאַכן די יאַזדע קיין ווין אויף שבועות, ערב שניט. אָבער היי־יאָר, שנת תרצ"ב איז ער זיך מקדים מיט דער נסיעה, מחמת ביי אים איז נאָך א גרויסער ספק, צי וועט בכלל זיין א שניט. דאָס ווילכעווער גיטל האָט לעצטן זמן געבראכט אי היזק אי זאָרג. צוליבן קריזיס אויף דער וועלט איז ווייץ געוואָרן עד לעפר, און דערצו האָבן עטלעכע סוחרים פון דייטשלאַנד אים אָנגעזעצט אן אפּותיקא. איז — אפשר פאַרדינגען דאָס גוט, אָדער איינגאַנצן פּטור ווערן דערפון? מען שמועסט דאָך, אז די מלוכה וועט אים איינגיכן סיי ווי צווינגען צו „פאַרצעלירן" און פאַרקויפן חלקים צו די פּוילישע פּויערים פאַר א דריטל געלט. נו, וועט זיין אויס „פּריץ" און די שטאָט יאַנעווקע — וועט אויפהערן מקנא צו זיין.

פון דער דאָזיקער שטאָט, פון יאַנעווקע, האָט ר' מרדכי לייב גאָלע עגמת נפשן, יסורים און ווייטאָגן. יידן האָבן קיין פּרנסה נישט, און וואָס קאָן ער איינער אליין אויפטאָן פאַר אזויפיל עניים און אביונים. ארום? פון אמעריקע קומט שוין אויך אָן בלויז א פינגערהוט. ס'איז דאָרט אויך שלעכט. ס'איז באו מים עד נפש, און מען דאַרף א סייעתא דשמיא, דאַרף מען; דער אין הימל זאָל זיך מרחם זיין.

ר' מרדכי לייב האָט לעצטנס אויך קיין נחת נישט פון זיינע קינדער, וואָס וווינען מיט אים אין יאַנעווקער הויז. מאַטל, די עלטסטע טאָכטער, האָט שוין צוויי אונטערגעוואָקסענע קינדער — אסתר און לוי — אָבער פון קיין תכלית טראַכטן זיי נישט. שמריה, דער איידים, איז פאַרטראָגן אין עולמות העליונים, שרייבט עפּעס א חיבור — קיינער ווייסט נישט וואָס — און מיט די קינדער גיט ער זיך כמעט נישט אָפּ. דערצו איז ער אַ ייד אַ חלוש: ווינטער הוסט ער אין שטאָט און זומער קרעכצט ער אין דאָרף.

פון דעם זון, פון שלום־יוספן, וואָס איז שוין באַלד־באַלד אַ פערציקער, האָט ער אויך צרות און געהאַקטע לייד. שלום־יוסף פאָרט אַלעמאָל קיין לעמבערג, שפּילט אויף דער בערזע און דערלייגט דעם קאָפּ. דערצו רייסט ער זיך ארום מיטן ווייב מיט זיינעם, מיט דער מיוחסת, דעם גריידיגער מורה־הוראה'ס טאָכטער, וואָס איז יעדעם מאָל מפּיל, נישט קאָנענדיק אויסטראָגן, רחמנא לצלן. און אפשר טאַקע דערפאַר לויפט שלום־יוסף קיין לעמבערג יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. מילא די בערזע ווי די בערזע — מען רעדט אָבער אויף אים לשון הרע אויך, און מען דערציילט זיך מעשיות אויפן אויער: אַז אין לעמבערג טוט שלום־יוסף אויס דעם חסידישן זשאַקעט, טוט אָן א געהאַקטן „שלום־ראָק", און אז מ'האָט אים געזען אריינגיין אין פּוילישן טעאַטער מיט א „דאַמע" ביי דער זייט...

אז עפּעס איז נישט פויגלדיק מיט שלום־יוסף'ן — דאָס איז קלאָר: ער „טשעפּעט" די באָרד, פון די פּאות איז געבליבן בלויז אַ סימן, און איינמאָל, שבת נאָכן קוגל, האָט ער אפילו געהאַט די העזה ארויסצוגיין אין גאס אָן דעם שטריימל, אין א פּשוטן קאַפּעליוש... ער, ר' מרדכי לייב, דער טאַטע, האָט מוסר געזאָגט, האָט אַפילו געהויבן אַ האַנט אויך, ס'האָט אים אָבער אויסגעפעלט כוח צו געבן פּעטש. אז ס'איז דאָך נישט שלום־יוסף אליין, וואָס האָט זיך אויסגעגליטשט! די גאנצע וועלט, רחמנא לצלן, קריכט אראָפּ פון גלייכן וועג און איז געוואָרן איבערגעקערט! ווי־זשע זאָל ער, ר' מרדכי לייב, געמען כוח איינער אליין זיך צו שטעלן קעגן אַ קאַפּויערער וועלט?

אם כן, וועט ער זיך אויפזעצן אויף דער באַן, פאָרן קיין ווין און דאָרטן הערן מפּיו הקדוש וואָס ער האָט צו זאָגן.

שטייענדיק ביים אלמער מיטן „מסילת ישרים" אין האנט, ברומענדיק צום וויפילטן מאל דעם „מה חובתו בעולמו", האט ר' מרדכי לייב געוואלט פארטרייבן פון זיך נאך עפּעס, וואס דערקוטשעט אים שוין עטלעכע טעג: דעם בריוו פון ארץ ישראל פון דעם מיזינעק זיינעם, פון דודן.

שוין 12 יאר, אז ר' מרדכי לייב איז ברוגז אויפן מיזינעק און וויל גארנישט רעדן וועגן אים. די רוגזה האט זיך גענומען צוליב א מעשה, וואס דער בחור האט אפּגעטאן: אין איין שיינעם טאג, באלד נאך דער מלחמה, האט דוד גענומען ק"ן טולער א גמילת חסד ביי א שכן און געמאכט א ויברח אן א „זיי־געזונט". ער האט זיך אריבערפּעקלט די גרענעץ קיין רומעניע און פון דארטן איז ער אוועק קיין ארץ ישראל, ביז אויפן היינטיקן טאג. די מעשה האט ר' מרדכי לייבן פארשאפט אי עגמת נפש אי בושה אויך. און דוד איז דאמאלסט געווען א שנעק פון 16 יאר.

און נאך מער האט דעם פאטער דאס געארט, ווייל דוד איז געווען דאס שיינדל פון דער משפחה און ער האט זיך מיט אים געגרויסט. דער שנעק האט שוין גוט געקענט א בלאט גמרא מיט תוספות, האט שטודירט פּריוואט ביים פּראפעסאר דאוויד — פּויליש, דייטש, לאטיין, געאגראפיע, מאטעמא־טיק — האט געשפּילט אויף א פידל אויך, און איז דערצו געווען שיין און קלוג, אויסצופארן א וועלט!

צוועלף יאר גאנאנאנד, אז ר' מרדכי לייב לייענט נישט דודס בריוו פון ארץ ישראל און אז ער ענטפערט נישט א ווארט. די מוטער, די שוועסטער — זיי זענען די לייענערקעס און זיי פירן מיט אים די קארעספּאנדענציע. סתם, פון אויפכאפּן א ווארט, אזוי כלאחר יד, פארבייגייענדיק, ווייסט ר' מרדכי לייב, אז דוד וווינט ערגעץ אין א דארף, איז א פּויער, א „פּאראבעק", און די ערד, וואס ער באארבעט, קער גארנישט צו אים. ס'איז א מין חברותא: מיינס, דיינס, שותפות'דיקס. פון הערן ווייסט ער אויך, אז דער זון מאנט קיינמאל נישט קיין געלט, און וויל נישט, אז מען זאל אים שיקן מתנות פון דער היים.

עקשנות'דיק, מיט רוגזה און אויך מיט צער האט דער פאטער זיך כסדר געווערט און נישט געוואלט לייענען וואס דער זון שרייבט. ביז לעצטע וואך, ווען עס איז אנגעקומען א גאנצע „מגילה", אין וועלכער דוד איז מודיע, אז ער האט חתונה געהאט. די חתונה אליין וואלט אפשר נישט געווען אזוי צערודערט און צענומען, — כאטש א שמחה איז אן ענין און מען טאר זיך נישט ווארפן דערמיט. ווארים פארט, וויפיל איז דער שיעור?

גאר שטארק האבן ר' מרדכי לייבן, דעם „פּריץ", צערודערט די לעצטע עטלעכע שורות פון בריוו. „עס רוקט זיך א כמארע אויף דער וועלט", האט דוד געווארנט, „פארקויפט אלץ און קומט קיין ארץ ישראל, גיך און באלד. איר וועט דארטן איינהאנדלען א נחלה, ערד, בויען א הויז, א ווירטשאפט, און לעבן ווי יידן ביי זיך אין דער היים. קומט, כל זמן איר קאנט".

דעם גאנצן שבת האט ר' מרדכי לייב זיך געמיט נישט צו טראכטן דערפון; אבער איצט, נאך הבדלה, האט אפילו דער „מסילת ישרים" נישט געהאלפן און די טראכטונגען האבן אים א נעם געטאן: א „כמארע" רוקט זיך אויף דער וועלט? וואס פאר א כמארע? ווער כמארע? און פון וועלכער זייט ציט זי אן? פארקויפן דאס גוט, מאכן א תל פון אלץ און עוקר זיין? וואסי — משיח קומט שוין אפשר אן? זאל ער כאפּן הענדום־פּענדום און דוחק זיין דעם קץ?

אויך דאס־א וועט ער אם ירצה השם איבעררעדן מיטן רבין און וועט טאקע מיטנעמען דודס בריוו קיין ווין.

ר' מרדכי לייב האט צוריק אריינגעשטעלט דעם „מסילת ישרים" אין אלמער, ארויסגענומען דעם שווערן, בייכיקן, גאלדענעם זייגער און א קוק געטאן:

— נו... טע... מען דאַרף אַריינגיין...

ר'האָט פֿאַרשפּיליעט די קאַפּאָטע, צוריק אָנגעטאָן דאָס שטריימל און זיך גענריייט צו דער מלווה־מלכּה, צו דער סעודה פֿון דוד המלך עליו השלום, וואָס ער פּראַוועט געוויינלעך מיט א חברה טשאָרטקאָווער חסידים, וואָס קומען צו אים אריין. פֿאַר הרחבת הדעת האָט ער פֿאַרויכערט אַן עגיפּטיש ציגאַרעטל, וואָס ר'האָט אריינגעשטעקט אין א בורשטינענעם מונדשטוק, און גענומען אונטערברומען א זמר'ל: — בסימן טוב ובמזל טוב החל עלינו את ששת ימי המעשה...

אָבער אין קאָפּ האָט אַלץ געעגבערט: וועט דער רבי הייסן דוחק זיין דעם קץ?

— בסימן טוב ובמזל טוב — האָט ר' מרדכי לייב זיך געשטאַרקט — החל עלינו את ששת ימי המעשה...

קאַפּיטל 2

# אַ שׂריפה אין גוט

עס האָט זיך אויפגעפּראַלט די טיר און אליקום נאַמן איז אַריינגעקומען אין דער וואָכעדיקער, ווינטערדיקער בורקע, אין די שווערע שטיוואַליעס און אין דער שמויסענער קוטשמע אויפן קאָפּ.

— אַ גוטע וואָך, ר' מרדכי לייב, — האָט ער אַ מאַך געטאָן. — כ'פאָר שוין אין דאָרף אַריין.

— וואָס איז די מעשה? — האָט ר' מרדכי לייב אַרויסגענומען דאָס ציגאַרעטן-שפּיצל פון מויל — עסט נישט איינפאָרן מאָרגן גאַנץ פרי? ליגסט דאָך אין דאָרף אַ גאַנצע וואָך!

— ר' מרדכי לייב, — האָט אליקום אַ טרייסל געטאָן מיט דער שווע-רער בעזים-באָרד און זיין גוליעוואַטע נאָז מיטן ווערצעלע האָט אַ צאַפּל געטאָן, — ר' מרדכי לייב, ס'איז געווען אַ שׂריפה... נאָך אינדערפרי, פאַרן דאַווענען האָב איך באַקומען אַ בריוול פון זאַגאַיסקי דעם רזשאַנצי. ר'האָט געשיקט אַ שליח, אַ „פּאַרנאַל" אויף אַ פערד. דעם גאַנצן טאָג האָב איך עס געהאַלטן ביי זיך. כ'האָב אייך נישט געוואָלט פאַרשטערן דעם שבת.

דער נאַמן האָט אַרויסגעשלעפּט פון בוזים אַ צעקנייטשט בריוול און עס דערלאַנגט דעם באַלעבאָס. בשעת ר' מרדכי לייב האָט אָנגעהויבן לייענען האָט דער נאַמן זיך זיינס גערעדט:

— פרייטיק-צו-נאַכטס האָט אויסגעבראָכן אַ פייער אין די סטאַדאָלעס און אין דער שטאַל. ער שאָרן איז נאָך מיט חסד. עטלעכע זאַסיקעס מיט ווייץ זיינען אַוועק מיטן רויך און צוויי צוגאָווע פערד זענען אָפּגעבראָטן גע-וואָרן. דאָס שרייבט טאַקע זאַגאַיסקי - רזשאָנצי... און דער שגץ האָט גע-זאָגט, אַז די שׂריפה האָט אָנגעהאַלטן ביז אינדערפרי.

— סתם אַ שׂרפה, האַ? — האָט ר' מרדכי לייב אַוועקגעלייגט דאָס בריוול אויפן שרייב-טיש, און צערעכט געמאַכט דעם צוויקער אויף דער נאָז, ווי ער וואָלט בעסער וועלן זען אליקום'ען — ס'הייסט?

— מ'האָט אונטערגעצונדן...

— ווער?

— אַ סברה, אַז אַ באַנדע אוקראַאינסקי שקצים פון רישקיוועץ, וואָס בונ-טעווען זיך און הוליען. ביי זאַגאַיסקי-רזשאַנצע האָבן זיי אויסגעהאַקט די שויבן און אַפילו אַריינגעשאָסן אין שטוב אַריין. דער שגץ זאָגט, אַז זיי האָבן צע'מזיק'ט די שפּיגלען, און אַפילו ס'יוזל אויף דער וואַנט...

— נוּאָ, — האָט ר' מרדכי לייב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — נו-אָ!

— אַז די באַנדע שיסט שוין אין יוזל אַריין און שרעקט זיך מער נישט פאַרן צלם. איז עק וועלט, — האָט דער נאַמן געריבן זיינע אָנגעצוויקטע הענט, — איז נישט גוט... מען דאַרף זיך נישט נאַרן...

— און אין שטאָט ווייסט מען שוין די מעשה? — האָט ר' מרדכי לייב געוואָלט וויסן — האַ?

— קיין נפש נישט. כ'האָב באַלד דעם „פּאַרגאַל" צוריק משלח געווען אין דאָרף אַריין...

— גוט האָסטו געטאָן, — האָט ר' מרדכי לייב מסכים געווען. — מען דאַרף נישט אָנווארפן קיין פּחד אויף א שטאָט מיט יידן און מען טאָר נישט מגזם־זיין. אָבער זאָג מיר נאָר, אליקום, פון וואנען ווייסט מען, אז דאָס זיינען זיי, כ'מיין אוקראַינער? ווי אַזוי?

— מאָלט אייך, באַלעבאָס, אז מען ווייסט. דער שגץ וואָס האָט געבראַכט דאָס בריוול, רעדט נישט פון קיין ליידיקן פּאַס... און זאגאיסקי־רזשאָנצעוויל, אז אימיצער פון הויז־געזינד זאָל תיכּף אַראָפּפאָרן אין דאָרף אריין מיט מיר. די זשאַנדארן זענען דאָרט דאָ און מאַכן א פּראָטאָקאָל. זיי וועלן דאָרטן זיצן א גאנצע נאַכט, ביז אינדערפרי. מאָרגן איז דאָך זונטיק... און מען ווייסט נישט וואָס דער זונטיק וועט זאָגן...

אליקום, דער נאמן, האָט א וויש געטאָן די ברייטע בעזים־באָרד און א קראַץ געטאָן די גוליעוואַטע נאָז:

— די ברישקע שטייט ביים הויז. מיכאילע וואַרט. כ'האָב אים געהייסן שפּאַנען באַלד נאָך הבדלה. איז אפשר איר אליין ר' מרדכי לייב?

— ס'הייסט וואָס? איבערלאָזן די מלווה־מלכּה פּאַקע, א פּאָר שקצים האָבן דאָרטן... האָבן דאָרטן... — האָט דער „פּריץ" א פּאַפּקע געטאָן דעם אויסגעלאָשענעם ציגארעט. — כ'קאָן נישט איבערלאָזן אַן עולם מיט יידן!

— טאָ ווער־זשע?

—ווער, ווילסטו וויסן? לאָמיר נאָר זען?

ר' מרדכי לייב האָט געמאַכט דעם חשבון אויף גיך: שלום יוסף, דער זון, זיצט איצט ביי זיך און האָט דאָרט עפּעס א בוררות. ער דאַרף אויסגלייכן עטלעכע קצבים, וואָס האָבן זיך צע'הרג'עט צוליב צוויי יאַלעווקעס. די וויסטע פּרנסה זייערע. ווען יידן איז שלעכט — קריגן זיי זיך.

דער איידים, ווידער, שמריה, איז א חלוש; טשליאפּעט ארום אויפן אויבערשטן שטאָק אין די פּילצערנע פּוישטן און מוח'ט זיך. איז... איז בלייבט בלויז לוי, דאָס אייניקל.

— שיקט מיר אַראָפּ לוי'ן, — האָט ר' מרדכי לייב געעפנט די טיר און אריינגערעדט צו אימיצן, — כ'דאַרף אים תיכּף ומיד.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז מאַטל, די טאָכטער, אַליין אַרונטערגעקומען א שטראַלנדיקע און אויסגעפּוצטע:

— אַ גוטע וואָך, טאַטע. דאַרפסט לוין?

— און לוי איז אַוודאי נישטאָ! — האָט ר' מרדכי לייב אויסגעכאַפּט. — ליגט מסתמא אין „פּאַריין־שמאַריין", אָדער דולט זיך מיט די קלעזמער!

— כ'לעבן, טאַטע, אַז כ'וויים נישט — האָט מאַטל זיך מתנצל געווען. — ווי אזוי זאָל איך וויסן?

אַ הויכע, אַ שטאַלטנע, אין אַ בלאָנדן, קונציק־געקרויזטן שייטל אויפן קאָפּ, מיט אַ פרישן, לויטערן פּנים און אַ פּאָר גרינלעכע, גלאַנציקע אויגן — האָט מאַטל געפּרווט אָפּקומען מיט אַ שמייכעלע:

— וואָס־זשע? כ'זאָל נאָך נאָכקוקן אַ בחור פון קיין עין הרע 22 יאָר ביז הונדערט און צוואַנציק? אָדער אפשר זאָל ער זיך נאָך אָנהאַלטן אין מיין פּאָלע? — האָט זי מיט אַן איידעלער, באַרינגעלטער האַנט אָנגענומען אַ פּאָלע פון איר סאַטין־קלייד — אַזוי־אָ, האַ?

ווייל דער פאָטער האָט נישט געשמייכלט, האָט זי תיכּף דערקענט, אַז עס איז נישט פּראָסט.

— וואָס איז, טאַטע? עפּעס געשען, הלילה וחס?

— אַ שרפה אין דאָרף — האָט אַליקום זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, — און ער, לוי, איז ביי...

ביים נאמן האָט זיך שיעור אַרויסגעריסן דאָס וואָרט „שוסטערקע". ער האָט זיך אָבער באַצייטנס דערכאַפּט. טאַקע אַז אייגענער מענטש, אַזוי פיל יאָרן ביי די ראַפּאָפּאָרטס, און אַפילו עלטער פון ר' מרדכי לייבן — יענער איז ערשט

אַ זעבציקער, און ער, אליקום, איז מיט אַ שמיטה עלטער — פונדעסטוועגן האָט ער ביי זיך נישט געקאָנט פועלן מעיז־פּנים צו זיין, אפילו אויף דער הייסער מינוט. אין אמתן ווייסט די מאַמע אויך גאַנץ וויל, אַז ער ליגט איבער טאָג ווי נאַכט ביי העגעך שוסטערס טאַכטער, ביי דער „שטונדירטער קוימיניסטקע", איז אין איר פאַרכליאָפּעט ביז איבער די אויערן און בלאָזט איר די טריט. עס איז דאָך אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד. אָבער גיי זאָג עס ר' מרדכי לייבן אויף דער פולער וואָך, און דערצו ערשט נאָך אַ שרפה אין זיין גוט.

— כ'על אליין ארויסשיקן יוכבד'ן, די מויד, אים זוכן, — האָט דער נאמן פאַרוקט די קוטשמע. — איך האָב אַן אויג ווו זי קאָן אים געפינען...

ווען דער נאמן איז ארויס פון חדר־מיוחד האָט מאַטל זיך צוגערוקט צום פאָטער און אים אַ גלעט געטאָן איבערן אַרבל:

—נעמסט דיר צום האַרץ, טאַטע?

— נישט די שרפה.

— אלא וואָס דען?

פון דער אַנדערער זייט טיר האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ קול:

— ר' מרדכי לייב! וואָס אי־די־מעשה־וואָס?!

דאָס האָט ר' שיעלע יארידניק גערופן צום טיש און אַנגעטריבן אונטער־געאיילט. ער האָט געעפנט די טיר, ארייגעשטעקט זיין אָפּגעקראָכן שטריימל, דאָס רויטע שיטערע בערדל, אַ פליעסק געטאָן אין די הענט און זיך צעלאָזט אויף זיין שפּיציקן, שאַרפן קול'עכל:

—נו־אָ?! אַ גוטע וואָך און אַ מזל'דיקע וואָך. ר' מרדכי לייב, עס איז דאָך ממש ווי מיט דער גאולה, וואָס מ'האַלט זי אויף! נו? היתכן? וואָס ציט מען און מען ציט? אביסל בראַנפן האָט מען טאַקע שוין גענומען. מ'האָט זיך שוין געוואַשן. אָבער עד מתי? ס'איז דאָך עפּעס שלא כדרכו, ר' מרדכי לייב! נו־אָ, הייט־הייט! לאָזט איבער די שטותים מיט די נשים. אייערע, די מרדכי־לייב'יכע, זאָגט מיר אפילו, אַז מען קאָכט ערשט דעם באָרשט און מען לאָזט אוים פרישע געגזענע גריוון, און זי האָט אַ פאַרפראַוועטן שלייען אויך. מיט דרעליעס, זאָגט זי, אַ מין כאַלאדיעץ, אָדער אַ כשר'ער דוכיפת, ווי רש"י מאַכט. אָבער די עצמות ציען דאַרף מען נישט. דרעליעס מיט העכט, די־די־ראַם־פּאַם־פּאַם!

— און וואָס האָסטו געהאַט אויף שבת? — האָט ר' מרדכי לייב פּלוצ־לנוג אַזוי אַ פרעג געטאָן — האַ? וואָס?

— קיין פיש זיינען נישט געווען. לא ולא. קוילן אין זיסן־און־אין־זויערן, — האָט ר' שיעלע זיך צעציקלט, — און אַ יש אומרים, אין וויניקן. אָט דאָס איז עס געווען. אָבער מאַכן שהיות דאַרף מען נישט. ס'איז דאָך עפּעס שלא כדרכו, ר' מרדכי לייב. ס'חידוש איז מיר נאָר, וואָס דער עולם לייגט נישט איין די סטעליע. שוואַכע דורות און שוואַכע חסידים. קאַלטע בררררר! ס'בלאָזט פון זיי אַ פראָסט. נו, פרעג איך אייך, ר' מרדכי לייב, ס'הייסט מען נעמט און מע... נו? האָ? מילא, וואָלט איך אייך נאָך געווען געכאַפּט ביי אַ שווערער סוגיא, איז אויך די אייגענע מעשה. אָבער גלאַט מיט אייער מאַטלען בעבען? הישמע כזאת?

ר' שיעלע האָט ארויפגעלייגט די האַנט אויף ר' מרדכי לייבס אַקסל און אים גענומען ציען, אונטערטענצלענדיק:

— אתקינו סעודתא דמהימנותא...

פון דער גרויסער עס־שטוב האָט זיך געהערט אַ ניגון, אַ מין ענטפער אויף דעם יארידניקס זמרל:

— דוד מלכא משיחא...

ווי גיך ר' מרדכי לייב און ר' שיעלע זיינען ארויס האָט מאַטל, וואָס איז געבליבן אליין אין חדר מיוחד, פאַריגלט די טיר פון אינעווייניק.

באַראַכט און לייכט, כמעט אויף די שפּיץ־פינגער, האָט זי זיך צוגע־שאַרט צום בייכיקן טעלעפאָן־קאַסטן, וואָס איז געווען צוגעקלאַפּט צו דער וואַנט. א רגע האָט זי זיך געישובט מיט זיך. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אויפגעשטעלט אַן אויער און געוואָרפן א בליק צו טיר־און־פענסטער, ווי זי וואָלט וועלן אויפכאַפּן עפּעס א פאַרדעכטיקן שאָרך. זי האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און מיט א ציטערדיקער האַנט אַראָפּגענומען דאָס טרייבל פון מעשע־נעם האָקן, וואָס האָט גלייך געענטפערט מיט אַ בייזן סקריפּ. ס'האָט ביי איר א טיאָכקע געטאָן אין ברוסט, ווען זי האָט דערהערט דעם טעמפּן אָפּהילך פון קלונג אין דער פאָסט־צענטראַלע און דאָס קווייטשיקע קול פון דער באַ־אַמטין, וואָס איז געקומען איבערן דראָט: „האַלאָ צענטראַלע, האַלאָ, איך הער".

— טאַרנאָפּאָל, ביטע, נומער 121. — האָט מאַטל געשעפּטשעט אויף פּויליש, גיך־גיך, אָנשפּאַרנדיק זיך אָן דער וואַנט, — אַדוואָקאַט לאַנדע'ס קאַנצעלאַריע, ביטע.

מאַטלען האָט זיך געדאַכט, אַז איר וואַרטן אויף אַן ענטפער פון טאַר־נאָפּאָל וועט זיך גאָר קיינמאָל נישט ענדיקן. זי האָט זיך צוגעזעצט אין א שטול, וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט, זיך אויפגעהויבן, זיך געטוליעט צום ווינקל, פּילנדיק דערביי, אַז עס דרינגזשעט ביי איר אַן עלנבויגן, און אַז עס ציטערט ביי איר א קני. די שטאָרן איבער די צוויי פענסטער זיינען נישט געווען אַראָפּגעלאָזט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז אימיצער קוקט אַריין פון דרויסן, פון דער פינסטערער גאַס. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי זעט אַ פּאָר אויגן און עפּעס אזא ברייטע נאָז צוגעקלעפּט צו דער פייכטער, פאַר־הויכטער שויב.

דער „בליץ"־לאָמפּ אויפן שרייב־טיש און די חלב־ליכט אין די מעשענע עבעס אויף דער מזרח־וואַנט האָבן פאַרשפּרייט משונה'דיקע שאָטנס, וואָס האָבן זיך געשלענגלט און געגליטשט איבערן ווייסן קאַכליענעם אויוון, איבערן שוואַרצן, אייזערנעם קאַסע־קאַסטן און איבערן ספרים־שאַנק. פון די שאָטנס זענען נאָך גרעסער און אימה'דיקער געוואָרן די אויגן און די נאָז אויף דער פייכטער שויב...

עס האָט זיך אויך געגומען אויסוויזן, אַז מען נאָקיוועט איר מיט א פינגער, מען שטשירעט די ציין, און אַז זי הערט א בפירושע וואָרנונג: מאַטל! מאַטל! ווענט האָבן אויערן. אוי, האָבן זיי!"

נאָך פון יענער זייט וואַנט איז געקומען א חסידישער ניגון, א נאָגענדי־קער, אַ פאַרבענקטער, וואָס האָט זיך געטראָגן פון מלווה־מלכה־טיש. וויפיל מאָל האָט מאַטל געהערט דעם דאָזיקן ניגון ביי איר טאַטן אין הויז? דאַכט זיך פון קינדוויייז אָן הערט זי אים; פון קליינערהייט אָן באַגלייט ער זי. אָבער נאָך קיינמאָל האָט דער ניגון אין איר נישט דערוועקט אזא בענקשאַפט און עפּעס אזא זיסלעכן ווייטאָג און שרעק ווי אַצינד.

מיטאַמאָל האָט זי זיך א צאַפּל געטאָן. עס האָט זיך דערהערט א קול: „האַלאָ, טאַרנאָפּאָל רעדט. האַלאָ, דאָ איז דאָקטאָר לאַנדע".

עס האָט איר פאַרשפּאַרט אין שלונג און זי האָט קוים געקענט אַרויסרעדן א וואָרט:

— האַלאָ, איגנאַץ? איגנאַץ! דאָס בין איך מאַטילדאַ. דאָבזשע. גוט. דזשענקויען, — האָט זי געשעפּטשעט און שווער געאָטעמט. — יאָ. באַגעגן מיך מיטוואָך בייטאָג אין דער גרינער קרעטשמע אין שטעפּאַניוווקע. יאָ. איך קאָן נישט רעדן קיין סך. טאַקע! וולאַשניע. עבען. טאַקע. עפּעס איז געשען. טאַק! — האָט זי געמישט פּויליש מיט יידיש. — איך וויל זיך מיט דיר באַ־ראָטן. און איך וויל דיך טאַקע זען...

די ליפּן האָבן ביי איר געצאַפּלט און אין די אויגן האָט אויפגעגלאַנצט א טרער:

— יאָ, טאַק, דראָגי, יאָ, טייערער. דאָבראַנאָץ. אַ גוטע נאַכט. דאָווידזעניאַ; צום ווידערזען.

נאָך דעם דאָזיקן געשפּרעך האָט מאַטל זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ שטול און איז געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטע.

שוין פיר חדשים, אַז זי האָט נישט געזען איגנאַצן. דאָס לעצטע מאָל האָבן זיי זיך געטראָפן אין זאַקאָפּאַנע, אין די בערג. ער איז אייגנס אַרויסגעקומען צו איר. עטלעכע אָוונטן האָבן זיי זיך באַגעגנט, אַרומגעפאָרן אין אַ שליטן אויף אַ שפּאַציר, געזעסן אין אַ קאַפע־הויז און געווען ביי אַ קאָנצערט. דאָס איז געווען נאָך אָנהויב ווינטער, ווען זי האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון יאָנעווקע אויף אַ חודש און געפּרוווט זיין אַליין...

אַ סך זאַכן זענען זינט דאַן געשען. עפּעס וואַקלט זיך אין הויז; עפּעס גע־שעט אין. גוט. און מיט איר אַליין האַלט אויך גאָר שמאָל. איר כוח פאַרלאָזט זי און כלעריי פּאַרלאַנגען האָבן זי אָנגעכאַפּט ביים האַלז. די טעג רוקן זיך אַוועק און זי קאָן זיך קיין עצה נישט געבן מיט זיך. זי עלטערט זיך — און נישט־אויסגעלעבטע יאָרן רופן זיך אָן, שרייען אַרויס פון איר; מאָנען זייערס מיט געוואַלט...

זי איז געזעסן אַ פאַרטייעטע אין שטול, געטראַכט וועגן מיטוואָך, וועגן דער גרינער קרעטשמע, ווו איגנאַץ וועט אַרויסקומען צו איר, און דער ניגון פון דער מלווה־מלכה, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער עס־שטוב, האָט גענאָגט און גענאָגט און געמאַכט באַנג דאָס געמיט:

„והושיעני מצער חיבוט הקבר... אוי, והושיעני מצער... מצער, מצער"...

מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט פיס, טופּענדיקע פיס, און אַ פּליעסקעריי אין די הענט. דאָס האָבן עטלעכע יידן זיך געלאָזט אין אַ טענצל, כדי צו פאַר־טרייבן די עצבות און אָפּצוהאַלטן די „פּולע וואָך", וואָס רוקט זיך אָן איבער יאָנעווקע: דאגות פרנסה, שרעק, מורא פאַרן „קנעפּל", פּחד פאַרן יריד, פאַרן דאָרף, וואָס שיקט אַלעמאָל „בשורות" אין שטאָט אַריין, און פאַר אָנזאָ־געניש פון די בלעטער, און אַפילו פאַרן פייף פון דער באַן, פון יעדן צוג, וואָס לויפט אָן דורכן וואַלד...

— והושיעני מצער... אוי מצער! — האָט דער ניגון זיך געצויגן — מצער...

אין איר אייגענער באַדרענגעניש האָט מאַטל מיטגעשעפּטשעט דעם ניגון, און אין די ווינקלען פון די אויגן האָט אויפגעלויכטן אַ טרער...

קאַפּיטל 3

# דער צויבער - באַרג

דער צוויי און צוואַנציק יעריקער לוי ברוידעס — ר' מרדכי לייב ראַפּאַ־פּאָרטס אייניקל — איז געזעסן אויף דער סאָפע און געבלעטערט אין אַ דייטשן בוך. נאָר די געדיכטע שורות, וואָס ער האָט געפּרווט לייענען, האָבן געהיפּעט פאַר זיינע אויגן, זיך געמישט און די ווערטער האָבן זיך בשום אופן נישט איינגעקריצט אין קאָפּ. ווי גומילאַסטיק זיינען זיי אָפּגעשפּרונגען פון אים. און האָט ער שוין יאָ געכאַפּט עטלעכע ווערטער — האָט זייער צוזאַמענהאַנג זיך עפּעס נישט געקלעפּט.

עס איז געווען אַ מעשה וועגן שווינדזיכטיקע ערגעץ אין אַ שפּיטאָל אין די בערג; אַ שילדערונג וועגן זייערע טאָג טעגלעכע דאגות, קוראַציע און וועגן דער לעבנס־„פילאָזאָפיע", וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט ביי זיי.

דער שלאַנקער לוי — מיט די פעסטע יינגע אַקסלען, קאַשטענעוואַטער טשופּרינע, ביר קאָלירנדיקע אויגן און לענגלעכן, עקשנותדיקן קין — ער איז ווינציק וואָס נתפּעל געוואָרן פון די שווינדזיכטיקע מאַנסבילן און ווייבער, און זייערע טאוונגען האָבן אים נישט גערירט. אַפילו זייערע ליבעס האָבן אים נישט געאַרט. זיי, די קראַנקע, האָבן אים גיכער דערמאָנט אָן זיין אייגענעם טאַטן, ר' שמריה, וואָס זיצט ביים נגידישן זיידן אין הויז, שוועבט אין די הימלען, מוחט זיך און קרעכצט, אַוודאי נעמט זיך דעם טאַטנס הוסטעלע פון צופיל רוחניות, פון אַביסל גאווה און צעטראָגנקייט. קיין מחלה און קיין סכנה איז עס נישט, חלילה וחס. אָבער דעם טאַטנס התנהגותן רופן ביי לוין אַרויס ציטנווייז אַ מין מאָדנע שרעק און ווידערווילן, כאָטש ער האָט אים זייער ליב, איז קענען אים מקיים כבוד אב און מיט זיך אים נישט מצער צו זיין.

און אפשר דערפאַר האָט ער, לוי זיך אַזוי געוווערט קעגן דעם דיקן בוך וועגן דעם באַרג־שפּיטאָל, די חולאים, וועגן זייערע פאַנטאַזיעס, גרויע טעג און היציקע נעכט. ער האָט אין אים געבלעטערט סתם, כדי צו פאַרטרייבן די צייט, ביז קלאַראַ ווינאַקור וועט פאַרענדיקן שרייבן דעם בריוו צו איר ברודער כאַצ־קלען קיין אַמעריקע. טאַקע זי, קלאַראַ, האָט אים דערלאַנגט דאָס בוך, כדי ער זאָל איר נישט שטערן און זאָל זי לאָזן געמאַך.

מער ווי ער האָט געלייענט, האָט לוי נאָכגעפאָלגט קלאַראַס באַוועגונגען: ווי אירע אָרעמס רוקן זיך פון רעכטס צו לינקס איבער דער געבלימלטער צע־ראַטע פון קיילעכדיקן טיש; ווי אירע רונדיקע אַקסלען הויבן זיך, און דער העל בלאָנדער, געלאָקטער קאָפּ וויגט זיך לייכט־לייכט, ווי אין אַ רויש.

דער גאָפּט־לאָמפּ מיטן הויכן קופּערנעם פוס און מאַטן, פאַפּירענעם אַבאַ־זשור, האָט געוואָרפן ליכט־פלעקן אויף איר פנים, אויף דער ראָזעווער הויט, וואָס האָט זיך צעבליט און צעשפּילט דווקא ביי דער קאַרגער שיין. די פולע, פייכטלעכע ליפּן האָבן, פון צייט צו צייט אויפגעצוקט, זיך געעפנט אויף אַ שפּעלטעלע און געוויזן די ווייסע בליאַסקעדיקע ציין און דאָס איינציקע פלאָמ־בענע חן־קרויגדעלע.

— לייענסט? — האָט קלאַראַ מיטאַמאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און

אַ שמייכל געטאָן מיט די קאַרע אויגן. — לייענסט, צי דו נודיעסט זיך? קאָנסט דערוויל אַריינגיין שפּילן אַ „קאָנטשעניע“ מיטן עולם...

— כ'וויל נישט שפּילן אין קיין קאָרטן!

— וואָס דען?

— פאַרוואָס מאַכסטו זיך נישט וויסענדיק, קלאַרוסיו?

ער, לוי, האָט ביי איר געוואָלט פּועלן, אַז זי זאָל זיך אויפהערן צו עקשנען און מיט אים פאָרט צופאָרן קיין ווישניפּטשיק צום מאַסקן־באַל פון דאָרטיקן ציוניסטישן ספּאָרט־פאַראיין. ווישניפּטשיק איז בלויז אַ שפּרונג פון יאַנעוווקע. מיט משולמס פייעטאָן און זיינע ביסטרע פערד, קאָנען זיי אַהין אָנ־ציען אין אַנדערטהאַלבן שעה. ער, לוי, האָט באַצאָלט דעם באַלעגאָלע פאַרן גאַנצן אָוונט און אַ גאַנצער נאַכט, און יענערשטיים מיטן פייעטאָן ביי דער אַל־טער מיל. זאָל זי נאָר זאָגן „יאָ“ — איז היידאַ און וויאָ!

נאָך מיט צוויי וואָכן צוריק האָט קלאַראַ שוין געהאַט מסכים געווען און האָט אַפילו פאַר זיך צו געגרייט אַ קאָסטיום. זי האָט באַדאַרפט פאָרשטעלן אַ בויגעוודיקע, געשווינדטע גאַזעל, און ער, לוי, — אַ יעגער, וואָס יאָגט זיך נאָך איר.

פאַרוואָסזשע האָט זי פּלוצים חרטה באַקומען און ציט און ציט? איז עס אַ קאַפּריז, מחמת זי ווייסט וויל, אַז זי איז דאָס שענסטע און געשמאַקסטע מיידל אויף מיילן אַרום? אָדער נעמט זיך עס צוליב איר ווידערווילן און קעג־נערשאַפט צו ציוניסטן און „בורזשואזע“ גרופּעס, און זי וויל נישט טאַנצן אויף זייערע חתונות? כאָטש איר טאַטע איז איצט מער סוחר ווי שוסטער, מער באַלעבאָס, ווי אַרבעטער, קאָקעטירט קלאַרוסיאַ מיט איר „פּראָלעטאַרי־שער“ אָפּשטאַמונג.

— קאָכאַניע! טייערע, — איז ער צו איר צוגעגאַנגען, — נו?

— קאָנסט אַריינגיין אין אַלקער שפּילן אַ „קאָנטשעניע“ מיטן עולם — האָט זי ווייטער געקריצט אויפן פּאַפּיר...

— און דו מוזט דווקא איצט פאַרענדיקן די מגילה? מוזט אָנשרייבן אַלץ אויף איינמאָל? — האָט ער זיך געקריוודעט — קלאַרוסיו!

עס האָט אים בפירוש געאַרט, וואָס זי לאָזט אים אומיסטן ווי אויף געגליטע קוילן און רייצט זיך מיט אים. זי שיקט אים גאָר אין קיך אַריין צו שפּילן אין קאָרטן מיט איר טאַטן, העגעד דעם שוסטער, און מיט איר מאַמען, דער היקע־וואַטער שוסטערקע.

דורך דער אָפענער טיר האָט לוי געזען דעם קאָן, וואָס איז אָנגעגאַנגען אַרום דעם הויכן טאַפּטשאַן אין דער אָנגעהייצטער פאַרנער קיך, אויף צוויי לאַנגע, הילצערנע בענק, זיינען געזעסן העגעד דער שוסטער, זלאַטע די שוס־טערקע, הערצל קאָניעוואָדניק, אַ שכן, ליפּע דער סטאָליער, אַ שוואָגער און האָבן געריבן אַ „קאָנטשעניע“ אין פיר הענט.

העגעד שוסטער אין דער בלויזער וועסט, אין די ווייסע אַרבל, אָבער דער האַרטער, שבתדיקער „באַניאַק“ פאַררוקט אויפן קאָפּ, האָט זיך שטאַרק גע־קאָכט, געשוויצט און געלאַכט:

— קאַליקעס! עכ'ל אייך ווייזן ווי מען שפּילט אַ קאָנטשעניע! פּיפּערנאַ־טערס, שלימעזאַלניקעס, אין טשערפּלעך שפּילט. זעטס, עד האָב מיר אַ מלך, קאַליקעס!

אַלעמאָל האָט ער אַ וויש געטאָן דאָס שאַרף געשווירענע, גראָבלעכע בערדל, אַ פיר געטאָן מיט אַ פינגער אונטער דער בלוי־אָדערדיקער נאָז און ווידער זיך צעביביקעט אויפן קול:

— קאַליקעס, לאַכודרעס, אין קוטשקע שפּילט! זעטס, האָב עך מיר אַ מלכה און אַ טויז. אין קנעפּלעך שפּילט. דו אויך, מיין ווייב. עכ'ל דיר ערשט ווייזן...

— זיי ביי זעך נישט אַזאַ ת... ת... תקיף, הענעכל, — האָט די שוסטערקע זיך נישט געלאָזט אָנשרעקן, — מ... מ... מ'מיר נאָך ז... זען וועד ס'איז ש.... ש.... שטאַרקער..

אַ צעוואַקסענע, אַ שוואַרצלעכע, מיט שיטערע גרויע האָר, שיטערע ציין און קליינע, ביסטרע, איינגעגראָבענע אייגעלעך, האָט זלאַטע זיך פאַרמאָסטן קעגן איר מאַן און געענטפערט מיט אַ שפּיציקן אָנצוהערעניש:

— דו ווייסט דאָך, הענעכל, וו... וו... ער סע גע.... געווינט און ווער עס פ...פירט אוים.

אוודאי האָט הענעך געוווּסט, אַז אויספירן פירט כסדר אוים זיין ווייב. פון זינט ער איז געקומען צו אַ שטיקל תכלית, טראָגט זיין היקעוואַטע זלאַטע די הויזן און זי פּאָכעט מיט דער בייטש; לייט זאָגן אַפילו, אַז צוליב איר איינגעשפאַרטקייט און איר טראָנץ, האָט אים צוגעשפּילט דאָס מזל און ער איז געוואָרן אַ גאַנצער לייט און אַ פאַרפונדעוועטער באַלעבאָס.

ער, הענעך, אַרבעט אוים פּויערישע שטיוול, כאָדאַקעס, משיזמעס און פאַרקויפט זיי אויף די יאַרידים אין הורט.. ער האָט אַ וואַרשטאַט מיט געזעלן, און אויך אַ קראָם פון לעדערוואַרג אינמיטן מאַרק. אין אָנהויב פון דער מלחמה האָט אים אָפּגעגליקט און ער האָט זיך דאַראַביעט צו אַ שטיקל פאַרמעגן. איצט זיינען די מסחרים אַפילו געשלאָגן; פּוילישע און אוקראַינישע שוסטערס, וואָס האָבן אייגענע קאָאָפּעראַטיוון דערגייען אים די יאָרן. טרייבן אים פון די מערק, שיקן אויף אים אָן כלערליי שלעק, וואָס דריקן אים מיט „פּאַטענטן", מיט געזעצן און קריכן אים אין גרגרת אַריין. אָבער אַ באַלעבאָס איז ער פאָרט, און ער האַלט זיך אויף די פיס. זיינע שטיוול האָבן אַ שם; זיינע אַ כאָליעווע איז אַ מויער, זיינע אַ פרישווע איז אַן אייביקייט — און אַ צאָל פון די אַלטע קונים קלעפּן נאָך דערפאַר אָן אים. אַזוי גיך וועט מען אים נישט בייקומען און ער וועט נישט בייגן דעם קאָפּ.

פון זינט הענעך האָט זיך אָנגעהויבן דראַפּען אַרויף, אין דער הויך, האָט זיין זלאַטע געגומען טרייבן כל המינים צו להכעיסן אין שטאָט. זי, די היקעוואַטע שוסטערקע, האָט געשיקט איר מעזינקע שטודירן אין דער פּוילישער גימנאַזיע, און אָנשטאָט קיילע זי אָנגעהויבן רופן „קלאַראַ" — קלאַראַ וויגאָקור.

— ז... ז... זאָלן זיי צ...צע... צעפּיקעט ווערן! — האָט זלאַטע געגלאַנצט מיט די אייגעלעך — ז... זאָלן זיי צע... צע... צעטראַסקעט ווערן!

שפּעטער האָט זי פאַר קיילע-קלאַראַן אָפּגעקויפט אַ פּיאַנאָ ביי אַן אָפּגעקומענעם פּריץ און זי שיקט זי צום ריכטער קאַראַוואָסקים אַלמנה, דער פּאַני סטעפּאַ, צו לערנען מוזיק.

— און זאָלן זיי צע... צעזעצט ווערן! — האָט זי כיכיקעט, די שוסטערקע — און ז... זאָלן זיי צעריסן ווערן!

נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע, נאָך דער „מאַטורע", האָט קלאַראַ באַשלאָסן צו זיצן אַ האַלב יאָר אין דער היים, זיך אָפּצורוען, איידער זי טרעט אַריין אין אוניווערזיטעט. זי האָט אָבער נישט גערוט. בחורים אין די טוצן, האָבן ביי איר אָפּגעשלאָגן די שוועל.

זלאַטען, דער מוטער איז דווקא ווילגעפעלן, וואָס לוי, ר' מרדכי לייבס אייניקל, דער „פּריץ", דער „דידיטש" שדכנט זיך אויך, און זי האָט מיט כלערליי שטופּשקעס געזוכט צוצורעדן די טאָכטער, אַז זי זאָל אים האַלטן אויפן אויג און בינדן מיט שטריק.

הענעך שוסטער, דער טאַטע, האָט דווקא נישט געהאַלטן דערפון. זיינע צוויי עלטערע טעכטער האָבן התונה געהאַט מיט „עמך" — איינע מיט אַ שניידער, די צווייטע מיט אַ זייגערמאַכער — און אויך פאַר דער מעזינקע האָט ער געוואָלט אַ שידוך פון „פּראָסטן נאַראָד".

— אַז כ'דאַרף ניש' קאַ הויכע טעפּ באַבאָליעס. כ'דאַרף ניש' קאַ אינדיקעס וואָס בלאָזן זעך! — האָט ער געטענהט. — די ראַפּאָפּאָרטס, מיט די ברוידע-

טעם, די שטריימלער, שטריים־קעצלעך מיט די ראַדזשיוואָלקעס וועלן איינלייגן וועלטן און עס וועט זער טאָן חושך. ער דאַרף דאָס אויף סים־סאַט כפּרות. קיילע קאָן קריגן אַ געבולבעטן, אַ יאָקטאָר פון פּראָסטן נאַראַד. זיי זיינען דאָ ווי די הינט און ז'עלן ליגן ביי אירע פּיס. ס'טויגן מיר די פּריצים? ס'עט ווערן אַ מחלוקה, שטאָט וועט גיין כּאַדראַאָם. ער דאַרף נישט דאָס פייער!

ער, הענעך שוסטער, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ ראַטמאַן אין קהל, האָט נישט געוואָלט אַרויסרופן קעגן זיך דעם צאָרן פון די „ריסטאָקראַטן" און מיוחסים; ער האָט עפּעס מורא געהאַט. ער איז געווען צופרידן, וואָס זיי זיינען אים נוהג כבוד אַביסל, קוקן אויף אים, ווי אויף אַ שטיקל מענטש, און ער האָט באַמיט זיך צו האַלטן אין דער „מעלה" און האָט נישט געוואָלט זיך דראַפּען אויף די גלייכע ווענט.

— ער בין ער — האָט ער זיך געבאָכעט אין דער ברוסט — און ער ווייס וו איין און ווי אויס. ער וויל נישט איבערקערן ס'פּעסל בעריקעס. ס'עט ווערן אַ פייער אין שטאָט.

— ז... ז... זאָל ברענען! ז... זאָל ש... ש... שרפענען! — האָט זלאַטע גע־פּסקנט — און דערנאָך וועט מען ל... ל.. לעשן, ש'קאָשע.

זי, די מוטער, האָט געוווסט, אַז לוי האָט פאַרבעטן קלאַראַן צו אַ מאַסקן־באַל און זי האָט דער טאָכטער צוגעגעבן חשק דערצו.

— ז... זאָלן אַלע ז... זען און זאָלן זיי די אויגן אַרויס! — האָט זי גע־פּלאַמט. — ש'קאָשע, האָב נאָר ש... שכל, קלאַראַ, שכל אין קוטשמעלע.

ווען דער פאָטער, הענעך, האָט זיך דערוווסט פון דער איינלאַדונג, האָט ער אויפגעהויבן אַ געוואָלט:

— כ'וויל נישט קאַ צולהכעיסן, וויל ער ניש'! כ'וויל ניש' אַריין אין קאַ לייטישע מיילער! כ'בין ניש' קאַ „כּאָצעדאַרגע". כ'וועל דעם מיוחס פאַר־טרייבן, נאַזשענען, נאַהאָניען פונדאַנען. ס'האָט ער זער דאָ זאַנאַדיעט, וואָס? דאָ איז ניש' קאַ שטוב פאַר גנבהשע ליובקעס, איז ניש'!

אַז לוי איז געוווער געוואָרן וועגן הענעכס געוואַלדן, האָט ער געקראָגן אַ האַרץ אויף אים. עטלעכע מאָל האָט ער זיך געקליבן רעדן מיט אים, אָבער ער האָט עס אָפּגעלייגט.

ער, לוי, האָט שוין פון פריער געוווסט, אַז דער שוסטער קוקט אויף אים קרום. איצט האָט ער דערפילט אַ ווידערווילן צו אים און עס האָט אים פאַר־דראָסן, וואָס דער דאָזיקער ייד געטרויט אים נישט און איז אים חושד אין מיאוסע כוונות און אין פּאַסקודנע שטיק.

הערנדיק איצט, ווי הענעך צעלאָזט זיך ביי די קאָרטן אין קיך, אַרום טאַפּטשאַן, מיטן קאָניעוואָדניק און מיטן אַנדערן דאָרטן, האָט ער דערפילט צו אים אַ כעס. ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי פאַרמאַכט.

— זיי שטערן דיר? — האָט קלאַראַ אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון די באַ־שריבענע בייגעלעך פּאַפּיר. — זיי באַאומרואיקן דיך?

— זיי פּילדערן, — האָט לוי זיך צוגעשאַרט צום טיש, — און דו שווייגסט.

— און דו?

— איך... איך, — האָט ער געשטאַמלט, — איך ווייס נישט.

— דו פּיעשטשעסט זיך, — האָט זי אים אָפּגעמאָסטן מיט די בליקן, — מפונק מיינער!

מיטאַמאָל האָט זי זיך אויפגעהויבן פון שטול און אַ טרייסל געטאָן מיטן שויבער:

— נו, גוט! איך וועל פאָרן מיט דיר, אָבער אָן אַ קאָסטיום. אָן אַ מאַסקע!

לוי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וויל אים אַ שטאָך טאָן און געבן אָנצוזע־הערן, אַז אים איז אומבאַקוועם צו באַווייזן זיך מיט איר פאַר לייט. אָדער ער שעמט זיך, אָדער ער האָט מורא און וואַקלט זיך.

— ווער זאָגט דען, אַז מיר מוזן זיך מאַסקירן? — האָט ער זיך צעקאָכט. עס איז אַבסאָלוט נישט קיין חיוב!

— נײן?

זי האָט אַרײנגעלײגט דעם לאַנגן בריוו אין אַ בלויען קאָנווערט, אויפגעקלעפּט אַ מאַרקע און זי צוגעקלאַפּט מיט אַ פויסט. לוין האָט זיך גערעכט, אַז פון דעם קלאַפּ הערט זיך אַ רוגזה, און אַ פּלוצימדיקער אַנטשלוס.

— נו, נעם דײן פּעלץ, — האָט זי אַ מאַך געטאָן. — כאַדזשמי! מ'גײ'מאָר!

אַלײן האָט זי אָנגעטאָן אַ טונקל בלויען פּלושענעם מאַנטל מיט אַ פוקסענעם קראַגן, אַ סאַמעטן בערעטקעלע, וואָס איז געזעסן שעלמיש אויף איר צעפּלאָשעטן קאָפּ האָר, און זי האָט אָנגעהויבן אַרויפשלעפּן די קאַלאָשן אויף די שיך.

— לאָז מיך, איך וועל דיר העלפן, קלאַרוסיו, — האָט לוי זיך אָנגעבויגן.

— לאָז.

— ווילסט זײן אַ גאַלאַנטער קאַוואַליר? נאַ! — האָט זי אויסגעשטרעקט אַ פוס. — אָט האָסטו!

אין נגידישן טולופּ מיטן קאַראַקולענעם קאָלנער, האָט לוי זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קני, און די פּאָלעס האָבן ווי פליגל זיך אויסגעשפּרייט אויפן דיל. מיט אײן האַנט האָט ער אָנגענומען איר פוס און מיט דער אַנדערער אַ קאַלאָש:

— קלאַרוסיו...

דער אָטעם האָט אים אַביסל פאַרשפּאַרט. איר געטאָקטער פוס אין זײַדענעם, גלאַטן זאָק, האָט אים געבריט די דלאָניע, געבריט די הויט. ס'האָט זיך אים גערעכט, אַז ער פילט איר פולס, ער פילט איר לײב־און־לעבן, וואָס שטראָמט און שוימט, הײס און האַסטיק און מאַכט אים אַזוי אומרואיק און רודערט אויף דאָס געמיט. האָט ער טיפער אַ נויג געטאָן דעם קאָפּ און מיט פאַרחלשטע ליפּן צוגעפאַלן צו איר פוס, געגנאָגט דעם זײד און זיך געוואָלט אײנזויגן אין איר הויט.

ס'איז געווען אי פאַרשײטקײט, אי פּאַסיע אין זײן אויסברוך, קניענדיק קעגן איר.

זי האָט געוווסט, אַז לוי האָט זי ליב מיט יוגנטלעכן ברען, וואָרים נישט נאָר מיט זײנע רײד, נאָר אויך מיט זײנע האַנדלונגען — און אָפט מיט זײן טיפן, עקשנותדיקן, פאַרטראַכטן שווײגן — האָט ער זי אין דעם איבערצײגט. זינט ער האָט זיך דערנענטערט צו איר, האָט קלאַרא נישט אײנמאָל געפילט, אַז אויך זי איז כּלל נישט אַזוי גלײכגילטיק. עס האָבן זי אָבער אָפּגעהאַלטן היבשע צווײפלען וועגן זײן שטאַנדהאַפטיקײט. דערצו איז ער אויך נישט געווען דער אײנציקער, וואָס איז אין איר פאַרקאָכט. אַבאָ, נחמן דעם אײנבינדערס, איז אויך אײנער פון אירע „אַראָדאַטאָרן", וואָס יאָגט זיך זײער ערנסט נאָך איר.

אָבער לוים איצטיקער אויסברוך האָט זי באַוועלטיקט און גערירט זי האָט זיך אײנגעבויגן, אָנגעכאַפּט זײן טשופּרינע, זי געריסן, געפּליקט און דערנאָך אים אָפּגעזיגלט אַ קוש אין קאָפּ:

— חזיר! סווינעאַ — האָט זי געשעפּטשעט אויף יידיש און פּויליש. — סווינעאַ! גענוג! קום! קום!

קאַפּיטל 4

# די רײַזע צום מאַסקן - באַל

דורך שטילע, טונקעלע געסלעך האָבן לוי און קלאַרא זיך געלאָזט צו דער מיל, ווו משולם באַלעגאָלע האָט אויף זיי געוואַרט. זיי זײַנען געגאַנגען גיך און האָבן זיך געגליטשט ווי אויף שאַרפֿן גלאָז.

גאָר פֿרי האָט הייאָר געטאַפּיעט דער שניי. ס'האָבן זיך צעגאָסן גרויסע קאַליוזשעס און טיפֿע בלאָטעס, געדיכטע און קלעפּיקע. אָבער אין די אָוונטן כאַפּט נאָך א שאַרפֿער פֿראָסט און די בלאָטע ווערט איבערגעצויגן מיט אַן אײַזיקער דעק.

די יאַנעוווקער זײַטיקע געסלעך האָבן געדרימלט און זיך געהויקערט אין דעם אָוונטיקן נעפּל, וואָס האָט זיי אײַנגעהילט ווי א רויך. בלויז דאָ און דאָרט האָט א מאָגערע שײַן זיך דורכגעשניטן דורך א פֿאַרהויכטער שויב און זיך אַרויסגעריסן אין דער פֿינסטערער גאַס.

לוי האָט געפֿירט קלאַראַן אונטערן אָרעם, האָט זי געהאַלטן פֿעסט, דריקנ־דיק זי צו זיך. זיי זײַנען געגאַנגען שווײַגנדיקע, ווי זיי וואָלטן זיך אײַנגעהערט צום סקריפּ און בראַזג פֿון דינעם אײַז, וואָס שפּאַלט און ברעכט זיך אונטער זייערע פֿיס.

ווו־ניט־ווו איז זיי אַנטקעגנגעקומען א מענטש: דער שטאָט־שמש, אַ קצב, וואָס האָט זיך געאײַלט אין דער שעכט־יאַטקע, צוויי בחורים, וואָס זײַנען גע־גאַנגען פֿון וויזשניצער קלויז, און א טרעגער, וואָס האָט געדזשווינגעט א גרויס פֿאַס אויפֿן קאָפּ. פֿאַרקירעווענדיק זיך צו דער שול־גאַס האָבן זיי אויך דער־קענט דעם אַלטן דאָקטאָר זיידענער, וועמען א יידענע האָט געפֿירט צו א חולה, לײַכטנדיק מיט א לאַמטערל און קלאָגנדיק אויפֿן קול:

אוי, דאָקטאָר־לעבן, ער איז דאָך אַזוי שלאַף! צוערשט דער אויבערשטער און דערנאָך איר קאָנט אים העלפֿן.

לוי און קלאַראַ האָבן געוווסט, אַז דאָס פֿירט מען דעם דאָקטאָר צו שבתאי מעל־שענקער, וועמען מען האָט פֿרײַטיק אינדערפֿרי אָפּגעפּאַרעט אין מרחץ מיט א שעפֿל הייסן וואַסער פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.. דאָס שטיקל אַרבעט האָט אָפּגעטאָן טראָכים דובענקאָ, דער קאַסירער פֿון אוקראַינער קאָאָפּעראַ־טיוו. דער גוי'עץ האָט אַפֿילו געטענהט, אַז דאָס שעפֿל האָט זיך אַרויסגע־גליטשט פֿון זײַנע הענט, בעת ער האָט זיך אַרויפֿגעלאָזט אויף א העכערער באַנק. אָבער אַלע ווייסן, אַז דאָס האָט ער זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט שבתאין, וואָס פֿירט קעגן אים אַ שאַרפֿע קאָנקורענץ. דובענקאָ, וואָס האָט זיך זאַנאַ־דיעט אין שטאָט אַרײַן און קריכט אַפֿילו אין קהלשן מרחץ אַרײַן, איז מלא חמה אויף יידן פֿאַר אָפּראַמען פּעטלוראַן, און ער האָט נישט אײַנמאָל אונטער־געלאָזט א ווערטעלע, אַז ער וועט נאָך שניידן פֿון יידן א פּאַס...

טראָכימען האָט מען דערוויילˌ גאָרנישט געטאָן. א פּױלישער זשאַנדאַר האָט פֿאַרשריבן אין ביכעלע, צוגעזאָגט צו מאַכן א „ספּראַווע“ און אָפּגעשיקט דעם גוי־עץ אהיים. און שבתאי ליגט אַן אײַנגעקלעפּטער אין ליים, סע זאָל אים קילן דאָס לײַב, און ווערט פֿאַרקווילט...

דער שבתי'כעס געוויין האָט באַגלייט לוין און קלאַראַן און האָט זיך גע־

יאָגט נאָך זיי אין דער פינסטערניש. גרויל, פּחד, אָפּהענטיקייט און פארצווייפ-לונג האָבן ארויסגעקלאָגט פון דער דאָזיקער יידענע.

לעבן דער שול איז קלאַראַן געוואָרן נאָך מער אומהיימלעך: פון די ברייטע, בלינדע שויבן, דעם שווערן, אייזן-באַשלאָגענעם טויער און פון די הויכע זיילן ווי פינסטערע ריזן וואָס האָבן געשטומט אין דער נאַכט. און אַז פון הינטער א זייל האָט זיך פּלוצלונג דערהערט א הוסט, האָט זי אַ דריק געטאָן לוין אין דער האַנט:

— אַ מת גייט שוין דאווענען? — האָט זי געשעפּטשעט. — ס'איז דאָך נאָך נישט קיין צוועלף... און אפשר איז דאָס א לעבעדיקער מת?

לוי האָט זיך צעלאַכט פון איר שפּאַס:

— ס'איז ר' גדליה הזן.. ער איז אודאי געוועזן ביים רב און גענומען אַן איבעריקע כוס'ע. הוסט ער זיך אויס און רייניקט אויס די כלי זיינע...

אויף דער באַן-גאַס איז זיי געוואָרן היימלעכער. דער שטיינערנער טראָטואַר איז געווען אַ גלאַטער, אַ גאַז לאַמטערן האָט געפלעמלט און פון עוזר דעם רויטנס שענק-שטוב האָט זיך געטראָגן א פריילעכער „קראַקאָוויאַק“, וואָס די קלעזמאָרים האָבן אויסגעשפּילט. מען האָט דאָרט געפּראַוועט דעם „דאָבראַ-ניטש“ פאר עוזרס בכור שמעון-זעליג, וואָס האָט די וואָך התונה קיין טאַר-נאָפּאָל.

צום טאַקט פון „קראַקאָוויאַק“ האָבן לוי און קלאַראַ געשפּאַנט לייכטער און גיכער און זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ צו דער מיל.

משולם באַלעגאָלע, וואָס האָט שוין געהאַט געוואַרט אויף זיי העכער א שעה צייט, שטייענדיק אונטער א דעכל פון א פּוסטן, צעבראָכענעם שייער, האָט זיי דערקענט אין דער פינסטער און ארויסגעיעכצט:

— ט'האָסטו זיי, מיינע פּ'שוינען! צע'ך נישט געקאָנט אויסקראַצן פריער? שמיגענעם! קוק'ן אָן דעם בולאַנעם — האָט ער א וויז געטאָן אויף איינעם פון די פערד — ר'איז דאָך, נעבעך, אוים מענטש. ער ציטערט און פירקעט מיטן עק!

ער האָט אויסגעשפּיגן דאָס שטיקל ציגאַרעטל, וואָס האָט ביי אים גע-קלעפּט אויף דער ליפּ, און זיך צעשאָלטן גלאַט אזוי, בורטשנדיק ווערטער אָן א באַטייט:

— א רוח אין דער קטטה אריין! ברענען זאָל די לונג-און-לעבער מיטן באָד מיט די וואָנצעס... אין דער מאַמען און מומען מיט פּאָדקאָוועס.

משולם באַלעגאָלע, אן איבערגעוואקסענער יונג, א האַלב פּנים איינגעוויקלט אין א שאַליק, האָט זיך צעלאַכט אויף זיין כריפּליווען קול, ווען קלאַראַ האָט זיך אונטערגעצויגן אויף די שפּיץ-פינגער, אָפּגעשטעקט אַ ווערטל אויף פּויליש און אים א קיצל געטאָן אונטערן נאָז:

-- שי'לעם-קאָכאַניע, האָסט שוין געעפנט דאָס דזשוביקל?

— דזשוביקל! פּיסקעלע! — האָט ער זיך צעכיכיקעט. — די כפרה זאָל איך זיין פאר דיין חנ'דאלע-ציינדעלע... אוי, א רוח אין קטטה אריין! ברענען זאָל ס'מזל מיינס!! כי-כי-כי...

ער האָט געהאָלפן קלאַראַן און לוין אָנטאָן די שווערע בורקעס אריינ-קריכן אין דער אויפגעשטעלטער בויד אריין און האָט זיי איינגעדעקט מיט אַ שעפּסענער פּעל.

—נו, טייבעלע — האָט ער אַ מאַך געטאָן — טאַקע קיין ווישניפּאַטשיק?

— פּאָר! — האָט קלאַראַ אים באַפוילן. — יאַזדאַ!

די רעדער האָבן אָנגעהויבן צו סקריפּען און דער פּאַיעטאָן האָט זיך אַ לאָז געטאָן באַרג-אַראָפּ צו דער אַלטער בריק. אויף דער אַנדערער זייט טייך ענ-דיקט זיך יאַנעווקע און עס הייבן זיך אָן די פּירשטלעכע פּאָסעסיעס, וואָס ציען זיך אויף מיילן אין דעם טשיזשעווער וואַלד.

א לאַנגע ווײַלע זײַנען זײ געפֿאָרן שווײַגענדיקע. ביז לױ האָט זיך אָנגערופֿן, װי ער װאָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט:
— דו טראַכסט, קלאַרוסיו?
— נו, יאָ...
— אַ שטײַגער?
— אַז איך װאָלט װעלן װיסן, װאָס בײַ דיר אין קאָפּ טוט זיך אָפּ, לױלע... נישט נאָר איצט, נאָר טאַקע כּסדר...
— װאָס מײנסטו, קלאַרוסיו?
— בײַ דיר, לױ, איז אַלעמאָל אין קאָפּ אַ קאַשע מיט מאָן. פּלאָנטערסט זיך און דו װאַקלסט זיך אַהער און אַהין און דו װײסט נישט װאָס דו װילסט.
— טאַקע נישט? און אין װעלכן ספֿר־פּראַלניק שטײט עס געשריבן, אַז מען מוז דװקא װיסן? — האָט ער געלאַכט — אדרבה, װוּ?
אים איז גראָד געפֿעלן געװאָרן למאי קלאַרא, װאָס איז ייִנגער פֿון אים, זאָגט אים מוסר און מאָנט בײַ אים תּכלית און ציל. און דאָס איז פֿאַר אים געװען דער בעסטער סימן, אַז ער גײט זי אָן. נאָכמער — עס איז געװען אַ היבשע מאָס אמת אין אירע רײד. אָט, שױן דרײַ יאָר זינט ער האָט געענדיקט די גימנאַזיע, געמאַכט „מאַטורע״ — און װאָס? עטלעכע חדשים האָט ער פֿאַרבראַכט אין װין אױף דער עקספּאָרט־אַקאַדעמיע און חרטה באַקומען; געגומען ס׳פּעקל אױפֿן פּלײצע און געקומען אַהײם. דערנאָך האָט זיך אים פֿאַרגלוסט צו לערנען כעמיע און אַגריקולטור אין פּראָג, און ער האָט קױם אױסגעהאַלטן אַ יאָר. אין לעמבערג האָט ער זיך אױך פֿאַרשריבן, אָבער זיצן זיצט ער בײַם ײדן אין הױז דעם גאַנצן װינטער און „טראַכט און דענקט״; סתם. ציט פֿון זיך די קלײ.
— דו האָסט נישט קײן איבערצײַגונגען און דו פֿאַרפֿאָלגסט נישט קײן ציל — האָט קלאַרא אים װײַטער געמוסרט, װי זי װאָלט אים װעלן עפֿענען די אױגן. — דו זיצסט דאָ, װײַל דײַן ייִדנס װילכעװער גוט ליגט דיר אין קאָפּ. װאַרטסט װי אַ קרױנפּרינץ אױפֿן טראָן, נײן?
— נײן! פֿאַלש, — האָט לױ געענטפֿערט שאַרף. — װען דו רעדסט אַזױ, קלינגט עס בײזװיליק!
— װאָס־זשע דען ?
— דו װײסט גאַנץ װױל, קלאַרא, אַז איך זיץ דאָ, װײַל דו ביזט דאָ.
— הײסט עס, אַז דו היטסט גאָר מיך?
— יאָ! יאָ! — האָט ער אָנגעכאַפּט איר האַנט, — דיך!
אָנשטאָט ענטפֿערן האָט זי אָנגעלענט איר קאָפּ אױף זײַן אַקסל, פֿאַרמאַכט די אױגן און איר אָטעם איז געװאָרן האַסטיקער. לױ האָט געגלעט איר פּנים, אירע האָר, עלעהײ ער װאָלט זי אײַנװיגן מיט צערטלעכקײט.
משולם באַלעגאָלע, אױף דער קאָזלע פֿון פֿאַיעטאָן, האָט זיך פֿלוצים צעזונגען אין דער נאַכט אַרײַן:
„אַ־אױ, װאַי איז צו מיאָ
און צו מאַאַנע יאָער
אַ ליבע צ׳האָמיר בײדע געפֿיאָרט
פֿעליקע דרײַ־פֿערטל יאָער״.
זיצנדיק מיטן רוקן צום פּאָרל, האָט ער דערפֿילט, אַז אין דער בױד װערט װאַרעם, אַז עפּעס רודערט זיך דאָרטן, און עס האָט זיך בײַ אים אַלײן אָנגעהױבן רודערן אונטער דער שװערער בורקע, אונטערן שאַליק און קופּשאָן.
דער פֿאַיעטאָן איז איצט געלאָפֿן צװישן גראָף קאָזיבראָדסקיס גרױסן פּאַרק פֿון אײן זײַט און דעם טײַך און דער באַן־ליניע פֿון דער אַנדערער. די פֿױערישע שטיבעלעך זײַנען געװאָרן שיטערער, דאָס האַװקען פֿון הינט איז אַנטשװיגן געװאָרן און פֿון אַנטקעגן האָט געשװאַרצט דאָס אָפֿענע, פֿינסטערע, פֿאַרנעפּלטע פֿעלד.

די צוויי לאַמטערנדלעך ביי ביידע זייטן פון פאַיעטאָן האָבן געפינטלט, ווי מיט שוואַכע, שיקלדיקע אויגן אין דער נאַכט אַריין; דער ווינט האָט אַריינגע-בלאָזן דורך די שפּאַלטן פון די שייבלעך און די צוויי ליכט האָבן זיך געראַנגלט מיט אים; די פלעמלעך האָבן זיך געוויגט און דער חלב האָט געטריפט און געטרערט.

די פערד האָבן, ווייזט אויס, געקענט „אויסנווייניק" דעם וועג קיין ווישניפּ-טשיק און האָבן מיט זייערע בהמהשע חושים זיך געמיט צו לויפן גלייך, ווי אַ ווירע, און אָנצוציען אין דער רעכטער צייט.

בלויז פון געוווינהייטס-וועגן האָט משולם זיי פון מאָל צו מאָל אונטערגע-יאָגט, פאָכענדיק מיט דער געפלאָכטענער בייטש:

— וויאָ, ווישטאָ! אין דער קטטה אַריין. מיטן קעלבערנעם שיסעלע און וועלשענעם ניסעלע. וויאָ, עס ווערט קאַלט. און אין ווישניפּטשיק וועט מען מאַכן האָפּאַי! האָפּאַי-סאָסל מיטן ראָסל. העי, קאַשטאַן, שטעל אַ פיסל... ס'איז קאַלט!

אויך אין דער אַרונטערגעלאָזטער בויד האָבן די פּאַסאַזשירן דערפילט די קעלט. קלאַראַ האָט זיך געטוליעט צו לוין און ער האָט געפילט איר אָטעם אויף זיין פּנים און אויפן האַלז.

— דרימלסטו? — האָט ער זי געפרעגט — שלאָפסטו?

— ניין, אָבער שווייגן מעגסטו, לוילע.

— און איך וויל דווקא רעדן. וועסט דאָך נישט אַרויסשפּרינגען און אַנט-לויפן אין פינסטערן פעלד אַריין.

— אפשר יאָ!

— אַנו, פּרווו! — האָט ער זיך מיט איר גערייצט. — סע זיינען דאָ וועלף און פוקסן און ווילדע חזירים. זיי וועלן דיך צערייסן.

— און דער ווילדסטער פון אַלע חזירים דאָס ביסטו אַליין — האָט זי אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן מויל, — חזיר, סווינאַ, בעבעסט.

— איך בעבע נישט, קלאַראַ, — איז ער געוואָרן ערנסט. — איך האָב אַמאָל געהערט פון מיין מלמד, אַז מתפּלל צו זיין אינמיטן אָפענעם פעלד איז גאָר אַ גוטע זאַך. דער קאָפּ איז אַ לויטערער, ס'געמיט איז ריינער און די רייד באַקומען אַ קלאָרן באַדייט. אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן אינמיטן וועג איז אוודאי גוט.

— נו, רעד שוין, רעד!

— הער, קלאַרוסיו, די היינטיקע נאַכט קאָן זיין אַן אַנטשיידנדיקע.

— מיט וואָס?

— איך טראַכט פון צוריקפאָרן קיין לעמבערג און פאַרענדיקן מיין שטו-דיום, אָבער מיט איין תּנאי....

— וואָס פאַרא תּנאי?

— אַז דו זאָלסט מיטפאָרן מיט מיר. קוק, קלאַראַ, איך מאַך נישט קיין שום אָנשטעלן. און איך זאָג דיר פּשוט און פּראָסט: ווער מיין ווייב!

— וואָס? — האָט זי זיך אַ הויב געטאָן — וואָס?

— נו, יאָ, מיין ווייב. דאָס וואָס דו הערסט. און דו וועסט זיין מיט מיר, וועט דאָס לערנען גיין ווי אַ מזמור. און דערנאָך...

— און דערנאָך? — האָט זי ווי אַ טראַנס, איבערגעפרעגט, ציילנדיק די טראָפּן — און דערנאָך?

— דאָס איז אין די הענט פון גורל, קלאַרוסיו!

— דערנאָך וועלן מיר פאָרן קיין פּאַלעסטינע, צו דיין פעטער דודן, יאָ?

— האָט זי אים אָנגענומען ביי ביידע הענט. — דו וועסט דאָרט ווערן אַן אַגראָנאָם, צי אַ פּויער, צי אַ ב'וויס-וואָס און וועסט זינגען אַ לאָקשענקווידעש-דיקן „העי-הוכניעם"... און איך וועל ניאַנטשען אַ שמשון הגבורל, וואָס ב"על האָבן פון דיר...

— אפשר....

— און שטופּן דעם וואָגן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם און פון דער וועלט־רעאַקציע. די־אָ ראָמאַנטיק, לוילע, איז נישט פאַר מיר. אַ דאַנק, דזשענקויען.

— וואָס דען, קלאַראַ?

— דאָ־אָ, וווּ מיר זיינען, איז אויך פאַראַן וואָס צו טאָן!

— קעמפן פאַר פרייהייט? פאַר וועמען? פאַר טראַכים דובענקאָ? די טראַכימס וועלן דיר פריער איבערשניידן דעם האַלז! — האָט לוי אַ פּיר געטאָן מיט אַ פינגער איבער איר קאָלנער — און וואַצעק, דער פּוילישער קוי־מענקערער, איז נישט בעסער.

— ברענגסט באַווייזן פון נישט באַוווסטזיניקע און פינסטערע...

— און דו, קלאַרוסיו, ווילסט זיי זעענדיק מאַכן?

— ווערטס ציניש, לוי!

— כ׳לעבן, אַז נישט!

— וואָס דען?

— סתם... איך געטרוי זיי נישט. ס׳עט אויסגיין צו יידישע קעפּ.

— ווייל דו גלויבסט נישט, לוי. דערצו ביסטו דיין זיידנס אייניקל.

— מיין זיידע, קלאַראַ, גלויבט יאָ! און גאָט! ער האָט דווקא אמונה אַ סך! דעריבער האָט אויך צוטרוי צו מענטשן. ער איז אַ מלמד־זכות.

— וואָס נאָך?

— נו, ער וואַרט אויף משיחן.

— טראַ־טאַ־טאַט־טאַ און טרו־רו־רו, משיח איז געקומען און ער איז שוין דאָ! — האָט קלאַראַ זיך צעזונגען — טראַ־טאַ־טאַ־טאַ און טרו־רו־רו־רו...

אין איר הוזק מאַכן איז געווען צו להכעיס, פאַרשייטקייט און אויך קינ־דערישקייט. דאָס איז לוין דווקא געפעלן געוואָרן און דאָס האָט ער אַפילו געקאָנט מוחל זיין. פון דער אַנדערער זייט האָט ער געפילט, אַז קלאַראַ זאָגט נאָך אַלע רייד פון אַבאַ דעם איינבינדערס, וואָס קומט צו איר אין הויז אַריין. און דאָס האָט אים יאָ געאַרט. נישט נאָר הערט זי, וואָס אַבאַ זאָגט, נישט נאָר לייענט זי די ביכער און בראָשורן, וואָס ער ברענגט צו איר, נאָר ס׳אַ סברה, אַז זי באַגעגנט זיך מיט אים אינדרויסן פון צייט צו צייט. דאָס האָט אים סראָ־עליע, פעטער שלום־יוספס משרת, דערציילט בסוד. דער יינג האָט זיך געשוווירן, אַז ער האָט זיי אַליין, מיט זיינע אייגענע אויגן, געזען ביים יאַבלאָנעווער וואַלד. נו, ס׳איז געמאָלט, אַז אַבאַ האָט זי מיטגענומען צו אַ געהיימער פאַרזאַמלונג. עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז עפּעס אַנדערש שטעקט הינטער דעם.

אָט דער־אָ חשד נאָגט און עגבערט אים שוין אַ לענגערע צייט. איז עס קנאה? ביליקע אייפערזוכט? אַזעלכע געדאַנקען און פאַרדאַכטן האָט לוי מורא געהאַט צוצולאָזן צו זיך. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, און האָט זיי געטריבן און געיאָגט ווי זלידנע פליגן, וואָס טשעפּען זיך צו. אָפט האָט ער געטענהט מיט זיך אַליין, אַז גרויסע ליבע קאָן אַפּנים נישט גיין אָן פיינלע־כער אייפערזוכט. נאָר צופרידן מיט דער דאָזיקער טרייסט איז ער נישט געווען. וואָרום אים איז נישט געגאַנגען אין אויפנעמען אַ געשלעג מיט אַ קאָנ־קורענט, כדי אים צו באַזייטיקן. אים איז גיכער געווען געלעגן צו געווינען דאָס מיידל, וואָס ער האָט ליב, געווינען זי פאַר זיך און פאַר זיינע טרוימען און האָפענונגען — אינגאַנצן, בשלימות, אָן אַ שאָטן, און אָן דער מינדעסטער מחיצה צווישן זיי.

— קלאַרוסיו — האָט ער אָנגעבויגן זיין קאָפּ איבער איר — זאָג מיר: מיין איך טאַקע גאָרנישט צו דיר? שפּילסט זיך גלאַט אַרום מיט מיר? אָדער אפשר קאָנסטו מיך נישט פאַרטראָגן?

— גולם! גולם!

— אויב אַזוי... אויב... דאַן... — האָט ער געשטאַמלט — וואָס־זשע איז דיין ענטפער?

— איך ווייס אַליין נאָך נישט. איך ווייס נישט — איז זי געוואָרן ערנסט.
— נו, אפשר האָבן איך אויך אַ באַדינג. אפשר האָב איך אַ סך באַדינגונגען.
און... לאָז מיך... לאָז מיך דערווייל אַזוי־אַ...

זי האָט ווידער אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אָן זיין אַקסל און איז אַנטשוויגן געוואָרן עקשנותדיק.

משולם באַלעגאָלע האָט זיך ווידער צעזונגען אויפן קול, זיצנדיק אויף דער קאָזלע און פאָכענדיק מיט דער בייטש. ער האָט געפילט, אַז אין דער בויד איז נישט אַזוי פּראָסט און ער האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ לידעלע:

„מיין שאַטע הייסט פראָים
מיר ווינען מאַר צווישן גויים
אין שטאָט איז אַ חתונה
אין דאָרף איז אַ שרפה".

און דער פאיעטאָן האָט זיך געיאָגט באַרג־אַראָפּ, נענטער צו ווישנעפּאָטשיק נענטער צום מאַסקון־באַל...

קאַפּיטל 5

# א נאכט אין פעלד

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ. דער פאַיעטאָן האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און איבערגעבויגן אויף אַ זייט. די פערד האָבן געריסן די שלייעס, געקאָפּעט מיט די פיס, געטופּעט, אָבער דאָס געשפּאַן האָט זיך מער נישט גערירט פון אָרט, נאָר געטרייסלט אַראָפּ און אַרויף, זיך געהויבן און געזעצט. דער פאַיעטאָן איז געבליבן שטעקן אין אַ גרוב.

אַ ווײַלע האָבן די פּאַסאַזשירן און דער באַלעגאָלע געשוויגן, צעטומלטע. ביז משולם איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קאָזלע און אַרויסגעלאָזט אַ געשריי:

— אוי, אַ בראָך אין דער קטטה אַריין! אַ ראָד האָט זיך צעבראָכן!

לויפנדיק באַרג־אַראָפּ אין געדיכטן נעפּל, האָט דער פאַיעטאָן זיך אַרײַנגעגליטשט אין אַ האַלב פאַרפרוירענער קאַלוזשע. גראָבע, לאַנגע וואָרצלען, שטיינער און אײַז־צעפּלעך האָבן זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט אין די ספּרעכעס און איינס פון די הינטערשטע רעדער האָט זיך אײַנגעבראָכן, און דערצו איז די אײַזערנע רייף אַראָפּ.

— א שרפה אין די רויטע פּופּיקעס! —האָט משולם געשאָלטן. — אין די גערערים און אין ספּאָדיק אַריין! אין טראַמבאַליאָן און אין קאַדריל! נו, ס'טוט מען איצט? האַ, שמויגערס? ס'איז נאָך ווייט פון ווישניפּטשיק. מער ווי אַ העלפט וועג... און נישט אהער און נישט אהין.

מ'דאַרף אונטערשטעלן אַ פּלייצע — איז לוי אַרויסגעקראָכן פון דער בויד און נאָך אים קלאַראַ. — מירן פּרווון אַרויסשלעפּן...

— צייַן קאָן מען שלעפּן, — האָט משולם געברומט. — עסן קאָנט איר, פּריצים מײַנע. מ'עט שוין היינט נישט דערפאָרן קיין ווישניפּטשיק... און זיך אומקערן אהיים, אַוודאי נישט!

ער האָט זיך ווידער אָנגעבויגן, געפּורקעט אַרום פאַיעטאָן, רעדנדיק פון דער נידער, פון דער קאַלוזשע:

— אוי, שלעכט! אַ בראַנד־פּייער! אַי, ביטער! ס'אַנדערע ראָד איז אויך פּידייכים! און די אַקס איז אויסגעבויגן... אַי, אין דער קטטה אַריין!

— וואָס זשע וועט זיין? — האָט לוי געפרעגט.

— ס'אַ מעשה ביז אינדערפרי... אין דער פינסטער קען מען גאָר טאַפּן אַ וואַנט... — האָט משולם זיך אויפגעהויבן. — מירן דאָ בלייבן שטעקן די גאַנצע נאַכט. יאָ, פּאַניע פּריץ..., סיידן ..

— סיידן וואָס?

— סיידן, עך זאָל פאַרהייבן אַ פּאָלע — האָט דער באַלעגאָלע זיך אַ קראַץ געטאָן — נעמען די לעפּל אויף די פּלייצעס, צושפּאַנען קיין ווישניפּטשיק און ברענגען אַ פור... אַנישט ע'לן מיר דאָ סטרעבענען און שוין.

— בלייבן זיצן אין פעלד, דאַ־אָ? — האָט קלאַראַ אַ טאָרע געטאָן לוין — ביז אינדערפרי?

— און נאָך ווי אַזוי. אין פּעטערס־פּאַטערס־טאָטערס מאַמען אַריין! — האָט משולם געציילט די קללות, איינער נאָך דער אַנדערער — און באַצאָלן וועט מען פאַר דער מעשה זאָריק־מיט־פּריידיק! אַזאַ שאָדן!

— פֿאַרן שאָדן זאָרג ניט — האָט לוי אים געטרייסט. — דאָס זאָל זײַן דײַן לעצטע דאגה.

אין פֿעלד האָט מען איצט ניט געזען קיין לעבעדיקן נפֿש; קיין פֿויגל, קיין דעך, קיין סלעך. מיטאַמאָל האָט קלאַרע פֿון נעפּל אַרויס באַמערקט אַ מאָגערע שײַן, אַ פֿײַערל:

— זע נאָר, משולם!

— אוי, אַ כאָראָבע! ס'איז דאָך די באַן־בודקע! טאַקע! — האָט דער באַלעגאָלע אַ מאַך געטאָן, ווי ער וואָלט זיך פּלוצים דערמאָנט. — יוזשקע קאָראָוואַסקי זיצט דאָך דאָרטן, דער וועכטער. עך קען אים. עך בין מיט אים פּאַניע־בראַט.

— אפֿשר זיך צושלעפּן אַהין? — האָט לוי געפֿרעגט — וואָס זאָגסטו, משולם?

— עך זאָג... עך... זאָג... — האָט ער זיך פֿאַרטראַכט. — עך זאָג, נו, שטופּ, פּריצים. טוט אויס די העגטשקעס, שפּײַז אָן אויף די דלאָניעס און ווײַזט וואָס איר קאָנט...

מיט שווערער מי האָבן אַלע דרײַ אַרויסגעשלעפּט דעם פֿאַיעטאָן פֿון גרוב. דער באַלעגאָלע האָט אָנגענומען די פֿערד בײַ די צײַמלעך און לוי און קלאַרע האָבן געשטופּט די בויד, אָנהאַלטנדיק זיך אָן אַ שטאַנג. אַזוי זײַנען זיי צוגעקומען ביז צו דער אײַנזאַמער בודקע, וואָס האָט זיך געהויקערט אין דער נאַכט.

— העי, יוזשקע! — האָט משולם אָנגעהויבן צו שרײַען, — קום אַרויס, אַ פּגירה אויף דיר, יוזשקע!

צוערשט האָבן אים אָפּגעענטפֿערט עטלעכע הינט מיט אַ מוראדיקער געבילערײַ. דאָס האָבקעס און דאָס וואָיען האָט זיך צעטראָגן ווײַט און ברייט איבערן פֿינסטערן פֿעלד. די הינט האָבן זיך געריסן פֿון דער קייט, זיך געדראַפּעט צום פּלויט און זײַנען גרייט געווען צו צערײַסן אויף שטיקער לעבעדיקערהייט.

— יוזשקע, וואָס פּאָפּסטו? ווסטאַן! שטיי אויף! — האָט משולם געשריען העכער, צוהאַלטנדיק די פֿערד, זיי זאָלן זיך ניט ספּלאָשען און ניט שטעלן זיך דובאָם, צוליב די כלבים. — שטיי אויף, קום אַרויס.

עס האָט געדויערט אַ היפּש שטיקל צײַט ביז דער וועכטער, אין אַ רויטן שאָפּענעם פּעלץ, אין הוילן קאָפּ, אין איין האַנט אַ לאַמטערן און אין דער אַנדערער אַ ביקס, איז אַרויסגעקומען איבערן פּלויט.

— יוזשקע, דאָס בין עך, שילעם — האָט דער באַלעגאָלע זיך צו אים צוגעלאָזט. — זע וואָס איז געשען...

— כריסטע שוויענטי, יעזו, כאָליעראַ... — האָט דער אַלטער וועכטער, אַ פֿאַרשלאָפֿענער, אָנגעהויבן וואָרטשען און אײַנשטילן זײַנע הינט — טשיכאָ, שאַ, פּסיאַ מאַטש, שאַ, פּסיאַ־יוכאַ. לאָמיר נאָר זען.

אַז דער וועכטער האָט געבאַפּט וואָס דאָ טוט זיך, האָט ער אַ פֿינטל געטאָן מיט די אויגן, זיך אויסגעגענעצט און אַ דרײַ געטאָן מיטן קאָפּ:

— גאַנץ פֿרי וועלן מיר זען. איצט לאָזט פֿערד און וואָגן און קומט אַרײַן.

— נאָר די־אָ צוויי שמויגערס נעם אַרײַן — האָט משולם אַ ווײַז געטאָן מיט דער בײַטש אויף לוין און אויף קלאַראַן — עך גיי קיין ווישניפּאָטשיק ברענגען אַ פֿור.

— גיי ניט אין דער פֿינסטער. כ'על ניט לאָזן! — האָט לוי אים געוואָרנט. — וועסט ניט גיין!

— בע־בע, פּריצל, וואָס בין עך אַ מלופּים־קינד? דער רוח עט מעך ניש' נעמען. כ'האָב קאַ מורא. כ'נעם די בײַטש, אַ דרענגל און כ'שפּאַן — האָט משולם זיך אויסגעצויגן אין דער לענג. — אין אַ צוויי שעהלעך זײַן צוריק מיט אַ פֿור. אַ שרפֿה אין דער קטטה אַרײַן.

— גיי ניט, משולם! — האָט אים לוי אָנגעכאַפּט פֿאַר אַ האַנט. — מיר וועלן איבערוואַרטן אינאיינעם!

לוי האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך, אַז דער ייִנג זאָל זיך אַוועקלאָזן איינער אַליין צו זוכן אַ פּור. צוליב וואָס? כּדי ער, לוי און קלאַרא זאָלן נאָך קענען אַריינכאַפּן אַ טאַנץ ביים ווישניפּעטשיקער מאַסקן־באַל און דערנאָך אָנציען צוריק אַהיים קיין יאַנעווקע אין צייט?

נו יאָ, אים, לוין, גלוסט זיך טאַקע נישט צו בלייבן שטעקן דאָ איבערנאַכט. ער וואָלט אויך נישט וועלן אַרויסרופן קיין רוגזה ביי זיך אינדערהיים. ווי לאָזט מען אָבער אַ מענטשן זיך איינשטעלן אין אַ פּוסטן פעלד, אין דער פינסטער און אין דער קעלט? מאַלע וואָס ער האָט דעם בחורעץ געדונגען פאַר אַ באַשטימטן לוין! ער, לוי, האָט דערין געזען דעם גאַנצן פאַרפּלאָנטערטן ענין פון משרת און האַר, פון נחות־דרגא און מיוחס, און עס איז אים געוואָרן שווער און באַנג.

— דאָ וועלן מיר אַלע זיצן — האָט לוי אַ מאַך געטאָן — אַלע דריי, און מיר וועלן וואַרטן ביז פאַרטאָג.

— און היטי ביים פּגר דעם קאָפּ — האָט דער באַלעגאָלע זיך נישט געלאָזט רעדן — און ווהין וועל איך אַריינגעמען די פערד ? צו יוזשקען אין בעט אַריין? עכ'ל זעך אויפזעצן רייטנדיק אויפן בולאַנעם און אַריינפּאַטשן קיין ווישניפּעטשיק. דעם קאַשטאַן עלעך לאָזן מיט אייך, ביז כ'על צוריקקומען.

— שאַ נאָר — האָט לוי געהאַט אַן איינפאַל. — אפשר וואָלטן מיר אַלע דריי אַוועקגעריטן?

— כי־כי־כי, ווי אַזוי? אויפן קאַשטאַן קאָן מען נישט רייטן. ער וועט אַראָפּטרעמאָסקען און נהרגנען. סיידן, כי־כי־כי — האָט משולם זיך אויסגעדרייט צו קלאַראַן — סיידן, דו אַליין ווילסט רייטן מיט מיר... אויף איין פערד. האַ, קעצעלע? שאַ, בלייב דו דאָ מיט יוזשקען און איך וועל מיטנעמען לוין. ער וועט זיצן הינטן און זיך אָנהאַלטן אין עק. היידאַ! עך שפּאַן אָפּ דעם בולאַנעם און וויאָ!

— ניין! דו וועסט נישט! — האָט זיך לוי אים געשטעלט אין וועג — איך זאָג ניין!

— אַ שׂרפה אין דער טאַטערישער קטטה אַריין!

סוף כּל סוף האָט דער ייִנג זיך געלאָזט איבעררעדן און איז געבליבן מיט זיי. ער האָט איבערגעדעקט די רוקנס פון די פערד מיט צוויי וואַרעמע פּלאַכטעס, צוגעטשעפּעט דאָס זעקל אָבריק צום דישעל און אַריין צו יוזעקן אין ביידל אַריין.

דער וועכטער האָט אַריינגעפירט זיינע אורחים אין אַ באַזונדערן קעמערל אַריין, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ האַלבן הילצערנעם ווענטל פון זיין קאַמער, זיין באַשטענדיקע דירה אינמיטן פעלד. אַ חוץ אַ קעסטל, אַ זאַק בוריקעס, אַ שטייג מיט עטלעכע הינער און אַ ביסל שטרוי אויף דער ערד איז אין דעם „גאַסט"־קעמערל גאָרנישט געווען.

—אָ, ס'אַ מחיה! — האָט משולם זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן שטרוי, גלייך ביי דער טיר, און אָנגעהויבן אַראָפּשלעפּן די פילצענע באַרליאַטשן פון די פיס.

— מ'עט זיך אַ ביסל צושפּאַרן און כאַפּן אַ דרימפּעלע... שעמ'צעך ניש'! ציצ'עך אויך אויס! ציצעך! כ'על אייך זאָגן דעם אמת, כ'האָב שוין אַמאָל ערגערס געהאַט. מיט אַ צוויי יאָר צוריק, חנוכה־צייט איז עס געווען, האָט מעך אַ „בלוד" אַרומגעפירט אַ גאַנצע נאַכט. כ'בין דערמאָלט געפאָרן פון ביטשוטש.

ער האָט פון זיך אַראָפּגעשלעפּט די בורקע, זיך צוגעדעקט מיט איר און אַזוי דערציילט ווי אַזוי ער האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אַ גאַנצע נאַכט אין אַ שניי־שטורעם אינמיטן ווייטן, פּוסטן פעלד. וועלף האָבן אים דערשמעקט. ער האָט שוין געזען זייערע אויגן ווי פייערלעך... ווילדע חזירים, גאַנצע סטאַדעס, האָבן געברוקעט פון גריבער אַרויס און... מיט נסים, מיט נסים, וואָס...

איידער ער האָט פאַרענדיקט די מעשׂה און אַרויסגעברייעט דעם גוטן סוף, האָט ער אָנגעהויבן כראָפּען, שנאָרכן, הויך און העכער, מיט געשמאַק און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער לייגט איין דאָס קעמערל, מיט יעדן בלאָז און פייף.

— ווער ווייסט, אפשר איז אים גוט? — האָט לוי אַ מאַך געטאָן — ניין?

— ער ווייסט נישט קיין חכמות, — האָט קלאַרא געענטפערט. — שפּילט זיך נישט אין באַהעלטעניש. ער זעט שטרוי, לייגט ער זיך אַוועק. ער איז מיד, נעמט ער און כראָפּעט. און מיר... שאָקלען זיך... לעבערלעך!

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון קעסטל, אויף וועלכן זי און לוי זענען געזעסן, און זי האָט זיך אויסגעצויגן אויפן שטרוי אין אַנדערן עק פון קעמערל, ביי דער וואַנט. ווי זי וואָלט זיך געלערנט לעבנס־חכמה פון באַלעגאַלע, האָט זי פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די אויבערשטע בורקע, דעם פּליושענעם מאַנטל, און זיך איבער־געדעקט מיט זיי.

— און דו, לוי'לע? — האָט זי געשעפּטשעט פון דער נידער — קום אַהער, דאָ, דאָ, נעבן מיר. וואָס טראַכסטו?

עס איז שווער געווען צו זאָגן וואָס ער טראַכט. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט אַנטאָן אין ווערטער די בלערליי מחשבות, וואָס האָבן זיך אַרומגעיאָגט אין קאָפּ און אין האַרץ, געעגבערט און געשטויסן איינע די אַנדערע. פונדעסט־וועגן האָט ער געפּאָלגט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בורקע און זיך אַוועקגעלייגט לעבן איר אויפן שטרוי. קלאַרא האָט עפּעס אַרויסגעשעפּטשעט, נאָר ער האָט נישט געכאַפּט וואָס זי מיינט. באַלד האָט ער דערפילט איר אָטעם אויף זיין פּנים און אירע הענט אויף זיין האַלז. עס איז אים געוואָרן וואַרעם און ווייטאָג־לעך־באַנג. און ווי מיט האַמערס האָט געקלאַפּט אין ברוסט, און אין קאָפּ — אַ רויש. מיט ציטערדיקע הענט, ווי אין אַ קדחת, האָט ער זי אַרומגעכאַפּט, גע־דריקט צו זיך, און זיין אָטעם איז געוואָרן האַסטיק און הייס. איר גוף, די בריסטן, די היפּטן, די שענקלען האָבן, דאַכט זיך, געשריגן אין זיינע הענט, פון זיין באַריר, און פון דעם פאַרשטיקטן געשריי האָט ביי אים געזשומעט אין די אויערן.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ ריס געטאָן, ווי מיט די לעצטע כוחות, און זיך אָפּגערוקט. ער האָט זיך צוגעשאַרט צו דער וואַנט און זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אָן דעם זאַק מיט ב.ריקעס. אַ פּחד האָט אים באַפאַלן. וואָס האָט ער געוואָלט טאָן, וואָס? אָט־אָ־דאָ־אָ אויפן שטרוי, אין וועכטערס קאָנורע, האָט ער זיך געוואָלט פאַרגעסן מיט דעם מיידל, וואָס ער האָט ליב? און דאָ־אָ דאַרף זיין די גרויסע שיינע שעה? ווייל אַ ראָד האָט זיך צעבראָכן און אַ נאַ־רישער צופאַל האָט זיי אַוועקגעלייגט ביידע אויפן שטרוי אין קעמערל? אָט אַזוי האָט אויסרינען דער גרויסער טרוים? אין אַ קאָנורע אויף טולבע שטרוי און צום געבילעריי פון הינט אינדרויסן, ביים פּלויט?

לוי האָט געפילט אַ שטאָך אין אַ ריפּ. ווי קליין עס איז דער שפּאַן פון ליב און מיאוס! וואָס פאַרא שמאָלע בריק פון טמא צו ריין! עס איז גאָר קיין בריק נישט און גאָר קיין שפּאַן נישט. דו זעסט זיי נישט. דאַרפסט זיי בלויז פילן. און אַליין דאַרפסטו מעסטן, און אַליין מוזטו טראָגן די מאָס אין זיך, כדי נישט אַריבערצושפּאַנען איבער זיך אַליין.

עס האָט אים פאַרשפּאַרט אין שלונג. ער האָט זיך געקלאַמערט אָן וואַנטל, זוכנדיק אַן אָנשפּאַר קעגן זיך אַליין.

מיט באַלעגאַלע, וואָס איז געשלאָפן ביי דער שוועל, האָט זיך צעבראָ־פּעט העבער און העבער, און לוין האָט זיך געדאַכט, אַז יעדער כראָפּ איז אַ חוזק, אַ געלעכטער אויף דעם געראַנגל זיינעם, און איז אויך אַ וואָרעניש. ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן קעסטל און זיך געפּרוווט באַרואיקן. ער האָט דער־פילט אַ הנאה למאי ער האָט געהאַט גענוג כוח ביינצושטיין די גרויסע שוואַכ־קייט און זי מנצח צו זיין. וואָרום... וואָרום אפשר האָט זי, קלאַרא, אים געוואָלט אויספּרוּוון, שטעלן צו אַ נסיון און דערנאָך אָפּשטויסן פון זיך? אפשר איז זי אויסן געווען זיך צו רייצן מיט אים און אים דערנידעריקן? נישט איינמאָל האָט ער אין בליק געזען אַ שאָטן פון חשד, ווי זי וואָלט אים נישט געטרויט, כאָטש זיין לעבן איז פאַר איר אַן אָפן בוך, וואָס לייענט זיך גיך און גלאַט...

ער האָט אַרומגעזוכט אין קעשענע, אַרויסגעצויגן אַ ציגאַרעטל און אָנגע־צונדן אַ שוועבעלע.

— פאַרלעש! פאַרלעש! —· האָט זיך דערהערט קלאַראַס קול.

ביי דער מאָגערער, געלבלעכער שיין האָט לוי דערזען, אַז קלאַראַ זיצט אויפגעזעצט, די הענט אַרום די פיס און דער קאָפּ אויף די קני.

— וואָס איז? — האָט ער געפרעגט אַ צערודערטער — קלאַראַ!

—· פאַרלעש... מאַך נישט קיין פייער, פאַרלעש... מען דאַרף נישט...

וויל זי נישט, אַז ער זאָל זען איר פּנים? איר בליק? האָט זי מורא פאַר דער מאָגערער שיין און געטרויט איר נישט?

אַ רגע איז געוואָרן שטיל. דערנאָך האָט ער דערפילט אַ שאָרך. קלאַראַ האָט געפּויזעט אויפן שטרוי. זיך צוגערוקט צו אים און אים לייכט־לייכט באַ־רירט. אין איר באַריר האָט ער דערשפּירט אַ מין געבעט און אַ פאַרלוירנקייט.

— ביזט בייז אויף מיר? — האָט זי געשעפּטשעט — לוי!

— ניין, קלאַראַ.

— פאַראַכטסט מיך נישט?

— ניין, קלאַרוסיו — האָט ער געשטאַמלט. — איך וויל נאָר... איך וויל, אַז... אַז דו זאָלסט מיך פאַרשטיין. גוט, גוט פאַרשטיין, קלאַרוסיו.

— איצט פאַרשטיי איך דיך. איצט קען איך דיך — האָט זי געשעפּטשעט.

—· לוי... מיין... זיי מוחל... איצט איז עפּעס אַנדערש... איך קען דיך...

און לוין האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט געהערט אַ שטילן כליפּ, אַ פאַר־שטיקט געוויין, פון אָנגעקוואָלענער באַנגיקייט און פרייד.

קאַפּיטל 6

# א קאַך אין יאַנעווקע

עטלעכע טעג האָט יאַנעווקע זיך געווײַנט מיט די ראַפּאָפּאָרטס. ראשית, האָט מען זיך דערציילט בלעריי פּאָטשטן וועגן דער שׂרפה אין ווילכעווער גוט, וועגן דעם, ווי אַזוי שלום יוסף, ר' מרדכי לייבס זון, האָט זיך געמוזט אויפהויבן אינמיטן פון אַ בוררות, אין סאַמע שבת־צונאַכטס, און אַוועקלויפן אין דאָרף אַרײַן. והשנית, האָט מען געבריעט אָן אַ שיעור סברות, למאי דער אַלטער אַליין, ר' מרדכי לייב, איז הענדום פּענדום אַוועקגעפאָרן קיין ווין, נישט וואַרטנדיק אויף ערב שבועות, ווי זיין מנהג איז.

מען האָט אין די יאַזדעס געזען פּאָליטיקע, בערזע, רמזים, קאָמבינאַציע, און מען האָט אויסגעטייטשט און אויסגעטייטשט, איטלעכער ווערליג זיין השגה, און יעדער לויט זיין כאַפּ.

די אַלע רייד זיינען אָבער געווען גלאַט אַ פֿאָרשפּיל, אַן אַריינפאָר צו דעם סאַמע רעכטן־געדעכטן: צו דער מעשה מיט לוין און קלאַראַן דעם שוסטערס, און וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך מיט זיי פּאַרלאָפן און וועגן דעם „שטיקל", וואָס זיי האָבן „אָפּגעטאָן"... עס זיינען געפלויגן גוזמאות, אויסטראַכטעניש, און ווער עס האָט נאָר געקאָנט דער האָט צוגעלייגט אַ קנייטל, אַ דריידל און אַ פּינטעלע...

מען האָט גערעדט אין מאַרק, אין סוחרים־פּאַריין, אין ציון־קלוב, אין עוזרים שענק, אין די יאַטקעס, און — דער עיקר — אין בוניע זייגערמאַכערס ווערקשטוב, ווו חברה לצים קומען זיך צונויף.

בוניע זייגערמאַכער, אַן אַלטער בחור, וואָס רויכערט נישט, טרינקט נישט, שמעקט נישט און דאַרף דערצו נישט קיין ווייב, ער האָט אַראָפּגענומען דאָס שפּאַקטיוול פון אויג און זיין געל פּנים האָט זיך איינגעקאָרבט:

— כ'פאַרשטיי נישט, פאַרשטיי איך נישט, וואָס האָבן זיי באַדאַרפט לויפן קיין ווישניפּטשיק, וואָס? זיי האָבן נישט פאַרגונען יאַנעווקע דעם פּראַזניק? ס'איז זיי נישט אָנגעשטאַנען קיין היגע אונטערפירערס? אַזוי ווי איך וויים נישט, אַזוי זאָל מיר נישט שאַטן...

ער האָט אַרויסגעלייגט דאָס זייגערל, אין וועלכן ער האָט זיך געפּאָרקעט, און אויף זיין דינעם קולעכל אַ פרעג געטאָן מעשה תם:

— זאָל איך זאָגן, אַז ווישניפּטשיק האָט אין די „זיבן זאַכן" אַ געהיימע, נייע טעכניקע?

זיין אָנצוהערעניש האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער און עטלעכע פון די לצים האָבן איבערגעחזרט דאָס חכמהלע:

— ווישניפּטשיק האָט אַ נייע, געהיימע טעכניקע...

אַז דאָס חסידיש־פּריצישע אייניקל האָט אָפּגעטאָן העגעך שוסטער אויף „טערקיש" און אים „צערעכטגעמאַכט" די טאָכטער, אין דעם זיינען כמעט אַלע געווען איבערגעצייגט...

בלויז יידל, דער קאָזליוועער שניידער, וואָס האָט אַן אייגענעם שניט און אַן אייגענעם פאַסאָן, ער האָט זיך אויך געהאַט זיין אייגענעם גאַנג און טייטש:

— און ער זאָג אַזאַ, אַז מיר געפעלט ס'איסיק... ער קען לוין, ווי ער קען מאַאַן אייגענע פּאַטשעווקע. ער גיי דאָך פּאַר עם פון זינט ער איז נאָך געוועזן אַ צוצאַק. זאָג ער ענק, אַז ער איז אַ פּאַנער יינגאַמיש, אַ לאַטישעוו הברהמאַן מיט אַ גאָלדן האַרץ. ער קאָן זעך וועטן, אַז ער האָט געשטעלט אַ חופּה. ער וויל אויסגלאַכן הויך מיט נידעריק, יחוס מיט רוחות און ער שטעלט דער וועלט אַרויס אַ שאַינע פייג. מיר געפעלט ס'איסיק!

— ס'עסק געפעלט אים! — האָבן די לצים איבערגעחזרט. — זע נאָר ווי ער שטעלט זיך אויף די הינטער־פיסלעך!

דעם שניידער איז מאַקע אַזוי שטאַרק געפעלן די מעשה און ער האָט אַזוי שטאַרק אַנגעקוואָלן פון זיין אייגענער סברה, אַז ער האָט אַזש פאַררוקט דעם דאַשעק, אַ צופּ געטאָן אַ גאָלע וואָנסע און זיך אַ שנעל געטאָן אין דאָרן געדרגעלע:

— אַוודאי! וואָסי־אַי־וואָעץ? עס געפעלט מיר ס'איסיק. ס'איז שיין. ממש ווי אַ טיאַטער־שטיק. גיי ער מיר איצט צו עזרן אין שענק אַריין אַריינוואַרפן אַ גאָלקע. ווער סע גייט מיט מיר, על'ער פונדעווען לכבוד לוין.

יידל שניידער, אַ שטיקל סאָציאַליסט, אַ שטיקל ציוניסט, וואָס האָט ליב צו לייענען אַ סך בלעטער, זינגען לידער און זאָגן דעות, האָט לכבוד לוין אויפ־געזונגען אַ לידעלע און צוגעשנאַלצט מיט דער צונג:

„אוי, אוי, מיר זיינען אַלע פראַנצויזן
און גייען אין געלעכערטע הויזן...
אוי, אוי, מיר זיינען אַלע מאַליענער,
און קרייען ווי די גרעצקע הענער"...

ווי אַזוי יאַנעווקע איז געוואָרן געוואָרן פון לוים רייזע צום מאַסקן־באַל און וועגן דעם נאַכטלעגער אין דער בודקע, בלייבט אַ סוד. משולם באַלעגאָלע, דער אמתער מחותן, האָט געשטומט ווי אַ פיש. ער איז געווען גרייט צו דורסן, צו ממיתן יעדן איינעם, וואָס האָט אים געפּרווט ציען ביי דער צונג. איז נישט אַנדערש, אַז נאָר יוזשעק דער וועכטער האָט אַליין געבראַכט די בשורה אין שטאָט אַריין.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געגעבן אָנצוגעהערן, אַז קלאָרא אַליין האָט זיך מיט עפּעס אַרויסגעכאַפּט, און אַז די מוטער אירע, זלאַטע די שוסטערקע, האָט דערנאָך אומיסטן אַרויסגעלאָזט די קאַץ פון זאַק. מאַרק־יידענעס האָבן זיך געשושקעט, אַז די שוסטערקע באַריכט זיך נאָך מיט דער שיינער גדולה, אַז זי האָט אַ מיין דערביי:

— פאַרלאַז'צער אויף דער היקעוואַטער זאַך, פאַרלאַז'צעך — האָט דוואָ־שע די זיצערקע געשמאַרעט מיט דער נאָז. — זי האָט עפּעס אין פּאָדאָליק און ז'עט אָפּשפּילן אַ פּריילעכס. ביי מרדכי לייבן עט מען נאָך האָבן צו זינ־גען און צו זאָגן פון איר... צ'עט זען... אַז דאָס יאָר איז נאָך גרויס און ביי דער היקעוואַטער איז דער קאָפּ איין־גלאָש און ער סמאַליעט... אין דער מויער, ביי מרדכי לייבן, איז מען נאָך נישט פאַרטיק... ווער ס'איז שיין, איך בין קלוג... כ'וויס מיר מיינס...

יאַנעווקע האָט געקאָכט. בלויז אין דער „מויער" אַליין, ביי די ראַפּאָ־פּאָרטס, איז געווען שטיל. קיינער האָט גאָרנישט געדאַכט.

די איינציקע, וואָס האָט זיך גענומען צום האַרץ, איז געווען לוים שוועס־טער, אסתר, וואָס איז געוויער געוואָרן וועגן דעם „בזיון" נאָך דעם זעלבן טאָג.

עס איז געווען נאָך וואַרעמעס. אסתר — אַ הויכע, אַ בויגעוודיקע, ווי אַ ווערבע, מיט צוויי ברוינע, לאַנגע צעפּ, ווי בייטשן, און מיט אַ פּאָר גלאַנציקע, ברוינע אויגן — איז געזעסן אין אַ ווייכן שטול און געזוכט ווי אַזוי צו פאַר־טרייבן די לאַנגווייל, וואָס האָט זי אַרומגעכאַפּט. זי האָט שוין געהאַט אויפ־געפּרווט עטלעכע זאַכן, איינע נאָך די אַנדערע. זי האָט אַביסל געלייענט אין סטאַפּקאָם רינדיקן פּוילישן ראָמאַן וועגן דער באַעוולהטער מאַרילאַ, וואָס האָט צוליב פּאַראַטענער ליבע זיך איבערגעשניטן די אָדערן. זי האָט אַריינגעשריבן

עטלעכע שורות אין אייגענעם טאָג־בוך, פאַרזיבערנדיק, אַז מיט דעם „ש. ה. פון ל.“ וועט זי נישט חתונה האָבן, אַפילו, ווען דער זיידע זאָל זי אַרויסיאָגן פון הויז. איצט האָט זי זיך גענומען צו שטיקעריי. זי האָט אויסגעניים כלעדליי געצייכנטע מוסטערן מיט פאַרביקע פעדעם אויף אַ גרינלעכן סאַמעט, וואָס איז געווען אויסגעשפאַנט אויף אַ קיילעכדיקער ראָם, ווי אַ זיפּ. עטלעכע מאָל האָט זי זיך אַ שטאָך געטאָן מיט דער נאָדל, געכאַפּט דעם פינגער אין מויל אַריין, געזויגן און זיך, געכעסט.

דער קאָפּ איז איר נישט געווען ביים שטיקעריי. זי האָט מער געטראַכט וועגן די שידוכים, וואָס מען רעדט איר, איידער פון די קאָלירן, די פעדעם און די מוסטערן. צוויי שידוכים רעדט מען איר. נאָר וועלן וויל זי דווקא אַ דריטן, וואָס האָט גאָרנישט בדעה חתונה צו האָבן; אָדער גאָר דעם פערטן, וואָס האָט שוין אַ כלה, ווי מען שמועסט.

דער פאַרשטעלטער „ש. ה.“, וועמען זי האָט דערמאָנט אין טאָג־בוך, איז שלמהלע הערמאַלין, אַ זון פון אַ לעמבערגער חסידישן באַנקיר, און אַ געציטערטער בן־זקונים דערצו. איינמאָל האָט זי אים געזען אין לעמבערג — און זי זאָגט „ניין“; לא מיט אַ ספּאָדיק, כאָטש שניידט אירע אברים. דער דאָזיקער שלמהלע רעדט אַפילו פויליש ווי אַ וואַסער, לייענט ביכלעך, פאַרמאָגט אַ שיין קול צום זינגען און — בסוד פאַרן פאָטער — האָט ער גאָר אַ שוואַכקייט צו מאָלעריי. ער האָט עס איר אויסגעזאָגט. ער האָט אָבער אַ היבשע באָרד, אַ יויטלעכע, וואָס ער טשעפּעט נישט, מחמת כיבוד אב, טראָגט אַ יידישן, לאַנגן זשיקעט און אַ שוואַרצן, טוכענעם קאַפּעליוש. און זי, אסתר, וויל נישט אַזאַ „טיפּ“ — זי האָט שוין געגוג פליאַסקעדריגעס אין דער היים. פון זיין מאַטנס עשירות ווערט זי אויך נישט נתפעל. איר אייגענער זיידע האָט זיין אייגנס געגוג.

אַ צווייטע „פּאַרטי“, וואָס מען רעדט איר, איז שוין ניכער ביים גאַנג. טאַקע אויך אַ פרומער, — אַ ראַבינער און דאָקטאָר פילאָזאָף, — ער גאָלט זיך מיט אַ כשרן פראַנקפורטער פּראָשיק און שבת טראָגט ער אַ הויכן צילינדערהוט. ווען ער קומט צוגאַסט פון ברעסלוי צו זיין טאַטן, ר׳ הערשל פאָהאָרילעס — אַ משכיל און אַן אָפּגעקומענער טאַרנעדידער גביר — רעדט דער דאָזיקער ראַבינער נאָר דייטש און טראָגט עלעגאַנטע הענטשקעס אַפילו אין גאַס.

דער טאַטע אירער, ר׳ שמריה, וואָלט דווקא חשק געהאַט צו נעמען דעם ראַבינער פאַר אַן איידעם, און ער וואָלט אפשר געקאָנט פועלן ביי זיין שווער, ביי ר׳ מרדכי לייבן, וואָס דאַרף סילוקן דעם נדן, ער זאָל פאַרגעסן אָן לעמבערגער באַנקיר און מסכים זיין צום טאַרנאָווער „פּרעדיגער“. ער, ר׳ שמריה, האַלט אַ געוואַלד פון דעם ראַבינער, האַלט אים פאַר אַ למדן, פאַר אַ בעל־מוח, אַ בעל־לשון און פאַר אַ פרומען אויך. אָבער גיי, — אַז אסתר שאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין“. זי וויל נישט זיין קיין רביצין! איינמאָל האָט זי שוין אַפילו געטראַשעט, אַז זי וועט זיך וואַרפן אין וואַסער אַריין. אַ מערכה ס׳איז געווען חנוכה צייט און דער טייך איז געווען פאַרפרוירן, פאַרקאָוועט מיט אייז...

וועמען זי וואָלט יאָ וועלן — דאָס זאָגט זי דערווייל נישט אויס אין דער היים. זי, אסתר, וואָלט, למשל, וועלן דעם טשאָרטקאָווער אינזשיניער מאַקס לינדענפעלד. ער איז אַ שיינער יונג, אַ ציוניסט, אַ רעדנער און איז דערצו עלעגאַנט, ווי פון אַ שאַכטל אַרויס. זיי האָבן זיך שוין עטלעכע מאָל באַגעגנט, אָבער פון זייגע רייד האָט זי אויסגעפונען, אַז ער איז גאָרנישט קיין „הייראַטס־קאַנדידאַט“. און אין נדנס איז ער אויך נישט פאַרקאָכט.

זי, אסתר, האָט אויך אַ שוואַכקייט צו אַן אַנדערן קאַוואַליר: מענדעלע סטריזיווער, אַ דאָקטאָר־מעדיצין, אויך אַ טשאָרטקאָווער. מענדעלעס מעלות זיינען גאָר אַנדערע: ער איז אַ פריילעכער, מאַכט געזונט אַ חולה מיט אַ חב־מהלע, און ביי אַן אָרעמאַן, שמועסט מען, איז נישט נאָר, וואָס ער נעמט נישט קיין געצאָלטס, נאָר ער רוקט אויך אַרונטער אַ פּאַפּירל אונטערן קישן און ברענגט אַליין די רפואות אין שטוב אַריין. מיט מענדעלען איז אָבער אַ צרה

— ער האָט אַ כּלה, זאָגט מען, און ער וועט זי אײַנגיכן אַראָפּברענגען פון קאַלאַמיי. די כּלה איז אַן אייגענע געשוועסטערקינד. נאָך גאָר קליינערהייט, ווען ער איז נאָך געווען אַ סטודענטל, האָט ער איר צוגעזאָגט זי צו „נעמען", און ער וויל האַלטן וואָרט. און נאָך אַ צרה איז מיט דעם דאָזיקן מענדעלען: עס איז פאַראַן אַ „פּסול" אין דער משפּחה, נישט דאָ געדאַכט. זיין עלטערער ברודער, אייזיקל, איז נאָך מיט יאָרן צוריק אַנטלאָפן ערגעץ אין דער וועלט אַריין, און ווי אין וואַסער אַריין. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט ווילדע שמועות, אַז אייזיק, וואָס איז געווען אַ שאַרפער קאָפּ, אַ ווילדער חריף, אָבער אַ שטיקל קל, האָט איבערגעקערט דעם פּעלץ, געוואָרן אַ מיסיאָנער און אָנגערעדט יידישע קינדער צו שמד. אויף זיכער האָט דאָס קיינער נישט געוווסט. עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געטענהט, אַז אייזיק איז גאָר געשטאָרבן אויף אַ שיף אויפן וועג קיין דרום־אַפריקע און מען האָט אים אַריינגעוואָרפן אין ים־אַריין; און די מעשה מיט דעם שמד איז גאָר אַ בלבול, עס הויבט זיך נישט אָן און עס לאָזט זיך נישט אויס. פאַר זיינע טאַטע־מאַמע איז עס סיי־ווי געווען אַ ווייטיק און אַ בושה, ביז דער פאָטער, זלמן־הערש מנקר, האָט צוליב דעם געהאַט קיצור ימים און איז פרי אַוועק פון דער וועלט. די מוטער, כאַשע די היי־באַם די „בובע", וואָלט געוואָלט פון זינען אַראָפּ, ווען נישט איר ייִנגערער זון, מענדעלע, וועמען זי האָט איצט געהיט ווי ס'אויג אין קאָפּ. זי האָט געזאָקערט די ערד מיט דער נאָז, ביז זי האָט פון אים געמאַכט אַ לייט.

ווי וויל דער דאָזיקער דאָקטאָר מענדעלע איז איצט געהויכט און גע־אַכפּערט און מען לעקט פון אים די פינגער, שלעפּט זיך אים פאָרט נאָך דאָס געדעכעניש פון זיין ברודער אייזיקל. די מעשה איז שוין טאַקע אַ לאַנג־פאַר־געסענע. קיינער ברענגט זי נישט פאַרן מויל. אָבער אַזאַ „בשעת מעשה" ווי ר' מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט וועט מסתמא נישט פאַרבייגן און וועט זיך נישט משדך זיין מיט אַ משפּחה, וואָס האָט אַ „פּסול".

אסתר — עסטוסיאַ — האָט זיך געשראָקן דערפאַר און האָט שטאַרק מורא געהאַט זיך צו פאַרדרייען דעם אייגענעם קאָפּ. ס'האַרץ האָט זי טאַקע געצויגן צו מענדעלען, אָבער געטראַכט האָט זי אויך פון אַנדערע באַשערטע, וואָס קומען אָפּשלאָגן איר טיר. זי האָט זיך ־עריבער געפירט ווי אַ כּלה־מיידל פון איר שטאַנד דאַרף זיך פירן: זיך געחנדלט, געהאַלטן „געזעצט". און זי האָט אויך אַביסל פאַרריסן די נאָז. אויף איר האָט מען געזאָגט, אַז זי האָט „פּליי" אין דער נאָז...

אַרבעטנדיק איצט איבערן שטיקריי, האָבן אין קאָפּ זיך געפּלאָנטערט כּלערליי מחשבות און די שטעך זיינען נישט געגאַנגען ווי סע קער צו זיין.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר און איר חברטע נחמה האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל.

— אָ, נוסיאַ! — האָט אסתר אויסגערופן אויף פּויליש. — איך האָב ערשט פון דיר געטראַכט. גוט, וואָס דו ביזט געקומען. אַז נישט, וואָלט איך געוועז געגאַנגען צו דיר. איך האָב מיט דיר אַזוי פיל צו רעדן.

— טאַקע? — האָט נחמה אַ שמייכל געטאָן, —און איך מיט דיר אויך.

נחמה — נוסיאַ — אַ מיטל־געוואַקסענע, אַן אויסגערונדיקטע, מיט אַ קיילעכדיקן לבנה־פּנים און גרויסע, בלויע אויגן, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע, נעבן אסתרן, און קודם כּל גענומען באַטראַכטן דאָס שטיקעריי. זי, נחמה־נוסיאַ, האָט געבראַכט גרויסע, וואַזשנע נייעסן, וואָס ווען אַרויסרופן אַ קאָך. זי האָט אָבער געוואַרט, אַז איר חברטע זאָל זי שלעפּן פאַר דער צונג. ז'עט דאָך נישט גיין גלאַט, מיר־נישט דיר־נישט, אַרויספּאָרן מיט אַ בשורה, וואָס האָט צו טאָן מיט לוין, מיט אַ מאַנספּערשוין.

זי, נחמה זילבער, די טאָכטער פון הער סימאָן זילבער, דער גרעסטער שניט־קרעמער אין יאַנעווקע, האָט געהאַט אַן אויג אויף לוין, און איר איז אָנגעקומען זייער שווער זיך צו באַהאַלטן דערמיט פאַר לייט. אירע אָפטע באַ־זוכן ביי די ראַפּאַפּאָרטס האָבן אויסגעזאָגט דעם סוד. עס האָבן נישט געהאָלפן

די תירוצים, אַז אסתר ברוידעס איז איר הברטע און אַז די ראַפּאָפּאָרטס זײַנען שטיקלעך קרובים פון איר באָבעס צד. יאַנעוועקע האָט מבטל געמאַכט דאָס גאַנצע אָנקערעניש. „איר באָבעס האָן האָט געקריִעט אונטער ר׳ מרדכי לייבס ייִדענעס דאַך“, האָט שטאָט געשפּאָט. וואָס פאַרא קרובהשאַפט איז דאָס, וואָס? די ראַפּאָפּאָרטס און די ברוידעס זײַנען פרומע ייִדן, חסידים, און סימאָן זילבער איז אַ „משכיל“, אַ גלוח, און אַ סברה, אַז מען קאָכט דאָרט פרישע יויכן אום שבת, און אַז די קינדער פרעסן בשר־„קוויטש“. זעלטן, אַז עמיצער פון די ראַפּאָפּאָרטס קומט אַמאָל אַהין. בלויז צו אַ שמחה, פאַר יוצא־וועגן; און צו קיין מאכלים רירט מען זיך דאָרט נישט צו.

דער הער סימאָן זילבער, פון זײַן זײַט, רײַבט זיך דווקא אָן ר׳ מרדכי־לייבן און דערלייגט נישט צו אים. אַ גמילות־חסד, אַ וועקסל אונטערשרײַבן, אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו וכדומה אַזעלכע טובות, וואָס העלפן אים זיך האַלטן אויף די פיס. ווען נישט ר׳ מרדכי־לייב, האָט יאַנעוועקע געבריִעט, וואָלט דער שיינער הער זילבער, מיט זײַן גאַנצער היינטוועלטישקייט, שוין פון לאַנג געווען אָנגעזעצט. איצט, ווען קרעמעריי איז געשלאָגן, ווען פויערים מיידן אויס אַ ייִדישע קראָם, און די שטייערן פרעסן אויף דאָס פלייש מיט די ביינער מיט דער הויט, וואָלטן לאָדזש און לעמבערג און ביעליץ זיכער אויפגעהאָנגען זייער שלאָס אויף סימאָנס מיר. אָבער ר׳ מרדכי־לייב וועט דאָך נישט לאָזן אין איינגענעם — כאָטש אַ נאָבעם אַ טשוואָק — אויסציִען די קאָפּיטעס. דער פלעק וועט דאָך פאַלן אויף די ראַפּאָפּאָרטס...

נחמן־לייזער מעקלער, מיט דער ביבקע אויף דער נאָז און דעם קלאָטשענעם בערדעלע, האָט זיך זײַן גאַנג:

— בסך־הכל — מאַכט ער — האָט ר׳ מרדכי־לייב פײַנט דעם סימאָנען ווי אַ שפּין. ער קאָן נישט אָנקוקן די צורה זײַנע, די געגאָלטע חזיר־מאָרדע. וואָס טראָגט שבת אַ בעלעבענדריק פאַר גאוה. דערצו קוקט עס דיר נאָך אַרײַן אין „ביאור“ און ווײַסט די אַלע טײַטשן פון יעדן אָץ־קוץ. פאַר גאווה און גדלות טראָגט ער עס נאָך אַ גאָלדענע ברילן, זאָגט דיר שבת דווקא „איך האָבע די ערע“ און פאַרויכערט אַ קובע־ציגאַר באַלד נאָכן קידוש. הערט איר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? זאָל איך שטאַרבן, זאָל מען מיך באַגראָבן אַ טויטן, צי דער חזיר־בויך דאַרף די בריל און דעם קובע־ציגאַר. ער זעט געזונט־אָן־אײַזן אויף די אויגן און הוסט ווי אַ הונט און קאָן נישט רויכערן. אלא צו וואָס דען דאַרף ער די בריל און דעם ציגאַר? איז משמע פאַר גדלות און פאַר להכעיס. אָבער וואָס זאָל ר׳ מרדכי־לייב טאָן, וואָס? ער עט זיך דאָך נישט אַליין שנײַצן די נאָז און שמירן ס׳פּנים? העלפט ער אים און האַלט אים צו. אַ מזל פון אַ טרפה־קישקע! אָבער משדך זײַן מיט אים וועט ער, ווען דאַ־אַ, אויף מײַן דלאָניע, וועלן וואַקסן האָר! און ס׳עט איר, דעם פרינעלע, דעם פעסעלע, גאָרנישט העלפן, וואָס זי ליגט דאָרט איבער טאָג־ווי־נאַכט, קיין שנור וועט זי דאָרטן נישט זײַן. זי מעג אָט שוין נעמען אַ שייטל האַלץ און זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ. און ווי שעמט זי זיך גאָר נישט, די טשיפּליווע, אויסגעכאַליעמע קאַץ, צו קריכן מיט די לאָפּעם אין דער סמעטענע אַרײַן? אַזאַ שטוקע!

נחמה־גוסיא האָט טאַקע נישט געקאָנט פאַרדעקן אירע כוונות און אויסרעבענונגען. ז׳האָט זיך געהיט, געהיט, און ווי אויף להכעיס איז זי תמיד אויסגעוואַקסן לוין פאַר די אויגן, האָט זיך געגווידערט פאַר אים, פאַרפּירט מיט אים שמועסן, זיך גערויטלט און געזיפצט.

אויך איצט, ווען זי איז געקומען צו אסתרן, האָט זי נישט אויסגעהאַלטן און איז באַלד אַרויס מיט רייד. אָבער אירע רייד האָבן געבראַכט אַ גרויס געוויטער איבער ר׳ מרדכי־לייבס הויזגעזינט...

קאַפּיטל 7

# א געוויטער אין הויז

אסתר ברוידעס, לויס שוועסטער, האָט קיין טעות נישט געמאכט. זי האָט באַלד דערקענט, אַז די קוילעביקע און פעטלעכע ניוסיא זילבער ברענגט איצט צו טראָגן אַ פעקל צאַפּלדיקע „פּאַטשטן", פרישע פון דער נאָדל אַראָפּ. און נישט גלאַט רכילותן וועגן קהלשע ענינים און פרעמדע געשעפטן, נאָר טאַקע אַ מעשה, וואָס האָט צו טאָן מיטן אייגענעם הויזגעזינט — מיט די ראַפּאַפּאָרטס.

— ביזט עפּעס פאַרפלאַמט און דו סאַפּעסט, — האָט אסתר אָפּגעמאָסטן איר חברטע, אַרבעטנדיק דערביי ווייטער מיט דער נאָדל איבערן שטיקעריי, — ביזט עפּעס נישט מיט אַלעמען?

— איך? — האָט נחמה-נוסיא זיך געדרייט אויפן קאָרעק — וואָס פאַלט דיר איין?! איך בין נאָר אַ ביסל אויפגערעגט, ווייל איך האָב נישט ליב די דעמאָקראַציע... „דעמאָקראַציע"! עליע דעם ליכטציערס איז דיר אַ גאַנצער דעמאָקראַט און ער מיינט, אַז ער קאָן מיט יעדן זיין אַ פּאַני-בראַט. איך בין נישט קיין דעמאָקראַטקע און נישט קיין קאָמענדיאַנטקע, פּראָשע באַרדזאָ! ביטע שיין! עליע לערנט זיך פון דיין ברודער לוי...

— וועגן וואָס רעדסטו, נוסיא? וואָס איז געשען?

— אַז זיינע „ביתרים" פון קלוב ווילן דורכפירן אַ פאָרשטעלונג, דאַרף עליע מיך אַריינציען אין שפּיל? ער האָט באַפוילן, אַז ער וויל מיר צוטיילן אַ ראָלע פון אַ „יאַכנע". ער איז פּרעך, פּרעך! און איבריקנס — האָט נוסיא געסאַפּעט — ס'איז דאָך קאָמיש, שפּילן אַ יידישע פאָרשטעלונג! בערד מיט שייטלען, מיט קאַפּטאַנעס, מיט אַלט-פּרענקישע, קליינשטעטלדיקע יידן... איך האָב נישט ליב דעם זשאַרגאָן, וואָס האָט אַפילו קיין גראַמאַטיק נישט... היינט איז אַ מאָדערנע וועלט, און איך לעב און געפין זיך אין פּוילן... איך דענק פּויליש... און איך בין נישט קיין צוריקגעשטאַנענע... איך האָב שוין גענוג קוגעל... איך האָב עס לוין אויך געזאָגט...

— טאַקע? — האָט אסתר איבערגעריסן אַ פאָדים מיט די ציין — האָסט עס אים געזאָגט?

די פּעטלעכע נוסיא האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און ווייטער געמאָלן גיך, גיך, ביז זי האָט זיך פאַרטשעפּעט אין דער אייגענער צונג און אָנגעהויבן פּרייכן ווי אַ גאַנז:

— ז... גע... זאָג מיר, עסטוסיא, דו האָסט שוין אַמאָל געלייענט פּאָרעלס בוך וועגן די רעטעניש פון געשלעכט?... זא... „זאַגאַדניעניע סעקסואַלנע?". מען מוז דאָס לייענען!... דאָס איז שוין אַלט... אָבער וויכטיק... מען זאָגט, אַז מען דאַרף לייענען פרוידן.. הערסט? וועגן חלומות.... ער צעפּאַלמעסט חלומות און זאָגט דיר און...

— ער זאָגט: ווער עס דרייט זיך ביי דיר אין קאָפּ ביי טאָג, און ווער עס חלומט זיך דיר ביינאַכט, האַ? און וואָס חלומט זיך אַ הון? נאָר מיר דערקוטשעט נאָרנישט! — האָט אסתר געצויגן מיט די פּלייצעס. — אָבער קום אהער, נוסיא, און לאָמיר שוין הערן וואָס עס קוועטשט דיך! וואָס איז געשען? כ'זע דאָך, אַז דו האָסט אַ פולן בויך מיט סודות און... רעד!

דערויף האָט די קיילעכיקע און פעטלעכע נחמה־נוסיא געוואָרט. און זי איז באַלד אַרויס מיט רייד. צוערשט מיט אַ ווונק, מיט אַן אָנצוהערעניש און דערנאָך איז עס שוין געגאַנגען ווי געשמירט.

— אוי, עסטוסיא! — האָט זי אַ מאַך געטאָן — אַלע ווייסן דאָך שוין!... און ער שעמט זיך גאָרנישט... דיין ברודער... לוי...

— וואָס? וואָס מיינסטו? — האָט אסתר אָנגעכאַפּט איר חברטע — איך בעט דיך, רעד!

— ס'קען דאָך נישט זיין, עסטוסיו, — האָט נחמה אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, — דו... דו ווייסט גאָרנישט, אַז ער האָט שבת־צו־נאַכטס נישט גענעכטיקט אין דער היים?

— לוי? וווּ איז ער געווען?

— עסטוסיו, איך שעם זיך... ר'איז געווען אין ווישניפּטשיק... מיט איר...

— מיט קלאַרען? — איז אסתר אויפגעשפּרונגען — מיט דער שוסטערקע?

— יאָ.. אייניקע זאָגן, אַז אין אַ... אַ... גאָסטיניצע... אין אַ האָטעל... אַנדערע זאָגן גאָר ערגערס... און — נחמה האָט אָנגעהויבן שטאַמלען — גאָט, ס'פּנים פלאַמט ביי מיר פון שאַנד... צו רעדן...

אַ ווײַלע איז געוואָרן שטיל. ביידע מיידלעך האָבן זיך אָנגעקוקט און ביידענס אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט: אסתרס מיט כעס און רוגזה; נחמהס — מיט מורא און מיט אָפּענער, קעלבענער אייפערזוכט.

— איך גלויב עס, איך גלויב עס! — האָט אסתר געשריגן — זי האָט אים אַריינגעכאַפּט אין אירע לאַפּעס מיט סמאָלע... כ'וועל אויפרודערן ס'הויז!... כ'על באַלד זאָגן דער מאַמען און...

— ז'איז געמיין, נידריק, פּאָדלע! — האָט נחמה געשעפּטשעט אויף פּויליש און איז איבערגעגאַנגען אויף יידיש מיט אַ כליפּ — ס'איז אַן אויסגערעכנטע זאַך...

— מיר וועלן נאָך זען — האָט אסתר זיך געשטאָכן מיט די אייגענע נעגל אין דער דלאָניע — מירן נאָך זען!

בעת די שוועסטער האָט געקריצט מיט ציין, האָט נחמה געווישט פריער אַ טרער. ס'האָט ביי איר אָנגעהויבן קלאַפּן ס'האַרץ. יעדעס מאָל האָט זיך איר געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט לוי זיך באַווייזן און ס'וועט ווערן אַן איבערקערעניש. זען האָט זי אים דווקא געוואָלט, איצט, גלייך; אָנקוקן וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט, נאָך דער מעשה מיט יענער „פּאָדלער" מויד... זי האָט אויך געוואָלט זען, ווי אַזוי ער וועט זיך באַציִען צו איר, און צו וועט ער איר איצטער שענקען אַ ביסל אויפמערקזאַמקייט. פון דער אַנדערער זייט האָט זי מורא געהאַט זיך צו באַגעגענען מיט אים אַצינד, כדי ער זאָל זיך נישט כאַפּן, אַז זי האָט דאָס געבראַכט די נייעס אין שטוב אַריין. עטלעכע מאָל האָט זי זיך אויפגעהויבן, געוואָלט גיין, אָבער אסתר האָט זי נישט געלאָזט:

— זיץ, זיץ... לאָמיך כאָטש האָבן פאַר וועמען אויסצורעדן דאָס האַרץ... ווי קאָן מען פאַרשווייגן אַזאַ זאַך? ס'איז דאָך לייכטזין. אַ חרפּה און אַ בושה פאַר דער פאַמיליע... פאַר... פאַר...

זי האָט נישט דערזאָגט דאָס, וואָס האָט זי געקוועטשט, אַז אויך איר אַליין אסתרן, וועט דאָס נאָך שאַדן צו אַ שידוך; ס'וועט אויף איר פאַלן אַ פלעק פון וועלכן זי וועט זיך נישט אָפּוואַשן אין צען וואַסערן.

דער ערשטער אימפּולס איז געווען תיכף אַריינצולויפן צו דער מוטער און דערציילן אַלץ, וואָס זי האָט געהערט. נישטאָ זיך וואָס צו באַהאַלטן און מען טאָר נישט מאַכן קיין שווייג. פאַרקערט, זי וועט מיטנעמען נחמהן און זאָל זי זאָגן וואָס זי ווייסט.

— נוסיא, דו גייסט מיט מיר אַריין צו דער מאַמוסיא און וועסט איר זאָגן.

— ניין, ניין! איך בעט דיך — האָט נחמה זיך געוועהרט — איך...

— דו וועסט זיך נישט אַרויסדרייען!... עס איז ערנסט...

— אָבער...

בעת ביידע מיידלעך האָבן זיך געאַמפּערט, האָט זיך מיטאמאָל געעפנט די טיר און לוי איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל.

עלעגאַנט, גאַלאַנט, גלייך ס'וואָלט גאָרנישט געטראָפן, האָט לוי זיך פערנייגט צי די מיידלעך און אַ שמייכל געטאָן:

— שטער איך? אָ, יאַק שע מאַש, נוסיו! וואָס מאַכסטו? און דו, אסתר?

נחמה־נוסיא האָט זיך באַגאָסן מיט אַ געדיכטער רויטקייט פון גרויס פאַר־לעגנקייט, ז'האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, געוואָלט ענטפערן און נישט גע־קאָנט. ז'האָט געגליט פון אנגסט.

אסתר, די שוועסטער, איז געוואָרן גרין און געל, פון רוגזה און כעס. אירע אויגן האָבן זיך אויסגעגלאָצט, די ליפּן האָבן געצאַפּלט און ס'האָט ביי איר גע־ציטערט אַ קני.

— ע, ע! ס'געפעלט מיר נישט די מעשה! — איז לוי צוגעקומען נענטער — זייט זיך מודה, מיידלעך, וואָס האָט איר דאָ אָפּגעטאָן? כ'האָב אייך געפּאַקט! איר קאָנט זיך נישט באַהאַלטן.

— מיר באַהאַלטן זיך נישט — האָט אסתר אים געקוקט גלייך אין די אויגן — דאָס טוסטו און מיינסט, אַז מען זעט נישט דיינע שטיק און דיינע גענג! באַלד וועסטו אָפּטאָן אָפּן... דיין דעמאָקראַציע! פּעבל! ווולגאַר... דעמאָקראַציע!

— וואָס בעבעסטו? — איז דער שמייכל פאַרשוווּנדן פון לויס פּנים — וואָס פּלאַפּלסטו?

— עסטוסיו, פּראָשע, — האָט נוסיא זיך געוואָלט אריינמישן און געשטאַ־מלט אויף פּויליש — דו, איך... גיע... פּראָשע...

— ס'מאַכט נישט אויס, ביזט נישט קיין פרעמדע. נישטאָ וואָס צו פאַר־דעקן! — האָט זיך אסתר געקאָכט — אָדער מיין ברודער איז אראָפּ פון זינען, אָדער ר'איז געוואָרן... זי... זי! זי האָט אים קאַליע געמאַכט און אַראָפּגעפירט פון וועג!

— ווער, אסתר? — האָט לוי זי אַ נעם געטאָן ביי דער האַנט — ווער האָט מיר דאָס אָפּגעטאָן?

— די קוימיניסטקע!

— ווער?

— דיין שוסטערקע!

— וואָס נאָך, אסתר?

— ווישניפּטשיק... די פריילעכע נאַכט... ווישניפּטשיק!

— וואָס נאָך?

— צווינג מיך נישט צו רעדן וועגן... וועגן... מיאוסקייטן...

— כ'על דיך נישט צווינגען — האָט לוי אָפּגעלאָזט דער שוועסטערס האַנט.

— נאָר הער, אויב דו וועסט זיך נישט אַנטשולדיקן...

— פאַר וועמען?

— פאַר איר!

— פאַר דער שוסטערקע? — האָט אסתר זיך אַ שאָקל געטאָן — נאָר איך אַליין דאַרף דאָס טאָן, צי אפשר די מאַמוסיא אויך און דער פּאַפּא און...?

— באַהאַלט זיך נישט הינטער דער מאַמעס פּאַלע! איך הער נאָר צו דיר!

— און איך הער אויך נאָר צו דיר! — האָט אסתר זיך צעפלאַמט — דו נעמסט דיר צופיל רעכט צו באַשמוצן דאָס הויז. אָט ביסטו אַ ציוניסט און ווילסט פאָרן קיין ארץ־ישראל צום פעטער דוד, און אָט ביסטו אַ קאָמוניסט, אַז מען וויל מאַכן אַ רעוואָלוציע, נעמט מען און מען הויבט די פיס און מען טראָגט זיך אָפּ! יאָ, יאָ! דו קענסט נישט זיצן און וואַרטן, אַז די זשאַנדאַרמען זאָלן קומען און דיך אַרויספירן פון דאַנען אַ געקאָוועטען אין קייטן און... און מאַכן דעם טויט דעם זיידן, דער מאַמוסיו און... טאָרסט נישט, טאָרסט נישט!

— נו, האָסט שוין געענדיקט? — האָט לוי געפרעגט גלאַטן — אויב יאָ, הער־זשע וואָס איך זאָג דיר נאָכאַמאָל...

— וואָס?

— וועסט זיך אנטשולדיקן פאר פריילין קלארא ווינאָקור!
— פריילין קלארא... — האָט אסתר געשפּאָט — פריילין...
— אויב דו וועסט זיך נישט אנטשולדיקן פאר איר — האָט לוי געציילט זיינע ווערטער — וועסטו שפּעטער חרטה האָבן...
— דו סטראַשעסט מיך?
— זאָל זיין אזוי!
— וואָס וועסטו טאָן, לוי?
— דאָס, פאר וואָס דו האָסט מורא!... מען וועט מיך ארויספירן אין קייטן פון דאנען! — האָט ער זיך געריקט הינטערווייליקס, נישט אראָפּנעמענדיק די אויגן פון איר — אין קייטן וועט מען מיך פירן איבער דער שטאָדט... איבער גאַנץ יאַנעווקע!
— ביסט משוגע! — האָט אסתר אַ קוויטש געטאָן — מאַמוסיו, מאַמאַ!...
— דיין שרייען וועט דיר גאָרנישט העלפן... אין קייטן וועל איך שפּאַנען!...
איז עס געווען הוזק? שפּיל? לוי האָט אַליין נישט געוווּסט. אָבער איצט איז געווען קלאָר, אז עפּעס וואָלט ער געמוזט טאָן, כּדי צו צעשפּאַרן די ווענט פון דער דאָזיקער היים, פון דעם דאָזיקן הויז, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אייפּן סאַמע מיט פון זיין וועג און שטערט און שפּאַרט און שטיקט און וואַרפט אָן אַ מורא מיט זיין פאַרגאַנגענעם נעכטן און אייערנעכטן, וואָס מען וויל אָנהאַלטן מיט די ציין און זיך צירן אין זיי...
האָט ער פיינט זיין שוועסטער? חלילה וחס. נאָר... זי האָט דאָך אים ווײ געטאָן מיט איר ביליקן פאַרדאַכט. און זי האָט אזוי ווייניק צוטרוי צו זיין דרך, צו זיין ראַנגלען זיך; און זי מעסט אַלץ מיט דער מאָס פון קליינינקע תענוגימלעך, וואָס האָבן קיין טעם נישט און נישט קיין האַפט...
ס'איז געוואָרן שטיל, ווי פאַר אַ נייעם אויסברוך, וואָס פאַרקלייבט זיך אונטער דעם דאָזיקן דאַך. אין דער שווערער פיינלעכער שטילקייט האָט לוי מיטאַמאָל פאַרנומען און דערהערט לייכטע טריט איבערן סופיט — ממש איבערן קאָפּ. יעדער טראָט — אַ קראַץ, אַ היפּן ווי פון שרעק. יעדער טראָט — אַ לייכטער קרייז, ווי אַ פּראַגעצייכן אין די אויבערשטע, פאַרשפּאַרטע פיר ווענט. לוי האָט זיך דערכאַפּט: דער טאַטע זיינער, ר' שמריה, שפּאַנט דאָס אַרום אויבן אין זיינע צעלאָזטע טשיזמעס, שפּאַנט, שקראָבעט און הוסט. דאָס מוחט ער זיך, דער טאַטע זיינער, מוחט זיך און שווייגט. ער ציט אַזוי אַ געדאַנק, וואָס ער קלייבט זיך אַריינצושטעלן אין כּוונהדיקן ספר, וואָס ער שרייבט. אַ געדאַנק, אַן אַלטער און פאַרצייטיקער; ציט ער אים און וויל אים איבערגעבן צו עמיצן... אָבער צו וועמען? צו וועלכן שפּאַנט ער אַרום און טראַכט, כּמורעט זיך און קריכט אַרום ווי אַ שאָטן אין דער הייך, איבערן סופיט, איבערן קאָפּ...
לוין האָט אָנגעהויבן באַנג טאָן אויף זיין אויסברוך, געווען צו שאַרף, צו ביטער און אפשר צו פאַרשייט. ווי קאָן מען אזוי דראָען, ווען אויבן שפּאַנט דער טאַטע און ציט אַ געדאַנק, אַזאַ פאַרצייטיקן? שפּאַנט און שרעקט אָן, און דער גאַנצער פּחד הויערט גאָר אויף אים אַליין...
אַ באַנגיקייט האָט ארומגענומען און גענאָגט. ער האָט געמאַכט אַ טראָט נענטער צו דער שוועסטער און זי אָנגעקוקט:
— קאָנסט חרטה האָבן, אכותר? פאַרשטייסטו וואָס דאָס מיינט? אויב דו וועסט חרטה האָבן און זיך אנטשולדיקן, איז ניחא, איז גוט. אויב נישט, דאַן... דאַן וועל איך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט רעדן צו דיר... קיינמאָל נישט מער...
ער האָט זיך אויסגעדרייט און, שפּירענדיק דעם טאַטנס סודותדיקע טריט אין דער הייך, איבער זיין קאָפּ, אַרויס פון צימער און הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר.
— זאָל ער אייביק נישט רעדן — האָט אסתר געשטאַמלט אַ צעטומעלטע — זאָל ער נישט...
— גאָט מיינער! באָזשע! — האָט נחמה־נוסיא אָנגעהויבן העשען — אָ, גאָט מיינער!

זי, די קײלעכיקע און פעטלעכע נוסיא, האָט געפילט, אַז דאָס האָט זי איצט אַרײַנגעבראַכט אַ ריס אין דער משפחה און ס'האַרץ האָט בײַ איר שטאַרק געקלאַפּט. ז'איז געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענע. וועט לוי זיך אָנשטויסן, אַז דאָס האָט זי געבראַכט צו טראָגן די „פּאַטשטן“ אין הויז אַרײַן און אַרויסגערופן אַ בורע און אַ קריגערײַ? אויב יאָ — איז זי אַ פאַרפאַלענע, האָט זי פאַרשפּילט. ער וועט מער זיך אפילו נישט אומקוקן אויף איר. און יאַנעוועקע — די שטאָטישע פרײַלינס, וואָס ווײסן וועגן איר שוואַכער זײַט — וועלן חוזק מאַכן, איר אַרויסשטעלן פײַגן הינטער די פּלײצעס און לאַכן אין די פויסטן אַרײַן...

אָט צו וואָס באַגראָבענע קנאה און באַהאַלטענע באַגערן דערפירן אין אַ בײזער מינוט! ז'האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן און געשטראָכן און געקראַצט מיט די געפײלטע נעגל די „נענזענע“ הויט פון די הענט.

— וואָס איז? — האָט אסתר מיטאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף איר — זאָג מיר דעם אמת, האָסט דיר פאַרדרײט דעם קאָפּ מיט אים? וואָס רעדסטו נישט?

נוסיא האָט געשוויגן עקשנותדיק. ז'האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געבליבעט און געשאַרט מיט די שפּיצן פון די שיך.

— כ'פאַרשטײ... כ'זע שוין — האָט אסתר גערעדט ווי פאַר זיך — און נאָך דאָס האָט אונז געפעלט... אָבער צו וואָס? צי איז ער דען דאָס ווערט? וואָס זעט מען אין אים? אַ לײכטזיניקער און צעפּיעשטשעטער בחור... אָבער ס'וועט נישט אָפּלויפן גלאַטיק... און גאָרנישט ווערט געשענקט! גאָרנישט... און האָב נישט קײן מורא! איך האָב אָנגעהויבן וועל איך ענדיקן... און זאָל ער אײביק נישט רעדן מיט מיר!...

או: אַ געוויטער האָט זיך פאַרקליבן איבער ר' מרדכי לײבס הויזגעזינד...

קאַפּיטל 8

# דאָס סודותדיקע ספר

ר׳ שמריה ברוידעס האָט געטונקען די פּען אין ברייטן, הילצערנעם גראַדווירטן טינטנפעסל, און געקריצט אות נאָך אות. די לאַנגע פּען, מיט אַ פּאַרגרינטן מעשענעם גאַלקעלע, ווי אַ קעפּל, האָט זיך פּאַמעלעך געדרוקט איבער די האַרטע בייגעלעך פּאַפּיר, און ר׳ שמריהס שפּיציקע, ברוינלעכע באָרד האָט זיך מיטגערוקט פון רעכטס צו לינקס. ר׳האָט געשריבן, און מיט דער מחשבה מיטגעצויגן אַ שטילן, כריפּליוון געזאַנג: „בהיתר של הברזא שהוא כלי מתכת הדין מבואר ביו״ד ס׳ ר״א סע׳ מ״ח. ואם הסילון של מתכת מחובר לקרקע אפילו מקלח להדא לתוך המקווה כשר. שהרי אינו מקבל טומאה“. (וועגן היתר פאַר אַ קראַן פון אייזנגוס ווערט דער דין דערקלערט אין יורה דעה. און אויב די שטאָלענע רינוועי איז צוגעפּעסטיקט צום באָדן, אַפילו ווען עס שפּריצט אַריין אין דער מקוה, איז עס כשר, ווייל עס נעמט נישט אויף קיין טומאה).

דער אומרו פון גרויסן וואַנט־זייגער האָט זיך שנעלער צעוויגט, די שווערע וואָגן האָבן אַ קרעכץ געטאָן אויף דער קייט, געקרעכצט אויף דער צייט, און ר׳ שמריה האָט זיך געשריבן זיינס: „אף על פי שהגדולים החמירו לפסול מקווה עם סילנות של מתכת, כשרה היא וטהורה“ (כאָטש די גדולים האָבן געאַסרט אַ מקווה מיט אייזערנע שפּריצן, איז זי כשר און ריין).

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, פאַרטראַכט און אַרויסגעברומט צו זיך אַליין:

— נו, יאָ... לכל הדעות... וואָס דען?

נאָכן „וואָס דען“ איז געקומען אַ הוסטעלע, שוואַך און לייבט: „אוודאי, יאָ“...

ר׳ שמריה ברוידעס, — דער טלוסקער רב, ווי מ׳האָט אים גערופן — האָט איצט עוסק געווען איבער זיין ספר „חוט המשולש“, וואָס ער שרייבט שוין דאָס דריטע יאָר. אין דעם חיבור זוכט ער צו כשרן אַ טייל מאָדערנע איינריכטונגען, און וויל באַווייזן, אַז „טעכניקע“ קאָן אויך אָנגעווענדט ווערן על פי דין. גראַד איצט האַלט ער ביי אַ מקווה מיט אַן אויטאָמאַטישן, שטאָלענעם שפּריץ.

קיינער פון דעם גרויסן הויזגעזינד האָט נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ מין ספר, און ווען יאָר וועט שוין אַמאָל פאַרטיק ווערן דערמיט. אַפילו פאַרן שווער זיינעם, פאַר ר׳ מרדכי לייבן, דער פּריץ און תקיף, ביי וועמען ער זיצט אויף אייביקע קעסט, איז עס אַ סוד.

— מילא, נו, מ׳וועט לעבן, וועט מען זען — האָט דער שווער אַמאָל אַרונטערגעלאָזט אַ ווערטעלע — אַז ער שרייבט ממש מגילות, מגילות... נו, מילא, נו...

בלויז איין־און־איינציקער ייד אין גאַנץ יאַנעווקע האָט געוווּסט וואָס ר׳ שמריה טוט און וואָס אַזוינס עס שטייט אין די בערגלעך מיט באַשריבענע בלעטער, וואָס ער האַלט אין אַ שופלאָד אונטערן שלאָס. און דער ייד, מיט וועמען ר׳ שמריה רעדט אַמאָל וועגן זיין חיבור, און מיט וועמען ער איז זיך שואל עצה, איז ר׳ גאָדל דער טרעגער, אויף וועמען מען זאָגט, אַז ער איז גרויס סיי אין נגלה, סיי אין נסתר, און אַז ער איז אפשר אַ למד־וואָווניק, איינער פון די 36 פאַרבאָרגענע צדיקים, וואָס דרייען זיך אַרום צווישן אונז, און וואָס אויף זיי שטייט די וועלט.

ר׳ גאָדל, אַ ייִד אַ גבר, אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט שווערע הענט ווי לאָפּעטעס, האָט געאַרבעט ווי אַ פּשוטער טרעגער, אויפֿלאָדנדיק און אָפּלאָדנדיק אָנגעפּילטע, שווערע זעק. פֿאַרוואָס ער האָט דווקא געוואָלט זיין אַ טרעגער־ייִנג, ווען אַ סך שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אַמאָל געריסן איבער אים, און אים געוואָלט אויפֿנעמען פֿאַר רב, דאָס איז נאָך דערוויילע אַ סוד. ייִדן האָבן דערויף געהאַט כלערליי אויסטייטשונגען און תירוצים: אַז ער וויל מקיים זיין „ויגיע כפּיך“; אַז ער טייטשט „בדמיך חיי“ שוויצן מיט בלוט; און אַז ער וויל דינען דעם רבונו של עולם מיט זיין גבורה, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט...

געאַרבעט האָט ר׳ גאָדל טאַקע אין איינעם פֿון ר׳ מרדכי לייבס תבואה־סקלאַדעס אין יאַנעוואָקע. ווי וויל ייִדן האָבן זיך מיט דער צייט צוגעוווינט צו דעם דאָזיקן טרעגער־מקובל, האָט מען אָבער אָפּט נאָכגעקוקט, ווי אַזוי ער הייבט אויף און טראָגט די שווערע זעק. מ׳האָט דערין געוואָלט זען אַ דרך, כוונות, און מען האָט געשאָקלט מיט די קעפּ:

— ווער ווייסט? אפשר איז דאָס דרכו בקודש?

ווען ר׳ גאָדל האָט געטראָגן די משא אויף זיינע פּלייצעס, איז מען געווען זהיר וזהיר צו מאַכן פֿאַר אים אַ וועג:

— לאָזט דורך ר׳ גאָדלען, לאָזט דורך!

אַז ער קוקט אַריין אין ספֿרים, ווען ער האָט אַ מינוט צייט, דאָס האָט מען געזען. אַז ער טובלט זיך אין טייך זומער און ווינטער — דאָס האָט מען געוווסט. דערצו איז ער געווען אַ שווייַגער און, נישט געקוקט אויף זיין גרויסער גבורה, מילד ווי אַ לאַם. האָט ער צו עמעצן אַרויסגערעדט אַ וואָרט, האָט ער געשמייכלט מיט בלויע קינדערישע אויגן, און זיין קול איז געווען וואַרעם און ווייך.

אין יאַנעוואָקע האָט ר׳ גאָדל געהאַט אַ חזקה: אים, און נאָר אים, האָט מען אין דער טשאָרטקאָווער קלויז געמוזט אויפֿרופֿן צו דער תוכחה, און זיין שטענדער האָט געמוזט שטיין ביי דער דרום־וואַנט, צווישן דער הרובע און דער ספֿרים־שאַנק. קיין שום כיבודים האָט מען אים נישט געטאָרט אָפּגעבן. און ביי חסידישע סעודות, קערמעשלעך און מלווה־מלכהס איז זיין אָרט תמיד געווען ביים עק טיש, אויף אַ שפּיץ באַנק.

ווייל מ׳האָט געוווסט, אַז דער טשאָרטקאָווער רבי האַלט פֿון ר׳ גאָדלען אַ געוואַלט — איינמאָל האָט ער אַפֿילו געלאָזט פֿאַלן אַ וואָרט, אַז „מי לנו גדול“, „ווער קען זיך גלייכן צו אים?“ — האָט מען דעם „טרעגער“ געלאָזט געמאַך. מ׳האָט אים געלאָזט שטיין און גיין, ווי אַזוי ער האָט געוואָלט, און ווען ער האָט געוואָלט. מ׳איז נאָר געווען געוואָרנט, אַז ביי אים אין דער קליינער כאַלופּע, מיטן שטרויענעם דאַך, נישט ווייט פֿון באָד און הקדש, זאָל נישט פֿעלן קיין שפּייז און קיין האָלץ, און אַז זיין ווייב, די צדקת רישע, און די דרייצען יאָריקע טאָכטער מרים, זאָלן האָבן אַ שוך און אַ קלייד. נו, דאָס האָט שוין ר׳ מרדכי לייב סיי־ווי פֿאַרזאָרגט. ער האָט געצאָלט ר׳ גאָדלען פֿאַר זיין טרחה מיט דער ברייטער האַנט. דער טרעגער האָט נאָך געהאַט געגנוג אויף צו טיילן צדקה און אויף צו שיקן קיין ארץ־ישראל. צו וועמען ער שיקט, וואָס און ווי אַזוי ער שיקט, דאָס האָט מען נישט געוווסט. מען פֿלעגט אים אָבער זען גיין צו דער פּאָסט.

און פֿאַר אָט דעם ר׳ גאָדל טרעגער האָט ר׳ שמריה זיך בסדר פֿאַרטרויט, און מיט אים האָט ער זיך שואל עצה געווען.

ר׳ שמריה האָט זיך גערעכט, אַז היינט, נאָך מנחה מעריב, וועט ר׳ גאָדל זיך אַריינכאַפּן אַהער, און ער וועט קאָנען מיט אים כאַפּן אַ שמועס. ראשית, האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ היפּש ביסל באַשריבענע בלעטער, וואָס יענער האָט נאָך נישט געהאַט באַוויזן צו זען. והשנית, עגבערן אים אַ סך האַרבע קשיות, וואָס ער וואָלט וועלן פֿאַרענטפֿערן און אויסגלייכן. דער עיקר האָט ר׳ שמריהן דערקוטשעט אַ פּעקל שאלות, אויף וועלכע ער האָט בשום אופֿן קיין ענטפֿער נישט: צו וואָס וועט פֿאַרב ביין דאָס כשרן פֿון דער „טעכניקע“? איז זי דען אַ פּאַר

מיטן יידישן דין? האָט זי דען אַ טיפערע זנאַטשעניע, די דאָזיקע „טעכניקע“, האָט זי אַ משמעות און אַ ווערט? וואָס פאַר אַ כח האָט זי אַרויפצופירן דעם מענטשן אויפן וועג פון גוטס, צו מעשים טובים, און אים אָפּצוהאַלטן פון זינד און פון שלעכטס? האָבן דען חכמה און דערפינדונגען, און ס׳גאַנצע קלאַפּערגעצייג, נישט אָפּגעשוואַכט דעם מענטשן, שוואַכער געמאַכט די דורות, און אויסגענאָגט דאָס ביסל חיות, וואָס האָט געהאַלטן אויף די פיס? קאָן דער בן אָדם היום־יום כאָטשבי נאָך האַלטן פון „לא תרצח“, פון דעם איין איינציקן געבאָט, וואָס זאָל אים אָפּשיידן פון דער חיה רעה אין וואַלד? און אַז מ׳עט זאָגן, אַז ישראל, דער ייד, איז נאָך אַנדערש, קאָן ער דען לעבן אין אזא מין סדר. אַזוי־אָ, און איז דען נישט פאַראַן די גרויסע סכנה, אַז ער זאָל אויך צערייסן אויף שטיקער און רעווען ווי זיין שכן, רחמנא לצלן? די טעכניקע און דאָס קלאַפּערגעצייג, וואָס ווילן אויסנאַרן אַלע סודות ביים בורא עולם, דערפירן זיי דען נישט צו כפירה, פּחד, גזלה און רציחה, ווי אין סדום? צו וואָס־זשע כשרן, צו וואָס? איז דען פאַראַן אַ וועג, אַ בריקל, צווישן ישראל און דעם קלאַפּערגעצייג, אַזוי אַז דער מענטש זאָל פאָרט בלייבן געהייליקט בגוף ובנפש, און בלייבן גאַנץ?

ר׳ שמריה האָט זיך געוועדט פון די דאָזיקע אומעטיקע מחשבות, און ער האָט זיי געפּרוווט איינשטילן, אויסגלעטן און פאַרוויגן אין זיך. ער האָט ווידער געשטונקען די פּען, געקנייטשט דעם שטערן, אָבער ווי אויף להכעיס האָט זיך איצט נישט געשריבן — כאָטש צי פון זיך די קליי. וואָרעם אויך זייטיקע ענינים, וואָס האָבן צו טאָן מיטן הויז און מיט דער משפחה, האָבן זיך אַריינגעמישט. עס רודערט זיך אין הויז. עפּעס טוט זיך. און אים איז נישט קלאָר וואָס און פאַרוואָס. אָט איז דער שווער זיינער, ר׳ מרדכי לייב, נעכטן אַוועקגעפאָרן הענדרום־פענדרום קיין ווין. און אָט איז דער שוואָגער זיינער, שלום יוסף, געוועזן צוויי טעג אין ווילכעווער גוט, ווו עמיצער האָט אָנגעצונדן אַ שׂרפה, און ער איז צוריקגעקומען פון דאָרט פול מיט שרעק. און ווו איז דאָס ווייב זיינס, מאַטל, ווו? פון אינדערפרי אָן איז זי ערגעץ ווו אַנטרונען געוואָרן, און מען הערט זי נישט און מען זעט זי נישט. עפּעס האָט זי יאָ געזאָגט, אַז זי גייט ערגעץ, אָדער פאָרט ערגעץ צו, נאָר ער האָט נישט געכאַפּט וואָס זי מיינט. און לוי, דער בכור זיינער, מיט אים איז עפּעס אויך אַ משא ומתן — אַי, וואָס? אַ קשיא אויף אַ מעשה אין אַזעלכע טעג, ווען מענטשן ווילן דווקא גיין מיט די קעפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף...

ר׳ שמריה האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול און האָט, אויף זיין שטייגער, זיך אויסגעהוסט, טרוקן און מיט אַ זיפץ:

— אוי, מרא דעלמא!... אוי!

ער האָט צונויפגענומען די באַשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר, און זיי פאַרשלאָסן אין שופלאָד פון ברייטן, שווערן, דעמבענעם שרייבטיש. ער האָט אויסגעגלעט די שפּיציקע באָרד, צונויפגענומען די פּאָלעס פון געבלומטן כאַלאַט, און זיך געלאָזט אַראָפּשפּאַנען די טרעפּ. ער וועט אַריינגיין צום שוואָגער, צו שלום יוספן, וואָס זיצט אין הינטערשטן הייזל, און וועט מיט אים כאַפּן אַ שמועס. אַ מענטש קאָן זיך דאָך נישט כסדר פאַרשטאָפּן די אויערן, פאַרמאַכן די אויגן, און נישט הערן און נישט זען, וואָס עס טוט זיך אַרום, אַזויפיל כח האָט ער דאָך נישט! והשנית איז עס, קאָן מען זאָגן, גאָרנישט רעכט, וואָרעם אפשר קאָן ער גאָר געבן אַן עצה און העלפן מיט אַ וואָרט? עס קאָן דאָך געמאָלט זיין, קאָן עס דאָך...

אַרונטערשפּאַנענדיק די טרעפּ, האָט ר׳ שמריה מיטאַמאָל דערזען לוין, דעם בכור זיינעם, אין אַנדערן עק פון לאַנגן קאָרידאָר. לוי האָט אויסגעזען עפּעס צעטראָגן און דערשלאָגן, ווי נאָך אַ פאַרלוירענעם וויכוח, אָדער נאָך אַ פאַרשפּילטן קאָן. דערביי האָט ער זיך געאיילט און האָט כמעט נישט געזען וווהין ער גייט.

— לוי! — האָט דער פֿאָטער אים אַ רוף געטאָן מיט אַ הוסטעלע — אוי! ס'לויפֿסטו אַזוי? וואָס איז עפּעס די בהלה?

אַז לוי איז צוגעקומען צום פֿאָטער, האָט ר' שמריה אים אָנגענומען פֿאַר אַ האַנט, און אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין:

— הערסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן, זון מיינער? כ'על שוין באַלד נישט דערקענען דיין צורה, און כ'וועל שוין באַלד פֿאַרגעסן דיין קול...

— אַנטקעגן וואָס איז די דאָזיקע הלצה, טאַטע?

— אַנטקעגן וואָס? נו, אָ, איך געדענק שוין נישט ווען דו ביסט צוגע־קומען צו מיר און גערעדט אַ וואָרט. אַמאָל פֿלעגסטו צוקומען, פֿרעגן אַ תוספֿות, אַ מהרש"א. און היינט? ס'קומט אויס, אַז אַלץ איז דיר קלאָר און רעכט.

— נישט אַלץ איז קלאָר, טאַטע — האָט לוי געענטפֿערט, צוקנעפּלענדיק און אויפֿקנעפּלענדיק דעם מאַנטל, מחמת נערוועזיטעט — און נישט אַלץ איז רעכט...

— הייסט עס, אַז דו האָסט ספֿקות, און עפּעס איז דיר נישט צו דער האַנט. איז, וואָס איז עס אַזוינס? אַגב, זאָג מיר, קוקסטו אַמאָל אַריין אין אַ ספֿר? אַז שטודירן דיינע זאַכן, וואָס דו ווילסט דאָרטן, שטודירסטו דאָך נישט. שלעפּסט זיך אַרום איבער די גאַסן. ווו און מיט וואָס־זשע פֿטרסטו דיינע טעג און נעכט? האַ? אוי!

לוין איז געוואָרן אומהיימלעך. ער האָט חושד געווען, אַז דער פֿאָטער איז שוין געוויוער געוואָרן וועגן יאַזדע דער קיין ווישניפּאַטשיק; אַז מ'האָט אים צוגע־טראָגן רכילותן, און איצט וועט ער אַרויסקומען מיט אַ סדרה מוסר, אָפּן און פֿאַר־שמעלט.

— וואָס זשע האַלטסטו אין איין שווייגן ווי אַ הונט, וואָס? — האָט ר' שמריה איבערגעפֿרעגט — הערסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן? ס'קאָן זיין, אַז איך בין אַן אַלטפֿרענקישער ייִד, און כ'קאָן נישט משיג זיין דיינע גענג. אָבער איינס וועל איך דיר זאָגן: די אַלע זאַכן דיינע האָבן נישט קיין ייִדישן טעם. און זענען גאָרנישט ווערט. ממש בקליפּת השום.

— וועלכע זאַכן, טאַטע?

— כ'ווייס? די אַלע מעשיות מיט די סאָציאַליסטקעס, קאָמוניסטקעס, וכדומה. די פֿלאַפּלערקעס דאָרטן, וואָס די ציסט צו זיי — האָט דער פֿאָטער אָנגעכאַפּט די באָרד — זיי רייסן בלויז אָפּ פֿון ייִדישן שורש. און געהאַלפֿן ווערן פֿון די אַלע מעשיות וועלן מיר נישט. נישט מיר, ייִדן. אָבער צרות און יסורים וועלן זיי ברענגען. אוי! סאָציאַליסטקעס, קאָמוניסטקעס... ווי קומט דאָס צו דיר און ווי קומסטו צו זיי? חלומות; הזיות; און סכנה פֿאַר דער נשמה... און נישט מער!...

— מיך רייסט קיינער נישט אַוועק פֿון ייִדישן שורש — האָט לוי זיך אָנגענומען מיט כח — און ווייטער ווייס איך נישט וואָס דו ביסט אויסן, טאַטע! און זיי מוחל וואָס איך זאָג דיר, כ'וואָלט וועלן ווערן אַ שטיקל באַלעבאָס איבער זיך אַליין...

— אַזוי גאָר? באַלעבאָס איבער זיך אַליין?

— טאַטע, ס'איז דאָך מיר געגעבן געוואָרן די בחירה און די ברירה!

— די בחירה? האַ? — האָט ר' שמריה אָנגעקוקט דעם זון — נו, יאָ! יאָ! קלייב אויס, נאָר וועסטו מיר כאַטש אויסזאָגן וואָס? צוריקגעשמועסט, אויב ס'וועט זיין וואָס צו זען, וועט מען שוין זען. דיה לצרה בשעתה. האַ?

ס'איז געווען אַ רמז, אַן אָנצוהערעניש, און אפֿשר אויך אַ וואָרנונג...

אָפּגעזאָגט, האָט דער פֿאָטער אויפֿגעהויבן די פֿאַנטעפֿעלעך און זיך געלאָזט שפּאַנען צום הינטער טויער, צום שוואָגער, צו שלום יוספֿן.

ביי ר' שמריהן האָט איצט געעגבערט אין מוח: אַ מענטש קען זיך דאָך נישט פֿאַרשטאָפּן די אויערן, פֿאַרמאַכן די אויגן און נישט זען וואָס עס טוט זיך אַרום! עפּעס ברעקלט זיך, קרישלט זיך, ווי ס'וואָלט זיך געוואַקלט דער גאַנצער יסוד. איז, אפֿשר דאַרף מען באַצייטנס ראַטעווען?

מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט — עלעהיי „ראַטעווען“ וואָלט קודם כל געמיינט דאָס אָפּשטעלן זיך אויף אַן אָרט; שטעלן זיך פעסט, אויף ביידע פיס, און נישט שוועבן מיט צעפלאַטערטע פאָלעס ערגיץ אינדערמיטן, נישט אויבן, נישט אונטן און מיט כלעדליי וויטיקן אין אַלע אברים...

אויף אַ טרעפּ פון הינטערן טויער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ יונגע שוואַרצע קראָ. ז'איז אַראָפּ פון פלויט, זיך געריסן ערגעץ ארויף, נאָר הפנים קיין כח נישט געהאַט. און זיך אַרונטערגעלאָזט אין דער נידער, „ווי דער שטייגער איז“... ווען האָט ר' שמריה געקוקט אויף דעם פויגל, אויף דער קראָ? ר'האָט זיך דער־מאָנט: שבת שירה זענען ווייבער זיך נוהג צו וואַרפן דורכן פענצטער וואַרעמע טשאָלענט־קאַשע צו די פייגעלעך... רעדט מען וועגן פייגל... אין שיר השירים דערמאָנט מען פרייטיק צו נאַכטס די טורקל־טויב... און אָבער אַזוי... אויב אַזוי... נאַדיר גאָר אינמיטן דרינען אַ קראָ...

ער האָט זיך מיטאַמאָל אַ טרייסל געטאָן, צוריק אויפגעכאַפּט דעם איבער־געריסענעם געדאַנק און אַוועקגעשפּאַנט: עפּעס קרישלט זיך, וואַקלט זיך, און מען דאַרף באַציִיטנס ראַטעווען...

קאַפּיטל 9

# דער נסיון

דער שוואָגער, שלום יוסף, און די שוועגעריין, פערעלע, זענען אַ ביסל מבולבל געוואָרן, ווען זיי האָבן דערזען ר׳ שמריהן אויף דער שוועל.

שלום יוסף איז יענע מינוט געזעסן צופיסנס ביי זיין ווייב, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער כאָפּע און אונטערגעקרעכצט. ער האָט זי געטרייסט און געמונטערט ווי ווייט ד׳האָט געקענט. פערעלען, דער מפונקת, וואָס האָט שוין דריי מאָל מפיל געווען, און דאָקטוירים האָבן אויפגעגעבן אַלע האָפענונגען, אַז זי זאָל ווען־עס־איז נאָכאַמאָל מעוברת ווערן און קאָנען אויסטראָגן, איר האָט זיך איצט געדאַכט, אַז זי איז דווקא ווידער פאַרגאַנגען אין טראָגן, און אַז זי האָט דערשפּירט לעבן אין זיך. אַ סימן, — איר איז איצט זייער איבל, און זי מוז כסדר נאָגן זויערע אוגערקעס. עס דרייט זיך איר־דער קאָפּ און זי קאָן זיך נישט האַלטן אויף די פיס.

שלום יוסף — אין אַ זיידענעם, ווינער קאַפּעלע, מיט שפּיצן און צוויי גלאַנציקע קנעפּ, אין אַ קורצן, וואָלענעם ראָק און אין פאַנטעפעלעך פון ציגנפעל — האָט געגלעט זיין פיר־עקיג צוגעשטוצטע, שוואַרצע „מלכותדיקע" באָרד, און איבערגעחזרט עטלעכע ווערטער אַהין און צוריק:

— נאָר אָן אויפרעגונג, פערעלע, הערסט פערעלע? ביטע, נאָר אָן אויפרעגונג...

— וועל איך נאָך אויפגעדיכט ווערן, שלומל? — האָט זי זיך געפּיעששטשעט — גליקלעך זיין, האַ?

— נאָר אָן אויפרעגונג, פערעלע — האָט ער געענטפערט אין דערביי געפּראָשעט די באָרד — הערסט, פערעלע, נאָר אָן אויפרעגונג, ביטע...

אויף פערעלעס גרינלעכער צורה האָבן זיך באַוויזן רויטלעכע קליינע פלעקן, ווי פּאָזיאָמקעס וואָלטן אויפגעבליט אויף אירע באַקן. איר שפּיציקע לענגלעכע נאָז איז שאַרפער געוואָרן, און אין די גרויסע שוואַרצע אויגן הינטער דער „אינטעליגענטישער" פּענסנע האָבן זיך אָנגעצונדן בלוילעכע פלעמעלעך:

— כ׳וועל מער נישט קענען אַריבערטראָגן קיין חוזק — האָבן אירע שמאָלע ליפּן זיך אַ צאַפּל געטאָן — כ׳וועל נישט קאָנען, שלומל...

— נאָר אָן אויפרעגונג, פערעלע — האָט דער מאַן איר צום וויפלטן מאָל געענטפערט דאָס אייגענע, צוזינגענדיק איצט בלויז אַ קורצן צוגאָב — דו דאַרפסט זיך שאַנעווען, פערעלע.

דערזעענדיק זיין שוואָגער ר׳ שמריהן אויף דער שוועל, האָט שלום יוסף ראַפּאַפּאָרט זיך אַ הייב געטאָן, אָפּגערוקט פון דער כאָפּע, און זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכאַלע:

— נו, אַ, שמריה, שוואָגער־לעבן, וואָס שטייסטו עפּעס כעני בפתח?

— זאָל דער שוואָגער קומען נענטער — האָט פערעלע זיך אויפגעזועצט — און זאָל דער שוואָגער מיר מוחל זיין...

כדי אָפּצוווענדן ר׳ שמריהס אויפמערקזאַמקייט פון פערעלען האָט שלום יוסף נעגעבן אָנצוהערן, מיט רמזים און העוויות, אַז דאָס זענען ווייבערישע הולאַתן, פאַרנייעניש, וואָס יענען קיין סכנה נישט. אין תוך כדי דיבור האָט ער גלייך פאַרקירעוועט דעם שמועס צו וואַזשנערע ענינים, און אַ מאַך געטאָן:

— כ'האָב הפּנים מיט די מחשבות דיך אַראָפּגעבראַכט. זייַ און הער. איך האָב טאַקע געוואָלט מיט דיר איבערשמועסן דעם ענין. ס'איז דאָך נישט קיין קלייניקייט. וואָס און ווען ווייסטו דאָך.

— וואָס אַזוינס „וואָס און ווען" ווייס איך? — האָט ר' שמריה זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעזעצט אין אַ שטול און צונויפגענומען די פּאָלעס פון זיין כאַלאַט — כ'מ'ין...

— ס'האַנדלט זיך וועגן פאַרקויפן ס'גוט; דאָס ווילכעוועסער גוט. מ'וועט עס נישט קאָנען האַלטן. איצט מאַכט עשיו שריפות, דערנאָך וועלן זיי טאָן עפּעס ערגערס. דער סוף וועט זיין, אַז מען וועט עס צעשניידן, צעטיילן און מוזן אַוועקגעבן די שונאי־ישראל בחצי־חינם. דאָס וועט זיין דער סוף פון זיידנס און פון טאַטנס פּראַצע; די האָרעוואַניע פון צוויי דורות... האַלט איך, אַז מען זאָל עס פאַרקויפן, כל זמן עס איז דאָ אַ קונה. דער ליאַך, אונזער פּאַרוואַלטער יאַן זאַגאַיסקי, איז אַליין אַ בעלן דאַרויף. מען דאַרף זיך איילן און פּטרן.

— און וווּ איז בטחון? — האָט ר' שמריה אַ צי געטאָן דעם שפּיץ פון דער באָרד — האַ? נישטאָ?

— איך האָב בטחון, אַוודאי האָב איך! — האָט שלום יוסף געענטפערט אין דער גיך — נאָר פונדעסטוועגן האַלט איך, אַז דאָס ביסל מזומן, וואָס דער טאַטע־זאָל־לעבן וועט קאָנען אַרויסשלעפּן פון גוט, זאָל ער אַריינלייגן אין אַ הויז אין לעמבערג, אין זיכערע אַקציעס פון דראָביטשער נאַפט, און לעבן רואיק אין דער גרויסער שטאָט. און וויבאַלד אַזוי, דאַרף מען נישט די סקלאַדעס און די דירה דאָ אין יאַנעווקע.

— דאָס אויך פאַרקויפן? — האָט ר' שמריה געפרעגט — דאָס אויך?

— כ'בין בטוח, אַז דער רבי וועט מסכים זיין — האָט שלום יוסף געדרייט מיט אַ פינגער — כ'בין בטוח, אַז דער טאַטע וועט ברענגען פון ווין אַ תשובה צו מאַכן אַ סוף.

— זיך באַזעצן אין לעמבערג? — האָט ר' שמריה געצויגן מיט די פּלייצעס — לעמבערג?

— לעמבערג איז אַ „גראָס שטאַדט"! — האָט פּערלע זיך צום ערשטן מאָל אַריינגעמישט — דאָרט וועט מען נישט זיין יעדן איינעם גרויס אין די אויגן... גענוג צו ליידן פון רכילות, קנאה און שנאה...

— לעמבערג... — האָט ר' שמריה איבערגעחזרט, ווי ער וואָלט גאָר נישט געהערט וואָס די שוועגערין רעדט — זיך אַריינלאָזן אין בערזע־שפּיל, ספּעקולאַציע. הוריות... ווער קאָן דאָס, ווער? כ'איז דאָך ווי שפּילן אין קאָרטן... משחקים בקוביא... איך קאָן דאָס נישט...

— דו? ווער הייסט דיר? — האָט שלום יוסף געלאַכט — אגב, וואָס שייך דיר, האָב איך פאַר דיר אַ נייעס... אויב דו ווילסט, וועט טלוסק דיר שיקן אַ כתב־רבנות, און דו קאָנסט צוריק ווערן טלוסקער רב. און אויב דיר גייט נאָר אָן דעם, איז ווייל גראָמניץ דיך אויך האָבן. ערשט אַנומעלטן האָב איך אין לעמבערג באַגעגנט ר' זרח אַריק, דעם גראָמניצער ראש הקהל, און ער האָט ביי מיר אַ טאַפּ געטאָן אין וואָגן וועגן דיר. איך רעכן, אַז גראָמניץ איז אַ סך בעסער ווי טלוסק. אַ גרעסערע שטאָט און אַ „קאַצענשפּרונג" פון לעמבערג; אַ תחום שבת. איך מיין, אַז דו דאַרפסט זיך נישט ישובן צופיל. דו מוזט פאַרשטיין, דער טאַטע זאָל לעבן, און מיר אַלע, קאָנען באַשטיין, אַז דו זאָלסט זיך דאָ אַרומדרייען אַזוי־אָ, ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר. אָבער פונדעסטוועגן איז נישט רעכט... סוף כל סוף דאָס גראָמניצער רבנות איז אַ כבוד פאַר דיר און אַ כבוד פאַר אונז אַלע.

אין שלום יוספס צורעדן ר' שמריהן אָנצונעמען אַ רבנות איז געווען אַ באַהאַלטענער מיין. ער האָט השק געהאַט פּטור צו ווערן פון דעם שוואָגער, דעם בטלן־כניאָק, וואָס שטעלט זיך קעגן דער בערזע און קעגן דער „וועלט". אים, שלום יוספן, איז גראָד נישט געגאַנגען אין פאַרכאַפּן די גאַנצע ירושה.

גיין, דאָס נישט. וואָרום וואָס איז ער, וואָס? אַ בייגעלבאַקער? אַ נחות־דרגא, אַ הפקר־יונגאַטש?!

אָבער ווערן דער גאַנצער דעה־זאָגער און איינצופירן נייע פאַראָנדקעס — דאָס האָט זיך אים יאָ געגלוסט. דער טאַטע־זאָל־לעבן, ר' מרדכי לייב, איז אַ ייד פון דער אַלטער וועלט, פאַרשטייט נישט די נייע צייט, די נייע „קאָניונקטורן". און דער שוואָגער, שמריה, איז שוין גאָר אַ לא־יוצלח, און מען באַדאַרף אים האַלטן אין די הענט; מ'טאָר אים נישט צולאָזן צו דער מינדסטער זאַך. אַ רב — דאָס יאָ, דאָס מעג ער זיין; פסקענען שאלות, זוכן אַ נאָדל אין פופיק, אַ סרכא אויף דער לונג, זאָגן אַ דרשה שבת־שובה, שבת־הגדול, און קוועטשן די באַנק...

און שלום יוסף האָט שוין נישט אָפגעלאָזט. ער האָט גענומען באַאַרבעטן דעם שוואָגער אויף אַלע זייטן. געלאָסן און „אָן אויפרעגונג", ווי זיין שטייגער איז.

אויך די געפיעשטשעטע פּערלע, די שוועגערין, האָט אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט:

— אַ כרך, לעמבערג, איז עפּעס אַנדערש, שוואָגער. דאָס איז אַ פּלאַץ פאַר די קינדער. לוי און אסתר וועלן דאָרטן זיין; אַהין קומען לערנען, און... ס'איז גאָר עפּעס אַנדערש...

— און פון גראָמניץ, ווו דו וועסט אָננעמען דאָס רבנות, קיין לעמבערג, איז דאָך אַ „קאַצענשפּרונג", אַ תחום־שבת — האָט שלום יוסף ווידער געקי־רעוועט דעם שמועס לויט אים איז געווען באַקוועם — דו, שמריה, וועסט זיין גראָמניצער רב! דו דאַרפסט אַ טועביץ! וואָס דען? אַזוי־אָ? ס'איז נישט קיין עסק און נישט קיין דרך. דערצו היינטיקע צייטן, ווען מיט יידן איז נישט אַזוי פוי־גלדיק. מען דאַרף, מען דאַרף מעשים.

— הא? — האָט ר' שמריה אַ זיפץ געטאָן — טאַקע?

ער האָט געצויגן דעם שפּיץ פון דער באָרד, און איבערגעחזרט ווי פאַר זיך:

— נו, יאָ, אַ טועביץ...

ס'איז געמאָלט, האָט ער געטראַכט, אַז דער שוואָגער זיינער איז פאָרט גערעכט: היינטיקע צייטן טאָר אפשר אַזאַ ייד, ווי ער, נישט זיצן אַן אָפּגעזונ־דערטער, אַ פאַרשלאָסענער; טאָר נישט זיין סתם אַ נאה דורש, שרייבן גלאַט ספרים און, ביני לביני, זיך אַרויסדרייען פון שווערע התחייבותן. אַזאַ ייד ווי ער, דאַרף זיין אַ נאה מקיים — מיט מעשים, ממשותדיקע, וואָס האָבן אַ האַפט.

פון וואַנען, אָבער, איז גערדונגען, אַז ממשות מיינט בלויז רבנות, ווי זיין שוואָגער טענהט איצט מיט אים איין? ממשותדיק קאָן דאָך גאָר זיין טרעגעריי, למשל, אויב מען קאָן?! אי, אי. ווען ער, ר' שמריה, האָט אַזעלכע הענט און פּלייצעס, ווי ר' גאָדל טרעגער האָט, וואָלט ער שוין געטראָגן די אמתע משא: די גאַנצע משא פון ביטערן גלות און די גרויסע פּיין!

נאָר צוריקגעשמועסט, און אַז אַ ייד האָט נישט קיין ברייטע פּלייצעס און נישט קיין גרויסע ידיים, דאַרף אויפהייבן די משא מיט די אָ הענט, וואָס מען האָט, און מען דאַרף די לאַסט טראָגן אויף די־אָ פּלייצעס וואָס מען פאַרמאָגט?

אָבער איין זאַך איז ביטער: ער, ר' שמריה, האָט שוין פון לאַנג דערפילט, אַז יעדע טועביץ דאָ־אָ, אין גלות, יעדע המצאה איז נעבעך אַרויסגעוואָרפן, און אומזיסט. ס'האָט נישט קיין האַפט, קיין קיום, מחמת עס האָט נישט קיין יסוד. מיט יעדן טאָג, וואָס גייט אַוועק, זעט ער עס קלאָרער; און מיט יעדער נאַכט, וואָס נידערט אַראָפּ, פילט ער בחוש, אַז אַ בייזער געוויטער רוקט זיך אָן...

אם כן, וואָס זשע פאָרט? נעמען די־אָ הענט, די־אָ פּלייצעס און דוחק זיין דעם קץ? דאָס וואָלט דאָך מיינען נאָכטאָן זיין ייִנגסטן שוואָגער דודן, וואָס איז אַוועק קיין ארץ־ישראל און פראַוועט דאָרט פויערישע שטיק. דאָס הייסט דאָך אויך נאָכטאָן זיין אייגענעם זון, לוין, וואָס רייסט זיך אַהין; נאָכטאָן די אַלע יונגעלייט און מיידלעך, וואָס ווילן ברענגען די גאולה מיט געוואַלט, און לויפן איר אַנטקעגן מיט אַ טענצל, מיט בלויזע קעפּ און מיט באָרוועסע פיס...

פאַר דעם געדאַנק האָט ר' שמריה מורא געהאַט. ער האָט זיך פֿון אים געווערט.

נאָר באַהאַלטן זיך מיט די מחשבות קאָן ער נישט מער. נאָך מנחה־מעריב, ווען ער וועט זען ר' גאָדל טרעגער, וועט ער פאַר אים עפענען דאָס מויל, און זאָל יענער איינמאָל פאַר אַלע מאָל פּסקענען!

— נו, יאָ, אַ טועבֿין — האָט ער זיך אויפגעהויבן פון שטול און גענומען קרייזלען אַ פּאה — ס'עט שוין, אם ירצה השם, זיין רעכט...

— איז וואָס זשע? — האָט שלום יוסף געוואָלט וויסן — היוצא לנו מדברינו?

— ווילסט וויסן — האָט ר' שמריה ווי פאַרגלייזט די אויגן — ס'איז געמאָלט, אַז איך וועל נעמען אַ זאַק אויף די פּלייצעס און אַ סוף...

— שמריה! — האָט שלום יוסף אַ מבולבלער צענומען די הענט — איך פאַרשטיי דיך נישט! רעדסט אין רמזים... ווער „זאַק", וואָס „זאַק"?!

— ס'וועט קומען די צייט, וועסטו זען...

— וואָס וועל איך זען, שמריה, וואָס?

אָן אומרו האָט איצט אַרויסגעקוקט פון שוואַגער שלום יוספס בליק. גלייך ווי אַן אומגעריכטע, אומגעוויינלעכע געשעעניש וואָלט אָט שוין, אין דער מינוט זיך אָפּגעשפּילט פאַר אים. קומט אַן איבערקערעניש? וואָס באַדייט דאָס?

נאָר ר' שמריה האָט שוין מער גאָרנישט געזאָגט. ר'האָט אַ הויב געטאָן די פאַנטאָפּל און איז אַרויס.

דער שמועס מיטן שוואָגער האָט ר' שמריהן שטאַרק צערודערט, און ער האָט נישט געקאָנט זיך באַרואיקן. אַרויפגעקומען צו זיך אין שטוב אַריין, האָט אַ מאָדנע שרעק אים נאָכגעיאָגט. הייסט עס, אַז ווינטן, בורעס, האָבן כסדר געוואָיעט אַרום אים, געריסן דעם גאַנצן בנין, און ער האָט נישט געוווסט, און איצט, אַז די ווענט זענען שוין אָפענע, דער דאַך איז אָפן, און ס'טוט זיך הושך — ערשט איצט האָט ער זיך אַרומגעזען, ווו עס האַלט.

אין זיין פאַרלאָרנקייט האָט ער מיטאמאָל אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען פון חדר־צו חדר און רופן הוסטענדיק:

— מאַטל! מאַטל! אוי מאַטל!

זייער זעלטן אַז ר'' שמריה זאָל אַזוי אַרומזוכן זיין ווייב, סיידן ווען ער פאַלט אַמאָל איין. אַזוי־אָ האָט ער געשטורעמט נאָך זיין מאַטלען, ווען ער האָט לעצטן ווינטער זיך איינגעשניטן אַ פינגער מיט פאַרזשאַווערטער קלינג. איצט איז עס נישט קיין פינגער — איצט פילט ער שניטן איבערן גאַנצן לייב. דאָס נפש איז איינגעשניטן, ס'יידישע נפש, און ווייטיקן האָבן אים אַרומגעכאַפּט.

— מאַטל! אוי, קום נאָר אַהער!

פון די געעפנטע טירן האָט אים אַנטקעגנגעוויעט אַ ליידיקייט. קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן, קיינער האָט אים נישט געהערט.

אַ פאַרלוירענער איז ער געבליבן שטיין אויף אַ שוועל און געמורמלט פאַר זיך:

— מאַטל! אוי, מאַטל, ווו ביסטו, ווו? וווהין ביסטו ערגעץ נעלם געוואָרן אין מיטן דרינען? און וואָס טוט זיך מיט דיר וואָס?

פון אונטן האָט זיך דערהערט אַ געקלימפּער, בייזע קלאַנגען פון אַ פאָרטעפּיאַן, וואָס האָבן זיך געריסן אַרויף, ווי זיי וואָלטן וועלן דורכבויערן די סטעליע און ענטפערן אויף דעם פאַרלוירענעם געשריי... דאָס האָט אסתר, די טאָכטער, געשפּילט. און אויסגעהאַמערט איר אייגענע באַדרענגעניש אויף דער פּיאַנאָ מיט אירע אומזיכערע הענט...

ר' שמריה האָט זיך אַ ווײלע איינגעהערט, ווי צו אַ תשובה, וואָס ער זוכט, פאַרגלייזט די אויגן און צענומען די הענט... האַ? דאָס־אָ איז עס? האַ? ער שרייט, אַ פּחד שניידט אים ס'אינגעווייד, און אים ענטפערט אַ כלי, צימבעלט און צימבעלט, און לעבערט דורך...

ר'האָט זיך דערמאָנט און ווידער געמורמלט ווי פאַר זיך:

— מאַטל, מאַטל, וווהין ביסטו נעלם געוואָרן? וואָס טוט זיך דאָ?

קאַפּיטל 10

# „די גרינע קרעטשמע“

איגנאַץ איז באַצייטנס אָנגעקומען קיין שטעפּאַניווקע, כדי צו באַגעגענען מאָטל ברוידעס אין דער „גרינער קרעטשמע“ ביים ראַנד פון וואלד. ער איז ארויסגעפאָרן פון טאַרנאָפּאָל גאַנץ פרי, באלד מיטן ערשטן צוג. ראשית, האָט ער נישט געוואָלט אז א דאַמע זאָל ווארטן אויף אים און זיך פילן אומבאַקוועם. והשנית, איז ער אין דער קרעטשמע א היימישער מענטש, און ער קאָן אראנזשירן דעם ראנדעוווּ אזוי, אז עס זאָל זיך נישט ווארפן אין אויג. פּשוט: ס'אַ געשעפטלעכע באַגעגעניש. ער, לאַנדע, דער אַדוואָקאַט פון באַראָן דע סטעפּאַנאָוו, איז געקומען אין הויף אריין וועגן א דרינגנדער זאך. און אזוי אויך די דאמע, אויף וועלכע ער ווארט. זי דארף דאָרטן דערליידיקן א געוויסן ענין דורך אים. אַ סימן — אויך מיט א צייט צוריק איז זי דאָ געווען...

די מעלה פון דער „גרינער קרעטשמע“ איז, וואָס א פּאָליאַק האַלט זי און נישט קיין ייד... א יידישער קרעטשמער — האָט לאַנדע געטראַכט — דער עיקר א יידישע קרעטשמערקע, וואָלט שוין אריינגעשטעקט די נאָז...

ביז ערשט נישט לאַנג האָט די קרעטשמע געהאַלטן חיים=ברוך דער געלער פון מיקיליניץ. יאָרנלאַנג איז ער דאָ געזעסן, דער חיים=ברוך, מיט זיין סטיסיען, זיין ברייטע יידענע. אָבער די פּויערים, מיט וועלכע ער האָט דווקא געוואָלט לעבן בשלום, האָבן אים אָנגעהויבן דערגיין די יאָרן און רודפן. צוערשט האָט מען אים אָנגעהויבן באַגנבענען און דערנאָך אויסשלאָגן די שויבן און אפילו געפּרוווט אונטערצינדן די שטאַל דערנאָך האָט מען אויפגעהערט צו באַצאָלן די חובות, און מען האָט שוין אין איין וועגס גענומען ברעכן טיש=און=בענק. נו: זיי ווילן נישט מער קיין יידן צווישן זיך. נישטאָ קיין פּלאַץ פאר א זשיד ביים גוי'אישן וואלד, אויפן טראַקט. לסוף האָבן עטלעכע שקצים אים, חיים ברוכן, פאַרשלעפּט טיף אין אַ יאַר אַריין, צווישן גריבער און ליים, און אים אזוי צעממית'ט, אַז מ'האָט אים געמוזט אָוועקפירן אין שפּיטאָל אַריין. פון שפּיטאָל האָט חיים ברוך זיך שוין מער נישט אומגעקערט צוריק אין קרעטשמע אַריין.

אַדוואָקאַט לאַנדע האָט זייער באַדויערט דעם „פאַל“. ר'האָט אפילו אונטערגעזיפּצט. נו, יאָ, מען דערקוטשעט דעם יידן; מ'מאַכט אים ענג דאָס לעבן; מען לעשט אים אויס ווי א דינעם קנויט. ס'איז שווער, פּיינלעך און ברוטאַל. פון דער אַנדערער זייט אָבער, איז דאָ אַ „פּראָצעס“. דאָס זיינען די ערשטע געבורטס=ווייען פון א סאָציאַל=עקאָנאָמישער ענדערונג, אן איבערקערעניש, וואָס רוקט זיך אָן אויפן לאַנד. און דער ייד, וואָס שטייט אין וועג פון דער ענדערונג, ווערט אָוועקגעשווענקט ווי פון צעבושעוועטע כוואַליעס, וואָס רייסן זיך אריבערן ברעג...

א סאָציאַליסט — א „פּוילישער“ סאָציאַליסט — האָט לאַנדע זיך געמיט צו קוקן אויף דעם „ענין=חיים=ברוך“ ווי אויף אנדערע אזעלכע „פאַלן“, וואָס שפּילן זיך לעצטנס אָפּ. און די שאלות, וואָס האָבן אים אָפט גענאָגט, האָט ער פאַרענטפערט קורץ און קלאָר: „ס'אַ פּראָצעס“...

ווען ער קומט איצט אין דער גרינער קרעטשמע אריין, דאכט זיך אים,

אַז חיים=ברוך'ס שאָטן יאָגט אים דאָ נאָך, און אַז ער הערט שטילע זיפצן פון די ווינקלען, פון די קאַמערן און פון די הילצערנע בעלקעס אפיר...

נאָך די בלויע אויגן פון דער פּוילישער קרעטשמערקע — פון דער הויכער, בלאָנדער, ברייטביינערדיקער וואַנדאַ — פאַרטרייבן פון אים דעם אומעט און לויטערן אים אויס.

מיט דער פּאַני וואַנדאַ איז איגנאַץ לאַנדע גוט=פריינט. זי גיט אים אָפּ דעם ציכטיקסטן אלקער, ווען ער קומט אין קרעטשמע אריין, און זי באַדינט אים אַליין.

דעם מאַן אירן, סטאַך קרוליצקין, מיידט ער אויס, עפּעס געטרויעט ער נישט זיינע ארויפגעדרייטע וואָנסעס און די שפּיציקע, גרויע קליינע אייגעלעך. דער דאַזיקער סטאַך האָט ליב אונטערצוווארפן א וואָרט וועגן „רעלי= גיע", וועגן דער „אויטשיזנע", פּאָטערלאַנד הייסט עס, און וועגן די שדים די „אַלט=גלויביקע באַלשעוויקעס", וואָס גראָבן און גראָבן און ווערן נישט מיד. סטאַך האָט אָבער אויך א מעלה: על פּי רוב זיצט ער צוזאמען מיט זיינע קונדן ביים קרעטשמע=טיש, זשליאָקעט און זויפט, זינגט און פארסלינעט זיך מיט א כליפּעריי... ווען ער איז ניכטער, יאָגט ער זיך ארום מיט א ביקס איבערן וואלד, איבערן פעלד, שיסט האָזן און ווילדע גענז.

אויך היינט איז סטאַך נישט געווען אינדערהיים. נאָך גאַנץ=פרי איז ער אוועק אויף יאַגד. האָט איגנאַץ לאַנדע זיך געפילט פרייער — און אזוי אויך די קרעטשמערקע וואַנדאַ, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ארום אים.

וואנדא האָט געוווסט, אז דער פּאַן „מעצענאַס", איגנאַץ, דערוואַרט אַ ־צמע, וואָס דאַרף אים דאָ באַגעגענען. זי האָט אויך באַמערקט זיין אומרו און נערוועזיטעט. צוויי מאָל איז ער שוין צוגעגאַנגען צו דער באַן=סטאַנציע, אָפּ= געוואַרט די צוגן, וואָס שטעלן זיך דאָ אָפּ, און ביידע מאָל איז ער צוריקגעקומען אַליין. זי האָט זיך געמאַכט נישט ווויסנדיק און זיך נישט ארויסגעכאַפּט מיט קיין וואָרט. נישט איר עסק; זי מישט זיך נישט.

ערשט ווען זי איז אריין צו אים אין צימער און געפרעגט צי ער, דער פּאַן מעצענאַס, וואָלט וועלן עסן א „צווייטן פרישטיק", האָט זי זיך אַוועק= געשטעלט אנטקעגן אים, ביידע הענט ביי די באַקעס און אונטערגעלאָזט א וואָרט:

— דער פּאַן מעצענאַס איז אביסל „ניע ודוכו", נישט צו=גוט געשטימט...

זי האָט אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס — די גערדיכטע אַש= גרויע טשופּרינע, דעם ברייטן צעקאַרבטן שטערן, די קורצזיכטיקע, שוואַרצע אויגן הינטער די ביינהאָרנע ברילן, און זי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— מיר האָבן דאָסמאָל דעם יאַמייקע=קאָניאַק, וואָס דער פּאַן מעצענאַס האָט ליב... ס'איז גוט צו אזא מין לוינע...

— טאַקע? אזוי? — האָט ער א זופּ געטאָן מיט זיין אָדלער=נאָז, ווי ער וואָלט שוין אין זיך אריינגעצויגן דעם אראָמאַט פון שאַרפן און איידעלן גע= טראַנק — אזוי? דאַן... דאַן... אָוושעם! ביטע!

אין עטלעכע מינוט ארום האָט וואַנדאַ אריינגעבראַכט א גרויסע טאַץ: א טעלער מיט אָנגעשניטענער שינקע, רעפּטלעך קאַלבאַס, קוואַרגעל=קעז מיט „ווערימלעך", קוואַס=עפּלעך, קאָרן=ברויט, די פלאַש קאָניאַק און א פלעשל ביר:

— טאַק, אָט אַזוי, פּאַניע מעצענאַסיע — האָט זי אַ מאַך געטאָן — איצט וועט זי זיכער קומען די גוטע לוינע... פּראָשען, און כ'ווינטש א גוטן אַפּעטיט...

— וועט אפשר פּאַני וואַנדאַ נעמען א גלעזעלע מיט מיר? — האָט ער אויף איר אָנגעשטעלט זיינע קורצזיכטיקע אויגן — פאַר גוטער קאָמפּאַניע...

— אויב כ'על שיכור ווערן און אָפּטאָן „זביטקעס", וועט דער פּאַן מע= צענאַס, ווי אַ גרויסער אַדוואָקאַט, מיך דאַרפן פאַרטיידיקן.

— אָ, אָ, איך וועל די פּאַני וואַנדאַ נעמען אונטער מיין שוץ.

— טאַקע?

— אפילו שוין... — האָט ער פאַרזשמורעט זייגע אויגן הינטער די שווע־רע ברילן — אפילו אָט שוין...

— מירן זען, פּאַניע מעצענאַסיע, — האָט זי זיך אָנגענומען פאַר די באַ־קעם — דערווייל מוז איך אַריינלויפן אין קרעטשמע אריין. קיינער איז נישטאָ ביים שענק־טיש. אויף די שווייגען דאָרט קען מען זיך נישט פאַרלאָזן... און זיי קוקן מיר נאָך...

איז עס יאָ אָן אָנצוהערעניש אָדער נישט? ער, איגנאַץ לאַנדע, האָט נישט געכאַפּט געגוי וואָס די פּאָליאַטשקע מיינט. און ווער זענען דאָס די שווייגען, וואָס קוקן איר נאָך? און וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט אים?

א רעטעניש. און ווייל אזוי — האָט ער, פון אביסל צערודערטקייט, גע־נומען נאָך א גלעזעלע קאָניאַק און פאַרביסן מיט א שטיקל קווארגל־קעז. דער אַפּעטיט איז געשטיגן און ער האָט זיך גענומען צום קאָלבאַס און קאָרענעם ברויט.

מיטאַמאָל האָט פאַר דער קרעטשמע זיך דערהערט א גלעקער־געקלאַנג פון א פיאַקער, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אין פראָנט.

אדוואָקאַט לאַנדע האָט זיך א הויב געטאָן פון בענקל, צוגעלאָפן צום פענסטער און אָנגעקלעפּט די נאָז אין א שויב.

— זי! — האָט ער אויסגערופן, קייענדיק אויף ביידע באַקן. — מאַטיל־דא איז געקומען.

א צערודערטער און א פאַרחידושטער, האָט ער זיך געלאָזט צו דער טיר. אויף דער שוועל האָט ער זיך באַרעכנט און אָפּגעשטעלט, כדי נישט ארויס־צורופן צופיל חשד און כדי נישט אויסצוזען אין וואַנדאַ דער קרעטשמערקעס אויגן נאַריש און לעכערלעך. ר'האָט אָנגענומען א סטאַטעטשנע מינע און איז צוגעגאַנגען צום טיש.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך דערהערט א לייכטער קלאַפּ אין טיר.

— פּראָשען, ביטע! — האָט ער אויסגערופן — מען קאָן אַריינקומען.

די טיר האָט זיך געעפנט, און עס האָט זיך באַוויזן צוערשט די קרעטשמ־מערקע און גלייך הינטער איר — מאַטל ברוידעס, אין א קאַראַקולענעם מאַנטל מיט א ברייטן סויבעל־קאָלנער, אין א סויבעל־היטעלע אויפן קאָפּ און מיט א קליינעם רענצעלע אין האַנט.

—אָט דאָ — האָט וואַנדאַ אָנגעוויזן — איז דער פּאַן מעצענאַס.

— אָ, לאַסקאַווא פּאַני! לייטזעליקע פרוי! — האָט אַדוואָקאַט לאַנדע אויס־גערופן און זיך פאַרנייגט פאַר מאַטלען — וויטאַמי! מיר באַגריסן! זאָל די פּאַני אַריינקומען.

— דזיען דאָברי, א גוט־מאָרגן — האָט מאַטל געשטאַמלט — און א דאַנק...

זייער קונציק האָט וואַנדאַ, די קרעטשמערקע, זיך אָפּגעטראָגן און געלאָזט די געסט אליין.

— מאַטילדא! — האָט לאַנדע ערשט איצט זיך צוגעלאָזט צו איר — פּאָרט. דאָך. און איך האָב שוין איבערגעקלערט!

ר'האָט אָנגענומען איר האַנט און דורך דער הענטשקע זי לאַנג געקושט.

— איגנאַץ, — האָט זי געשעפּטשעט — איגנאַץ...

ז'האָט פאַרהויבן דעם טיול־שלייער פון איבערן פּנים און אָפּגעזיפצט:

— כ'בין צופרידן וואָס כ'בין דאָ. כ'האָב געהאַט א שטערונג. כ'האָב זיך שיער נישט אומגעקערט.

וואָס איז געשען?

בשעת ער האָט איר געהאָלפן אויסטאָן דעם פוטער־מאַנטל און זי צוגע־פירט צום טיש, האָט זי דערציילט:

— איך גיי אריין אין צוג, און ווער, מיינסטו, זיצט אין וואַגאָן צווייטע קלאַס? דער יאַנעווקער רב מיט זיין רביצין, מיט זייער בחור'ל און טעכטערל.

— גאָר אזוי? — האָט איגנאַץ געלאכט — באַ=כאַ! דער רב מיט דער רביצין. אויסגערעכנט!

— נו, יאָ, זיי האָבן זיך גאָר דערפרייט מיט מיר, גאָר דערקוועטשט — האָט מאַטל ווייטער דערציילט — „אי, אי, זעט נאָר ווער ס'איז דאָ! אזא טייערע פּאַסאַזשירקע. ע'מיר שוין האָבן א פיינע יאַזדע“. אזוי געבעבעט האָט זי, די רביצין. און ר' אַנטשעלע, דער רב, האָט געגלעט דאָס בערדעלע און געשמוכעניעט מיט דער נאָז. און איך, מאָל דיר, זיץ ווי אויף געגליטע קוילן. פּונקט איצט פעלן זיי מיר אויס ווי א לאָך אין ספּאָדיק! האָב איך פארכאַפּט די פיש פאר די נעץ און געפרעגט וווהין זיי פאָרן. ענטפערט מיר די רביצין, אז קיין מיקוליניץ, אירע א קרובה מאַכט חתונה אַ טאָכטער. „מזל טוב“, זאָג איך זיי, „אם ירצה השם ביי אייער זיסעלען און אייער יאָסעלען.“ און כדי צו מאַכן קורץ און שאַרף, זאָג איך זיי, אז איך פאָר קיין טרעביוולע צו'ן ברית. אויב אזוי, גיט מיר די רביצין אויך אָפּ מזל=טוב און צעקושט זיך מיט מיר.

— כאַ=כאַ=כאַ! קאָמיש! אַ ברית! — לאַכט איגנאַץ — ווונדערבאַר!

— וואָס דען? כ'על דאָך נישט גיין אָפּשטייגן אויף א דאָרף=סטאַנציע אין מיטן פעלד, ווען זיי זענען דאָ אין וואגאָן. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין טרעביוולע, בין איך ארויס פון צוג און באַלד געדונגען א פיאַקער ביז אהער.

— אויסגעצייכנט ! — האָט איגנאַץ זי קאָמפּלימענטירט — א גוטער איינפאל. אָפּגעשפּילט דעם רב מיט דער רביצין א חתונה מיט א ברית.

א ווײַלע האָבן זיי ביידע געשוויגן, ביז אדוואָקאַט לאַנדע האָט זיך געכאַפּט:

— דו מוזט אודאי זיין הונגעריק, מאַטילדע.

— ניין, איגנאַץ, — האָט זי געענטפערט, ווארפנדיק א בליק אויף די טעלערס מיט טרפה עסנווארג, — א שיינעם דאַנק...

— אַך, יאָ, אַנטשולדיק! — האָט ער זיך אָנגעשטויסן — דו האַלטסט נאָך אלץ פון די כשרה „זאַבאָבאָנעס“. נו, קאָנסט דאָך אויסקלייבן פון די זאַכן, וואָס דו מעגסט עסן. אָדער זאָג מיר וואָס דו ווילסט, און די קרעטשמערקע וועט אריינברענגען.

— מען דארף נישט, ניין. כ'וועל שוין עפּעס געפינען — האָט זי זיך צוגערוקט צום טיש — כ'זע ברויט, קאָנפיטור, אויבס...

— און צוערשט אַ שנעפּסעלע, יאָ? — האָט ער געפרעגט — איך דערקען, אז ס'איז דיר קיל. ציטערסט אַביסל, מאַטילדע. אַ „לחיים“ וועט דיר גוט טאָן און וועסט זיך בארואיקן.

ר'האָט אָנגעגאָסן צוויי קעלישעקלעך קאָניאַק, איינס פאר מאַטלען און איינס פאר זיך:

—פאר דיין געזונט, מאַטילדע, און פאר דיין גליק !

— און אויך פאר דיינעם איגנאַץ!

זי האָט אויסגעטרונקן, צוגעביסן, א ביסקוויט, און לאַנדע האָט איר אונטערגערוקט נאָך א גלעזעלע.

— מאַטילדע, דו ווייסט, איך בין זייער געשפּאַנט. איך בין פּאַראינטריגירט. פון זינט שבת=צונאַכטס, ווען דו האָסט מיר טעלעפאָנירט און געבעטן קומען אהער, האָב איך כלערליי זאַכן איבערגעקלערט.

— איך האָב דיך גערופן, ווייל איך האָב דיך געוואָלט זען.

— אַ דאַנק, מאַטילדע,— האָט ער זי אָפּגעמאָסטן מיט אַ צעצונדענעם בליק — אַ דאַנק...

— און צווייטנס, — האָט זי ווייטער גערעדט מיט אַ שטילן זיפץ — וויל איך, אַז דו זאָלסט מיר זאָגן אויפריכטיק, צי דאַרף מען אַלץ אויפגעבן און זיך אָפּטראָגן פון פּוילן. ביסט דאָך עפּעס אַ פּאָליטיקער. האָסט דאָך באַציאונגען מיט דעפּוטאַטן פון סיים, פון סענאַט... דער טאַטע איז געפאָרן קיין ווין, צום רבין. איך האָב אַ באַדאַכט, אַז ער איז געפאָרן וועגן ווילכעוועער גוט; און דריטנס....

— און דריטנס? — האָט ער געשמייכלט — לאָמיך הערן! אויב איך בין אַן אַליין ווייסער, וועל איך דיר זאָגן.

— איך וויל, איגנאַץ, זאָלסט מיר העלפן פאַרמיידן אַ טראַגעדיע, אַן אומגליק מיט מיין זון, מיט מיין לוין.

איגנאַץ, וואָס האָט געוווּסט די גאַנצע מעשה, האָט אויסגעבאָפּט:

— איז ער נאָך אַלץ פאַרליבט אין דעם שוסטערס טאָכטער? אַ „רויטע", אַ־יאָ?

— אַ גאָלד־בלאָנדע. אָבער איך קען דאָך מיין טאַטן, ער וועט נישט לאָזן; אויז שמריה אויך נישט. און לוי וועט אַוועק פון אונז.

— און דו, מאַטילדע, ביסט יאָ דערפאַר? האָסט גאָרנישט דאַקעגן?

— איך וויל נישט, אַז עס זאָל מיט מיין זון געשען דאָס, וואָס עס איז מיט מיר געשען! איך וויל נישט! איך וויל נישט! איך האָב נישט קיין כוח! וויפיל לעבנס פאַרמאָגט דען אַ מענטש, אַז ער זאָל זיך קאָנען וואַרפן מיט זיי? וויפיל לעבנס פאַרמאָגט דען אַ מענטש, אַז ער זאָל זיך אונטערגעבן צו יענעמס שוואַכקייטן און קאַפּריזן, און שטעלן די אייגענע יאָרן־טעג אין קאָן און אָפּפינסטערן און... און... איגנאַץ!?

איגנאַץ לאַנדע האָט געפילט, אַז דאָס קלאָגט זי איצט נישט אויף דעם זונס דאָליע, נאָר אויף איר אייגענער; און אים איז געוואָרן באַנג אויף זיין געמיט. אין דיווינקלען פון זיינע אויגן איז אים געוואָרן פייכט. אַ כליפּ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין קעל. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ בויג געטאָן איבער מאַטלען און פאַרוואָרפן זיינע צוויי פעסטע אָרעמס אַרום איר. אַ ווײַלע האָט מאַטל זיך געטוליעט צו אים ווי אַ פאַרטאַיעטע. דערנאָך האָט זי זיך ווי דער־מאָנט און זיך געווערט קעגן אים:

— איך בעט דיך, איגנאַץ. איך... מען דאַרף עס נישט... איגנאַץ, מיינע באַבעס און מיינע זיידעס שפּייען מיר פאַר די אויגן... איגנאַץ!...

ער האָט נישט געהערט. ער האָט געקושט אירע אויגן, זיך איינגעזויגן אין אירע ליפּן און געאָטעמט שווער, ווי ער וואָלט זיך וועלן באַפרייען פון אַן אָנגעזאַמלטן לאַסט.

— ניין, איגנאַץ, — איז זי אויפגעשפּרונגען — ביי מיר אין האַרץ איז שוין הארבסט... און... מען דאַרף נישט...

ווידער האָט ער זי אַרומגענומען און געטוליעט צו זיך:

— מאַטילדע! וועלן מיר אַזוי אַוועקגיין פון דער וועלט ווייטע, כאָטש מיר שטייען אַזוי נאָנט?

— אפשר איז אַזוי באַשערט — האָט זי געבליפּעט — אפשר גלייבער אַזוי...

— ניין, איך נעם נישט אָן דעם גורל — האָט ער פּראָטעסטירט — ניין!

אינדרויסן האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ קנאַל פון אַ ביקס. דאָס האָט סטאַך קרוליצקי, דער פּוילישער קרעטשמער זיך אומגעקערט פון דער יאַגד און ער האָט אויסגעפּרובירט זיינע כוחות אויפן הויף.

לאַנדע איז געקומען צו זיך און זיך אָפּגערוקט פון מאַטלען אויף עט־לעכע טריט. אָבער זי איז נאָך אַלץ געזעסן אַ פאַרטאַיעטע, געהעשעט און געשעפּטשעט ווי פאַר זיך:

— עס איז אַזוי באַשערט און עס איז גלייבער אַזוי... נאָר אַזוי...

קאַפּיטל 11

# „אַן אַלטע געשיכטע“

עס איז אַן אַלטע געשיכטע, וואָס פאַר מאַטלען בלייבט זי „תמיד נײַ“, און אין איר האַרץ אייטערט כסדר אַ וווּנד.

נאָך אַלס יונג מיידל — כמעט אַ קינד — האָט זי זיך פאַרליבט אין איגנאַץ לאַנדען, און ער האָט זיך באַזעצט אין איר טרוים, און ביז אויפן הײַנטיקן טאָג...

איגנאַץ לאַנדע — איציק מאָטיעס — איז אַ יאַנעווקער, פּונקט ווי זי. און מאַטל האָט אים געזען וואַקסן פון אַ סטודענטל צו אַן „אַקאַדעמיקער“ און פון אַן „אַקאַדעמיקער“ ביז אויף אַ יוריסט. זי האָט אין אים געזען אַלע מעלות, און איר האַרץ האָט געפלאַטערט מיט יונגן אומרו און בענקשאַפט צו אים.

און די גליקזעליקייט איז דאָך געווען אַזוי נאָענט, ממש אָנצוכאַפּן מיט דער האַנט. וואָרום ער, איגנאַץ, האָט איר צוריקגעצאָלט מיט „שטודענטישער“ ליבע און האָט געחלשט נאָך אירע טריט. ער האָט מאַטלען געזען אויסוואַקסן פון אַ קינד צו אַ מיידל און פון אַ מיידל, צו אַ „פריילין“, וואָס בליט און גליט...

אָבער ווײַזט אויס, אַז עס איז „אויבן“ נישט אָנגעצייכנט — אין אונדזן נישט באַשערט. און „אויבן“ האָט מען אפנים אָנגעצייכנט, אַז איר טאַטע, ר׳ מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט, זאָל אונטן זיך אַנטקעגנשטעלן און זאָגן „ניין“.

און פאַרוואָס עפּעס „ניין“? איז די מעשה אַזאַ: איגנאַץ, דער געליבטער איז אַ זון פון מאָטיע לאַנדע, וואָס רופט זיך שוין „מאַרקוס“ און איז אַן אַפּליקאַנט, אַ דאָקומענטן־שרײַבער אין געריכט. און דער־אָ מאָטיע־מאַרקוס איז אַ מחלל־שבת, איז אַ גלוה און דערצו אַ לעקיש־אַ־נאַר. ס׳ווײַב זײַנס, וואָס הייסט „גוסטאַ“ קאָכט אום שבת און איז אַ פלאַפּלערקע, אַ רכילותניצע, וואָס בעבעט שוין אויף פּויליש, אויף וואָס די וועלט שטייט. און ווער זײַנען זיי? מאָטיע־מאַרקוס, דער אַפּליקאַנט, איז בסך־הכל זלמן אָקסן טרייבערס בן־זקונים; און די גוסטאַ מיטן פּוילישן פּיסק איז הערשעלע קאָניעוואָדניקס טאָכטער — דער שיינער הערשעלע, אויף וועמען מען זאָגט, אַז יינגערהייט פלעגט ער קאָנען אַוועקטראָגן פון יאַריד אַ פּאָר פערד אין אַ וועסטל־קעשענע און זיי זאָלן אַפילו קיין פּיפּס נישט טאָן.

— וואַזשנע מחותנים — האָט ר׳ מרדכי לייב אָפּגעפּסקנט — גיי מיט זיי צום טיש.

דאָס איז איינמאָל אַוועק. און אויף די טענות, אַז איגנאַץ אַליין, וואָס האָט געלערנט אין טאַרנאָפּאָל און אין קראָקע, וואַקסט אַן אַדוואָקאַט, אַ הריף, מיט וועמען עס וועט קלינגען גאַנץ גאַליציע, האָט ר׳ מרדכי לייב געענטפערט אַזוי:

—כ׳דאַרף דען אַן אַדוואָקאַט? אַז אַ ייד דאַרף, חלילה וחס, אַן אַדוואָקאַט קאָן ער אים דינגען, מאַכט נישט אויס, אַז עס איז אַפילו אַ גוי... אָבער איך דאַרף אַן איידעם אין הויז אַרײַן...

דאָס איז געווען אַ ביטערע אָנצוגעהערעניש, אַז איגנאַץ קאָן קוים „עברי“ אַז ער איז אַ גוי־גמור און הייבט נישט אָן קענען די שוואַרצע פּינטעלעך, די דריבנע אותיות.

קיין גרויסע גוזמא איז דאָס נישט געווען. וואָרום איגנאַץ לאַנדע האָט שוין אין זיינע גאָר יינגע יאָרן אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן אינטערעס פאַר ייִדן און ייִדישקייט; נאָך אין גימנאַזיע איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ קרייזל פון פּוילישע סאָציאַליסטן און ער האָט דערביי זיך אָנגעהויבן פירן ווי אַ „פּאָליאַק" מיט אַלע פּיטשעווקעס. אָנקומענדיק אין אוניווערזיטעט אין קראָקע, איז ער געוואָרן אַ נאָכפאָלגער פון דאַשינסקין און האָט פּאַראַדירט מיט דער רויטער פאָן.

יוגנט — וואָס זענען געווען ציוניסטן, האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין איגנאַצעס

יוגנט — וואָס זיינען געווען ציוניסטן, האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין איגנאַצעס מאָדנע גענג. זיי פלעגן זיך כסדר אַרומרייסן מיט אים, ווען מען האָט זיך אין די יום־טובדיקע טעג, אין וואַקאַציע־צייט, באַגעגנט אין דער היים.

איגנאַץ האָט אָפּט אויסגעמיטן די „כניאָקעס", די ישיבה־בחורים און האָט זיך געחברט מיט „ליאַכעס", מיט פּוילישע באַן־באַאַמטע, האָט מיט זיי געטרונקען ביר אין אַ שענק און, ווי אַ פּאָלנער „ליאַך", געזונגען זייערע לידער מיט זיי.

דער יינגער מאַטלען, ר' מרדכי לייבס טאָכטער, האָט דאָס דווקא אימפּאָנירט; אַז ער, איגנאַץ, איז דאָך גאָר אַנדערש ווי די איבעריקע, און מען דאַרף דאָס פאַרשטיין. און ווייל ער איז „אַנדערש", האָט זי זיך געצויגן צו אים. זיי האָבן זיך באַגעגנט אין באַהעלטענישן — אין וואַלד, אין גלחס גאָרטן הינטערן קלויסטער, ביי דער באַן־סטאַציע, אויפן צווינטער — און יעדע באַגעגעניש איז געווען אַ געשעעניש. און ווען ער איז געווען אין קראָקע, זיינען געפלויגן אָפּטע בריוו, פלאַמיקע און אויך סענטימענטאַלע, פול מיט בענקעניש.

קיינער האָט נישט געעפנט מאַטלס בריוו, אָבער אין הויז האָט מען געוווסט פון וועמען זיי קומען און מען האָט זיך משער געווען וואָס עס שטייט אין זיי.

אַ חוץ דער מוטער האָט קיינער נישט גערעדט צו איר וועגן דעם גאַנצן ענין, און קיינער האָט זיך דערווייל נישט געמישט. ר' מרדכי לייב, דער פאָטער, האָט געהאַלטן, אַז עס איז נאָך פריצייטיק, ער אַליין זאָל זאָגן מיטן האַרבן וואָרט, אַז עס מוז נעמען אַ סוף. ער האָט געוווסט און געפילט, אַז זיין טאָכטער וועט נישט ווידערשפּעניקן. ווען ער וועט קומען אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז ער האָט שוין פאַר איר געפונען דעם רעכטן זיווג, וועט זי אוודאי מסכים זיין.

קיין גרויסן טעות האָט ר' מרדכי לייב נישט געמאַכט. ווען ער איז אין אַ שיינעם זומער־טאָג, נאָך שבועות, צוריקגעקומען פון טשאָרטקאָוו, פון רבין און דערציילט, אַז ער האָט דאָרטן זיך באַגעגנט מיט ר' ישראל הערש ברוידעס פון רימינאָוו און מיט זיין זון שמריה, אַ בחור, אַ קאַרפּירער אתרוגל, האָט מאַטל באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט און זי האָט זיך פאַררויטלט, צעפלאַמט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— נו־אָ? וואָס־זשע שווייגסטו? — האָט דער פאָטער געפרעגט — ביזט אַ טובעת בלב? מאָנסט מיטן האַרץ? מהיכי תיתי... פיין... פיין... אם ירצה השם איף־די־וואָך, דינסטיק, וועלן די מחותנים קומען אויף „בעשוי". אַזאַ אַלטפרענקישער ייִד בין איך נישט, אַז איך זאָל דיר ברענגען אַ קאַץ אין אַ זאַק. איך קאָן דיר זאָגן פאָרויס, אַז עס איז דאָ וואָס צו זען און וואָס צו הערן. עס איז תורה און סחורה און געפּוצטע שטיוול. דער בחור האָט היתר הוראה פון יאַזליוויצער און פון סטריער רב און ער קען לשונות אויך. אויב דו ווילסט, איז ער אַ שטיקל היינט־וועלטיקער אויך, פון טאַטן זיינעם, פון ר' ישראל הערשן, איז דאָך אָפּגערעדט, אַז ער איז אַ בכבודיקער מחותן פאַר מיר. ראשית איז ער דעם תבואות־שורס אַן אייניקל; והשנית, האָט ער יהום עצמו און איז דערצו אַ שיינער באַלעבאָס. אַ שיינער גביר. נו, איז גרייט זיך, טאָכטער, צום „בעשוי", צום אָנקוקעניש.

יענע נאכט האט מאטל נישט צוגעמאכט קיין אויג. זי האט געפיבערט, זיך געווארפן אין אנגסט און בלערליי מחשבותן זיינען איר געקומען אין קאפ אריין. זי וועט נישט ווארטן אפילו קיין שעה און וועט באלד אנטלויפן פון דער היים! זי וועט לויפן וווהין די אויגן וועלן זי טראגן, און וועט לאזן וויסן איגנאצן, אז ער זאל איר אנטקעגנפארן, זי נעמען, באשיצן, און באהאלטן באר זיך. מ׳עט זי דאך נישט בינדן מיט שטריק, און מען וועט זי דאך נישט שלעפן ביי די צעפ. מיט געוואלט וועט מען זי נישט פארקנסן און מיט קיין בייזן וועט זי צו דער חופה נישט גיין...

נאר — נאר, אז דער באשטימטער טאג איז געקומען, איז פארט געווען דער „בעשוי״, און דערנאך איז געווען די חתונה און איגנאץ לאנדע איז געבליבן מיט א זייער הארצרייסנדיק־טרויעריקן בריוו אין קעשענע.

לכתחילה, ווען איגנאץ האט דערהערט, ווי עס האלט, האט ער גאר געפלאנט ארויסצורופן דעם רומענער „כניאק״ אויף א דועל, כדי אים אויסצוזעצן אן אויג, אפצושניידן די נאז און אים לערנען ווי צו קריכן אין א פרעמדן וויינגארטן אריין...

נאר דער פאטער זיינער, מאטיע־מארקוס, האט אים גערא־טן אפצוזיצן, צו פארגעסן, זיך אויסצולאכן פון דער גאנצער געשיכטע און אנשטאט דער חסידישער „יאלעווקע״, אויסצוקלויבן א מיידל, א צימעס, פון קראקעווער שניט.

איגנאץ האט געפאלגט בלויז איין העלפט פון זיין טאטנס עצה: ער האט מאטלען געלאזט צו רו. אבער קיין מיידל־צימעס האט ער נישט אויסגעקליבן, און איז פארבליבן א קאוואליער, א בחור ביז אויפן היינטיקן טאג.

מאטלען איז תמיד געווען וויל צו טראכטן, אז צוליב איר האט איגנאץ קיינמאל נישט חתונה געהאט. זי האט זיך געטרייסט מיטן געדאנק, אז ער האט זי נישט פארגעסן, אז ער טראגט די ליבע צו איר אין זיין הארץ. ווארום זי האט דאך אים פון זיך נישט ארויסגעריסן, און זי וועט אים נישט ארויסרייסן פון זיך ביזן סוף פון אירע טעג.

לצים, רכילותניקעס, האבן אפילו געטענהט, אז מיטן שכל און אויך פון דערפארונג איז איגנאץ דערגאנגען, אז צו בלייבן א בחור איז גארנישט אזא קללה ווי מען מיינט. ווער שמועסט נאך, אז מען איז אן אדוואקאט אין דער קרייז־שטאט טארנאפאל: מען קאן יעדעם יאר בייטן די שיינע פוילישע קעכינס, די קאנצעלאריע־מיידלעך און מען קאן זיך פיין ארומגארטלען מיטן געזעץ...

די דאזיקע לצים האבן אויך אויסגעבריעט, למאי איגנאץ, א כופר בעיקר, בייט נישט אויס דאס רענדל און קערט נישט איבער דעם פעלץ. אין רבונו של עולם, האבן זיי געטייטשט, גלויבט ער טאקע נישט, דער ימח־שמוניק, אבער דער יידישער פאטער אין הימל קומט אים פארט צו נוץ: קוים טשעפעט אים אן ערלית, ער זאל איר אנטאן דאס רינגל, האט ער א פארטיקן תירוץ באלד אויף דער האנט: „ווי קאן ער, ווי? ער איז דאך אן „איזראעליט״, א מענטש פון „משהס גלויבן״ — ווי זשע שיקט זיך אזא זאך? עס וועלן זיך דאך שפאלטן די הימלען און ס׳עט ווערן אין זיי א לאך״...

כאטש די אלע גערעדערייען און רכילותן זיינען דערגאנגען צו מאטלען, איז איר פונדעסטוועגן גרינגער געווען אויפן געמיט, צוליב לאנדעס בחורשאפט. און כאטש מיט דער צייט האט זי זיך צוגעוווינט צו איר מאן, צו שמריהן, האט אים געבוירן קינדער און האט אים נוהג־כבוד געווען, פלעגט זי דאך, פון צייט צו צייט, זיך טרעפן מיט איגנאצן.

קורצע, ניכטערע, און באטראכטע זיינען געווען די דאזיקע באגעגענישן, און מאטל האט קיינמאל נישט פארגעסן, אז זי איז אן אשת־איש, ר׳ שמריה ברודיעס ווייב, און אז זי איז א שטיקל צייט געווען פליסקער רביצין...

— אז דו קומסט שוין יא אמאל צו מיר, קומסטו ווי צו אן אדוואקאט — האט איגנאץ איר אפט פארגעוווארפן — רעדסט און רעדסט, אבער דעם תוך באהאלסטו פארט אין זיך. דו זיצסט ווי א קליענטקע אנטקעגן מיר און עס

טוילט אונז אפ א טיש, א גזעצ־בוך און א שטיק־פאפיר... איך טראכט, אז עס וואלט שוין בעסער געווען, ווען איך בין א מעדיצינער. די דיסטאנץ וואלט דאן אפשר קלענער געווען...

— וואלסט געהאט א געלעגנהייט מיך צו שניידן מיט א מעסער — האט מאטל געזיפצט — און אזוי שניידסטו מיך מיט רייד... פאלמעסט מיך...

„פאלמעסן“ — איגנאץ האט ליב געהאט צו הערן דעם דאזיקן זעלטענעם אויסדרוק פאלן פון איר מויל. עס האט אין אים געשטארקט זיין ערגייץ, זיין ווירדע, זיין מאנסבילישע פאראנטווארטלעכקייט...

זיצנדיק אצינד מיט מאטלען אין דער גרינער קרעטשמע, אין סטעפאניוווקע, וווהין זי האט אים ארויסגערופן טעלעפאניש, האט ער געווארט אויף דער רגע, ווען ער וועט דערהערן דאס דאזיקע ווארט. ער האט זיך, מיט כלערליי שטיקלעך, באמיט צו פראוואצירן דערצו.

אז איר איז איצט אנגעזאלצן — דאס האט ער געזען. נישט נאר האט זי דאגות וועגן איר זון, נאר זי איז אויך שטארק פארזארגט וועגן משפחה־גוט, מיט וועלכן עס האלט שמאל, ביי דער איצטיקער פאליטישער קאנסטעלאציע. און דאס איז פאר אים „שטאף“, אויף וואס ער האט שוין לאנג געווארט. און ווייל מאטל האט אים איצט אויך גאנץ איידל — ווי אלעמאל — אפגערוקט פון זיך און געגאסן קאלט וואסער אויף זיין צעהיצטן קאפ, האט ער אפגעבונדן די צונג:

— בא... נו... מערקווירדיק — האט ער א מאך געטאן — געשיכטע חזרט זיך פארט איבער, נאר אין א פארענדערטער פארם... מען זעט עס באשיינפערלעך... און משפחה־איינגעשאפטן גייען איבער פון דור צו דור... מערקווירדיק... די מאמע איז געווען פארליבט אין א סאציאליסט און זי האט חרטה געהאט... דער זון איז פארליבט אין א קאמוניסטקע און... זאל איך זיין א נביא? יא? דארפסט זיך נישט ערגערן, מאטל... און דארפסט נישט מורא האבן פאר דיין טאטן... דיין זון וועט אויך חרטה האבן אויפן שידוך... ער וועט זי לאזן שטיין.. און דאס וועט לייזן דאס פראבלעם... און... צוריקגעשמועסט, אין דעם פאל איז גאנץ מעגלעך, אז זי זאל א י ם לאזן שטיין.... זי איז א רויטע, א־יא? איז וואס נאך ווילסטו?

— איך וויל, אז מיין קינד זאל גליקלעך זיין — האט זי געשטאמלט — וואס דען אנדערש קאן איך וועלן?

— גליק... בא... בע... — האט ער א קנייטש געטאן — ווער ווייסט וואס דאס איז אזוינס?.. עס לאזט זיך נישט העפיגירן און רעגלאמירן... עס איז אן איינרעדעניש... אזוי צי אזוי, איינלייגן וועלטן צוליב דעם לוינט זיך בכלל נישט... בא... א שידוך... א גוט... פעלדער...

ער האט אביסל הנאה געהאט דערפון וואס מאטל פילט זיך געטראפן פון זיין איראניזירן איבער די זאכן, וואס באאומרואיקן זי אצינד...

— נו, פארשטיי דאך, צו טראגיש טאר מען היינט נישט נעמען די רייזפערזענלעכע אנגעלעגנהייטן. און מען טאר אויך נישט ווערן צו סענטימענטאל. מיר לעבן איצט אין א צייט, ווען ווערטן ווערן איבערגעשאצט... בא... בע... א שידוך... א גוט...

איצט האט איגנאץ געצילט צו טרעפן נישט אזוי מאטלען, ווי איר טאטן, מיט וועמען ער האט נאך געפירט אן אלטן רוגז און ביז היינט נישט געשלאסן דעם העכענונג. ער האט זיך געפילט געשמייכלט פון דעם, וואס ר' מרדכי לייב וועדנעט זיך צו אים נאך אן עצה, כאטש ער טוט דאס אומדירעקט. ער האט חושד געווען, אז מאטל איז דאס מאל צו אים געקומען מיט איר טאטנס וויסן, נאר עס שטייט איר נישט אן זיך מודה צו זיין.

— איז וואס זשע איז דארטן? עמיצער האט געמאכט א שרפה אין גוט?

— האט ער איבערגעפרעגט — איך האב דאך דיר געזאגט, מאטילדא, אז מיר לעבן אין א צייט פון סאציאלע שטורעמס. היינט א שרפה און מארגן...

— און מארגן וואס!? — האט מאטל זיך א הויב געטאן א דערשראקענע

— און מאָרגן וועט מען עס אײַנגאַנצן צונעמען און אונז אַרויסטרייבן מיט שמעקנס?

— נו, דערבײַ האַלט עס נאָך נישט. און דאָס האָב איך גאָרנישט געמיינט — האָט ער צוריקגעדרייט — איך זאָג נאָר, אַז עס קומט פאָר אַ פּראָצעס... ס'אַ גרויסער און שווערער פּראָצעס... דאָס זײַנען די געבורטס־ווייען פון אַ נײַער אָרדענונג. און דער דאָזיקער פּראָצעס וויל זיך נישט רעכענען מיט די באַקוועמלעכקייטן, די אומבאַקוועמלעכקייטן פון אַ ר' מרדכי לייב ראַפּאָפּאָרט. איז וואָס־זשע קאָן איך אים עצהנען? איך ווייס אַפילו נישט, צי די רעגירונג וועט אים לאָזן פאַרקויפן דעם גוט, אַפילו, ווען אַ פּאָליאַק אַ קונה זאָל שטיין גרייט מיטן נייטיקן קאַפּיטאַל. עס איז דאָך אַפילו נישט קיין ירושה־גוט, נאָר ער האָט עס דערוואָרבן. ער וואָלט געמוזט באַווײַזן מיט וואָס פאַרא מיטלען און אויף וואָס פאַרא „אָרט־און־ווײַזע“...

— דער טאַטע און זײַ׳ע האָבן דאָס דערוואָרבן מיט שווערער מי און האָרעוואַניע! — האָט כּמעט אויסגעשריען — מיט שווערער פּראַצע!

— מיינסטו צו זאָגן, אַז זיי האָבן אַליין געאַקערט און געזייעט און געבראָנעוועט? — האָט ער געשמייכלט — דאָס מיינסטו צו זאָגן? עפּעס געדענקט זיך דאָס נישט...

— און איך געדענק עס יאָ. און דער טאַטע טוט דאָס נאָך ביז היינט, יעדן זומער! און איצט וועט מען אים צווינגען צו „פּאַרצעלירן“, דאָס הייסט אוועקגעבן האַלב אומזיסט צו די אָנגעלאָפענע „מאַזורן“ פון אַרום די בעסקידן און פון דער ווייסל... און... — האָט זי זיך פאַרהוסט — גראַף קאָזיבראָדזקין וועט מען אויך צווינגען דערצו?

— וואַרשיינלעך — האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — מיט דער צייט..

— אָבער דערווײַל נישט... און ווען וועט דאָס זײַן?

— ווען מײַן פּאַרטיי, די סאָציאַליסטן, וועלן קומען צו דער מאַכט — האָט ער אַ מאַך געטאָן — וואַרשיינלעך...

— גראַף קאָזיבראָדסקין וועט מען „וואַרשיינלעך“ צווינגען... כאַ־כאַ! — האָט זי זיך ביטער צעלאַכט — אָבער מײַן טאַטן פּ אָ ז י ט י וו! וועגן דעם ביזטו זיכער! דו, דער סאָציאַליסט, האָסט אַפילו נישט קיין כּוח און קיין מוט צו זאָגן, אַז דו וועסט צוטיילן דעם פּוילישן מאַגנאַט די זעלבע גערעכטיקייט, וואָס צו אַ ייִדן, אָדער פאַרקערט...!

— איך ווייס נישט וואָס פאַרא כאַראַקטער אונזער קומענדיקע סאָציאַליסטישע רעגירונג וועט טראָגן — האָט ער זיך געפּרוּווט פאַרטיידיקן — און דערווײַל האַלט עס נאָך נישט דערבײַ. מיר שטייען אין אַ ביטערער אָפּאָזיציע צום איצטיקן רעזשים. אַ צאָל פון אונזערע דעפּוטאַטן זײַנען אונטער אַרעסט. און מיט דער איצטיקער רעגירונג האָב איך קיין שום באַציאונגען נישט... אַפילו ווען איך זאָל וועלן מאַכן אַ פּרוּוו צו אינטערווענירן.

פון דער אַנדערער זײַט טיר האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ שיכּורער געזאַנג. עטלעכע פאַרשניאָשקעטע, כאַרטשיענדיקע העלזער האָבן זיך צעלאָזט אין דער קרעטשמע מיט עפּעס אַ ווילדן ליד. איגנאַץ האָט זיך אַ קרום געטאָן. דאָס לידל איז אויסגעקומען באַקאַנט. ערגעץ ווו האָט ער עס שוין געהערט.

— עס איז דאָרטן אַ בעזהאָלאָוויע אינמיטן העלן טאָג — האָט כּמעט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער טיר — זיי איז פריילעך... די נײַע אָרדענונג, וועגן וועלכער דו רעדסט, גרייט מען דאָך פאַר זיי... איז זינגען זיי שוין איצט באַצײַטנס... הערסט, איגנאַץ?

איגנאַץ לאַנדע, דער „פּאָליאַק“, איז געוואָרן גרין און געל: דאָס לידל, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער קרעטשמע, איז געווען אַ גיפּטיקס, פול מיט שפּאָט אויף ייִדן און פול מיט דראָאונגען. ער האָט עס שוין עטלעכע מאָל געהאַט געהערט, און טאַקע דאָ, אין דער גרינער קרעטשמע אויך, און עס האָט אין אים אַרויסגערופן אומהיימלעכקייט.

„באַיעם, מאַשעק, צאַפּ־צעדראַפּעס,
וועלן קריגן איבער די לאַפּעס,
סורציע, דוואָרציע מיט די צעפּ,
'על'ן כאַפּן איבער די קעפּ....

מאַטעלעך, מאַמעלעך, זעט און הערט
ס'ליגט דער זשידעק טיף אין ד'ערד..."

— כע, כע, כע.... שיכורים... אַ קרעטשמע, כע־כע! — האָט אַדוואָקאַט לאַנדע אויסגעשלוקערצט אַ טרוקענעם געלעכטער — גלאַט חזירייִ און נאַריש־קייטן... כע־כע... מען דאַרף עס איגנאָרירן און שווייַגן.

ער האָט געוואָלט פאַרטושן זייַן אייגענע פאַרלעגנהייט און די אומהיימלעכקייט. ער האָט אויך געוואָלט אַביסל אויפהייטערן מאַטלען און איר פאַררעדן די ציין:

— פונדעסטוועגן, הייסט עס נאָך נישט, אַז עס איז אויס מיט געהערקייט, און אַז אַלץ איז שוין הפקר אַ־אָ! ניין! — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ — ניין! עס איז נאָך נישט הפקר אַ וועלט! און עס מיינט נאָך נישט, אַז מען דאַרף כאַפּן דאָס פּעקל אויפן פּלייצע און לויפן קיין פּאַלעסטינע; אין דער וויסטעניש. הערסט וואָס איך זאָג? הער, יידן וועלן טאַקע נישט לויפן אַהין. פּראַקטישע מענטשן פאַרשטייען, אַז די גאַנצע מעשה איז נישט מער ווי אַ פאַנטאַזיע, אַ טרוים. פּאַלעסטינע? ס'עט נישט ארבעטן. וואָס האָסטו דאָרטן, וואָס? זאַמד און קאַלך, און קדחת און טראַכאָם. אַ יידישע מלוכה? אַן אמתע מלוכה וועט מען בויען? נאַרישקייטן. ס'אַן איינרעדעניש פון יינגע סטודענטלעך, און עס איז אויך דעמאַגאָגיע פון דורכגעפאַלענע אַדוואָקאַטלעך. ווער זיינען די ציוניסטישע מאַכערם? שלעכטע יוריסטן, וואָס האָבן נישט געקאָנט איינאָרדענען קיין קאַנצעלאַריעס, קיין קליענטעל, און זוכן איצט קאַריערע פאַר זיך. באַ... בע... עט!

כאָטש דאָס לידל פון יענער זייט טיר איז געוואָרן חוצפּהדיקער און הילכיקער, האָט לאַנדע גערעדט און גערעדט:

— פאַרשטייסט, מאַטילדאַ, די צרה מיט די יידן דאָ איז, וואָס זיי רייסן אויף די אויגן און פּראָוואָצירן. זייער אייגענע שולד. זיי דאַרפן זיך אויסמענטשלען און ווערן עכטע פוילישע בירגער איז אַלע הינזיכטן.

— שמדן זיך? — האָט מאַטל אַ פרעג געטאָן — יאָ?

— איך זאָג נישט, אַז שמדן. דאָס נישט.— האָט ער געשמייכלט — דו, איציק, משה, יאַנקל, ווילסט דיר דאַוונען? דאַוון. אָבער ליאַרעם נישט און מאַך נישט קיין געוואַלט. און נאָך אַ זאַך: מאַך אַ סוף צו דער קאַפּאָטע מיטן שטריימל; און צו דעם מיאוסן זשאַרגאָן. און די הויפּט־זאַך: הער אויף מיט דעם האַנדל־וואַנדל!

— און וואָס זאָלן זיי טאָן? ווערן פּויערים? מהיכי תיתי! אָך און אדרבה — האָט מאַטל אים געענטפערט — אָבער קודם גיב זיי ערד! מען וועט העַן געבן? זעסט דאָך, אַז מען וויל צונעמען ביי די, וואָס האָבן!

— מען נעמט נאָך נישט! — האָט ער זיך אַ ריס געטאָן — מען דאַרף נאָך נישט פאַרצווייפלען. נו, יאָ. אָבער פונדעסטוועגן, וועל איך פּאָרט פּרווון עפּעס טאָן. אין אַ צוויי וואָכן אַרום דאַרף איך זיין אין וואַרשע, וועל איך זיך זען מיט עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן אַ צוטריט אין די רעגירונגס־קרייזן. און ביז דאַן וועל איך זען צו אונטערוועגירן אין אייער פאַל ביים „וואָיעוואָדע", איך קום צו אים אָפּט אַריין... ער הערט זיך צו צו מיר...

— אַזוי?

— נו, יאָ, מען דאַרף פאַרשטיין, אַז...

ער האָט שוין נישט דערדערט. פון דער אַנדערער זייט האָט זיך דערהערט אַ ליאַרעם און אַ געשריי:

— וואָס פּאַרא זשידאָוווסקע קאָנספּיראַציעס גייען דאָ אָן? די זשידעס פאַר־קויפן פּוילן צום טייוול! צום מאָסקוויטער! און וווּ? אונטער מיין דאַך? כ'וויל נישט קיין זשידאָוווסקע אַדאַבראַקאַדאַבראַעס ביי מיר! פּרעטש! אַרויס! זיי ווילן פאַרמוטשען פּוילן, ווי זיי האָבן פאַרמוטשעט אונזער דערלייזער, אונזער האַר!

— זשידאָוווסקע קאָנספּיראַציע און אַדאַבראַקאַדאַברע! פּרעטש! — האָט זיך דערהערט ווי אין אַ כאָר — דערלאַנגט זיי! פּרעטש!

די טיר האָט זיך אויפגעריסן און סטאַך קרוליצקי, דער קרעטשמער אַליין, און אַ רעדל שקצים מיט ביר־קופּליעס אין די הענט, זיינען געשטאַנען אין שמאָלן קאָרידאָר, גרייט זיך אַ וואָרף צו טאָן אויף מאַטלען און אויף איגנאַצן.

— צאַפּעדראַפּ! איר פאַרקויפט פּוילן! — האָבן זיי זיך צערעוועט — פּרעטש! אַ טויט!

— אום גאָטעס־ווילן! פאַר יעזוסעס וווּנדן! הערט אויף! — האָט וואַנדאַ, די קרעטשמערקע זיך אַריינגעריסן צווישן די שיכורים — הערט אויף!

עמיצער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ קופּלע אין צימער אַריין און זי האָט גע־טראָפן איגנאַצן אין בויך. שטיקער גלאָז זיינען געפאַלן מיט אַ בראַזג און האָבן זיך צעשאָטן און צעשפּריצט איבערן דיל.

איגנאַץ לאַנדע האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. כאָטש ער האָט דערפילט אַ ווייטאָג אינעווייניק, איז ער געבליבן שטיין גלייך און האָט זיך נישט קיין קרום געטאָן.

— פאַר יעזוסעס וווּנדן! — האָט די קרעטשמערקע זיך געבעטן — וואָס טוט איר? גייט אַוועק פונדאַנען.

די צעיושעטע טשאַטע האָט זיך אַביסל איינגעשטילט און נישט אַריבער די שוועל.

וואַנדאַ איז אַריין אינעווייניק אין צימער, צו איגנאַצן און מאַטלען, און פאַרמאַכט די טיר. ערעס האָט זי געוואָלט זאָגן, נאָר עס האָט זיך נישט גע־קלעפּט.

— איך... פּראָשע... איך בעט — האָט זי געשטאַמלט — באַלד גייט אָפּ אַ צוג קיין טאַרנאָפּאָל... איך בעט... פּראָשע...

אַדוואָקאַט לאַנדע האָט אַ וויש געטאָן דעם ראָק, אַרויסגענומען דעם זיי־גער און אַ קוק געטאָן:

— טאַק יעסט... יאָ, ריכטיק... מיר נעמען אַ צוג קיין טאַרנאָפּאָל...

פון דער קרעטשמע האָט זיך ווידער דערהערט דאָס לידל, פריילעך און ליאַ־רעמדיק:

„טאַטעלעך, מאַמעלעך, זעט און הערט,
ס'ליגט דער זשידעק טיף אין ד'רערד..."

קאַפּיטל 12

# אַ גרוס פֿון אַמעריקע

נישט קלאַראַ ווינאָקור און נישט לוי ברווידעס האָבן דערמאָנט די יאָזדע קיין ווישניפּאָשיק און דעם גאַנצן אינצידענט. ביידע האָבן געפֿילט, אַז עס איז גלייכער צו פֿאַרגעסן די גאַנצע מעשה און נישט צו מאַכן קיין צימעס דערפֿון. לוי איז, ווי געוויינלעך, געקומען צו קלאַראַן אין די אָוונטן און איז זיך פֿאַרזעסן ביי איר ביז נאָענט צו האַלבער נאַכט.

ביי העניעך שוסטער איז זינט עטלעכע טעג געשטאַנען אַ פֿריילעכער טאַראַם, צוליב אַ גוטער בשורה פֿון אַמעריקע, און לוי איז לייכט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם לוסטיקן משפּחה־קאָך. כאַצקל, דעם שוסטערס בכור, וואָס וווינט אין ניו־יאָרק שוין עטלעכע און צוואַנציק יאָר, האָט מודיע געווען, אַז ער קומט באַלד אַראָפּ קיין יאַנעווקע צוגאַסט. אויב עס וועט זיך אים איינגעבן, האָט ער געשריבן, וועט ער אפשר טאַקע נאָך אויף פּסח זיין אינדערהיים. אויב נישט, וועט ער „פֿאַר שור" קומען אויף שבועות, „ביקאָז" עס איז ביי אים אַן אָפּגעמאַכטע זאַך. „באָט" עס ווענדעט זיך בלויז אָן דעם ווי גיך ער וועט קאָנען זיך אָוועקרייסן פֿון די „ביזנעס" און איבערגעבן דעם „שאַפּ" צו אַ גוטן „מענעדזשער". חוץ דעם דאַרף ער נאָך „אַטענדען" אין ניו־יאָרק צו אַ פּאָר זאַכן און אויך נעמען „קעיר" אויף דער „פּראָפּערטי", וואָס ער פֿאַרמאָגט.

צום וויפֿילטן מאָל האָט לוי געלייענט פֿאַר דער שוסטערקע דעם בריוו, פֿאַרטייטשנדיק פֿאַר איר די ענגלישע ווערטער, מיט וועלכע עס האָט געווימלט אין יעדן זאַץ. ער האָט געניִשטערט אין אַ ווערטער־בוך, סתם זיך משער געווען און געלערנט מיט העניעכן און זלאַטען פּראָסט פּשט.

די שוסטערקע האָט אָנגעקוואָלן פֿון דער גאַנצער מעשה, און בעת לוי האָט פֿאַרטייטשט, האָט זי זיך עטלעכע מאָל איבערגעוואָרקעט מיט איר מאַן. דאָס איז דאָך א י ר אויפֿטו, און זי האָט דאָך אומיסטן מכבד געווען לוין מיטן לייענען — אַ קלאָרער רמז, אַז דאָ אין שטוב האַלט מען אים שוין פֿאַר אַ שטיקל אייגענעם. מיט אים, מיט לוין, האָט זיך איצט די שוסטערקע געעצהט, וועלכן מאַלאַזש זי זאָל אַריינעמען אויסצופֿאַרבן די ווענט: משהן מיט „אייגל", צי הערש „קוציפּעריק", דער „בעזנאָסיכעס" זון. עס איז געווען דריי וואָכן צו פּסח און, צי כאַצקל וועט יאָ אָנציִען פֿון אַמעריקע צום סדר, צי נישט — אויספֿאַרבן די שטיבער וויל זי באַלד.

— און ער וועט דווקא קומען אויף פּסח! דאָס זאָג עך! — האָט העניעך דער שוסטער זיך אַריינגעמישט. — עך קאָן זעך וועטן! כאַצקל האָט תמיד ליב געהאַט דער מאַמעס פּסחדיקע כרעמזלעך און קעזלעך און קוגעלעך פֿון געריבענע בולבעס מיט געגזענעם שמאַלץ. ער האָט זיי אַפֿילו ליב געהאַט, ווען זיי פֿלעגן אַרויסקומען אַביסעלע פֿאַרסמאַליעט, פֿאַרדוויכערט און האַרט...

— כאַכמע ז... זיך... כ... כאַכמע זיך — האָט די שוסטערקע זיך געוועדט

— לוי וו... וועט שוין פּ... פּ.... פּסח ביי מיר פֿאַרזוכן מיין כ... כרעמזל, און ער וועט שוין אַליין זאָגן וו... וואָס פֿאַראַ אַ... טעם עס האָט. און כאַצקל וועט זיך אויך ב... ב... באַלעקן... יאָ, דער גאַנצער 'מעריקאַנער מ... מ... מאַכער דאָרטן.

— איצט וועלן מיר ערשט קאָנען אָנטאַפּן דעם דופּק, וואָס פֿאַראַ ים־קאַטער

ער איז דאָרטן — האָט דער פאָטער אויסגעצויגן דאָס בערדל — מ'עמיר אים נעמען צום זעצן און זען... אַ מאַכער... מאַכער...

— ר'איז! ר'איז! — האָט די שוסטערקע זיך אָנגעכאַפּט ביי די באָקעס — דו פּאַ... פּאַר... פאַרלאָז זיך אויף כאַצקלען...

אין אמתן האָט די משפּחה נישט געוווּסט אויף קלאָר, וואָס דער זון טוט דאָרטן אין דער אַמעריקע. אַז ער האָט איצט אַ פאַבריקל פון עפּעס אַ מין „מילינערי“, דאָס האָט ער זיי געשריבן אין די בריוו. נאָר צי דאָס מין „מילינערי“ האָט טאַקע צו טאָן מיט מיליאָנען ממש, אָדער צי בלויז מיט ווייבערישע היטלעך — דאָס האָבן זיי נישט געקאָנט דערגיין. פון אַ יאַנעוועקער מיידל, אַן אַלטע מויד, וואָס איז מיט אַ צוויי יאָר צוריק געקומען פון ניו־יאָרק אַהיים צו זוכן אַ חתן, האָבן זיי געהאַט געהערט, אַז כאַצקל איז „גוט אָפּ“, און אַז ער מאַכט „אָל רייט“. פון דעם מיידל האָבן זיי זיך אויך דערוווּסט, אַז ער האָט „טראָבל“ מיטן ווייב צוליב „געמבלעריי“. נאָר וואָס און ווען דאָס איז אַזוינס — האָט זי אויך נישט געזאָגט. פערדלעך, האָט זי עפּעס געבעבעט; ער שפּילט אויף פערד... די פערד לויפן און ער לויפט נאָך. צי ער לויפט טאַקע צופוס, אָדער צי ער רייט אויף זיי אויף אַ זאָטל — האָט מען פון דער מויד אויך נישט געקאָנט אַרויס. זי האָט כסדר פאַרענדיקט מיט דעם פּזמון: „ער מאַכט אויס „אָל רייט“, מאַכט ער, און דאַצאָל“. עס איז גוט, הייסט עס, און בעסער האָט דאָך נישט קיין שיעור...

ווי וויל כאַצקלס טואונגען אין אַמעריקע זיינען געווען איינגעהילט אין אַ נעפּל, האָט קלאַראַ, די שוועסטער, פונדעסטוועגן, אין איין אויפדערנאַכט, געזאָגט לוין, אַז אויב איר ברודער זאָל קאָנען און וועלן זי נעמען צו זיך, וואָלט זי געפאָרן קיין אַמעריקע.

— אַהין? — האָט לוי זי אָנגעקוקט אַ פאַרחידושטער — אַהין גאָר?

— וואָס הען? אין דיין פּאַלעסטינע? — האָט זי שעלמיש אַ טרייסל געטאָן דעם געלאָקטן שויבער — יידן פאָרן אַראָפּטרייבן אַראַבער פון זייער ערד און דערנאָך טאַנצן אַ „האָראַ“?! נו, יאָ, לוי, אַזוי איז עס דאָרטן. און וואָס האָסטו אַזוי אויסגעגלאָצט דיינע אויגן?

— ווייל... ווייל כסדר, קלאַראַ, טענהסטו דאָך, אַז דו האָסט דאָ־אָ צו טאָן און צו טאָן. צו מאַכן די רעוואָלוציע, פאַרשטייט זיך, און צו העלפן בויען דעם סאָציאַליזם... וואָס־זשע פּלוצים, טראַכסטו וועגן לויפן קיין אַמעריקע? סיידן, דו דענקסט, אַז אויך דאָרטן...

— נו, וואָס דערזאָגסטו נישט, לוי?

— ווייל עס האָט נישט קיין זינען זיך צו רייצן און זיך ווי צו טאָן קעגנזייטיק, קלאַראַ. צי וואָס פירט עס דען?

— ווילסט תכלית? דעם זיידנס אייניקל ! תכלית ! נאַ ! אָט האָסטו ! — האָט זי אַרויסגעשטעקט איר צונג — נאַ!

ווי וויל לוי האָט געפילט, אַז קלאַראַס אָנצוהערעניש וועגן פאָרן קיין אַמעריקע איז נישט מער ווי אַ קאַפּריז אויף דער מינוט, אַ מאַנקאָליע, איז ער, פונדעסטוועגן געווען היפּש באַאומרואיקט און באַזאָרגט.

איר קאָקעטירן מיט דער „רעוואָלוציע“ האָט אים ווינציק געאַרט. כל זמן זי איז אינדערהיים, זיינען נאָך תמיד פאַראַן מעגלעכקייטן, אַז אים זאָל געלינגען זי אָפּצורעדן פון איר'ע גענג, און אַז ער זאָל פולשטענדיק געווינען איר האַרץ. כלערליי טראַכטונגען זיינען אים געקומען אין קאָפּ אַריין. סתם אין דער וועלט אַריין וועט זי דאָך נישט לאָזן פאַלן אַ וואָרט וועגן אַנטלויפן מעבר לים. און אויב אַזוי, איז גאָר געמאָלט, אַז זי האָט געריסן מיטן „לינקן“ קרייזל און זי וויל זיך באַפרייען פון אבאַ דעם איינבינדערדם השפּעה און פון כישוף פון זיינע רייד. וואָס־זשע האָט פּאָרט געפירט דערצו? און אַזוי פּלוצים, כמעט איבערנאַכט?

פון איין זייט האָט לוי הנאה געהאַט פון געדאַנק, אַז קלאַראַ האָט זיך באַרעכנט און וויל זיך געזעגענען מיט דער „רעוואָלוציע“, וואָס פאַר יידן מיינט זי גאָרנישט, האָט גאָרנישט און ברענגט גאָרנישט, חוץ צער, פּיין, אָפּפרעמדונג

און אויסמישונג. פון דער אנדערער זייט, האָט ער אָבער מורא געהאַט: וואָס טוט מען, טאָמער שפּאַרט קלאַראַ זיך איין און פאָרט טאַקע אַוועק קיין אַמע־ריקע? וואָס־זשע וועט דעמאָלסט זיין? נאָכפאָרן איר? איז די מעשה, וואָס נישט ער וויל און נישט ער קאָן! זיין דעה איז צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און נישט אין קאָלומבוסעס מדינה, אַפילו ווען גאָלע גליקן זאָלן דאָרטן אויף אים וואַרטן, ווי גיך ער וועט אַראָפּשטעלן אַ פוס אויפן אַמעריקאַנער ברעג.

עס איז אויך מעגלעך, איז אים איינגעפאַלן, אַז קלאַראַ וויל אים שטעלן צו אַ נסיון, און זען וואָס ער איז אויסן און ווו זי האַלט מיט אים. עס איז געמאָלט, אַז זי וויל אויספּרוּוון זיין ליבע צו איר, און אַז זי האָט אפשר בדעה אַוועקצו־שטעלן דעם תנאי קלאָר און שאַרף: „ארץ־ישראל אָדער זי?!"...

זיינען געקומען עטלעכע נעכט, אין וועלכע ער האָט זיך געוואָרפן אין שווערע יסורים און אין אַנגסט. אויב דאָס איז טאַקע איר כוונה — דאַן האָט קלאַראַ אַ־ן זיך אַ היבשע מאָס אכזריות און גיפט. ווי זשע קומט עס, וואָס ער האָט עס ביז איצט נישט באַמערקט? נישט אַנדערש, אַז אינאיינעם מיט חן און רייץ און שפּילעוודיקייט איז איר אויך געגעבן געוואָרן אַ גבורהדיקער כוח צו האַלטן מענטשן אין פאַרבלענדעניש.

וואָס מער ער האָט זיך געראַנגלט, אַלץ מוראדיקערע ספקות האָבן אים אַרומגעכאַפּט. עס איז געמאָלט — האָט ער געטראַכט — אַז ער האָט בכלל נישט געשאָרט אַריינשטעקן זיין טשופּרינע אין אַ פלאַם, אין אַ פרעמדן פייער, אין וועלכן ער וועט פאַרצערט ווערן אומזיסט און אומנישט. עס איז רעכט, אַז ער דאַרף באַצייטנס זיך שטאַרקן און מאַכן אַ סוף. ער דאַרף גיין זיין וועג אַליין וואָרום זי, קלאַראַ,, — אין איר פאַרדריסלעכקייט און עקשנות — וועט זיך נישט צוהערן צו זיין קול.

ער האָט געוויגן זיין דראַנג צו איר — צו אַ באַשטימטער פרוי — אַנטקעגן דער בענקשאַפט צו עליה, צו ציון, צו אויסלייזונג. אָבער די וואָגשאָל האָט אים נישט געגעבן קיין קלאָרן באַשייד. איז עס דער גורל זיינער צו געווינען אָדער איינס, אָדער דאָס צווייטע? געשפּאָלטן צו ווערן אין העלפט?

עס איז אים געווען באַנג אויפן געמיט, און ער האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט זיך. ער האָט געפילט, אַז ער וואָלט וועלן עפענען דאָס מויל פאַר עמיצן, זיך אויסרעדן דאָס האַרץ פאַר אַ נאָענטן און געטרייען פריינט.

זיין חבר ניסן שור, איז דער איינציקער פון צווישן די איבעריקע יאַנעוו קער יינגעלייט, וואָס איז שוין אַ געניטער אין די איידעלע ענינים און אין זייערע פאַרוויקלונגען. ניסן האָט אויך אַ פאָר אָפענע אויגן, זעט, כאַפּט און פאַרשטייט.

עטלעכע מאָל האָט ער, לוי, געפּרוּווט צוגיין צו ניסנען, אָבער יעדעס מאָל האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן דערפון. עפּעס האָט ער זיך געשעמט, אַז זיין חבר זאָל אים זען אין זיין שוואַכקייט, אין זיין פאַרלעגנהייט און פאַרלוירנקייט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ניסן שמעלט, אָט שוין־אָ, אָן אַ פאָר שמייכלענדיקע, גרויסע אויגן און עס ציטערט ביי אים די אונטערשטע, דיקלעכע ליפּ — פון באַהאַלטע־נעם שפּאָט אויף זיין צעקראָכנקייט.

ווי וויל לוי האָט ליב געהאַט ניסנען, האָט ער אָבער פאָרט זיך נישט געפילט פריי אין יענעמס קעגנוואַרט. ניסן שור איז אַ יינג אַ גבור, אַ קצבס אַ זון, וואָס האָט אַליין אין זיך קצבישעס.

ווייל דער דאָזיקער ניסן האָט פון קינדווייז אָן אַרויסגעוויזן דווקא אַ גוטן קאָפּ צום לערנען, האָט איציק־עליע קצב, דער טאַטע זיינער, זיך אָנגעגורט די לענדן און, להכעיס אַלע קיילער־יינגען, אים געשיקט אין גימנאַזיע. אין קצבישן שולעכל, צווישן די „זבחי צדק", האָט מען דאָס באַטראַכט פאַר אַ שטיק „מה יעשה", פאַר אַן איבערקערעניש און משוגעת, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט.

אָבער איציק־עליע קצב האָט כסדר געשעפּט נחת מיט פולע זשמעניעס פון זיין געראָטענעם זון. ביסלעכווייז האָבן אויך די קצבים אין אַלע יאַטקעס זיך אָנגעהויבן גרויסן מיט דעם „סקובענט" פון זייער צעך. ניסן איז געווען פלייסיק, אַרבעטזאַם און דערצו האָט ער זיך געפירט סטאַטעטשנע און „געזעצט".

אין גימנאַזיע איז ניסן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ ציוניסטישער גרופּע, האָט זיך געלערנט העברעאיש אין די אָוונטן; און יידישע געשיכטע — דער יידישער גורל און מערכה — האָבן אַ ריר געטאָן זיין פאַנטאַזיע. ווען ער איז אַהיימגעקומען נאָך „מאַטורע", איז ער געוואָרן איינער פון די רעדל־פירער פון דער יאַנעווקער יוגנט — מען קאָן זאָגן דער וו אָ ר ט ז אָ ג ע ר, צו וועמען מען האָט זיך צוגעהערט.

איצט זיצט ניסן אין יאַנעווקע שוין דעם דריטן זמן. בייטאָג גיט ער פּריוואַטע „שטונדן" און אין די אָוונטן שטודירט ער אַליין יוריספּרודענץ. עטלעכע מאָל אין יאָר שלעפּט ער זיך קיין לעמבערג, באַווייזט זיך אין אוניווערזיטעט, ווו ער איז פאַרשריבן, קויפט אַ פּעקל מיט „סקריפּטן" — די לעקציעס, וואָס די פּראָפעסאָרן לייענען — כאַפּט זיך אַריין אין אַ טעאַטער, אין אַ קאַפעהויז, און קערט זיך אום אַהיים.

בעת ער, ניסן, איז אין לעמבערג, באַזוכט ער אויך די צענטראַלעס פון די ציוניסטישע אינסטיטוציעס. זיינע נסיעות זיינען, בדרך כלל, אַזוי אויסגערעכנט, אַז ער זאָל אינאיינוועגס, זיך שוין קאָנען באַטייליקן אַלס דעלעגאַט אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדערן צוזאַמענפאָר, פון וועלכן ער נעמט אַהיים אַ פּאַק צירקולאַרן און אינסטרוקציעס. ער, ניסן שוה, איז דאָך איצטער ד ע ר  פ י ר ע ר פון דער יאַנעווקער „התאחדות" און ער האָט נישט קיין וויכטיקן קאָנקורענט צו זיך. אין לעמבערג דערליידיקט ער אויך זיין „האַרץ־פראַגע": ער זעט זיך מיט דער שוואַרץ־חנעוודיקער גיטעלע מאַליץ, וואָס „וואַרט" אויף אים (ער האָט איר צוגעזאָגט...) און וואָס לערנט זיך דערווייל צושניידעריי אין אַ גרויסן מאָדע־סאַלאָן.

צו אָט דעם ניסנען האָט לוי ברוידעס זיך פאַרט אַריינגעכאַפּט אין איין אויפדערנאַכט. לכתחילה איז דער שמועס געגאַנגען שלאַבערדיק. לוי האָט זיך געראַנגלט מיט יעדן וואָרט. אָבער לסוף האָט ער זיך אָנגענומען מיט כוח און דערציילט אַלץ, וואָס דערקוטשעט אים — פון אלף ביז תיו.

ניסן האָט אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר שטאָלענע אויגן, צונויפגעפּרעסט זיינע דיקלעכע ליפּן און געהערט יעדעס וואָרט „מיט קאָפּ".

איז דעם קליינעם אַלקערל, ווו זיי זיינען געזעסן האָט געטשאַדעט אַן אייזערנער אויוון און פאַרשפּרייט אַ שווערע היץ. פון קליינעם נאַפט־לעמפּל, וואָס האָט געפינטלט אויפן קיילעכדיקן טישל, האָט געזעצט אַ בלווילעכער רויך.

רעדנדיק, האָט לוי זיך עטלעכע מאָל פאַרהוסט .ער האָט זיך לייכט געוויגט, און פון זיין וויגן האָט אַ לאַנגער שאָטן זיך געגליטשט אויף דער וואַנט, אַראָפּ און אַרויף, אַהין און אַהער.

מישאַמאָל האָט ניסן אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט, ווי ער וואָלט שוין געהאַט גענוג:

— זאָג מיר נאָר, לוי -- האָט ער אַ מאַך געטאָן — ווי וואָלט דיר געפעלן געוואָרן, ווען איך וואָלט אין מיצקער־דערינען, זיך אָנגעטשעפּעט אַ מעדאַל פאַר מיין טאַטנס קצבישקייט און וואָלט דערמיט פּאַראַדירט? מיין טאַטע איז דאָך עפּעס אַ קצב פון דור דורות!

לוי האָט אויפגעריסן די אויגן, ווי ער וואָלט זיך וועלן בעסער איינקוקן אין ניסנען:

— וואָס מיינסטו?

— אָט וואָס איך מיין: זי, קלאַראַ, פּאַראַדירט בסדר אַדום מיט איר טאַטנס שוסטעריי. פאַר מיר איז דאָס אַ סימן פון אַ קאָמפּלעקס! — האָט ניסן אָפּגעפּסקנט -- קצב, שוסטער, קרעמער, מעקלער... וואָס פאַראַ נפקא מינא איז עס פון וואָס אַ ייד ציט זיין חיונה אין נבזהדיקן גלות? איך האָב מורא, אַז בקרוב וועט ער בייזער „דרויסן" אויסגלייכן אַלע אונזערע שטאַנדן, מען וועט זיי אָפּווישן איינס נאָך איינס. מאַכן אַ טוגנט פון אַ נויט, וואָס איז אויף אונז אַרויפגעצוווּנגען פון דרויסן? עס איז לעבערלעך און קרענקלעך... עס שמעקט מיט להכעיס. מען דאַרף זיך היטן דערפון, ווי פון אַ בראַנד. עס שמעקט מיט געפאַר.

לוי איז געוואָרן רויט, הערנאָך בלאַס, און האָט זיך געדרייט אויפן הילצער=

נעם בענקל, וואָס האָט אונטערגעסקריפּעט אונטער אים. וואָס ניסן האָט געזאָגט, האָט געקלונגען ווי אַ שטרענגער פּסק. עס האָט געהייסן: ליג זיך נישט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט.

— און נאָך אַ זאַך — האָט ניסן געגעבן צו פאַרשטיין — ווייז נישט דיין געפּאַלנקייט און פאַרלוירנקייט. דו ביסט דאָך עס נישט! וואָרום אַ מענטש, וואָס האָט ליב, דאַרף האָבן מוט צו טראָגן דעם קאָפּ אין דער הויך! כאַפּסט נ'שכל?

ניסן האָט איצט גערעדט און געוואָרפן מיט „שלאָגוווערטער":

— אַ מענטש, וואָס האָט ליב, דאַרף האָבן כּח צו וואַרטן אויף אַן ענטפער, אדער אַפילו איינגאַנצן זיך צו באַגיין אָן אַ תשובה און אָן אַ באַלוינונג. אויב מען גיט אים נישט. אַרומשלייען זיך, אויסקוקן די אויגן, אָפּשלאָגן די טיר און שוועלן ניין, ברודער, עס איז נישט קיין עסק. עס איז נישט קיין דרך. עס איז גאָרנישט קיין יידישער גאַנג.

— יעקב האָט געדינט פערצן יאָר, ביז ער האָט באַקומען רחלען — האָט לוי אַ שמייכל געטאָן — האָסט פאַרגעסן?

— כ'האָב נישט פאַרגעסן — האָט ניסן גענומען פאַרדרייען אַ ציגאַרעטל, אויסגלייכענדיק די געלע טיטון־לאָקשן, ווי זאַפּראָן, אין דינעם פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר, כ'האָב נישט פאַרגעסן די מעשה מיט יעקבן. אָבער ראשית, איז רחל גאָט די נשמה שולדיק געווען. ס'טאַטעלע, ס'פּעטערל לבן ארמי האָט דאָ געשווינדלט מיט די תנאים, און וואָס האָט יעקב, דער פּאַסטוך, געזאָלט טאָן? אַז מער, ווי לעמער און שאָף און אַ יידינע האָט ער, בסך הכל, גאָרנישט באַדאַרפט. והשנית, האָט ער כאָטש געהאַט אַ טערמין. ער האָט געוווסט גענוי וויפיל ער דאַרף דינען און אַז ער וועט זיך פאַרט דערדינען צו אַ גוטן סוף. ער האָט אויך געקאָנט מאַכן אַ קונץ מיט די געפּלעקלטע שטעקעלעך, דו קאָנסט עס נישט. און דיר, לוי, גיט מען נישט קיין טערמין! מען גיט דיר גאָרנישט. אָבער טאַקע לחלוטין גאָרנישט, און שוין. ט'האָסטו עס אויף דער האַנט!..

מיט וואַקלענדיקע טריט איז לוי שפּעטער אַרויס פון ניסנס שטוב. אינ־דרויסן איז געווען שטאָק־פינסטער און נאַס, ער האָט זיך געדרייט מיט די הינטערגעסלעך, אַריין און אַרויס. ער איז געגאַנגען און זיך אונטערגעיאָגט איבער גרובעס און שטיינער. פון דער שעכט־יאַטקע, צווישן די גוישע סעדער, האָט אים נאָכגעיאָגט אַ רעווען פון אַ בהמה, וואָס האָט מסתמא אין דער מינוט דער־זען דעם שאַרפן חלף פון שוחטס האַנט. דאָס מרוקען האָט אויף אים אָנגעוואָרפן אַ טויט־אַנגסט און עס האָט אים געהאַמערט אין אַ שלייף: „גאָרנישט, גאָר־נישט... ט'האָסטו עס אויף דער האַנט"..... פון מנשה קרופּניקס הרעטשקע־מיל האָט זיך געהערט אַ טעמפּ רייבן פון שטיין אויף שטיין, און דאָס טופּען פון דעם איינגעשפּאַרטן בלינדן פערד, וואָס האָט געדרייט די זשאָרנע רונד־אַרום, רונד־אַרום. אַ בילן פון אַ הונט האָט אים נאָכגעיאָגט; און אויך דאָס מיאַוקען פון אַן אויסגעווייקטער קאַץ. און לוי האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער, גע־שפּאַנט און זיך געפּעדערט, און אין קאָפּ האָט געשפּיזלט דער פּסק: „גאָר־נישט... גאָרנישט... ט'האָסטו עס אויף דער האַנט". נאָר אויב גאָרנישט — איז וואָס זשע האָט ער אויף דער דאַזיקער האַנט?

נעבן דעם טשאַרטקאָווער קלויז האָט לוי לייכטער אָפּגעאָטעמט און איינ־געהאַלטן די טריט. דווקא דאָ, ביי דער איינגעהויקערטער, ליימענער שטוב, מיטן שוואַרצן, שפּיציקן שינדל־דאַך, איז אים געוואָרן היימלעכער. דורך די מאַט־באַלויכטענע, פאַרהויכטע שויבן, האָט ער געזען עטלעכע שאָטנס זיך באַוועגן איבער לאַנגע טישן און שטענדערס, און אַ נאַגנדיקער ניגון האָט זיך אַרויסגעריסן דורך די שפּאַרונעס אינדרויסן אַרויס. דאָס האָבן וויל־לערנערס, איידימלעך אויף קעסט און אויך עטלעכע פיינע בחורים זיך געשאָקלט איבער צעעפנטע גמרות און געלערנט מיט חשק און ברען און געזאַנג...

לוי איז געווען זיכער, אַז ער דערקענט דאָס געשמאַקסטע קול: דאָס נאַגנ־דיקע קול פון יואל דעם יתום, צביה דער נייטאָרינס בן־יחיד, וואָס „אַרבעט איבער זיך". דאָס קול האָט אים געצויגן, און ער האָט געוואָלט אַריין איינעווײַ־

ניק, אין קלויז אַריין, זיך איינהערן און דערנאָך פרעגן אַ שאלה און וואַרטן אויף אַ באַשייד...

אַ מאָדנער הוסט און אַ זיפץ פון הינטערן פּלויט, צווישן שיטער־ניקעטע ביימעלעך, האָבן אים אַרויסגעבראַכט פון זיין פאַרטראַכטקייט, און ער האָט זיך אָפּגערוקט. ווידער האָט דער ספק געבויערט לוים האַרץ: איז טאַקע גאָרנישט? גאָרנישט? גאָרנישט גאָרנישט?... און אויב אַזוי — טאָ צו וואָס זשע דאָס גאַנצע געיעג? אויב אַזוי — איז געענדיקט, און טאַקע נאָך היינט. ער גייט נישט מער צו העניך שוסטער — און אַ סוף! סיידן..., סיידן קלאַרע וועט זיך באַזינען און באַרעכענען און וועט קומען צו אים. און דאָס וועט פאַר אים זיין אַ סימן, און אַ באַווייז. צי וועט איר אָבער סטייען אַזוי פיל אָפּנהאַרציקייט און מוט?

ער האָט זיך געיאָגט אַהיים, און דער נאָגנדיקער ניגון פון קלויז האָט אים כסדר באַגלייט...

קאפיטל 13

# דער בלויער דונאי

אין א קילן, מארצאווע אויפדערנאכט, איז ר' מרדכי לייב ראפאפארט, דער יאנעווקער „פריץ" אנגעקומען קיין ווין.

די מידקייט און שלעפעריקייט פון שלעפן זיך מיט דער באן קארגע צוויי מעת־לעת, האבן זיך פון אים אפגעטאן, ווי גיך ער איז ארויס פון וואגאן און אראפ אין העל־באלויכטענעם, גרויסן צפון־וואקזאל. די רוישיקע און פריי־לעכע באוועגונג פון אויסגעפוצטע דאמען און הערן, אין פוטער־מאנטלען און פעלצן; דער טומל פון בלערליי רייזנדיקע און פון מענטשן אין פארשיידענע טראכטן — אוניפארמירטע עקספרעס־לייט, מונדירטע האטעל־באדינער און אויסגעגלאנצטע שאפערן — האט ביי ר' מרדכי לייבן האסטיקער געמאכט די טריט.

אין לאנגן טולופ, מיטן סויבל־קאלנער, אין א ברייטן, סאמעטענעם קאפע־לוש, די בארד אויפגעגלעט — איז ר' מרדכי לייב געגאנגען אן אויסגעגלייכ־טער, א „שטראמער", מיט גרויס ווירדע, הינטער דעם טרעגער, וואס האט גע־שפאנט פארויס, טראגנדיק זיין געלן, לעדערנעם ראנץ.

נישט נאר די יידישע פאסאזשירן — מיט בערד און אן בערד, וואס האבן זיך געפונען אויפן וואקזאל, פון ערגעץ געקומען, ערגעץ־וואהין געפארן, אדער סתם זיך געדרייט — האבן אויף אים געכאפט א בליק, נאר אויך קריסטן האבן אים נאכגעקוקט. בערדיקע יידן אין חסידישע מלבושים זיינען ביי די ווי־נער טאקע קיין נייעס נישט. אבער ר' מרדכי לייבס אויסזען, דער טראט און די האלטונג האבן זיך געווארפן אין אויג. איז ער נישט אמאל א „גראס־ראבי־נער"? א יידישער „פירשט פאן אסטן"? אזעלכע זיינען דאך אויך פאראן... צו גאר א צויבערער?

אן אלטער דייטשעלע מיט א פיפקע אין מויל, האט זיך פארנייגט פאר אים. עטלעכע לייט האבן פאר אים געמאכט א ווארע און אים דורכגעלאזט. אנדערע, ווידער, האבן געווארטשעט ביטערע רייד, גאל. א לאנגער גויע, מיט א קאנאריק אין א שטייגל, האט א שאקל געטאן מיטן קאפ און דורכגעזייעט צווישן די ציין: „יודען־באגאזש".

„ס'עט באלד זיין קאפוט" — האט א דאמע, אין א רויטן, אפגעקראכענעם מאנטל, מיט א גאווערדינען הינטעלע אויף א קייטל, צוגעשטימט. „קאפוט... קאפוט..."

אויך אנדערע דאמען האבן באמערקט מרדכי לייבן און האבן אונטערגע־ווארפן א ווארט. צוויי בלאנדע, אנגעפארבטע מוידן, אין קורצע זשאקעטלעך, מיט האזן־קעלנערלעך, און מיט שירעמס הינטער די פאכוועס, האבן צו אים געווונקען מיט אנגעקלעפטע, לאנגע וויעס און אונטערגעפייפט:

— „קאמסט מיט „שנוקערל"?

— „גייסט מיט „בובי־שאצי"?

ר' מרדכי לייב האט נישט געזען און נישט געהערט. ער האט געשפאנט גלייך צום ארויסגאנג, אן אריינגעטוענער אין זיך.

אינדרויסן האט דער טרעגער אים געפרעגט וואס ער וויל:

„טאקסי, אדער עלעקטרישע, מיין הער?"

ביים וואָקזאַל אין אַ ווינקל, האָט ר' מרדכי לייב מיטאַמאָל דערזען אַן אַלטמאָדישן פיאַקער, געשפּאַנט צו איין פערדל, אַ „שימל“, און אַ קוטשער אין אַ גלאַנצנדיקן צילינדער אויפן קאָפּ, הויך אויף דער קאָזלע, מיט אַן אויפגעשטעקטער בייטש ביי דער זייט.

„רוף אים, ביטע“. — האָט ר' מרדכי לייב אַ מאַך געטאָן צום טרעגער — „הייס אים פאָרן צו דער עליזאַבעט־פּראָמענאַדע, גיינטער בעצירק. ביטע“.

ר' מרדכי לייב האָט זיך גאָר דערפרייט מיט דעם פאַיעטאָן, ראשית, האָט עס עפּעס נישט קיין טעם זיך אַ יאָג צו טאָן מיט אַ „טאַקסי“ צום רבין; לויפן נאַגוואַלט. ער האָט געוואָלט וואָס לענגער ציען די תשוקה, די בענקשאַפט צו זען „אים“ זאָל לעבן; ער האָט געוואָלט פאַרלענגערן דאָס גאַרן, וואָס האָט געוואַרעמט און גענאָגט. ער האָט אויך געוואָלט מסדר זיין אין קאָפּ וואָס צו זאָגן, אויב ער וועט נאָך היינט „צוטרעטן“ צו נעמען שלום און כאַפּן דעם ערשטן שמועס.

דאָס פאָרן אין פיאַקער איבער ווין האָט ר' מרדכי לייבן אויך דערמאָנט אין יענע צייטן, ווען די וועלט איז נאָך געווען אַ וועלט. ווען פראַנץ־יאָזעף, דער מלך־חסד, איז געווען קייסער, און אַלץ האָט געהאַט אַ פּנים און אַ טעם... צ־ליב זיינע גרויסע מסחרים פלעגט ר' מרדכי לייב אין יענע „גוטע“ יאָרן זיין אַן אָפטער גאַסט אין ווין. ער האָט געקענט כמעט אַלע ווינקעלעך פון דער שטאָט.

פאָרנדיק אַ צינד אין אָפענעם פיאַקער, האָט ער פון אויבן אויף קיין שום דרויסנדיקע שנוי נישט געזען. אָט איז דער „פּראַטער־שטערן“ און דער „טעגעטהאָף־דענקמאָל“ — דער הויכער מירמל־זייל מיטן אַדמיראַל טעגעטהאָף אויפן שפּיץ. ער שטייט, דער שטייענדיקער באָק, און טוט זיך אַפילו קיין שאָקל נישט. און אָט איז די „פּראַטער־שטראַסע“: ברייט, אַלט און טומלדיק. קלאַנגען פון אַ קאַפּעליע רייסן זיך אַרויס פון קאַפּע „פירסטענהאָף“ און פון די אַנדערע קנייפּעס און „טשאָכעס“... דאָס לעבן גייט זיך אַ גאַנג און אַ טאַנץ. און פון דער ווייטנס, אין דער הויך פון „פּראַטער“ אַרויס, זעט זיך דאָס באַלויכטענע ריזן־ראָד. וואָס דרייט זיך און דרייט זיך, און מענטשן פאָרן איבער אים מיט די קעפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף...

לפּנים איז, דאַכט זיך, אַלץ ווי געווען. נאָר אין דער לופט פילט זיך פאָרט אַ נודנע אומרו, וואָס לייגט זיך אויפן געמיט. ס'אַ מין אָנזאָג, אַז שטאָט ליידט פון עפּעס אַ שלעכטן חולאת, ווי זי וואָלט איצט געאָטעמט בלויז מיט איין לונג און מיט אַ דעכעווידיקע האַרץ.

„אַך, יאַ... שענעם ווין, נאָך אימער“, האָט דער אַלטער קוטשער אויסגעדרייט דעם צילינדער. „ניכט וואַר“? שעהנעם ווין... אָבער שווערעס לעבען. אונד ניקס צו מאַכען... ניקס... און דאָך... פיליכט... ניכט וואַהר?“

וואָס וועט מען מאַכן, וואָס? — האָט ר' מרדכי לייב אַ גלעט געטאָן די באָרד, וועלנדיק פאַרשטיין וואָס דער אַלטער מיינט. אָבער גיי זיי אַ חכם און טרעף.

דער פיאַקער האָט זיך פאַרקירעוועט רעכטס און איז איצט געפאָרן איבערן „קעי“, לענגאויס דעם דונאַי־קאַנאַל. די צעצונדענע לאָמפּן האָבן געוואָרפן ליכט־פּאַסן און פלעקן איבער די בלוילעכע וואַסערן. די ליכט־שטרייפן האָבן אָפּגעשפּיגלט דעכער און שפּיצן און מויערן — שטומע, פאַרטאַיעטע מויערן, פול מיט סוד און מיט גאָרנישט נישט... און קיל פליסט דער קאַנאַל. און לינקס רוישן די „רינגען“, וואָס פירן צו די טעאַטערס, צו די שפּיל־פּלעצער, צום פאַרלאַמענט און צו דער אַלטער „בורג“. אויטאָמאָבילן, טאַקסיס און מאָטאָציקלעטן יאָגן זיך פון אַלע זייטן, הענדים־פּענדים, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט עפּעס אָנצוווערן, אָדער עפּעס צו פאַרשפּעטיקן...

דאָס געיעג ווערט שוין חוץ לדרך הטבע — האָט ר' מרדכי לייב געטראַכט — און אין די טעאַטערס טרומייטערט מען נאָך אַלץ און מען פויקט; און מען גייט און מען לויפט. וואָס איז די גרויסע גדולה, וואָס? אַז עס

האָט דאָך גאָר קיין שום טעם נישט, האָט עס נישט. איז וואָס־זשע איז די רבותא, וואָס?

„יאָ, ווין, ווין נאָר דו אַליין", האָט דער קוטשער שטיל און הייזעריקלעך אָנגעהויבן אונטערזינגען דאָס אַלטע לידל, ווי ער וואָלט זיך מיישב געווען, אַז ס'איז גלייכער אַזוי. „ווין, ווין נאָר דו אַליין זאָלסט די שטאָט, מיינער טרוימע זיין".

אין נייגטן בעצירק, אויף דער עליזאַבעט פּראָמענאַדע, פאר א דרייגאָרנ־דיקן הויז, האָט דער פייעטאָן זיך אָפּגעשטעלט.

ר' מרדכי לייב איז צוגעפאָרן צו ר' ליפּא לייב־גבאי, וואָס וווינט אין שכנות מיטן רבין, און וואָס האָט ביי זיך אין הויז אַ מין אכסניה בלויז פאַר בכבודיקע אורחים, מקורבים, וואָס קומען צופאָרן קיין ווין. נאָך איידער ער איז אַרויסגע־פאָרן פון יאנעוועק, האָט ר' מרדכי לייב געקלאַפּט אַ דעפּעשע קיין ווין, צו ר' ליפּאן, מען זאָל אים צוגרייטן אַ חדר און מען זאָל אַלץ מסדר זיין על צד היותר טוב.

ר' ליפּא גבאי האָט אָפּגעגעבן ר' מרדכי לייבן אַ ברייטן שלום עליכם און האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט אים. אַ הויכער, אַ שמאָלער — מיט אַ שמאָ־לער באָרד, ווי א שנירל, און מיט אַ שאַרפער, קאַנטיקער נאָז — האָט דער גבאי געזופּט מיט אַ פּאָר פּאַרשטאָפּטע נאָזלעכער און זיך מתנצל געווען:

„ראשית האָב איך גערעכנט, ר' מרדכי לייב, אַז איר קומט ערשט אָן מיטן „צוועלפער" און אַז איר פאָרט איבער פּרעראָו, והשנית בין איך עפּעס, לא עליכם, נישט בקו הבריאות. אַ שנופּפען... איינע ערקעלטונג"...

„עט, ר' ליפּא, איר זענט מיר געוואָרן אַ ייד־באַביצע", האָט ר' מרדכי לייב אַ מאַך געטאָן. „גו, רינט אייך פון דער נאָז.. מאַלע וואָס"!

„איין קאַטאַר, לא עליכם", האָט דער גבאי זיך געקנוילט. „אַזיסטן וואָלט איך אייך געוועזן אָפּגעוואַרט, ניכט וואַר? דריי טעג, אַז איך בין נישט אַרויס מפתח ביתי. אָבער, ברוך השם, ס'האָט שוין אָן אויסשטאַנד... ניכט וואַהר?"

ר' ליפּא, וואָס איז שוין היפּשע יאָרן אין ווין, האָט אַריינגעבראָקט דייטש־שע ווערטער אין זיין לשון, און האָט זיך אויך געפירט אַ ביסעלע „מאָדערנע", לויט דער צייט.

אַריינפירנדיק מרדכי לייבן אין דער גרויסער, באַלויכטענער עס־שטוב, האָט ער נאָך אַלץ געברייעט זיינס:

„יאָ, דאָס וועטער... נישט סטאַביל. ווי די אומשטענדן..."

מיטאַמאָל האָט ער אויפגעהערט פּאַנפּען, זיך דערמאָנט און אַ מאַך גע־טאָן:

„הכלל, מעריב האָט איר שוין געדאַוונט, ר' מרדכי לייב"?

„יאָ, אין צוג".

„טאָ גייט, זייט מוחל, זיך וואַשן און איר וועט גיין צום טיש. אגב", האָט דער גבאי אַ שמייכל געטאָן, „מיר'ן דאָ באַלד האָבן אַ שיינעם מזומן. אָבער גראָסאַרטיק! ר' משה קעשינעווער און ר' שמחה פּעשטער מיטן איידים זיינען דאָך דאָ".

„אַזוי? טאַקע גאָר אָנגעלייגט", האָט ר' מרדכי לייב זיך דערפרייט. „טאַ־קע גאָר חשוב"!

„זיי וועלן באַלד אַריינקומען. זיינען אין קלויז. עס קען גוט זיין, אַז מ'וועט נאָך היינט צוטרעטן מקבל־שלום זיין. כ'וועל אַליין דערנאָך צוגיין מיט אייך. ר' משה קעשענעווער איז אָנגעקומען נאָך אינדערפרי. און ר' שמחה איז נאָך דאָ פון נעכטן אָן. ניכט וואַהר"?

„גאָר חשוב"! האָט ר' מרדכי לייב איבערגעחזרט. „מ'וועט זיך זען מיט יידן, וועט מען זיך זען. פאָר דער רבונו של עולם און דערנאָך „ער" זאָל מאריך ימים זיין".

ס'האָט געמיינט אַזוי: צוליבן רבין וועט מען זיך דאָ קענען זען מיט יידן פון אונגאַרן און פון רומעניע. מען קומט דאָך אַהער פון עק־וועלט. נאָר דערביי

האָט ר' מרדכי לייב אַרויסגעלאָזט אַ זיפץ. און דאָס האָט געמיינט אַזוי: ווער ווייסט, צי זיי קומען אין פריידן, צי אין ליידן. די יידן פון בודאפעסט און קעשינעוו?

און ר' מרדכי לייב געדענקט דאָך יענע גוטע יאָרן, ווען מען פלעגט זיך טרעפן אין טשאָרטקאָוו מיט פריילעכע הערצער, און צו דער שמחה און צו דעם תענוג איז גאָר קיין גבול נישט געווען. ממש ס'חיות פון דער וועלט. עס ליגט אים נאָך אין טעם דער לעצטער שבועות אין טשאָרטקאָוו, ווען ער, ר' מרדכי לייב, און משה קעשינעווער (יונגעלייט געווען) האָבן אַרומגעטאַנצט זיבן מאָל אַרום דעם רבינס הויף. און ווער ס'האָט דאָס נישט געזען, דער האָט אין זיין לעבן קיין אמתע שמחה נישט געזען...

„נו, נו, ר' מרדכי לייב", האָט דער גבאי אים געמונטערט פון זיין פאַרטראַכטקייט. „נו, אָ, צוערשט גייט אַריין אין אייער חדר אַריין זיך מאַכן באַקוועם. ניכט וואַהר? און דערנאָך וועט מען זיך וואַשן... ביטע שיין"...

ר' ליפא גבאי איז נאָכגעגאַנגען ר' מרדכי לייבן עטלעכע טריט, געעפנט פאַר אים די טיר צום באַזונדערן צימער און תיכף ומיד זיך אומגעקערט. עס איז געווען אַ טעם דערביי. אין האַלב אָפענעם קאָרידאָר האָט ער דערזען זיין פרידאס קאָפּ. ער האָט געזען ווי זי לעקלט און פוצט זיך אין וועג אַריין, שטייענדיק פאַרן שפיגל, וואָס דעקט צו אַ האַלבע וואַנט. האָט ער זיך צוגעשאַרט, צוגעזייטלט אויף די שפּיץ־פינגער, און אַ פאָנפע געטאָן:

„און וואָס איז שוין היינט ווידער, וואָס? וואָס איזט ווידער לאָס, וואַס"?

„ניקס, הער גראָס־פאַפּאַ", האָט פרידאַ זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער שוועל אין איר גאַנצער גרויס, „ניקס".

„לויפסט שוין ווידער ערגעץ אין אַ „וואַריעטע", אַז ווערן זאָל פון אייך וואַריאַטן"! האָט ר' ליפא געזאָגט, קוקנדיק אויף זיין אייניקל מיט קרומע בליקן. „צי דו גייסט גאָר בומלען און טומלען און זיך שלאָגן מיט דרענגלער? אויב שוין גיין אין די גוייִשע וועגן, איז כאָטש טאָן דאָס, וואָס לאה האָט געטאָן. זי וועט כאָטשבי באַלד ווערן איינע מעדיצינערין, איינע דאָקטאָרין. איז כאָטש האַלבע לייד. ניכט וואַהר? און דו וואַס?"

פרידאַ און די לאה, וועלכע ער האָט דערמאָנט, זיינען צוויי אייניקלעך, קינדער פון זיין זון בעריש, וואָס איז אַוועק פון דער וועלט יונגערהייט. די צוויי מיידלעך כאָוועט זיך איצט ביי אים. די עלטערע, לאה, א שטילע און א בעל־מוח האָט זיך גענומען שטודירן, און זי ווערט באַלד אַ דאָקטאָרקע. דאָס איז כאָטש קיין בושה נישט. אדרבא, אַז מען וויל, איז עס אַ שטיקל כבוד אויך. אָבער די־אָ פרידא, די פריידל, — קוקט זי נאָר אָן מיטן רויטן פלאַשטש מיט די פּאַפּלעס האָר, ווי אַ בחור, און מיטן דאַרן נעזל, קוקט זי אָן! — זי לערנט אויך. אָבער וואָס אַזעלכעס, ווייסט מען נישט. עפּעס פילאָסאָפיע און שטותעריי. דערפאַר ווייסט מען שוין גאָר, אַז זי איז אַ „פאַרברענגטע" סאָציאַליסטקע, שלאָגט זיך אויס מיט אַלע סטודענטן, קריכט אַרום אויף פאַרזאַמלונגען, און, צו די צרות, ליגט זי נאָך איבער אין די אָפּערעס, אין די קאַבאַרעטן, טרינקט ביר און רויכערט ציגאַרעטן.

פון פרידא האָט ער צרות און יסורים און ס'איז אים אַ בושה פאַר לייט. מען שושקעט זיך דאָך, אַז זי שלעפּט זיך אַרום מיט עפּעס אַ שייגעץ, אַ פּראָסטן שלאָסער־יונג. ער, דער זיידע, האָט זיך זייער שטאַרק מצער געווען צוליב פרידאַס גענג. אַז זי נעמט דאָך און באַגראָבט בידים זייגע אַלע פלענער און קאָמבינאַציעס. און מיט די אייגענע הענט מאַכט זי אַ תל פון זיך אַליין. וואָלט זי זיך געהאַלטן האַלב־וועגס אין דער מעלה, וואָלט ער דאָך געפוגען פאַר איר די פיינסטע „פּאַרטי", ניכט וואַהר? אָט דאָ־אָ, טאַקע ביי זיך אין הויז, וואָלט ער דאָך געקענט ברעכן טעלער, אַריינכאַפּן פאַר איר אַ פיינעם בחור און פאַר זיך אַ שיינעם און נגידישן מחותן, ווי ס'קער צו זיין. דער רבי וואָלט אַריינגעוואָרפן ס'גוטיקע וואָרט און ס'וואָלט געגאַנגען ווי געשמירט. אָבער גיי שריי

חי וקיים, אַז אָט — נאָר זי לויפֿט! און דוקא פּונקט ווען ר' מרדכי לייב און ר' משהלע קעשינעווער און ר' שמחה הערץ זיינען דאָ. זיי האָבן מעזיניקלעך און אייניקלעך און מזומנים, און זוכן שיינע כלות ווי מיט ליכט. און נאָר זיי? אַנ־דערע זוכן דאָס אויך, ניכט וואָהר? יאָ!

„היינט אָוונט וואָלסטו געמעגט זיצן אינדערהיים. יאָ, פרידא?" איז ר' ליפּא געוואָרן אַ ביסל מילדער, „ניכט וואָהר? ס'איז כדאי, אַז... אַז מען זאָל דיך זען. די וועלט ווייסט, אַז כ'האָב אייניקלעך, מיידלעך־אַנטיקלעך, נאָר זען, זעט מען זיי נישט. נו, וואָס זאָגסטו? פֿילייכט וואָלסטו היינט דערלאַנגט צום טיש"?

אותו רגע האָט ר' מרדכי לייב זיך צוריק באַוויזן אין עס־שטוב, שפּאַנגנ־דיק געלאַסן, מיט געמאָסטענע טריט. ער האָט געוווישט די הענט אין אַ גרויסן טערקישן האַנטוך, וואָס איז ביי אים געווען פֿאַרוואָרפֿן איבערן אַקסל, געזאָגט ברייטלעך און הויך דעם „אשר יצר", פֿאַרקירעווענדיק זיך צום טיש.

פּונקט אין דער מינוט האָט פרידא אַרויפֿגעצויגן דאָס בערעטל אויפֿן קאָפּ, אַ שמאָרע געטאָן מיטן נעזל און געמאַכט אַ וויינשל מיט די ליפּעלעך:

„ווידערזען, גראָס־פּאַפּאַ... גוטע נאַכט די הערשאַפֿטן"...

„נו, נו, פֿריידעלע... אָבער זע, זיי צוריק באַצייטנס", האָט ר' ליפּא, באין ברירה, אָפּגעענטפֿערט, נישט וועלנדיק מאַכן קיין לייטיש געלעכטער. „גיי, גיי, אויב ס'איז אַזוי נויטיק... נו, מהיכי תיתי... גיי, ניכט וואָהר"?

מניה וביה האָט דער גבאי זיך אויסגעדרייט צו ר' מרדכי לייבן:

„ס'איז מיין אייניקל... פֿריידל... אַן אַנטיקל... איר'ט זי נאָך זען... אַ מיידל מיט אַלע מעלות... גאָלד מיט בריליאַנטן"...

„מע... מ... מניא", האָט ר' מרדכי לייב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „מ... מממ... מ.... המוציא לחם מן הארץ".

דערלאַנגט צום טיש האָט פתחיה דער געלער „טומטום", אַ בחור מיט אַ ווייבערישן קולכל, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַלגערט אַהער פֿון ערגעץ אַ שטעטל אין דער סלאָוואַקיי. ר' ליפּא האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ קעלנער און פֿאַר כל וכל ביי זיך אין הויז. אין אַ פּליושענער יאַרמולקע אויפֿן קאָפּ, די געלע שטייפֿע פּאות, אָנגעריבענע מיט זייף, פֿאַרשאַרט הינטער די אויערן, אין אַ ווייסן פֿאַר־טוך איבערן טלית קטן, האָט דער דאָזיקער פתחיה געטראָגן די טעלער מיט גע־קעכצן און אונטערגעטענצלט דערביי:

„צ'היט'צאַך ס'האָים! היצאַך! ס'האָים צ'היצאַך"!

דאָס האָט ער אַזוי געוואָרנט, אַז מען זאָל זיך היטן קעגן די הייסע שיס־לען זופּ, וואָס ער דערלאַנגט.

נאָך די ערשטע פּאָר לעפֿלען געקעכץ, וואָס ר' מרדכי לייב האָט גענומען, האָט ליפּא גבאי געוואָלט מיט אים פֿאַרפֿירן אַ שמועס, אַ טאַפּ טאָן „אין וואָגן" און טאַקע נאָכאַמאָל דערמאָנען זיין אייניקל פֿריידל, נאָר דאָ האָבן זיך דער־הערט טריט.

„ר' משה און ר' שמחה הערץ"! האָט דער גבאי אויסגערופֿן. „אָט־אָ"!

די שלום עליכמס זיינען געווען ברייטע, הויכע און וואַרימע:

„שלום עליכם, מרדכי לייבעניו, אַי־אַי"!

„שלום עליכם, משהלע! עליכם שלום!"

„שלום עליכם, שמחה, שלום עליכם!"

„עליכם שלום, וויי, וויי!"

„וואַ־וואַ! ס'מאַכט מען גוטס?"

„ס'מאַכט מען? וואַ־וואַ! טאַ־טאַ!"

ר' משהלע קעשינעווער, אַ קורצער און געפּאַקטער, מיט אַ שיינעם בייכל, מיט ראָזעווע בעקעלעך און אַ שפּאַקאָוואַטן בערדל, האָט זיך גאָרנישט געקענט אָפּרייסן פֿון ר' מרדכי לייבן. ער האָט אים געקלאַפּט אין פּלייצע מיט די פֿויסטן, געבוכצעט אים אין אַקסל, און זיינע גרויסע אויגן זיינען, פֿון פֿרייד, געשוואומען ווי אין אַ פֿעטער יויך.

— מרדכי לייבעלע סערצע, אַ געזונט. זע־זע! פון וואַנען האָסטו געוווסט? זע־זע! ס'עט שוין זיין וויל און גוט!"

די ווערטער זיינען ביי אים אַרויסגעקומען ווי מיט אַ געזאַנג, און ער האָט דערביי צוגעטופּעט מיט די פּיס.

ר' שמחה הערץ פּעשטער, ווידער, מיט אַ פּעך־שוואַרצער באָרד, פייערדיקע שוואַרצע אויגן און אַ שאַרפער אָדלער־נאָז, האָט בלויז אונטערגעברומט:

„ס"איז רעכט. רעכט. מר כי אתריה ומר כי אתריה... רעכט. רעכט".

עפּעס אַן אימה האָט ער אָנגעוואָרפן דער דאָזיקער אונגאַרישער גלאָז־פּאַבריקאַנט. מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל „מקובל", וואָס „עוסקט" זיך. משהלע קעשינעווער האָט פון אים צוביסלעך חוזק געמאַכט:

„אַז ער איז אַ פאַרויכערט שטיק גלאָז, אַ פינסטערס... ס'איז גוט דורך אים צו קוקן אויף אַ לקוי־חמה... אָבער קיין זון זעט מען נישט... און ס'הייסט נאָך שמחה, הייסט עס!.... צום־גדליה האָט מען דיך באַדאַרפט רופן!"

און ר' משהלע האָט גענומען רעדן, האָט ער שוין נישט אָפּגעלאָזט:

„נאָר נישט געזאָרגט. די וועלט וועט מיטן אויבערשטנס הילף זיין אַ וועלט. אַי דער רומענער, דער ציגיינער, גיט אַלעמאָל אַרויס נייע גזירות קעגן יידן? נו, וועלן זיי, אם ירצה השם, בטל ווערן! דו, פלאָקנשיסער!" האָט ער זיך אַ דריי געטאָן צו פתחיה דעם קעלנער „ברענג נאָר אַריין אַ ביסל „טאָקייער". תיקון, יידן, תיקון! איז וואָס זאָל איך דאָ ברייען אַ סך? דערווייל, כל זמן מען לאָזט, דרייען זיך נאָך מיינע דריי מילן. און דער וויין־מסחר איז נאָך אויך אַ מסחר. און ביי דיר, מרדכי לייבעניו, וואָס איז ביי דיר? ביי אייך דאָרטן אין דעם פּוילן, אין דעם „פּוילעניו"?"

ר' מרדכי לייב האָט צורעכט געמאַכט דעם צוויקער און אַ גלעט געטאָן די באָרד:

„מלכות הרשעה, פּוילן, איז נישט בעסער פון דיין רומענער. היינו הך... מען רייסט די הויט פון יידן... דאָס טאָרסטו נישט, ס'אַנדערע מעגסטו נישט און ס'דריטע זאָלסטו נישט. סאַמע לאווין... אפילו שחיטה ווילן זיי דאָך פאַרבאָטן".

„אַי, גו אָ!!!" האָט שמחה הערץ פּעשטער אַרויסגעברומט. „שאַ, אלמלא חשוכא לא אשתמודע נהורא. מ'מוז צוערשט ווערן טונקל... טונקל... כדי צו האָבן אמונה און בטחון. ווו איז בטחון ווו? יידן, בטחון"!

„צדק, צדק", האָט ר' משהלע אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ לעפל איבער אַ שיסל. „לאָמיר רעדן וועגן פריילעכע זאַכן. אָט זוך איך אַ חתן פאַר מיין מעזינקע. אַ מיידל אַ יפת תואר און מיט אַלע מעלות. און וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מרדכי לייב? שאַ־נאָר, וואָס טוט זיך ביי דיר?"

ר' מרדכי לייב האָט זיך אויף אַ מינוט פאַרקלערט און אַרויסגעלייגט דעם גאָפּל פון האַנט:

„נו, יאָ", האָט ער זיך ווי דערמאָנט, „מיין עלטסט אייניקל, מיין מאָטלם בכור, לוי, שטייט אין שידוכים. אַ בחור אַ כלי מפואר, א קאפירער אתרוגל".

„אם כן", האָט שמחה הערץ זיך ווידער אַריינגעמישט מיט אַ ברום. „איז נו, אָ?"

דער „נו־אָ" איז געווען אַ פּשוטער: איינער האָט דעם חתן, דער צווייטער די כלה, איז צי וואָסזשע קווענקלט מען זיך דאָ, צי וואָס?

אויף דערויף האָבן ביידע, אי ר' מרדכי לייב, אי ר' משהלע, געענטפערט מיט אַ גיכן „נו־נו". ס'האָט געמיינט: מהיכי תיתי און אדרבא. מ'וועט שוין אַ שמועס טאָן, וואָרום אפשר איז טאַקע באַשערט...

פּתחיה דער קעלנער האָט דערווייל געבראַכט אַ בייכיקן בוטעל מיט טאָקייער וויין. מ'האָט אָנגעגאָסן די גלעזלעך און ס'איז אַוועק אַ „לחיים" מיט אַ ברען. ליפּאַ גבאי האָט זיך צוגעשאַרט צום טיש, מיטגעשלעפּט נאָך אַ צוויי יידן, וואָס זיינען בעת מעשה אַריינגעקומען, און באַלד האָט זיך דערהערט אַ נייער ניגון מיט ווער־

טער, וואָס ר' משהלע האָט געבראַכט פון קעשינעוו. און אַ סברה, אַז די גראַמען האָט ער אַליין געמאַכט, מחמת ער איז אַ שטיקל בריה אין ברחנות אויך:

„אָט אַזוי, אָט אַזוי, כי לעולם חסדו.
פון בעסאַראַביע ביז קיין ווין
טוען יידן צום רבין ציען
כי לעולם חסדו...
מבסרביה עד לווינה
חדווה דיצה רינה...
כי לעולם חסדו
אָט אַזוי, אָט אַזוי כי לעולם חסדו“...

קאַפּיטל 14

# פאַרן צדיק הדור

דער „טשאָרטקאָווער" האָט אַריינגעשאַרט דעם „פּדיון" פון עטלעכע באַנקנאָטן אין אַ געגראַווירטער שקאַטולע אַריין, אַ קוק געטאָן אין דעם „קוויטל", וואָס ר' מרדכי לייב האָט אים דערלאַנגט, און עס אַוועקגעלייגט אין אַ זייט. ער האָט אַביסעלע אויסגעבויגן דעם קאָפּ, פאַרזשמורעט די אויגן און דורך שמאָלע שפּעלטעלעך געקוקט אויף מרדכי לייבן, וואָס איז געשטאַנען בדחילו ורחימו ביים ראַנד פון טיש.

דעם רבינס באָרד, גרוי און שיטערלעך, אויבן ברייט און אונטן פאַרענדיקט מיט אַ לענגלעכן שפּיץ, האָט לייכט אַ פלאַטער געטאָן. ס'האָט זיך דערהערט אַ קול, ציטערדיק און אָפּגעהאַקט:

— שם יתברך ט'העלפן. בטחון! הערסט, מרדכי לייב, וואָס כ'רעד צו דיר?

אַ ווײַלע איז דער רבי אַנטשוויגן געוואָרן און זיך אָנגעשפּאַרט אָן געשניצטן אָנלען פון געבעטן שטול. ער האָט פעסטער איינגעצויגן די צוקנדיקע אויגנדעקלעך און אויף זיין געלבלעכן פּנים מיט די שאַרפע קינבאַקן איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן אַ דין שמייכעלע.

ר' מרדכי לייב האָט דערפילט, אַז עס האַקט זיך ביי אים אונטער אַ קני. ער האָט געאָטעמט אומרואיק און שווער. דאָס שטילשווייגן איז געווען אַזוי טיף, אַז ער האָט געהערט דעם טיקטאַק פון רבינס בייכיקן, גאָלדענעם ירושה־זייגער, וואָס איז געלעגן אויף אַ קרישטאָלענער טאַץ. ער, מרדכי לייב, קען דעם דאָזיקן זייגער: ער איז נאָך פון רוזשינער, זכותו יגן עלינו; ער איז אַן אַנטיק. ער קלינגט אויס די שעהן און, ס'איז קיין סוד נישט, אַז אין אים איז פאַראַן אַ פאַרבאָרגענער קלאַנג, וואָס וועט זיך דערהערן פאַר שופר של משיח און וועט אָנזאָגן, אַז די גאולה קומט. דער „אַלטער" זכותו יגן עלינו האָט אַמאָל מרמז געווען, אַז ר' ישראלניו, טאַקע דער, פאַר וועמען ער שטייט אַציגד, פילט ווען דערדאָזיקער זייגער וועט אויסקלינגען מיט זיין פאַרבאָרגענעם קלאַנג... נישט נאָר פילט ער בחוש, נאָר ער ווייסט אויף קלאָר...

ר' מרדכי לייבס בליק איז אויך געפאַלן אויף דער פאַרזיגלטער גלעזערנער רער, אין וועלכער עס ליגן עטלעכע גרויע האָר, קוים צו כאַפּן מיטן אויג, דאָס זיינען דריי האָר פון בעל שם טוב הקדושס באָרד, אַ קליין לעמפּל האָט געוואָרפן אַ מאַטע שיין אויף דער גלעזערנער רער פון וועלכער ס'האָט געווייעט מיט סוד. אַ סברה, אַז צווישן דעם גאָלדענעם זייגער און דער גלעזערנער רער איז דאָ אַ קשר און אַ שייכות, ווענן וואָס מען רעדט בלויז אין דער שטיל... ווען דער זייגער וועט קלינגען מיט יענעם רעכטן קלאַנג, וועט זיך עפענען די רער און עס וועלן זיך רירן די האָר: דער אָנזאָג פון תחית המתים; און נאָך און נאָך...

— מרדכי לייב — האָט דער רבי זיך מיטאַמאָל ווי אויפגעכאַפּט — וועסט אַקערן און זייען און שניידן. 'שם יתברך ט'העלפן. ס'ווילכעווער גוט איז נאָך אַלץ אַ גוט. סט'געמיינט שוין הפקר? נישט הפקר! פאַראַן אַ יסוד. הערסט, מרדכי לייב?

— יאָ, רבי.

— און ארץ ישראל איז אוודאי און בפירוש דער גרעסטער ענין! — האָט

דער רבי אַ מאַך געטאָן — און כ'וואָלט אַליין אויך געוואָלט גיין. אוי, געוואָלט, וואָלט איך שוין געוואָלט!

דער רבי האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, ווי ער וואָלט איצט געוואַרט אויף דעם באַהאַלטענעם קלאַנג, געוואָרפן אַ בליק אויף דער גלעזערנער רער מיט די האָר, און ביי ר' מרדכי לייבן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דאָס האַרץ... אפשר, אפשר נייגט דער רבי שוין אַן אויער? ווער ווייסט? נישט איינמאָל האָט ער דאָך אַליין מרמז געווען, אַז עקבתא דמשיחא איז נאָענט, און דערנענטערט זיך....

— אַי, וואָלט איך געוואָלט! — האָט דער רבי איבערגעחזרט, אָבער איצט מיט אַ זיפץ — נאָר נעמען און איבערלאָזן מיינע יידן אַזוי־אָ? זיץ איך און וואַרט און זוך, און כ'אַר און כ'היט. וואָרין, כאָטש ער זאַמט זיך, וועט ער דאָך קומען. כ'היט און כ'אַר יעדן טאָג. און... און... כ'קוק אויף די ווייזערס... הערסט?

ס'איז געווען אַ פרישער רמז, אַז דער רבי וואַרט אויף דער גאולה קרובה און איז מכוון די שעה. ר' מרדכי לייבן איז געוואָרן היים און קאַלט און ווידער היים איבערן גאַנצן געביין.

— וואָסזשע? 'עסטו, מרדכי לייב, כאַפּן די פיש פאַר דער נעץ? וועסט, מרדכי לייב, נעמען און איבערלאָזן דיינע יאַנעווקער יידן און הייט־הייט, איידער מ'אָמיר נאָך געהערט אַ שאָרך?

— ביזט משיג, מרדכי לייב?

— יאָ, רבי. אָבער מיין דוד שרייבט פון ארץ ישראל, אַז...

— כ'ווייס! כ'ווייס וואָס ער שרייבט! — האָט דער רבי זיך אַ וויג געטאָן אין שטול — ער רופט דיך אַהין. און פאַרוואָס זאָל ער דיך נישט רופן. אוודאי דאַרף איינער רופן דעם אַנדערן. כ'ווייס, כ'ווייס.

דער רבי האָט אָנגעוויזן מיט אַ ווייסן לאַנגן פינגער אויף דודס בריוו, וואָס מרדכי לייב האָט געהאַט אַוועקגעלייגט אויפן טיש און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— לאָז איבער דעם בריוו ביי מיר. דער בריוו איז דאָך, אַז מען וויל אַ חותם, אי שורש, אי ניגון, אי תפילה... און תפילה איז דאָך אהבה. די גרויסע ליבשאַפט צום באַשעפער. יתברך, און צו יידן, און טאַקע צו באַשעפעניש. אהבת הבריות! ס'אַ מדרגה. און צו מדרגות דאַרף מען זיך רייסן. נו, דער אויבערשטער ט'העלפן. בלייבסט דאָך צו סעודה פורים. קום־זשע אַריין שושן פורים זיך גע־זעגענען.

— יאָ, רבי.

— גיי לחיים ולשלום.

נאָכן „פּראַוועז" זיך און נאָכן שמועס מיטן רבין איז ר' מרדכי לייב געווען שטאַרק צעחושט. אין זיין געמיט — אין גאַנצן געביין, אין דער נשמה, אין האַרץ — האָט זיך גערודערט ביז גאָר.

כדי תופס צו זיין און גוט צו צעקייען וואָס דער צדיק יסוד עולם האָט גע־זאָגט סיי בפה מלא, סיי דאָס, וואָס ער האָט געגעבן אָנצוהערן בדרך רמז, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אינדרויסן אַרויס אויף אַ שפּאַציר. ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, אָבער אויף דער „פּראָמענאַדע" און אויף די זייטיקע גאַסן אַרום איז נאָך געווען גאַנץ לעבעדיק. ר' מרדכי לייב האָט געשפּאַנט פּאַמעלעך איבערן טראָ־טואַר, ביים ראַנד, פּאַזע די נאַקעטע אַקאַציע און קאַשטאַנען ביימער, פון צווישן וועלכע ס'האָבן אַרויסגעפינקלט באַהאַלטענע לעמפּעלעך. ער האָט זיך געהאַלטן אָן אַ זייט, כדי קיינער זאָל נישט מבלבל זיין דעם געדאַנק. בעת מעשה האָט מרדכי לייב דערפילט, אַז אַ וואַרעמקייט גייט אויף טיף אין אים. און פון וואַ־נען נעמט זיך דאָס? — זאָג, אַז דאָס נעמט זיך פון דער גרויסער לויטערקייט, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך בעת ער האָט געקוקט אין רבינס צורה; און אויך פון דער ליכטיקייט פון „זיינע" רייד, מיט וועלכע ער האָט זיך אָנגעטרונ־קען, שטייענדיק ביים הייליקן קוואַל...

און די לויטערקייט און די וואַרעמקייט זיינען דאָך חיזוק, שטאַרקונג — וואָרים זיי טוען שטאַרקן די אמונה, אַז דער פאָטער אין הימל, דער כל יכול,

מזדווג זיין, בכל נפשך, מיטן גאַנצן נפש, כדי דאָס לעבן זאָל האָבן אַ טעם. און פון אהבת הבורא יתברך דערגרייכסטו די מדרגה פון אהבת ישראל און אהבת הבריות און דו גייסט מיט זיבערע טריט. און אויב אַזוי, איז וואָס מיר ווילכע־ווער „גוט“, ווער מיר חומר, און וואָס מיר ריווח און היזק, און וואָס איז דער גאַנצער טאַראַראַם? וואָס איז דער רעש, ווען די גאולה איז קרובה לבוא און דער גאָלדענער זייגער וואַרט? קודם כל תכלית פּאַר דער נשמה, דראַפּע זיך אַרויף, אַרויף און דער גוף וועט שוין ממילא אַריינכאַפּן דאָס, וואָס ער דאַרף, קודם גרייט צו די נשמה, אַז זי זאָל ווערט זיין אויפצונעמען יענעם קלאַנג...

ר' מרדכי לייב האָט געשפּאַנט אַרונטער־צו, מיט דער אַלייע, און בהיסח הדעת זיך פאַרקירעוועט אין אַ טונקל געסל אַריין. פאַרזונקען אין רעיונות, האָט ער נישט געוווּסט ווו ער איז און כמעט נישט געהערט דעם געפּילדער און די לידלעך, וואָס האָבן זיך געריסן פון שענקן און פון אָרימע דירות אין דרויסן אַרויס. מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיין און זיך מער נישט געקאָנט רירן פון אָרט: אַ כאָפּטע שכורע הולטאַיעס, יונגע און מוידן, האָבן אים פאַרשפּאַרט דעם וועג.

— יודע פערעקע! — האָט איינער פון די חברה־לייט אויסגעשריען — יודע, ס'קומט דיין סוף!

— הייל היטלער! — האָט אַ מויד אַרויסגעקוויטשעט — הייל היטלער!

— הייל — האָבן זיך אַלע צעבילט — הייל!

די צעיאַכמערטע מויד האָט אַ פּאַכע געטאָן מיט שירעמל און עס אַרונ־טערגעלאָזט אויף ר' מרדכי לייבס קאָפּ:

— היטלער וועט אונז ראַטעווען פון דיר!

אַ פריטשמעליטער איז ר' מרדכי לייב געשטאַנען און נישט געוווּסט וואָס מען שרייט און וואָס מען וויל. שאָטנס האָבן אים געטאַנצט פאַר די אויגן און ער האָט גאָרנישט געזען און געהערט.

און אַזוי האָט ער אויך נישט געזען ווען און ווי אַזוי די כאָפּטע האָט זיך אָפּגעטראָגן און אַוועק. אין זיינע אויערן האָט אָבער געקלונגען איין נאָמען, איין וואָרט „היטלער“ און ס'האָט געבוירערט ווי אַ שרויף. ער, ר' מרדכי לייב, האָט געוווּסט, אַז אין דייטשלאַנד בושעוועט אַרום עפּעס אַ צורר־היהודים, בילט און שימפּט, וויל ווערן דער מושל, און זאָגט־צו, אַז ער וועט עוקר מן השורש זיין אַלע יידן, יונג און אַלט. אויך אַהער קיין עסטרייך, קיין ווין, האָט דאָס חולאת זיך אַריינגעכאַפּט. משמעות, אַז די דאָזיקע הפקר־יונגן, וואָס זיינען אים איצט באַפאַלן, זיינען פון דעם קמח־שמוניקס כח. ער שטאַמט דאָך, הייסט עס, פון הי, דערדאָזיקער הונטסוואָט און שונא ישראל, וואָס וויל אויפרודערן די וועלט. וועט זי שווייגן, די וועלט, און אים לאָזן בושעווען? איז געמאָלט, אַז אַ גרויסער בראַנד זאָל אָנגעצונדן ווערן פון איין עק ביזן אַנדערן?

ר' מרדכי לייב האָט זיך איצט געפעדערט צוריק צו זיין אכסניה און, שפּאַ־נענדיק אינדערגיך, געצויגן אַ גערדאַנק: און מי יודע? אויב ס'איז איצט טאַקע די צייט פון חבלי משיח, איז געמאָלט, אַז גרויסע סכנות און גרויסע פינצטער־נישן זאָלן אַראָפּנידערן, איידער ס'וועט אויפגיין דאָס גרויסע ליכט... ס'איז גע־מאָלט...

און ווייל ער האָט זיך געשטאַרקט און געגלויבט, אַז מנצח זיין וועט, סוף כל סוף דאָס ליכט, האָט ער זיך נישט־וויסנדיק געמאַכט און פאַרשוויגן די גאַנ־צע מעשה מיטן איבערפאַל, ווען ער איז אָנגעקומען צוריק צו ר' ליפּא גבאי אין הויז אַריין.

— מרדכי לייבעניו, ווו ביזטו, ווו? — איז אים ר' משהלע קעשינעווער אַנטקעגנגעלאָפן — ווו ביזטו נעלם געוואָרן? ביזטו געגאַנגען הוליען איבער ווין? זיי זיך מודה! טי, די, די דאָס—באָם! הוליאַקע, דראַבויהאַי, זאָג אוים! בים־באָם־באָם!

ר' משהלע האָט אונטערגעזונגען, צוגעקנאַקט מיט אַ פינגער און איז גע־וועזן שטאַרק אויפגעלייגט:

— קום אַהער, מרדכי לייב — האָט ער אים אַ שלעפּ געטאָן — כ'וויל מיט דיר רעדן תכלית. אָפענע דיבורים. געפעלסט מיר פאַר אַ מחותן. כ'וויל דיין אייניקל פאַר אַ חתן, וויל איך. „ער" זאָל לעבן האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז אַ גלייכע זאַך, איז עס. דיר וועט „ער" עס אויך זאָגן. מען דאַרף זיך מיישב־זיין וועגן אַ צונויפפאָרעכץ.

גערעדט האָט ר' משהלע און ר' מרדכי לייב האָט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— הערסטו, מרדכי לייב, וואָס איך טראַכט? אַזוי ווי קיין קעשינעוו וועט איר זיך דאָך נישט שלעפּן, און אַזוי ווי איך דאַרף זיין אין לעמבערג, איז מיר איינגעפאַלן, אַז אם ירצה השם נאָך פסח, סאַמע ל"ג בעומר, זאָל איך קומען מיט מיין כלה־מיידל אַהין, קיין לעמבערג, הייסט עס. און דו, מצדך, וועסט אַהין אַריינקומען מיט דיין אייניקל דעם חתן־בחור, און מיט דיין איידים שמריה. ווי הייסט ער, דער בחור? לוי, האָסטו געזאָגט? די כלה הייסט גאָלדע ברכה... עס איז רעכט, איאָ?

איידער וואָס־ווען איז דער ענין געווען פאַרטיק, און מ'האָט שוין ווידער געטרונקען „תיקון" און זיך משמח געווען.

די אמתע שמחה איז ערשט געקומען פורים, ווען ר' מרדכי לייב און משה־לע קעשינעווער זיינען געזעסן ביים רבינס טיש, ביי דער גרויסער סעודה, וואָס איז היי־יאָר געווען וואַזשנער און ברייטער, ווי אין די אַלע יאָרן, וואָס דער טשאָרטקאָווער זיצט אין ווין.

די „קלויז", וואָס דער רבי האָט ביי זיך אין הויז, איז געווען געפּאַקט שוין פון מיטן טאָג אָן. נישט נאָר האָט מען דאָ געזען יידן מיט שטריימלעך, וואָס זיי האָבן געבראַכט היגטער די פּאַלעס און זיי אָנגעטאָן אין פירהויז, נאָר ס'האָבן זיך אויך געוואָרפן אין די אויגן „טייטשעלעך" און צילינדערס, מיט געגאָלטע בערד. זיי זיינען „חסידים", זיינען זיי, האַלטן פון רבין אַ געוואַלט, און „ער" זאָל לעבן האַלט פון זיי. דיזאָזיקע „דייטשוקעס", שמועסט מען, זיינען מענטשן מיט מידות טובות, און זייערע יידישע קישקעס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן, ווי איר קוקט זיי אָן...

די „קלויז" האָט געפינקלט פון כלערליי מנורות און לאָמפּן און לעמפּעלעך, און די שיין האָט זיך געכוואַליעט אויף דער סטעליע און איבער די ווענט. די שמחה האָט מען ממש געקאָנט אָנטאַפּן מיט די הענט.

דער גרויסער טיש, וואָס איז געווען געדעקט פון איין עק קלויז ביז אין אַנדערן, איז געווען פאַרשפּרייט מיט פאַרבלענדיקע טישטעכער און אויף זיי טייערע כלים, גאָלד און זילבער און בורשטין און קרישטאָל; וכלים מכלים שו־נים, טאַקע ווי אין דער מגילה שטייט. און דער פורים־קוילישט, וואָס איז גע־לעגן אין סאַמע מיט, איז געווען גרויס ווי דער לויתן, געפלאָכטן מיט טורעמס און טורעמלעך... ער האָט פאַרשמעקט מיט זיינע ראָזשינקעס און געלעכלעך און זאַפראַן. אַ קויליטש — אַ רמז, אַ ווונק...

ר' מרדכי לייבן און ר' משהלען האָט יששכר־בער, דער טיש־גבאי, דער כדרן און הויפּט־סאַרווער, אַוועקגעזעצט איינעם לעבן אַנדערן ביים רבינס לינ־קער האַנט. ס'איז געווען אי כבוד אי אַן אָנצוהערעניש...

ס'האָט געדויערט היפּשלעך לאַנג ביז דער רבי איז אַרויסגעקומען פון זיין הדר מיוחד און געגאַנגען צום טיש. פון נאָך מעריב אָן האָט מען לאַנג געוואַרט. די געהויבענע חסידים, מקורבים, בכבודיקע יידן, אורחים, פון הי און פון ווייט, זיינען שוין לאַנג געזעסן אויסגעזעצט, און אַרום איז מען געשטאַנען אין ענג־שאַפט, קאָפּ אויף קאָפּ, נאָר די טיר פון חדר מיוחד האָט זיך נאָך אַלץ נישט געעפנט און אַלע אויגן האָבן זיך כסדר געריסן אַהין. יינגלעך האָבן צוגעלייגט אַן אויער און אַן אויג צום שליסל־לאָך, איבערגעגעבן וואָס זיי זען און הערן, און עלטערע לייט האָבן צו זיי נאַקיוועט מיט די פינגער, געמוסרט, געוואָרנט און

דערביי הנאה געהאַט. געאיילציקע יידן, די „יודעי־חן“, האָבן זיך איבערגעווונקען: „ער“ זאָל לעבן איז מסתמא מכוון טיפע כוונות, עוסקט זיך און גרייט זיך דאָרטן, אויף יענער זייט וואַנט... צו עפּעס גרויס, גרייט ער זיך...

מיטאַמאָל איז איבערגעלאָפן אַ געוויש איבער דער גאַנצער קלויז:

— מאַכט אַ וואַרע, פּנו דרך, אַ וואַרע מאַכט! דער רבי! דער רבי!

ר׳ ליפּא לייב גבאי האָט געעפנט די טיר און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער רבי, אין גרויסן שטריימל מיטן אויפגעשטעלטן פּליושענעם וועדל, ווי אַ שפּיץ פון אַ קרוין, דער געבלימטער, אַטלעסענער כאַלאַט האָט געשיינט ווי אַ מלכותדיקע דעליע.

— שושנת יעקב, צהלה ושמחה, בראותם יחד תכלת מרדכי — האָט דער עולם אָנגעהויבן זינגען אַ פריילעכן מאַרש, זיך אויסגעשטעלט אין שפּאַלירן, לאָזנדיק אַ דורכגאַנג פאַרן רבין — תשועתם היית לנצח ותקותם בכל דור ודור...

מיט געמאָסטענע טריט איז דער רבי געגאַנגען צום טיש, צו זיין שטול, און הינטער אים דער זון און אייניקלעך, אין שטריימלעך און אין סויבעל־ספּאָדיקעס.

— אוי, ברוכים כל הצדיקים — האָט זיך געהויבן דאָס געזאַנג — אוי, כל הצדיקים ברוכים.... ברווווווכים...

מער ווי אַלע יאָר האָט דער רבי דאָסמאָל „געזאָגט“ ביי דער סעודה, און רייד האָבן זיך געפלאָכטן אין רייד. באַלד נאָך די פיש מיט ראָזשינקעס האָט זיך דורכגעטראָגן אַ „שאַ־שאַ“ און תיכף האָט זיך דערהערט דעם רבינס קול:

— פאַרוואָס עפּעס ותקותם בכל דור ודור? איז משמע, אַז אין יעדן דור שטייט אויף אַ המן, וואָס וויל אונז פאַרלענדן, רחמנא לצלן. וואָלט דאָך אין יעדן דור באַדאַרפט זיין אַ נייער, עקסטערער פּורים פאַר די נייע עקסטערע סכנית און יסורים און פאַר דעם נייעם נצחון און פאַר דער נייער שמחה? איז דער תירוץ, אַז ביים מסדר־זיין דעם ערשטן פּורים האָט מען שוין איניזינען געהאַט און אַריינגענומען אַלע פּורימס און נצחונות, וואָס וועלן קומען און קומען און וואָס זיינען באַשערט...

אויגן האָבן זיך איבערגעקוקט. משמעות, אַז דאָס איז אַ ווונק אויף נייע פּורעניותן, וואָס רוקן זיך אָן. וואָרים אָן דעם איז דאָך קיין נצחון און קיין שמחה נישטאָ...

ר׳ דן, דער חזן, וואָס איז געשטאַנען הינטערן רבינס שטול, אַ פינגער ביי דעם גאָרגל, גרייט אָנצוהויבן אַ נייעם ניגון, צווישן די פיש און די קרעפּלעך מיט יויך, האָט זיך שוין אויסגעהוסט און געלאָזט הערן דעם ערשטן „באָם“. נאָר דאָ האָט דער רבי אויפגעהויבן דעם גאָפּל און אַ טייטל געטאָן:

— למנצח על אילת השחר... קעגן וואָס איז דער פּסוק געזאָגט געוואָרן? דאָס איז געזאָגט געוואָרן אויפן דור פון מרדכי און אסתר. ביינאַכט, כאָטש עס איז נאַכט, זיינען פאַראַן די לבנה און די שטערן און די מזלות. אָבער ווען איז גאָר שטאַרק פינצטער? איידער עס גייט אויף דער מאָרגנשטערן. די לבנה טוט זיך אָפּ, די שטערן לעשן זיך אויס און די מזלות גייען אַוועק. אין יענער שעה איז די גרעסטע פינצטערניש. אָבער אין יענער שעה איז קודשא בריך הוא זיך מרחם און לאָזט אַרויס דעם מאָרגנשטערן און ער באַלייכט די וועלט. און דעמאָלט איז „שחר“. ערב שחרית. און „שחר“, וואָס איז מאָרגנשטערן, איז אויך דער טייטש קלאָרקייט און שכל. וואָרין דאָרט ווו שכל און קלאָרקייט, דאָרט איז ליכטיקייט. טוט זיך אָפּ די קלאָרקייט און דער שכל פון די אומות העולם, ווערט ביי זיי וימש חושך; ווערט גרויס פינצטערניש, ווי איידער דער מאָרגנשטערן גייט ווידער אויף... און ווען השם יתברך באַרעכנט זיך און הויבט ווידער אָן באַלייכטן די וועגן, קומט ווידער דער „שחר“. דער שכל גייט אויף... דאַן נידערן אַראָפּ ישועות ונחמות... דאַן איז פּורים... ששון ושמחה...

איז דאָס אַ וואָרענונג? אַ טרייסט? צי ביידע באַגלייך? שווער געווען תופס צו זיין.

מ׳האָט שוין געטראָגן די שיסלען קרעפּלעך מיט יויך און דער חזן, ר׳ דן,

האָט איבערגעזונגען שטיקלעך „קרובץ“ און האָט זיך געציקלט, צוגעבנדיק היי׳ און פייער צו זיינע משוררים:

— אָז מאָז כחו... יודע נגן...

דאָס חידוש איז געווען גרויס, למאי דער רבי האָט הייאָר כמעט נישט אי־בערחזרט די פורימדיקע ווערטלעך פון רוזשינער זיידן, און למאי ער האָט קיין איינענע נישט געזאָגט, ווי זיין שטייגער איז.

צופיל אַריינקלערן האָט מען נישט געקענט. מיט אַ גרויסן געפילדער זיינען אַריין פון דרויסן אַ חברה „פאַרשטעלערס“ אָנגעטוענע ווי דייטשע יעגערס, ווי דראַגונערס און הוזאַרן. און נאָך זיי קלעזמאָרים און זינגערס און לצים, מיט גלעקלעך און בלעכלייך קלאַפּערגעצייג. מיט אַ גרויסן ראַזמאַך האָבן זיי אויפגע־שפּילט אַ „וויוואַט“ און אַ פרייליכן „קאַפּערוש“. צוויי פון די יעגערס האָבן זיך אַרויסגעשטעלט אויף אַ באַנק און אָנגעהויבן זאָגן שטיקלעך פון דער מגילה אויף דייטש:

— „דער קעניג שפּראַך צו האַמאַן: אייל, אונד נים דאַס קלייד אונד ראָס ווי דו געזאַגסט האַסט, אונד טו אַלזאָ מיט מאָרדאָכאַי דעם יודען, דער פאַר דעם טאָר דעם קעניגס זיצט...“

— „וואָס ביטעסט דו, דאַס מאַן דיר געבע, און וואָס פאָדערסט דו מעהר, דאַס מאַן טוע?...“

דער רבי האָט צוערשט אַ שמייכל געטאָן, דערנאָך זיך צעלאַכט און אַ פּליעסקע געטאָן אין די הענט. האָבן תיכף הונדערטער הענט געענטפערט מיט געפּליעסקעריי:

— „וואָס פאָדערסט דו מעהר דאַס מאַן טוע...“

און ווי אַ געהעריקע תשובה, זיינען געקומען גרויסע דעמיאָנעז און בוט־לעס און גראַפינעז מיט ווייסן וויין, מיט רויטן וויין און אַ פעסעלע מעד:

— דאַס!... דאַס מאַן טוע, דאַס! והשתיה כדת... דאַס!

— „אין אונס“ מיינט, אַז איינס איז קיינס. מיינט, אַז מען דאַרף אַ גרויס און נישט קיין קליינס...

נאָך די ערשטע כוסות האָט אַרום טיש זיך אויסגעפּלאַכטן אַ קייט — פון הענט און אַקסלען, וואָס האָבן זיך צעוויגט אין אַ טאַנץ. ס׳האָבן זיך גע־שאָקלט שטריימלעך און צילינדערס און באַניאַקעס און יאַרמולקעס. און איבער אַלע — דער רבי, אין זיין שטול, וואָס צוויי פאָר הענט האָבן געהאַלטן אין דער הויך. דעם טאַנץ האָט געפירט ר׳ משהלע קעשיניעווער. דער סאַפּאָדיק פאַררוקט אין אַ זייט, ס׳פּנים אָנגעצוויקט, רויטלעך, די אויגן פאַרגלייזט, האָט ער מיט־געשלעפּט ר׳ מרדכי לייבן ביים גאַרטל, זיך געקלאַמערט אָן אים און געטופּעט מיט די פיס:

— אַנו, אַ גיי, אַנו, אַ דריי! צהלה ושמחה!

ר׳ מרדכי לייב האָט זיך מיטגערוקט און נאָך זיך נאָכגעשלעפּט אַ דייטש אין אַ צילינדער, וועמען מ׳האָט טיטולירט הער „באַראָן“; באַראָן פאָן בעה־מערוואַלד, אַ באַנקיר.

— לעבעדיק, באַראָן, לעבעדיג! — האָט ר׳ מרדכי לייב אים געצויגן ביי אַ פּאָלע פון פּלינגל־ראָק, — שטעל אַ פּיסל, באַראָן.

דער באַראָן, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט רויטע וואָנסעס, האָט געדרייט דעם לאַנגן האַלז אין שטייפן קאָלנער, און געשנאַלצט מיט דער צונג:

— דאָך, דאָך! שריט, שריט, איך האַלט דאָך מיט...

און צווישן דעם באַראָן און די אַלע געהויבענע יידן האָבן זיך גערוקט און אונטערגעטענצלט אָרימע „הוזירערס“, וואָס פאַרקויפן כל׳ע מיני דראָביאַסטן און שמאָכטעס איבער ווינער קאַפע־הייזער; „פּעקל־טרעגערס“, וואָס האַנדלען איין אַפּפאַל און יתור ביי ווינער שניידערס און קירזשנערס; קליינע קרעמערלעך, גענעלן, באַלמעלאָכעס און סתם אָרימעלייט פון „קלויסטערנייבורג“ און „לע־אָפּאָלדשטאַט“, די יידישע באַצירקן פון ווין..

—בראותם יחד! — האָט משהלע קעשיניעווער קאָמאַנדירט...

— תכלית מרדכי — האָט מרדכי לייב געענטפערט — חי! חי!

ס'האָט שוין געשאַריעט אויף טאָג, ווען ר' מרדכי לייב און ר' משהלע, הענט פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען, האָבן זיך געלאָזט, איינאייינעם מיט ליפּא גבאי, אַהיים אין דער אכסניא אריין. ווין האָט געדרימלט גרוי און בלוי און קיל. די „פּראָמענאַדע" האָט זיך געהילט שלעפעריק און שטיל.

ר' משהלע קעשיניעווער האָט זיך מיטאמאָל אָפּגעשטעלט:

— נו, מרדכי לייב? נו, מחותן?

— ס'עט זיין רעכט... רעכט — האָט ר' מרדכי לייב געענטפערט — נייער כוח... נייער כוח אין די ביינער... און חדווה און גבורה און הרחבת הדעת... משהלע, ס'עט זיין רעכט... יידן וועלן זיין יידן, אם ירצה השם.

— יידן וועלן זיין יידן, מחותן! — האָט ר' משהלע געפּליעסקעט אין די הענט — זאָל ווין הערן! זאָל גאַניז ווין הערן און נשתומם ווערן! חדש ימינו כקדם!

קאַפּיטל 15

# דער ערשטער צוזאַמענשטויס

אין אַ פאַרנאַכט האָט זיך דערהערט אַ לייכטער קלאַפּ אין טיר פון לויס שלאָפצימער.

— אריין... ביטע — האָט לוי געענטפערט פון בעט הייזעריקלעך.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן יוכבד, די דינסט, מיט אַ זילבערנער טאַץ אין האַנט.

— טיי? — האָט זי געפרעגט מיט דרך־ארץ און אין פאַרלעגנהייט — יאָ?

— ביטע, ביטע — האָט לוי ארויסגעלייגט דעם באַנד פון היינעס לידער אין וועלכן ער האָט ארייַנגעקוקט, אַרומגעבונדן דעם כאַלאַט און זיך אויפגע־זעצט — אַ שיינעם דאַנק, יוכבד...

די דינסט איז צוגעקומען נענטער צוגערוקט אַ טישעלע און אַוועקגע־שטעלט די טאַץ מיט כלערליי כלים: קריגעלעך, שאָלן, לעפעלעך און גאָפּעלעך.

— איר ווילט מיט לימענע? — האָט זי געפרעגט פאַרענדיק זיך מיטן טיי־סערוויס — צי מיט מאַלינע־סיראָפּ? מיט מאַלינעס איז זייער גוט צום קאַ־טאַר מיט 'שפּעקט צו מעלדן...

— ביטע, יוכבד, זאָל זיין מיט וואָס ס'איז בעסער...

— אונזער מאַלינע־סיראָפּ איז ווי אַ פּאַטיקע... געדיכט און זאַפטיק. ד בעסטע רפואה. ס'נעמט אַוועק ס'חולאת ווי מיט דער האַנט, 'שפּעקט־צו־מעלדן.

— האָט די דינסט ווייטער געצויגן, אַריינרעדנדיק אין טשייניק, פון וועלכן ס'האָט געזעצט אַ פּאַרע — אין אַ טאָג־צוויי וועט איר, מיט גאָטס הילף, זיך בעסערן. איר'ט צ'עך אויסשוויצן, פשעפּראַשאַם, און ס'עט אַוועק פון וואַנעט ס'איז געקומען, צו אַלע וויסטע פעלדער און פוסטע וועלדער. ס'אַן אונטערגאַנג אין די איצטיקע פּאַסקודנע וועטערן קריגט מען קאַטאַרן מיט 'שפּעקט־צו־מעלדן אָט רעגנט און אָט גייט אַ שניי. מאַרצאָווע פיגלעס. איצטער פאַלן שוין נאַסע, ווייסע פּליאַכעס, ווי ס'וואָלט געגאַנגען צו חנוכה און נישט צו פּסח. האַלב יאַנעוועקע ניסט און הוסט און פּרייכט און סטענקעט מיט 'שפּעקט־צו־מעלדן. אָבער ווען די פייגעלעך וועלן באַלד אָנהייבן שפּילן, וועט צוריק ווערן אַ מחיה און לעבעדיק אויף דער וועלט...

רעדנדיק האָט זי אָנגעגאָסן אַ גלאָז טיי, אַריינגעגעבן מאַלינע־סיראָפּ, גע־קלויצעט, אויסגעמישט און דערלאַנגט לוין אויף אַ טאַץ.

-- ס'זאָל זיין צו רפואה און צו געזונט...

— אַ דאַנק, יוכבד...

איידער לוי האָט באַוויזן צו נעמען דאָס ערשטע לעפעלע צום מויל, האָט ער אין דער זייט, אויף דער שאָל, באַמערקט אַ פאַרקלעפּטן בריוו.

— וואָס איז דאָס, יוכבד? — האָט ער אַ פרעג געטאָן אַ פאַרחידושטער

— ווער איז דער בריוו?

— נו, פאַר אייך... נו, פאַרוואָס נישט? — האָט אין יוכבדס קלוגע אויגן אַ טאַנץ געטאָן אַ פרייל עכער שמייכל — פון פרייל ן...

די נידעריקע, פּוכלע יוכבד מיטן קוטשעראַוון, קופּער־רויטן קאָפּ־האָר, און מיטן ווייסן, פּעכלענדיקן פאַרטוך, האָט זיך אַוועקגעדרייט נישט וועלנדיק ברענ־גען לוין אין אַ פאַרלעגנהייט.

— כ'על אָנצינדן דעם לאָמפּ — האָט זי אַ מאַך געטאָן — ס'ווערט שוין טונקל. און לייענען אין דער טונקל איז נישט געזונט פאַר די אויגן...

— אָבער יוכבד, ווער האָט געבראַכט דעם בריוו?

— ניוניע... ניוניע־דער־ראָצער, דער לערן־יונג ביי הענעך שוסטער... ביי הענעך ווינאָקור, פּשעפּראַשאַם... — האָט זי זיך צוריקגעכאַפּט — ס'איז פון איר... פון פרייל'ן... ניוניע האָט מיר געזאָגט, אַז מען דאַרף איבערגעבן גלייך צו אייך און נישט צו קיינעם אַנדערש... איך פאַרשטיי אַזעלכע איידעלע, דעליקאַטנע זאַכן... און דער ראָצער, מיט 'שפּעקט־צו־מעלדן, האָט מיר ניש' באַדאַרפט אַנזאָגן דאָס זענען סעקרעטן און געפילן. אוי, מאַמעלעך! ס'איז ווי שטייט אין די... איז די, פּשעפּראַשאַם... כ'שיט שוין ווידער אַ שניי... ס'עט נאָך זיין אַ וואַזשנע זאַווערוכע...

איצט האָט לוי פאַרשטאַנען למאַי זי, יוכבד, האָט אַריינגעבראַכט טיי און נישט די מוטער זיינע, וואָס האָט אים אַליין באַדינט אין משך פון די עטלעכע טעג, וואָס ער איז פאַרקילט און ליגט אין בעט יוכבד, די קלוגע, דורכגעטריבענע דינסט, האָט געזוכט אַ געלעגנהייט אים איבערצוגעבן דעם בריוו אַזוי, אַז די גאַנצע מעשה זאָל נישט אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט.

בשעת יוכבד האָט אָנגעצונדן דעם בליך־לאָמפּ און דערביי גערעדט וועגן „סעקרעטן און געפילן", האָט לוי אויפגעריסן דעם קאָנווערט, איבערגעלייענט קלאַראַס קורצן בריוו, וואָס איז געווען אויפגעשריבן קרום־קײלעכיק, ווי אין איילעניש: „כ'האָב געהערט, אַז דו ליגסט. האָפנטלעך איז עס נישט ערנסט. מאַך זיך נישט נאַריש. קום צו זיך און לאָז דיך זען"...

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער זענען געווען גענוג אַריינצוברענגען אַ צערודערונג. לוי האָט פאַרגעסן אָן זיין פאַרקילונג, אָן דער טיי מיט מאַלינעס, און האָט געפּרוווט טייטשן קלאַראַס ווערטער אַהין און אַהער. וואָס איז די אָנצוהערעניש פון „מאַך זיך נישט נאַריש" און וואָס מיינט זי מיט „לאָז דיך זען"?

— טיי האָט ליב, אַז מען טרינקט זי וואַרעמערהייט — האָט יוכבר אים דערמאָנט — קאַלטע טיי האָט מיר אַ טעם ווי פּאָמאָיעס, מיט־'שפּעקט־צו מעלדן... ס'מאַכט איבל...

— יאָ, יאָ, גערעכט — האָט לוי אָנגעהויבן זיפּן פון גלאָז — טאַקע אַזוי... אַ דאַנק.

אין קאָפּ ביי אים האָבן געדרייט כלערליי געדאַנקען. אויב זי, קלאַראַ, איז טאַקע אַזוי באַאומרואיקט, טאָ פאַרוואָס זאָל זי נישט קומען אַהער, צו אים? ער וועט איר לאָזן וויסן, אַז ער קאָן נאָך נישט אַרויסגיין אין דרויסן אַרוים און וועט זי איינלאַדן אַהער אומדירעקטערהייט, דאָס וועט אים, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אויך געבן אַ מעגלעכקייט צו זען, ווי אַזוי זיינע טאַטע־מאַמע וועלן זיך באַציען צום „גאַסט". נאָר, באַלד האָט ער פאַרוואָרפן דעם געדאַנק. כל־זמן ער ווייסט נאָך נישט ווו ער האַלט אין דער וועלט מיט איר אַליין, מיט קלאַרען, וועט ער זיינע עלטערן נישט ברענגען צו קיין נסיון און וועט נישט מאַכן קיין פּרווו.

פון די דאָזיקע איבערקלערענדישן האָט לוי געהאַט אַן אומרואיקע נאַכט. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אויפגעכאַפּט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער פיבערט, און אַז די היץ הייבט זיך און פאַלט. אָבער וואונדער איבער וואונדער: אינדערפרי האָט ער זיך דערפילט געזונט און שטאַרק און איז אַראָפּ פון בעט.

ווען ר'איז דערנאָך אַריינגעקומען אין עס־שטוב און יוכבד, די דינסט, האָט אים דערזען, האָט זי צוערשט זיך צעשמייכלט און דערנאָך פאַרגלייזט די אויגן אַביסל אָנשטעלעדיש:

— אַ דאַנק דעם ליבן גאָט וואָס האָט אייך געשיקט אַ רפואה און וואָס מען זעט אייך אויף די פיס...

מחמת זי האָט נאָגן וויל געוווסט, וואָס די רפואה איז געווען — זי האָט דאָך אַליין אַריינגעבראַכט אין אַ קאָנווערט — האָט זי אים געוואָרנט מיט כלערליי אָנצוהערענישן:

— נאָך אַ שטאַרקן קאַטאַר, מיט־'שפּעקט צו מעלדן, דאַרף מען זיין פאָרזיכ=

טיק, אנטשולדיקן זי מיר... כאָטש ס׳ציט און מאָנט... אָבער דער פאַסקודנער דרויסן איז אַן אָפּנאַרער, פשעפּראַשאַם...

— כ׳פאַרשטיי, יוכבד, אַ דאַנק — האָט לוי געענטפערט — אַוודאי...

דער אָפּנאַרערישער „דרויסן“ האָט פונדעסטוועגן געצויגן, און פאַרנאַכטצו איז ער, לוי, אַרויס אין גאַס, מיט געאײַלטע טריט האָט ער זיך פאַרקירעוועט צו קלאַרע ווינאָקור.

צוקומענדיק צו הענעך שוסטערס שטוב, האָט לוי אײַנגעהאַלטן די טריט און געבליבן שטיין. דורך די טאָפּלט־פענסטער האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געזאַנג פון אַ באַסאָווער שטים, באַגלייט פון אַ פּיאַנאָ און אַ מאַנדאָלין. כאָטש ער האָט נישט געוווּסט ווער עס זינגט אינעווייניק, האָט לוי גלייך געוואָלט עוקר זיין און זיך פאַרקירעווען אויף צוריק. פון פוסטן גערטנדל, פאַרן הויז, האָט זיך אָבער דערהערט זלאַטע דער שוסטערקעס קול:

— ג... ג... גיי אַריין, ג... ג... ס׳איז דאָרטן פ... פע... פריילעך. איז, און ל... ל... לעבעדיק... איאָ?

לוי איז אַריין אין אַ שמאָלן קאָרידאָרל, וווּ ס׳זענען געווען אָנגעוואָרפן בעטן, בענקלעך און אַנדערע מעבלען און שטוב־כלים פון יענע הדרימלעך, וווּ די מאַליאַרעס האָבן שוין באַצייטנס אָנגעהויבן איבערצושמירן די ווענט. אין דער נעדיכטעניש און טונקעלקייט האָט ער זיך פאַרטשעפּעט אין אַן עמער מיט פאַרב און שיער אויסגעוויכניעט אַ פוס. ער האָט קוים געפונען די קליאַמקע צו דער טיר.

לכתחילה האָט, דאַכט זיך, קיינער נישט באַמערקט ווי לוי איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל פון קלאַרעס צימער, מיטן הוט אין האַנט. מ׳האָט נישט איבערגעריסן די מוזיק. קלאַרא איז געזעסן ביי דער פּיאַנאָ און נעבן איר איז געשטאַנען הריצקאַ וועליטשאָק, זינגענדיק אַ אוקראַיניש ליד, צופּנדיק דערביי די סטרונעס פון זיין מאַנדאָלין. אין ווינקל, אויף דער סאָפע, האָט לוי געזען נאָך אַ קאָפּ. ווען דער דאָזיקער „קאָפּ“ איז, האָט ער אויפן מאָמענט נישט געכאַפּט אין דער ביןהשמשותדיקער טונקלקייט. ס׳האָט אים אויך נישט געאַרט.

— „רעווע טאַ סטאָהנע“ — האָט דאָס ליד זיך געגאָסן — „ס׳ברומט און ס׳זיפצט דער טייך“...

דער זינגער — דער סטודענט הריצקא וועליטשאָק — האָט לוין פאַראינטריגירט און אַריינגעבראַכט אין אַ צעדרודערונג. וואָס טוט ער דאָ?

לוי האָט געקוקט אויף דער הויכער, ברייט־פּלייציקער געשטאַלט מיט די צעפּלאָשעטע העלע לאָקן, וואָס פאַלן אים איבערן שטערן, זיך איינגעהערט צו דער טיפער ברוסטיקער שטים און אן אומפאַרשטענדלעכע אומהיימלעכקייט האָט איר אַרומגעכאַפּט. בלויז איינמאָל האָט ער, לוי, זיך געהאַט באַגעגנט מיט דעם דאָזיקן הריצקאָן, אָבער געוווּסט וועגן אים האָט ער אַ סך:

הריצקאָ וועליטשאָק איז אַ זון פון אַ רייכער, איינגעפונדעוועטער אוקראַינישער פּויערים־פאַמיליע. ער האָט געענדיקט אַ גימנאַזיע און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן שטודירן פילאָזאָפיע אין קראָקע און אין ווין. ס׳איז אים אָבער נמאס געוואָרן די מעשה און ר׳איז געקומען אַהיים. דאָ האָט ער זיך אָנגעהויבן מישן אין דער היימישער פּאָליטיק. להיפּוך צו די אַנדערע אוקראַינישע סטודענטן איז הריצקאָ נישט קיין נאַציאָנאַליסט, נאָר דווקא אַ „רויטער“, אַ ברען. פאַרוואָס און פאַר וועו און ווי אַזוי — דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז די אוקראַינישע רעדל־פירער האָבן אים נישט צוגעלאָזט צום אויבן־אָן און ער האָט זיך אָנגעברוגזט אויף זיי. באַזונדערס איז ער איש להכה אויף זיין לייבלעכן פעטער, אַ גלח אין סטאַניסלאַוו, און אויך אויף אַ געשוועסטערקינד, אַ ריכטער אין קאָלאָמיי. אַנדערע ווידער, האָבן דערציילט, אַז הריצקאָ האָט איינמאָל, בסוד, זיך אַריבערגעכאַפּט אין דער מזרח־אוקראַינע, די סאָוויעטישע, פאַרבראַכט דאָרט אַ שטיקל צייט, און צוריקגעקומען אַ „לינקער“ — לינק שבלינק..

קיין קאָמוניסטישער פּאַרטיי־מיטגליד, אויף וויפל מען האָט דאָס געקאָנט דערגיין, איז הריצקאָ וועליטשאָק נישט געווען. מען געטרויט אים נישט, האָט מען

געשמועסט, און די מיטגלידער פון די קעמערלעך האלטן אים אויפן אויג. אָבער פאַרבינדונגען מיט „רויטע" און „ראָזעווע" האָט ער יאָ און דרייט זיך צווישן זיי. ער טרעפט זיך מיטן באַן־שליסער פעדקאָ קאַטאמאַי, ער באַגעגנט זיך מיט דער פוילישער הייבאַם קאַטאַרזשינע קשינסקאַ און קומט אַמאָל אויך אַריין צו אַבאַ רעם איינבינדערס. איינס איז געווען זיכער: מיט די אוקראַינישע „פּאַטריאָטן", מיט דעם „סיטש" און די „האַידאַמאַקעס" האָט ער קיין מגע ומשא נישט.

פונדעסטוועגן האָט זיך לעצטנס פאַרשפּרייט מאָדנע קלאַנגען, גאַנצע מעשיות וועגן אָט דעם הריצקאָ וועליטאַק: אַז די שרפות אין די גיטער, אין די נחלאות — דאָס איז זיין שמיקל אַרבעט און ער פירט דאָס אָן מיט די געהיימע באַנדעס, וואָס צינדן אָן די פייערן...

— ער, דאָס לייטישע הריצקעלע, האָט דאָך געמאַכט די „הבדלה" אין ר' מרדכי לייבס ווילכעווער גוט — האָבן יידן אויפן יאַנעווקער מאַרק זיך איבער־געשושקעט — ער האָט געמאַכט „בורא מאורי האש"... אַליקום נאָמען האָט זיך אַליין אַרויסגעכאַפּט... און אַז יענער זאָגט, ווייסט ער... ווער דען ווייסט?

— און ווער, — מיינט איר, האָט לעצטן אָסיען דערשאָסן דעם יונגן גראַף בעת ר'איז געגאַנגען אויף פּאָליעוואַניע אין וואַלד אַריין? הריצקעלע.. אַז ס'א סברא, אַז די זשאַנדאַרן האָבן שוין באַוויזן אין די הענט און מ'עט דעם שייגעץ באַלד פירן געקאָוועט צו די לעמבערגער „בריגידקעס" און מ'עט אים איינזעצן אין הד־גדיא ביז איבער צען־יאָר־פּעמרע...

לוי ברוידעס האָט געוווסט וואָס מען רעדט וועגן דעם דאָזיקן יונגאַטש און, דעריבער, איז ער געווען אַזוי צערודערט און צעטומלט ווען ער האָט אים פּלוצ־לינג דערזען ביי קלאַרען ווינאָקור אין שטוב.

דאָס ליד, וואָס הריצקאָ האָט געזונגען, האָט שוין געהאַלטן ביים סוף. ווען ער האָט פאַרענדיקט און קלאַרא האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ פון דער פּיאַנאָ, האָט זי אַ מאַך געטאָן צו לוין מיט אַ שעלמישן שמייכעלע:

— ביזט אַריין אַזוי שטיל, ווי אַ קאָטעל אויף די לאַפּקעס... כ'האָב אָבער געפילט, אַז דו ביזט דאָ... לוי, קענסט הריצקאָ וועליטאַקן?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך. געוויס — האָט הריצקאָ דער ערשטער אַ שטרעק געטאָן צו לוין אַ פּעטשע, ווייסע האַנט — איך האָב די ערע. ווי געט'ס? סערווּס.

דאָס באַגריסן זיך אויף דייטש און דאָס סטודענטיש־לאַטיינישע ווערטל „סערווּס", דיין דינער, הייסט עס, איז ביי הריצקאָן געווען אי אַן אָנשטעל, אי אַ חנדעלע אַזאַ, לוי האָט דאָס דערפילט און געזען אינם גלאַנץ פון יונגס שטאָ־לענע אויגן — אַ גלאַנץ, וואָס האָט ווי פּאָספאָר, אויפגעבליצט און זיך געטוקט אין דער טונקלקייט.

הריצקאָס געשטאַלט — זיין שאָטן — האָט זיך געלייגט אויף די ווענט, אויפן סופיט. ס'ווידער קול פון זיין באַסאָווער שטים האָט זיך געקרייזלט אין ־ער הויך און געקראָכן אין דער נידער ביי די פיס. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דער שאָטן און דאָס ווידער־קול כאַפּן זיך אַרויף אויף לוין און ווילן אים איינפּלעטשן אויפן אָרט.

אַ ביסל היימישער איז ערשט געוואָרן, ווען קלאַרא האָט אָנגעצונדן דעם קיילעכיקן „בליץ"־לאָמפּ.

— מיי, ווען דאָך נישט זיצן דאָ ווי די שדים אין דער פינצטער פאַר רוחות האָב איך אַליין אויך מורא — האָט זי זיך געוויצלט, אויסדרייענדיק זיך צו לוין — נו, לאָמיך דיך נאָר אָנקוקן ס'וועטער האָט דיך אַוועקגעלייגט. האָסט זיך אַ ביסל אויסגעבלייכט.

— בלייך, בלייך — האָט הריצקאָ אונטערגעכאַפּט — און „עמפּפינדלעך". אַ, די צאַרטע קאַוואַלירן!... אַ מאַן דאַרף זיין...

— וואָס דאַרף אַ מאַן זיין? — האָט לוי אָפּגעמאָסטן דעם יונג פון קאָפּ ביז די פיס — צי דאַרף ער אפשר זיין אַ וואָלף, האַ? אַ פיר־פיסיקער...

— קומט צום טיש — האָט קלאַרא זיך אַריינגעמישט צווישן די צוויי,

דערפילנדיק, אַז זייער איבערוועדטלען זיך קען דערפירן ווייט — מיר'ן טרינקען טיי.

זלאַטע די שוסטערקע האָט אַליין אַריינגעבראַכט אַ טאַץ מיט גלעזער שמעקעדיקע טיי, פון וועלכעס עס האָט געזעצט אַ פּאַרע, און היימישע קיכלעך.

— פּ... פּ... פּראָשע — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט און זיך צוריק אַריינגעשאַרט אין קיך אַריין.

ערשט ביים טיש האָט לוי זיך געכאַפּט ווער ס'איז דער „קאָפּ“, וואָס האָט זיך פריער געוויגט צווישן דער סאָפע און דער הרובע, און וואָס ער האָט פריער, ביים אַריינקומען, באַמערקט. עס איז געווען דער שטומער פּרץ, אַ שכן וואָס כאַפּט זיך אָפּט אַריין אַהער. מיט אַ ווונק פון זיינע גרויסע, שוואַרצע, לעבעדיקע אויגן און מיט אַ ציטער פון זיינע געשניצטע נאָז־פליגלען, האָט דער שטומער געגעבן לוין צו פאַרשטיין, אַז ער „היט“ דעם הריצקאָן, און אַז ער האָט צו „דערציילן“ עפּעס שיינס...

דער שטומער פּרץ, אַ בחור אַ ברען, אַ חכם, וואָס האָט געענדיקט אַ שטומשולע אין ווין און האָט זיך פאַרנומען מיט שניצעריי, האָט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט און האָט פאַר אַלץ אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס. ער האָט געלייענט דייטשע צייטונגען, און פּאָליטיק, אינטריגע, ליבע און צירק זיינען געווען זיין ליידנשאַפט. איצט האָט אים דער אויבערשטער צוגעשיקט וואָס ער האָט געזוכט, טרעפנדיק דעם אוקראַינער ביי קלאַראַן, האָט ער זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, געטשאַטעוועט און זיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט...

אַרום טיש איז אַריינגעטראָטן אַ שטילשווייגעניש. עס איז אויסגעקומען ווי מען וואָלט זיך געהיטן מיט אַ וואָרט, אָדער ווי מען וואָלט געווען שטאַרק־שטאַרק געוואָרנט זיך נישט אָפּצוברען חלילה־וחס. אָבער דאָס אומפאַרמיידלעכע — דאָס וואָס קלאַראַ האָט אי יאָ, אי נישט געוואָלט — איז געקומען צו דער „געהעריקער“ מינוט.

הריצקאָ האָט אַרויסגעלייגט דאָס לעפעלע און אַ מאַך געטאָן:

— עס איז דאָך קאָבעדיק. אַ בראַנד. איך בין נישט געוווינט צו אַזאַ שרפה.

— טאַקע? גאָר אַזוי? — האָט לוי אָנגעשטעלט אויף אים בליקן און אים דורכגענומען אינגאַנצן — און צו וואָס פאַראַ שרפות זענט איר יאָ געוווינט?

— וואָס מיינסטו? — האָט הריצקאָ מיטאַמאָל פאַרלוירן זיין זיכערקייט — דאָס איז מיר אַ צו... צו אַ... שאַרפע באַמערקונג פון אַ...

הריצקאָ איז געווען אינגאַנצן צעטומלט און ער האָט זיך באַגאַסן מיט דער רויטער יוך.

— פונדעסטוועגן דאַרף מען זיך נישט אויפרעגן — האָט לוי געשמייכלט

— איך האָב זיך גלאַט אַ שפּיל געטאָן מיט אַ וואָרט...

— פאַרוואָס שפּילן זיך גראָד מיט... מיט... — האָט הריצקאָ געשטאַמלט

— מיט ווערטער?

— מיט וואָס דען? — האָט לוי געפרעגט — זאָל איך זיך שפּילן? מיט פייער ?

— ווידער „פייער“! — האָט הריצקא נישט אויסגעהאַלטן — איך ווייס וווהין דו צילסט און פאַרוואָס! יאָ, יאָ!

זיינע לאַנגע פינגער האָבן אַרויפגעבערשט די ווידערשפּעניקע לאָקן, וואָס זיינען אים געפאַלן אויפן שטערן און ער האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן :

— איך האָב נישט אַזאַ גראָבן „גויאישן קאָפּ“; איך האָב אַ „יידיש קעפּעלע“

— האָט ער געשיפּעט — איך פאַרשטיי אויפן ווונק. איך ווייס וואָס דו האָסט אין זינען.

— און איך אַליין ווייס גאָרנישט. מערקווירדיק — האָט לוי זיך געשפּילט מיטן לעפעלע — מען זאָגט, אַז יידן זיינען היציקע, נערוועזע לייט, און זיי רעגן זיך אויך זייער לייכט צוליב אַ גאָרנישט מיט אַנישט. צום סוף קומט אַ ריינער אוקראַינער, אַ גריכיש־קאַטוילישער, הער הריצקאָ וועליטאָק, און צעקאָכט זיך,

גלייך עמיצער וואָלט אים געכאַפּט פאַר דער צונג, אויב נישט ביי דער האַנט, עס רופט דאָך אַרויס אַ פאַרדאַכט... פון שלעכטן געוויסן...

— איר פאַרדעכטיקט מיך סיי־ווי־סיי!

— אין וואָס?

— די שריפה אין אייער ווילסעווער גוט! — האָט הריצקאָ שוין געשריען

— איך ווייס וואָס איר טראַכט!

ער האָט זיך אַ רוק געטאָן פון שטול, ווי ער וואָלט גרייט געווען זיך צו וואַרפן אויף לוין און אים דורס זיין. דער שטומער פּרץ, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן און געקוקט יעדן אויף די ליפּן, ווענדיק כאַפּן אין וואָס דאָ גייט, האָט זיך אַ הויב געטאָן פון אָרט, גרייט צו פאַרטיידיקן אויב מען דאַרף.

— איר מיינט, אַז די שריפות אַרום זיינען גלאַט אַזוי אַ צייט־פאַרטרייב, אַ שפּילעכל? — האָט הריצקאָ שווער געסאַפּעט — איר מיינט, אַז איך מאַך די פייערן, אָדער, אַז איך קאָן זיי אָפּשטעלן, ווען מיר געפעלט? אַז עס איז גאָר נישט וויכטיק ווער עס מאַכט זיי...

— די פייערן מאַכן זיך פון זיך אַליין — האָט לוי אים איבערגעשלאָגן — אַ־יאָ?

— דער צאָרן פון די פּויערים מאַכט זיי! — האָט הריצקאָ געשיפּעט — נאָר די יידישע פּריצים זעען דאָס נישט איין. זיי זיינען בלינד! ווען זיי וועלן עפענען די אויגן און זיך אַרומזען, וועט שוין זיין צו שפּעט. אָ, יאָ, איך ווייס וואָס די יידן אייערע אויפן יאַנעווקער מאַרק טראַכטן.

— פאַרוואָס נאָר די יידן? — האָט לוי זיך אַ ריס געטאָן פון שטול — ענטפערט מיר, הער הריצקאָ וועליטשאָק! און וואָס נאָך האָט איר פאַר די יידן אָנגעגרייט? עס וועט מיך קיין שום זאַך נישט איבעראַשן... אייער גאַנצער אומרו, וואַנזיניקער פּחד און שנאה נעמען זיך פון איין גיפטיקן קוואַל... און וואָס איר זאָלט נישט פּרוון און וואָס איר זאָלט נישט טאָן, וועט אייך נאָכיאָגן אַ מין שגעון: די יידן... די יידן... איר וועט כסדר בלייבן הילפלאָז קעגן זיי און קעגן דעם פּחד... ס׳אַ שטראָף אַזאַ אויף אייך. אויף א יי ד, און נישט אויף אונז...

לויס אויגן זיינען געוואָרן גרעסער און גרעסער, זיי האָבן זיך איינגעגעסן אין וועליטשאָקס פּרצוף, זיך איינגעקבערט אין אים.

— ס׳אַ שטראָף אַזאַ אויף אייך — האָט לוי געטייטלט מיט אַ פינגער — און איר וועט זיך נישט באַפרייען פון איר נישט אין ימים בלוט און נישט אין פייערן...

הריצקאָ וועליטשאָק איז ממש געפּלעפט געוואָרן פון לויס רייד. זיינע אויגן זיינען איבערגעלאָפן מיט יובע, האָבן זיך איבערגעקערט; זיינע ליפּן האָבן געצאַפּלט און ער האָט געהאַלטן אין איין איבערהזרן:

— מיר׳ן נאָך זען... זען... וואַרט... וואַרט...

עס איז געווען אַ וואָרענונג און אַן אָנזאָג, אַז דער גרויסער געראַנגל הויבט זיך ערשט אָן...

קאַפּיטל 16

# די גרויסע אסיפה

ביי לוי ברוידעס איז רייף געוואָרן אַ באַשלוס: באַלד נאָך פּסח הויבט ער זיך אויף און פאַרלאָזט יאַנעווקע. די ערשטע סטאַנציע וועט זיין לעמבערג. ער וועט זיך דאָרט צובינדן אויף נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר, פאַרענדיקן דעם קורס און ווערן אַן אַגראָנאָם. מיט אַ נוצלעכער פּראָפעסיע אין דער האַנט, וועט ער זיך באַלד געזעגענען מיטן גלות און זיך אַוועקלאָזן קיין ארץ-ישראל, אויף דעם זעלבן וועג און אויף דעם זעלבן שטייגער ווי דער פעטער דוד זיינער האָט עס געטאָן מיט פופצן יאָר פריער.

איז אמתן האָט ער. לוי, חשק נעהאַט גלייך איינצופּאַקן דעם ראַנץ און זיך גלייך אָפּטראָגן פון יאַנעווקע. ער האָט אָבער נישט געוואָלט מצער זיין די משפּחה און אַוועקפאָרן דווקא ערב יום־טוב, גראָד אין אַ צייט, ווען אַנדערע סטודענטן זיינען זיך נוהג צו קומען צו גאַסט אַהיים. אַזאַ שריט וואָלט אַרויסגערופן אַ טומל און אַ רוגז; דאָס שטעטל וואָלט זיך דערביי געקאָכט און געגאַנגען כאַדאָראָם.

עס איז געווען נאָך אַ טעם דערביי למאי לוי האָט באַשלאָסן אָפּצוּוואַרטן ביז נאָך פּסח: ער האָט נישט געוואָלט, אַז קלאַראַ ווינאָקור זאָל אים חושד זיין אין פּחדנות, אַז ער אַנטלויפט אין שרעק פאַר הריצקאָ וועליטאָקן, מיט וועמען ער האָט זיך צעריסן אויף מעסער-שטעך. אים, לוין, האָט זיך געדאַכט, אַז קלאַראַ זעט אין זיין „קריג" מיט דעם אוקראַינער אַ רייסערײַ צווישן צוויי קאָנקורענטן איבער אַ מיידל, אַ פּאָליטישן „פאַרמעסט", אין וועלכן הריצקאָ איז דער שטאַרקערער צד...

בעת דער קריגערײַ ביי איר אין הויז האָט מען דעם נאָמען אירן כלל נישט דערמאָנט. עס איז קיין מינדעסטע אָנדייטונג נישט געווען, אַז דער היציקער שטרייט נעמט זיך פון באַהאַלטענער אייפערזוכט. פונדעסטוועגן האָט לוי געטראָפן וואָס קלאַראַ טראַכט. זיין חשד איז נישט געווען אינגאַנצן קיין אומזיסטיקער. מינוטנווייז איז קלאַראַ זיכער געווען, אַז קודם כל מיינט מען זי. „שערשע לאַ פאַם", זוך די פרוי. און אָט איז זי — האָט זי אויף זיך געטייטלט — הענעך דעם שוסטערס טאָכטער מיטן העל-בלאָנדן, געלאָקטן קאָפּ. עס איז אַן אַלטע מעשה; אַן אמתע, כאָטש אַ נאַרישע. וועסט זיך נישט באַהאַלטן און נישט אַרויס-דרייען דערפון. און ווייל אַזוי — האָט איר דמיון זיך נאָך מער צעשפּילט. זי איז אויך דאָס שוועבעלע, און דער פונק, און דער פלאַם, וואָס צינדן אָן אַ קריג צווישן צוויי שטאַנדן, צווישן צוויי אידעען און צוויי וועלטן, וואָס איינע מוז זיך אויפלייזן אין דער אַנדערער, אָדער אינאיינעם אומקומען, אונטערגיין ...

עטלעכע טעג נאָכן צוזאַמענשטויס ביי איר אין שטוב, האָט זי אַ פרעג געטאָן לוין, אַזוי פאַרבייגייענדיק:

— וואָס וועסטו איצט טאָן? וועסט זיין קאָנסעקווענט?

— וועגן וואָס?

— הריצקאָ וועליטאָק קאָן דיך אַרויסרופן אויף אַ דועל...

— ער? — האָט לוי אַ שמייכל געטאָן — נישט דער כלאָפּ! און צו וואָס מאַכסטו פון אים אַזאַ צימעס? ער איז אַן אָנשטעלער און זוכט אַ טרייפענע

פּאַריערע ביי די נאַרישע בורמילעס אין די דערפער, וואָס גלויבן אַלץ און וואַרטן מען זאָל זיי אָנרייצן. זאָרג זיך נישט, ער וועט זיך נישט דועלירן. דערצו דאַרף מען קוראַזש. ער קאָן בלויז באַפאַלן אינטעראַרום.

— ווענמען איז ער באַפאַלן? דיך?

— דערווייל נאָך נישט. עס איז אָבער גאַנץ מעגלעך. איך האָב שוין באַקומען אַ דראָאונגס־בריוו.

— פון אים?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, קלאַרא, אַז אַזוי פיל מוט האָט ער נישט. דער בריוו איז אַן אַנאָנימער. נאַ, זע!

לוי האָט אַרויסגענומען אַ בריוול, אָן אַן אונטערשריפט, אין וועלכן מען דראָט אים, דווקא אויף פּויליש, זיך צו צערעכענען מיט די פּריצישע זינדלעך, די לייִדיקגייערס, וואָס פאַראומרייניקן די צוגערויבטע ערד, וואָס געהערט צו די פּויערים.

— האָסט מורא? — האָט קלאַרא אָנגערירט זיין האַנט — זאָג אויס.

— אַמאָל לוינט זיך צו זיין אַ פאַטאַליסט. וואָס עס דאַרף זיין וועט זיין.

— זאָל איך דיר גלויבן?

און אָט, כדי איר זאָל אַמאָל נישט איינפאַלן, אַז בלויז צוליב שרעק טראָגט ער זיך אָפּ פון יאַנעוווקע, האָט ער איר כלל נישט געזאָגט, אַז באַלד נאָך פּסח פאָרט ער אַוועק. ער האָט מער נישט געפּרוּווט זי איבערצוציינגן מיט רייד. נישט די מורא פאַר קלעפּ, אָדער גאָר פאַר אַ מעסער — נאָר דער פלוצלונגער פּחד, אַז ער צעפּערט זיך אומזיסט און אומנישט, האָט אים געטריבן וואָס גיכער זיך צו קלויבן אין וועג אַריין. זיצן דאָ־אָ? זיך אַמפּערן מיט קלאַראַן? זיך שלאָגן מיט הריצקא וועליטאָקן? צו וואָס פאַרא גצחנות קאָנען שוין פירן די מלחמות מיט אַלע הריצקאס? עס איז דאָך משוגעת, פאַרפירטקייט, פאַרבלענדעניש אויסצוברענגען כוח און מוח און מאַרך און בלוט. צו וועלכע גוטע יאָר זאָל אַ ייד זיך אויסהיטן און שטרעקן דעם האַלז אין הריצקאָס גבול? וואָס וועט ער אויספירן און וואָס וועט הריצקאָ לערנען דערפון? ווען קאַליבאַן וועט עפענען די אויגן, וועט שוין זיין צו שפּעט. די לויס וועלן שוין ליגן מיט איבערגעשניטענע העלזער, און די געדערים וועלן זיין וויאַשקעס און שלייעס פאַר די פערד... דער האַידוק און קאַליבאַן וועלן דאַן אפשר דערזען די מעשים און צערעווען פון פּחד, ווי די בעסטיעס... אָבער די גופים וועלן זיך אַלץ וואַלגערן, און די זון וועט בלייבן אַי לעבלעך, אַי הייס, לויט דער צייט...

לוי ברייִדעם האָט מער נישט באַהאַלטן זיינע געדאַנקען און ער האָט זיך כלל נישט געהיט מיט זיינע איבערציינגונגען.

חול המועד פּסח, בעת דער גרויסער פאַרזאַמלונג אין דער יאַנעוווקער יידישער ביבליאָטעק, האָט ער אַרויסגערופן אַ טיפן פּחד און אויך אַ גרויסן קאָך

דער ווייס־געקאַלכטער לייען־זאַל איז דעמאָלט געווען פול מיט יינגוואַרג, קאָפּ־אויף־קאָפּ. די צוזאַמענג זיינען געווען די סטודענטן און גימנאַזיסטן, וואָס זיינען געקומען אויף יום־טוב אַהיים און האָבן אַריינגעבראַכט טומל און לוסטיקייט. זיי האָבן מיטגעבראַכט אָנזאָג אויף ניי שאַרפע „ראָמאַנסן“, אויף דינע ליבעס, וואָס וועלן זיך דאָ שפּינען, פון דער ביבליאָטעק ביזן ווילבעווער וואַלד, פון גלהס גאָרטן ביזן פּריצישן טאָל. דער ערב־פּסח איז געקומען מיט זון, מיט „שניי־גלעקלעך“, מיט ערשטע פיאָלקעס און לינדע ווינטלעך, און יאַנעוווקע האָט אויפגעשיינט. אין די נאָכמיטאָגן האָבן הברה געשפּילט פוטבאָל אויפן לאָז, ביים בית הקברות, און אין די אָוונטן האָבן זיי פאַרקלונגען מיט זייערע לידלעך אַלע ווינקעלעך. אומרו און יונג־בלי האָבן געציטערט אין דער לופט.

אַרום דער ביבליאָטעק האָט זיך געראַדערט גאַנצע טעג. עס זיינען צוגעגרייט געוואָרן רעפעראַטן אויף פּאָליטישע, סאָציאַלע און ליטעראַרישע פראַגעס און די יאַנעוווקער יוגנט האָט געשליפן די צונג פאַר די דיסקוסיעס. דעם גרעסטן אינטערעס האָט אַרויסגערופן דער אָנגעזאָגטער וויכוח „דער ציוניזם און די סאָציאַלע רעוואָלוציע“.

עס זיינען געקומען ייִנגעלייט און מיידלעך פון אַלע גרופּקעס און קרייזלעך — ציוניסטן און בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן און מזרחיסטן; קינדער פון נאָך זאַטע שטיבער און קינדער פון דער הינטערגאַס, ווו דער דלות גרילצט און פּייפט. עס האָבן זיך אויך באַוויזן עטלעכע „פאַרברענטע" באָלשעוויקעס, אָפענע און באַהאַלטענע. מען האָט אויך געזען אַ פּאָר ייִנגע, פרומע אגודהניקעס, ייִנגלעך מיט געקרייזלטע פּאות און טונקעלע זשעקעטלעך און יאַרמולקעס, און „בנות־יעקב"־מיידלעך, אויסגעוואַשענע, אויסגעצוואָגענע, מיט באַהאַלטענער שעמעוודיקייט אין די אויגן, אָפּגערוקטע אין ווינקל, ווי זיי וואָלטן אויפגעשטעלט אַ מחיצה צווישן זיך און די אַנדערע...

ניסן שור, איציק־עליע קצבס זון, האָט גערעדט פאַרן ציוניזם. דעם סאָציאַליזם, דאַקעגן, האָט פאַרטראָטן מוני מינץ. עס איז געווען טשעקאַווע און פּיקאַנט: מוני קהת פּראָצענטניקס מעזיניק, אַן אויסגעפּוצטער, אַ „פּראַנט", אַ לעב־ייִנג, וואָס האָט תמיד אַ טייסטערל מיט געלט, וואָס די מאַמע רוקט אים אונטער; ער האָט זיך צעהיצט וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייט און וועגן קלאַסנקאַמף.

אַ הויכער, אַ דראָטעוודיקער, מיט אַ שוואַרץ דין וואָנסעלע אויף דער אויבערשטער ליפּ, לויטן שניט פון אַ באַרימטן סינעמאַ־אַקטיאָר, אין אַן עלעגאַנטן העלן פרילינגס־אַנצוג, מיט אַ בלימל אין לאַץ, האָט ער, מוני מינץ, געחוזקט פון די ישיבה־בחורים, די טרוימער, וואָס מיינען, אַז ייִדן קאָנען אָפּנעמען ביי די אַראַבער א״י־ישראל, וואָס איז חרוב צוויי טויזנט יאָר. און אַז מען וועט עס שוין יאָ אָפּנעמען, איז וואָס? מיט וואָס פאַראַ מיטלען און מיט וואָס פאַראַ כוחות וועט מען עס אויפבויען: מיט גראָשנס פון די ווייס־בלויע פּושקעלעך? צי מיט אַ שטיקל גמרא מיט תוספות און מיט ביאַליקס אַ ליד? מיט אַ פאָן און מיט אַ הוירא־טאַנץ? נו, יאָ, עס איז פאַרפאַלן — האָט מוני זיך געווישט דעם שטערן מיט אַ באַטיסטן טיכעלע — ייִדן מוזן בלייבן זיצן, דאָרט, ווו זיי זיצן, און וואַרטן די שעה פון באַפרייאונג וועט קומען פאַר זייערע שכנים, וועט אויך פאַר זיי קומען די אויפריכטונג און די אויסלייזונג; ווען? נו, ער, מוני מינץ, גלויבט אין „עוואָלוציע". פון בלוטיקע רעוואָלוציעס, פון דיקטאַטור און צוואַנג, האַלט ער נישט. ער איז כידוע, בלויז אַ מעסיקער. אוודאי, אוודאי, עוואָלוציע איז נישט קיין ענין פון כאַפּ־לאַפּ. עס דאַרף האָבן אַן אויסשטאַנד און אויסשפּילן, ווי יעדע ווירונג און זייערונג. די געזעלשאַפט איז אַ פאַס, און אין איר יורט און יורט. אויב איר ווילט איז זי גאָר אַ ראָשטשינע און זי דאַרף זויער־טייג און הייוון און נאָך און נאָך... אָבער אַ פיינערע אָרדענונג, אַ גערעכטערע, מוז קומען, און מיר וועלן פרידלעך אַריינוואַקסן אין איר. מירן זיך אַריינקנעטן אין איר. פאַרשטייט זיך, ייִדן וועלן „אומגעשיכטעט" ווערן, פּראָדוקטיוויזירט ווערן און מען וועט זיי שטעלן אויף די פיס. און, פאַרשטייט זיך, זיי וועלן מער נישט קאָנען דרייען מיט די שטעקעלעך און ציען סטענגעס פון דער לופט. ס'עלן אויפהערן קלאַסן און שטאַנדן און יחוס און רוחות און, ועל כולם, פּאַראַזיטנטום. אָבער — פרידלעך, מעסיק, מיט חשבון און באַראַכט. לויט „עוואָלוציע". מ'עט אויפהערן דרייען אַ ספּאָדיק מיט גאולה, מיט ישועה און מיט משיחן. מ'עט ערשט דעמאָלט הנאה האָבן פון לעבן, פון הימל און פון דער ערד...

— ווי לאַנג דאַרף די עוואָלוציע זיך באַקן? — האָט עמיצער אַ געשריי געטאָן — און ווען וועט זי שוין ווערן אַ בוגרת?

— און וואָס זאָגט די עוואָלוציע וועגן נשך און רבית? פּראָצענט? — האָט אַ בחורל אין אַ יאַרמלקע אַ געשריי געטאָן פון אַ ווינקל — און וואָס וועט דעמאָלט זיין מיט דיר, מונילע? און למאי זאָלסטו וואַרטן אַזוי לאַנג? קאָנסט שוין ווערן אַ לייט...

— אַ שטיקעלע מענטש. אַ שטיקעלע מענטש — האָט אונטערגעכאַפּט בערל כשרת, וואָס האָט אַ גרויסע תאווה" צו זיין בלויז אַ „שטיקל" מענטש — אָט דאָס איז עס דאָך און וואָס דאַרף מען מער? כ'לעבן מען דאַרף נישט אַ „שטיקעלע" מענטש. גרויס ווי דער בני אדם, און האָדיע אַ שטיקעלע, אַ ברעקעלע, אַ פּיצעלע...

— שאַ, שאַ! — איז געוואָרן אַ טומל — ווער עס וויל ענטפערן, דאַרף בעטן דאָס וואָרט ביים פאָרזיצער. שאַ! שאַ! אָן צווישנרופן!

אין לייען־זאַל איז געווען היים און געדיכט. מען האָט געעפנט די פענסטער אַריינצולאָזן אַביסל לופט. האָבן פון דרויסן, דורך די אָפענע פענסטער, זיך אַריינגערוקט קעפּ און בערד. יאַנעווקער יידן, וואָס האָבן אַרומגעשפּאַצירט בטל, הנאה־האַבנדיק פון וואַרעמען חול־המועד, האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דער ביבליאָטעק צו הערן מה כל רעש.

— וואָס קומט אַרויס פון די רייד. וואָס קומט? — האָט מאַטעס מעקלער געצויגן ס'בערדל און געפינטלט מיט די אויגן — ס'עט זיין פּינוסע נאָך יום־טיב? און די „קנעפּלעך” וועלן מיר צוריקגעבן די בעבעכעס און דעם חנוכה־לאָמפּ, וואָס ז'האָבן ביי מיר „צוגעפּעוד” פאַר די שטייערן? ס'קאָכט איר זיך אַזוי, וואָס? נאָך פּסח וועלן יידן אָנזעצן און מ'עט שליסן די קרעמלעך... קיינער האָט נישט... קיינער נישט... און מה כל רעש?

נאָר אינעווייניק האָט דער קאָך אָנגעהאַלטן, און עס איז געוואַקסן די שפּאַנונג און דער אינטערעס. נאָך מוני מינצן האָט גערעדט ניסן שור, לוים פּריינט. ניסן, דעם אָרעמען קצבס זון, האָט גערעדט פאַרן ציוניזם און זיין דרשה איז געווען אַ קורצע און מיושבדיקע. סאָציאַלע אָרדענונג? מהיכי תיתי. אָבער ביי זיך אין דער היים ,אין אַן אייגענעם לאַנד. עוואָלוציע? שאַדט נישט — אָבער אַלץ דאָרט, אין ארץ־ישראל. וואָרום אַ פאָלק אָן אַ לאַנד — האָבן זיינע שטאָלענע אויגן באַקומען אַ גלאַנץ און די פלייש־קע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן — איז קיין פאָלק נישט. עס אַנטוויקלט זיך נישט, באַפרייט זיך נישט, קאָן קיין קיום נישט האָבן און האָט קיין זנאַטשעניע נישט. צוערשט מוז מען זיין פאָלק. „לאום”, כדי צו זיין אַ מענטש, „אָדם”. און יידן הויבן דאָס אַן נאָכאַמאָל איינצוזען, ווייל זיי האָבן עס תמיד גוט געוווסט. די געשיכטע דערמאַנט זיי, טאָמער פאַרגעסן זיי זיך. אָ, די געשיכטע האָט אירע וועגן, ווי אַזוי אויפצופּלאָנטערן פּלאָנטערס, און ווי אַזוי צו באַווייזן, אַז דאָס קרומע איז גלייך, און אַז דאָס פאַנאַטישסטע איז ממשותדיק.

אין דרויסן איז דאָס געזעמל געוואָרן גרעסער און גרעסער. יידן זיינען צוגעקומען און יידן זיינען אַוועקגעגאַנגען מיט אַן „אייסיך וואָס”...

— אם הד' לא יבנה בית... אויב דער אויבערשטער וועט נישט בויען, איז אומזיסט די טרחה... און אָן משיחן איז אַוודאי גאָרנישט — האָט ר' אורילע שוחט אַ קוויטש געטאָן אין דרויסן — מען וויל דוחק זיין דעם קץ, וויל מען!...

צווישן געזעמל פאַרן פענסטער האָט זיך אויך באַוויזן טודרוס „גלעכל”, דער טומטום און שטאָט־משוגענער. ר'האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ מיטן גרויסן קאַשקעט, פאַרקוועטשט די זלידנע, קאָרע אויגן, און אַ שמייכל געטאָן מיט די אויסגעקרישלטע געלע ציין:

— צ'עט מיר גיבן אַ כלה? יאָ? אַניש גייט מיר אין דער אדמה אַריין. דאַרף עך נישט!

די צוהערער אין לייען־זאַל האָבן, ווייזט אויס, שוין געהאַט גענוג.

— נו, בדיעבד קאָן מען זיך שוין צעגיין — האָט עמיצער אַ מאַך געטאָן — ס'עט שוין היינט דאָ מער גאָרנישט זיין.

סטיסיע, די סעדיכע, איז שוין דאָ אויך געווען. זי האָט אויספאַרקויפט אַלע וואַס־עפּעלעך, ס'ביסל מאַראַנצן און פּסחדיקע נאַשערייען, וואָס זי האָט געבראַכט, און דער עולם האָט זיך פאַסמאַקעוועט און געקוויקט.

צדוק בעקער, דער שכן, מיט דער גרויסער בילמע אין דער מעשענער באָרד, האָט שוין באַצייטנס געטריבן די ווייסע הברהניקעס דאַוונען און געוואָרנט זיי זאָלן נישט עובר מנחה זיין.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט לוי ברוידעס קול:

— דאַוונען וועט מען אייך שיקן און טרייבן. אַוודאי אַזוי. אָבער קיין ציון וועט אייך קיינער נישט רופן און קיינער וועט אייך נישט שלעפּן מיט געוואַלד. אַהין דאַרף מען גיין אַליין, כל זמן מען לאָזט און אַזוי לאַנג די פיס טראָגן נאָך.

נעמט דאָס פּעקל, ווער עס קאָן, און קוקט זיך נישט אום! סע סמאַליעט שוין
איבער אייך דער דאַך; באַלד וועט ער ברענען. און די ערד גליט שוין אונטער די
פיס!

דער זשום אין לייען־זאַל האָט זיך איינגעשטילט און העלזער און אויגן
האָבן זיך אויסגעדרייט צו אים. ער, לוי, איז געבליבן שטיין אויף זיין אָרט, צווישן
בייכיקן איוואַן און דער ביכער־פּאָליצע. עמיצער האָט אים גערופן צום שטענ־
דער, צום אויבן־אָן, ער האָט אָבער נישט געהערט. זיין קול האָט זיך געהויבן
און געפּאַלן, געשטאַרקט און געבראָכן און אַ טרער האָט ביי אים געציטערט
אין האַלז:

— זעט איר נישט ווי עס האַלט? מען באַטויבט אייך און מען קאָוועט אייך
צו! ניין, ס'אַ ליגן, אַז מען וויל אייך דאָ נישט, דאָ אין פּוילן! אדרבה, מען
דאַרף אייך און מען וויל אייך דאָ פאַר די כפּרה־הינער און דעם זינד־באָק.
מ'עט אייך דאָ צונאָגלען מיט טשוועקעס און בינדן מיט שטריק. איר האָט דאָ
אַ שליחות, אַ מיסיע: אויסצוווייקן אַלע וועגן און שטעגן פון דער נבזהדיקער
געשיכטע מיט אייער מאַרך און בלוט. זענט איר אָרעם, וועט מען שרייען „באַל־
שעוויקעס“ און שעכטן. האָט איר אַ שטיקל ברויט און אַ פּאָר שטיוול — וועט
מען שרייען „געלט־זעק“, „באַנקירן“ און טאַקע ווידער שעכטן. זעט איר דען
נישט די יאַטקע־קלעצער, וואָס וואַרטן אין יעדן ווינקל אויף אייך? זעט איר דען
נישט די רויבעס פון יידישע שייערן, וואָס גייען שוין אויף?

אַ שווערע שטילקייט האָט זיך אויסגעהאָנגען, ווען ער האָט דערמאָנט די
ווערטער „פייער“ און „רויך“.

— אָ, אָ, איך גלויב, אַז עס וועט אַמאָל טאָגן — האָט ער פאַרוואָרפן
דעם קאָפּ — גערעכטיקייט וועט קומען אויף דער וועלט. אָבער ווער ווייסט, צי
אונז וועלן סטייען כוחות צו דעריצען ביז דעמאָלט!? קיינער וועט זיך נישט אָנ־
נעמען פאַר אונז, אויב מיר אַליין וועלן זיך נישט נעמען פאַר די הענט און
אַרויסגיין פון דאַנען. גיין און גיין און גיין...

בשעת לוי האָט גערעדט זיינען זיינע אויגן געווען האַלב פאַרגלייזט. ווען
ער האָט געענדיקט און געקומען צו זיך, האָט ער מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך
אַ בלאָנדן, געלאָקטן קאָפּ: קלאַראַ ווינאָקור. און נעבן איר — אַבאַ דעם איינ־
בינדערס. קלאַראַ האָט געשמייכלט און די פליגלען פון איר נאָז האָבן אַ ציטער
געטאָן. גיט זי אים צו גערעכט? אָדער אפשר חוזקט זי פון אים? שווער געווען
צו כאַפּן דעם מיין פון איר שמייכעלע.

אַ סך לייכטער איז געווען צו טרעפן, וואָס אַבאַ דעם איינבינדערס טראַכט.
אויף זיין בלייכן, פאַרצוקטן פּנים האָבן שאָטנס זיך געגליטשט און פון זיינע
טיף־געפּאַסטע, שוואַרצע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ שפּיציקע, גלאַנציקע שאַרף.
און דער הויכער, ברייטער שטערן מיט די געוועלבטע ווינקלען האָט זיך גע־
מורעט און געקנייטשט. נו, יאָ, דער־אָ אַבאַ וועט קיינמאָל, קיינמאָל נישט האַלטן
מיט אים. אָדער ער וועט ברומען, אָדער ער וועט אים, לויז, צונישט מאַכן מיט
ביטערקייט און האַרבקייט ווי פּאָלין. און דווקא דער־אָ אַבאַ האָט אַזאַ כוח איבער
קלאַראַן; האָט אויף איר אַזאַ איינפלוס און אָפּט הערט זיך דאָס ווידערקו־
פון זיינע רייד, ווען זי עפנט דאָס מויל.

צוליב וואָס זיינען זיי געקומען אַהער? און פאַרוואָס האָבן זיי זיך גראָד גע־
זעצט צוזאַמען, אַזוי אַז זיי זאָלן קאָנען אַריינקוקן אין זיינע אויגן?

עס איז געוואָרן שווער און אומהיימליך. ער האָט זיך געוואָלט אַוועק־
שאַרן און אָפּטראָגן פונדאַנען וואָס גיכער.

— לוי, גייסט שוין אַהיים? — האָט קלאַראַ אים אַ פרעג געטאָן — האָסט
אָפּגעזאָגט און פאַרטיק? אפשר וואָלסטו מיטגעגאַנגען מיט אונז?

— וואַהין?

— מירן דיך שוין פאַרפירן — האָט קלאַראַ געשמייכלט — קום אַרויס.

האָט אַבאַ אָנגעשטעלט זי זאָל אים מיטרופן? און וואָס מיינט דער שפּאַ־
ציר? אַן עפּילאָג צום היינטיקן וויכוח, צי אַן אויסקלאַנג צו די באַציונגען מיט

קלאַרא ווינאַקור? עס איז אויך געווען אַן אַרויספאָדערונג, ווייל עס האָט גע־
מיינט וואַגן און איינשטעלן, ציען אויף זיך אַלעמענס בליק. וואָרום צו גיין אין
דאַס מיט אַבאַן. ווען די פּאָליציי האָט שוין עטלעכע מאָל געפירט אַ גע־
שמידטן אין קייטן, און וואָס האָט זיך שוין געוואַלגערט אין קרימינאַלן פאַר
זיין „באָלשעוויזם" — דאָס האָט געמיינט צו ווייזן כאַראַקטער און מוט.

— וואָס קווענקלסטו זיך? — האָט קלאַרא געפרעגט — גייסט?

— יאָ! איך גיי — האָט לוי געענטפערט — מהיכי תיתי...

אָבער פאַרוואָס שוויגט אַבאַ אַליין אַזוי עקשנותדיק? איז עס אַן אָנהויב
פון אַ נייעם פּלאַנטער, פאַר וועלכן ער, לוי, דאַרף זיך היטן באַצייטנס, איידער
ער שטעלט נאָך אַ טראָט?

קאַפּיטל 17

# אַ געוויין פון שטימע

אויפן יאַנעוועקער „קאַרסאָ", דער שטעטלדיקער שפּאַציר־וועג, איז געווען לוס־טיק און לעבעדיק. איבערן שטיינערנעם טראָטואַר, וואָס ציט זיך פון דער נייער גערײכטס־געביידע, פאַרבײַ דעם קלויסטער, דעם אַפּטייק, דער שולע, די האָטעלן „פּאָלאָניאַ" און „פּאַריז", האָט יינגוואַרג שפּאַצירט אין פּאָרלעך און גרופּנווייז. די טאָפּאָליעס און אַקאַציע־ביימער, וואָס האָבן זיך געצויגן ביים ראַנד פון טראָטואַר איבער דער לענג פון „קאַרסאָ", זיינען נאָך געשטאַנען האַלב נאַקעטע. קליינע, האַרטע קנאָספּן, ווי יצר־הרע־ביבקעלעך, האָבן ערשט אָנגעהויבן אַרויס־צוזעצן אויף די צווייגן — אַ סימן פון חשק צו בליען און פרוכפּערונג. אַ לינדווינטל האָט זיך געשראָגן צווישן די ביימער, געגייגט זייערע קרוינען און שפּיצן, און דער לייכטער רויש פון די צווייגן האָט זיך געמישט מיט די געלעכטערס און לידלעך פון די שפּאַצירנדיקע און מיטן שעפּטשען און טיפן שווייגן פון די פאַרחלומטע און פאַרדבקהטע „זיצערס" אויף די פאַררוקטע בענק...

קלאַנגען פון אַ פּאַרטעפּיאַן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַ קלאַס־צימער, האָבן זיך געקרייצט מיט די טיפע, שווער־אָטעמדיקע אָרגל־טענער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעכוואַליעט פון די טונקעלע קלויסטער־וועלבונגען. עס איז געווען ערב חגא, פאַר פּאַסכאַ, דער פייערטאָג פון יעזוסעס אויפשטיין תחית המתים, און גלאָקן־קלאַנגען, דינע, מיטעלע און גראָבע, האָבן זיך געשיילט פון גלאָקן־טורעם אין קירכן־הויף און גערופן די פרומע צום וועספּער־געבעט. ווייררויך און ריח פון וועקסענע ליכט האָבן זיך צעטראָגן דורך די שווערע טירן פון קאָשטשאָל, וואָס זיינען געשטאַנען אויפגעפּראַלט...

די שפּאַצירנדיקע ייִדישע יינגעלייט און מיידלעך האָבן אונטערגעאײַלט די טריט. די גלעקער, דער ווייררויך און דער אָרגל האָבן אומעטיק געמאַכט. וואָרום זעט נאָר די, וואָס איילן זיך צום געבעט: אַלטע פּריצהטעס מיט בייזע בליקן, שלאַכטשיצן מיט שטייפע וואָנסעס און שקצים מיט פאַררייסענע נעז, וואָס אַפילו ביי דער שוועל פון זייער טעמפּל שיפּן זיי מיט גאַל און גיפט: „זשיד", „פּאַרך", „גיי קיין פּאַלעסטינע, גיי! פּרעטש!".

— און איך וועל זיי דווקא פאָלגן. איך וועל גיין — האָט לוי מיטאַמאָל אַ מאַך געטאָן צו אַבאַ דעם איינבינדערס און צו קלאַראַן — פאַר אַלץ און צו אַלץ האָב איך כוח און חשק, נאָר נישט צו שפּאַרן זיך מיט זיי, מיט די־אָ... און איך האָב נאָך נישט קיין לוסט און אַמביציע זיי צו היילן און צו ראַטעווען פון זייער נאַרישקייט און האַס, וואָס פרעסן זיי אויף...

— שטותים! — האָט אַבאַ ערשט איצט אַרויסגערעדט דאָס ערשטע וואָרט

— וואָלט איך דיך נישט געקענט, וואָלט איך געזאָגט, אַז נאָר אַ פּחדן רעדט אַזוי...

— איך בין אַ פּחדן... יאָ! איז וואָס? איך האָב מורא פאַר זיי און איך בין

מיד פון זיי און פון זיצן צווישן זיי... איר הערט, דעם אָרגל און די גלעקער? אין יעדער צייט און אונטער יעדע אומשטענדן קאָנען זיי שפּילן און קלינגען אויף אונזער טויט און באַגרעבעניש.

— לוי! — האָט קלאַראַ זיך אַריינגעמישט — ביזט איינפאַך דול! עס ווערט פּשוט שווער דיך צו הערן. מען דאַרף זיך אויסציען און שטאַרבן...

— חס וחלילה! — האָט זיך לוי צעלאַכט — מען באַדאַרף נאָר אַוועקגיין און לעבן!

דער גלאָקן־קלאַנג האָט זיך נאָכגעטראָגן ביז דער וואַלד־סטעזשקע, וואָס פירט אַרויס צום טאָל, וווהין זיי האָבן זיך פאַרקירעוועט. אַ ווײַלע האָבן זיי שפּאַצירט אין שטילשווייגן, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן איינהערן צום אַראָפּנידערן פון דער נאַכט איבערן אויפגעראָיעטן שוואַרץ־פעלד און דעם געדיכטן סאָסנאָווע־וואַלד ביים ראַנד. זיי זיינען געגאַנגען פּאַמעלעך און ממש זיך איינגעהערט צו די אייגענע טריט און צום עכאָ פון די גלעקער אין שטאָט. בלויז דער שטומער פּריץ, וואָס האָט זיך געדוקט הינטער זיי, האָט איבערגעריסן די שטילקייט מיט אַ קורצן „ע־ווע־ווע“, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט, כדי אָנצוזאָגן, אַז ער גייט מיט זיי. דער עיקר האָט ער געוואָלט, אַז לוי זאָל נישט פאַרגעסן, אַז ער איז דאָ, און ווי אַ געטרייער שומר היט ער אים...

לוי האָט געהערט דעם שטומענס „ע־ווע־ווע“ און זיינע אָנשטעלערישע שטיק. אָבער דער עכאָ פון די גלעקער האָט זיי פאַרטושט. דער גלאָקן־קלינג, וואָס האָט פאַרהילכט און זיך געלייגט איבער די פעלדער, האָט אים נישט געלאָזט צו־רו:

— איר הערט? זיי ווילן פאַרטויבן מיט דעם מעש, די עוולות און די פּחדים. אָבער סיי־ווי־סיי איז עס אימהדיק - האָט לוי זיך אָפּגערופן — דאַכט זיך, אַז אפילו דער דאַרער, ווייסער יעזוס אָט דאָ־אָ ביים בריקל, הויקערט זיך פון שרעק. ער וואָלט מסתמא וועלן צוריק אַנטלויפן קיין נצרת, אָדער קיין כפר נחום, נאָר מען לאָזט אים נישט. מען האַלט אים אויפן צלם; אויפן קלאָץ און אויפן שטיין. זיי האָבן אים צוגעקאָוועט און שוין. ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל אין תוך האָט ער דאָך געבעטלט בלויז אַביסל פרייהייט, רו און דערלייכטערונג... איר געדענקט? אַרומגעדרייט זיך אַ סטאָליאַר־ייִנגל, געפיבערט און געזען זעאונגען; געחברט זיך מיט פּראָסטע פישער־לייט, אַרומגעדרייט זיך אין גליל, געזאָגט זאָגעכצער, ביז ער איז אַריינגעריטן ווי אַן אייזעלע אין סאַמע ירושלים, כדי צו באַווייזן אַ פּסוק... און אַז ער האָט שוין געבראַכט אַ מאָדנע בשורה, האָט רוים אים אויפגעקלאַפּט אויף צוויי קלעצער האָלץ. זי האָט מורא געהאַט אַ פּאָר אַ נס, אַ פּאַר אַ בונט. און ביז היינט ציטערט זי דערפאַר. זי דאַרף אַ טויטן ייִדן אויף אַ צלם... אָבער פאַר אַ לעבעדיקן האָט זי מורא ביז משוגעת... נו, הענגט ישו אויפן קלאָץ, שטייט אויף אַ שטיין, אויף אַ פעלז, אין צעמענט און קוקט ווי מען קאַטעוועט ייִדן. און וואָס זיי האָבן געטאָן מיטן יעזוסיזם, וועלן זיי טאָן מיטן סאָציאַליזם, וואָס ייִדן דערלאַנגען זיי...

— ווער איז דער „זיי“ — האָט אַבאָ מיטאַמאָל אַ ברום געטאָן — ווער איז דער „זיי“?

— פּאָליאַקן און אוקראַינער, שפּאַניער און דייטשן און...

— שטות! בעבעסט! פלאַפּלסט! — האָט אַבאָ אים אָפּגעפּטרט — ביזט שוין אַ גרויסער בחור, טראָגסט שוין קיין עין הרע, גאַנצע הויזן און וואָלסט שוין געמעגט וויסן, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ זאַך! פּאָליאַקן? איז יעדער פּאָליאַק גלייך איינער ווי דער אַנדערער? גראַף סיעמיענסקי ווי דער שוסטער יוזעק פינדזשיצ־קי? דער וואָיעוואָדע סטאַזשינסקי, ווי דער פויער קרולעווסקי? אַלע, אַלע גלייך און אַלע ווילן דיך אויפעסן? שלאָגן, שלאָגט דיך אפשר טאַקע אַ פינסטערער אַנ־טעק, אָבער באַפעלן באַפעלט אים דער גראַף. ער מאַנעווירט אים, ווי מען מאַ־נעווירט אַ גולם מיט צוויי הענט. דאַרף מען איינעם אויפקלערן און דעם צווייטן אָפּשאַפן. און דערנאָך אויסגלייכן. דו, לוי, ווייסט אַליין, אַז די צרה ליגט אין די שטאַנדן; אין די קלאַסן; איינער האָט אַ סך און וויל ס'איבעריקע; דער צווייטער האָט גאָרנישט און בלייבט דערווייל ביים וועלן... ער בלייבט ביים

הונגער, ביים ליידיקן מאָגן און ביים האַס. נו, גיט מען אים אַן עצה און מען הייסט אים שלאָגן אַ דריטן, דעם יידן, געוויינלעך. און אין זיין בלינדקייט און דחקות און דאגות פאָלגט ער און גיט קלעפּ, דער אָרעמער נאַר. און דאָס האָט לחלוטין גאָרנישט צו טאָן מיטן צלם און מיט יעזוסן. פאַרקערט, מען שלעפּט גאָר דעם יוזל אַריין אין אַ בלוטיקן קאָן. מען הייסט דער בלינדן, אָרעמען נאַר גלויבן, אַז עס וואַרט אויף אים דאָס הימלישע קעניגרייך און דערפאַר דאַרף ער ליידן אין דער שטיל און מאַכן אַ שוויג... דו ווייסט עס אַליין, לוי, נאָר דו פאַרטשאַדעסט זיך. אָנשטאָט צו פּראָטעסטירן און צו קעמפן — גיסטו זיך אונטער און ווילסט אַנטלויפן און...

— חס וחלילה! — האָט לוי איבערגעריסן אַבאָן — איך וויל גאָרנישט זיין דערביי, ווען די קלאַסן וועלן זיך דאָ שלאָגן... איך וויל נישט אַריינרוקן מיין קאָפּ צווישן זיי....

— ס'עט דיר נישט העלפן! — האָט אַבאָ אויסגעשריען — דאָס איז דער אורטייל פון דער געשיכטע. עס איז אימפּעראַטיוו.

— קאַטעגאָריש? — האָט לוי געשמייכלט — טאַקע?

פונוואַנען נעמט זיך צו אַבאָן אַזאַ עקשנות און אַזאַ שטעל? אויסגעוואַקסן איז ער ביי אַ טאַטן אַן אָרעמען איינבינדער, און נאָך ביזן היינטיקן טאָג זיצט ער ביים פאָטערס טיש און מייסטרעוועט.

אין אַ יאַנעווקער הינטערגעסל, אויפן וועג צום מרחץ, שטייט אַ קליין שטיבל, וואָס זינקט פון יאָר צו יאָר נידעריקער, און דער שוואַרצער, סקאָטשנער שינדל־דאַך זעצט זיך, ווי צעבראָכענע פּאָקרישקע איבער אַ נאַדרישעטן טאָפּ. די גרויע ווענטלעך שיילן זיך ווי לישייעס, און די קרומע פענסטער־היטרינעס שפּאַרן שוין באַלד אָן ביי דער ערד. עס איז נחמן איינבינדערס ירושה־שטוב, וואָס איז צו אים איבערגעגאַנגען פון טאַטן, ר׳ שכנאן און פון זיידן ר׳ יעקב־גאָדל, דריי דורות איינבינדערס. דאָס קליינע שטיבל איז אָנגעשטאָפּט: אַן אַרבעטס־טיש, פּרעסן, שרויפן, טעפּ מיט קלייסטער, פּאַפּ, קונטרסים, שמות, ביכער און טאָוולען אַלערליי.

נחמן איינבינדער, אַ דאַרער, מיט אַ ציגן־בערדל, אַן איבערגעוואָקסענעם אַקסלען און לאַנגער נאָז, איז אַ ייד אַ חכם, אַ למדן, אַ חריף און האָט אַ שאַרפע צינג. נישט נאָר געדענקט ער אַ רמב״ם, אַ ר״ן, צעקייעט אַ תוספות און אַ שמיק מהרש״א, נאָר ער כוהט זיך און מוהט זיך אין אבן עזרא און האָט שמאַרק הנאה ווי יענער רייסט שפּיקער פון ר׳ אליעזר הקלירס פּיוטים און מאַכט זיי אויס־צודרייען.

פון פאָטער האָט אַבאָ געכאַפּט די שאַרפקייט און די נטיה זיך אַריינצו־עקבערן אין זאַכן און זיי צוצעטרייבערן. דער פאָטער אַליין האָט דאָך ליב זיך צו פּורקען אין מעכאַניזמען — צו צענעמען אַלטע זייגערס, אַפּאַראַטלעך, מאַשינ־קעלעך — כדי צו זען ווי אַזוי דאָס אַרבעט, ווי אַזוי מען שטעלט דאָס צוריק צענויף און וווּ דער שכל שטעקט.

ווי אַזוי „סע אַרבעט“ און ווי אַזוי „עס דאַרף“ אַרבעטן — דאָס איז אויך אַבאָ אַ בעלן צו דערגיין, פון קליינערהייט אָן אַזוי. ווו אַ ספר, אַ בוך, וואָס מען ברענגט איינצובינדן, זיפּט ער איבער, צעטרייבערט און שלינגט אַריין. נישט קיין חילוק וואָס — קירכן־אַנאַלן און מוסר־ספרים, האַנט־ביכער פאַר אַקושער־קעס און פילאָזאָפיע, סאָציאָלאָגיע און לידער, עקאָנאָמיק און וואָס עס מאַכט זיך אונטער דער האַנט. ער לייענט זיי, בינדט זיי און די שפּורן קאַרבן זיך איין אין זיין מוח און אין די פאַרפאַפּטע הענט.

עטלעכע מאָל האָט לוי ברוידעס אים געזען ביי דער מלאכה אין זיין טאַטנס איינגעהויקערטער שטוב. ווען ער האָט צום ערשטן מאָל געבראַכט עטלעכע ספרים איינצובינדן, האָט אַבאָ אים אַריינגעצויגן אין אַ שמועס. ער, לוי, געדענקט כמעט יעדעס וואָרט, וואָס אַבאָ האָט דאַן אַרויסגעזאָגט, ציענדיק די שאַרפע פעדעם דורך עטלעכע קונטרסים, וואָס ער האָט בעת מעשה איינגענייט. ווען „היסטאָרישן מאַ־

— מאי קא משמע לן — האָט דער פּאַטער געוואָלט וויסן — האַ?

— „דיאַלעקטיש" מיינט, אַז אַלע דערשיינונגען ווערן באַטראַכט אינם ליכט פון זייער אַלוועלטלעכן צוזאַמענהאַנג. איז דער סאָציאַלער וויסנשאַפט באַקומט דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם די פאָרם פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. און על פּי דער דאָזיקער שיטה קאָנען מיר אויספאָרשן אַלע איינצלהייטן און אָננעמען מעטאָד.

— און וואָס, מייז זון, איז שכל הישר? — האָט דער פּאַטער געפרעגט — האַ??

— אָ... לאָמיר זאָגן, אַז אַ פּראָצעס אין דער באַוועגלעכער מאַטעריע...

דער פּאַטער האָט געשמייכלט, לוי האָט זיך געחידושט און אַבאָ האָט ווייטער געצויגן די פעדעם אַרום די דרעטלעך אויף אַ ברעט:

— און דאָ איז דער עיקר צו דערגיין צום היסטאָרישן און געזעלשאַפטלעכן „זיין" און אַזוי אַרום צו דערקלערן די פאָרם און די אַנטוויקלונג פון געזעל־שאַפטלעכן „באַוווסטזיין". און דאָס געזעלשאַפטלעכע באַוווסטזיין, דאַרף מען וויסן זיין, באַשטייט אין די עקאָנאָמישע פּראָצעסן... נאָר אין די עקאָנאָמישע פּראָצעסן...

אַזוי האָט אַבאָ גערעדט ביי זייער ערשטער באַגעגעניש — און ענלעכע רייד רעדט ער איצט, שפּאַצירנדיק איבערן פעלד; ער דרשנט. און וויל ממש פאַרשרייען דעם געקלאַנג פון די גלעקער, וואָס יאָגט זיי נאָך איצט, ערב יעזוסעס אויפשטיין אין דער פריער נאַכט...

לוי האָט זיך איינגעהערט אין אַבאָס רייד. אָבער דאָס האַרץ האָט נישט גע־צויגן צו זיי, אין דער טונקל האָט ער געזען ווי קלאַראַ ווינאָקור קוקט אַבאָן אין מויל אַריין און קוויקט זיך און זיפצט... און אויף איר זיפץ האָט דער שטומער פּריץ, ווי ער וואָלט אַלץ געהערט, אָפּגעענטפערט מיט אַ „ע־ווע־ווע"...

— איצט פאַרשטייסטו שוין? — האָט אַבאָ זיך אָפּגעשטעלט און אָנגע־צונדן אַ ציגאַרעט — נו, בחור?

— איך פאָר קיין ארץ־ישראל... — האָט לוי אָפּגעענטפערט — און ווייטער וועלן מיר זען...

— העלפן שטופן דעם וואָגן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם ? — האָט אַבאָ זיך צעבעסט — יאָ?

— העלפן שטופן מיין אייגענעם וואָגן!

— די באַלפור־דעקלאַראַציע איז אַ ליגן! דער מאַנדאַט איז אַ שקר! — האָט אַבאָ זיך געקאָכט — ענגלאַנד וועט נישט העלפן, און די אַראַבער וועלן גאָרנישט געבן. אָט איז דער ענטפער און דער תירוץ פאַר די שחיטות פון 1921 און 1928. די אַראַבער ווילן זיך באַפרייען פון בריטישן יאָך און די ציוניסטן לאָזן נישט!

— נישט די אַראַבער, נאָר די עפענדים האָבן מורא פאַר די יידן — האָט לוי געענטפערט — דו ווייסט עס אַליין. און וואָס שייך ענגלאַנד? נו מיר קענען דעם פערפידן אַלביאָן און מיר פאַרלאָזן זיך נישט אויף אים...

— אויף וועמען דען? אויף דער צעבוילטער פראַנקרייך? אויף דעם אַמערי־קאַנער געלט־זאַק, וואָס וועט נאָך ווערן דער פּאָליציאַנט פון דער וועלט?

— דאַכט זיך, אַז דאָס האָט געזאָגט טראָצקי — האָט לוי זיך צעלאַכט — אַז מען דאַרף ביזטו אַ טראָצקיסט. האַ, אַבאָ?

— חכמעסט זיך לוילע — האָט קלאַראַ זיך אַריינגעמישט — קיין קלאָרע ענטפערס האָסטו נישט, נאָר נאַרישע וויצן און סענטימענטאַלע רייד...

לוי האָט דערפילט אַ שטאָך. די שפּיל איז פאַרשפּילט. און דער שפּאַציר מעג זיך בדיעבד ענדיקן און מען קען שוין גיין אַהיים. קלאַראַ גייט נאָך אַבאָן און זי איז באַרוישט און בלינד.

— שטותים — האָט אבא זיך ווידער אויפגעכאַפּט — מען קאָן נישט אַנט־לויפן. ווו מיר, יידן, זאָלן נישט זיין, זיינען מיר אַרומגערינגלט פון פעלקער, און

זוען ביי זיי איז צערודערונג, איז ביי אונז אַ מהומה. און כדי מיר זאָלן קאָנען זיין, איז נייטיק, אַז דאָס גאַנצע „זיין“ זאָל אַנדערש ווערן. אַנדערש זאָלן ווערן די פאָרמען און דער תוכן פון געזעלשאַפטלעכן באַוווסטזיין. עס דאַרפן איבערגעאַנדערשט ווערן די פּראָדוקציע־פאָרמען, וואָס באַשטימען די שייכותן צווישן מענטש און מענטש... די עקאָנאָמישע פּראָצעסן דאַרפן קאָנטראָלירט ווערן דורכן גרויסן כלל — אויף אַזוי ווייט איז דער מענטש אַ נכנע צום געבאָט פון דער נייטווענדיקייט...

— און ווו איז די פרייהייט?

— אויפן באַזיס פון עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט ווערט אויפגעבויט אַ ממשלה פון אמתער פרייהייט, אין וועלכער דער מענטש קען אַנטוויקלען זיינע קרעפטן... דאָס איז אַ ציל, אַ תכלית פאַר זיך גופא...

— און דער ציל, דער תכלית איז שוין דערגרייכט געוואָרן אין סאָוויעטן־לאַנד? — האָט לוי געפרעגט ווי אַ תם — האַ?

— לאַכסט שוין ווידער? — האָט קלאַרא אים אַ קניפּ געטאָן — נאָר ער איראָניזירט!..

— ע־ווע־ווע! — האָט דער שטומער געברומט — עווע־ווע!

— די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז דער גאַנג צו פרייהייט! — האָט אַבאַ ווי אָפּגעפּסקנט — און דאָס איז דער מאָדוס... דער...

מיטאַמאָל האָבן, פון אונטער דער ערד, אָנגעהויבן פליען שטיינער און שטיקער האָלץ, ס'האָט אפילו געהערט אַ קנאַל פון אַ פּיסטויל; און מאוימדיקע קולות און אַ גרויליקע געקנאַקעריי האָט זיך צעטראָגן איבערן פעלד: „זשידעס! איר פאַרעיפּושט אונזער ערד! קיין פאַלעסטינע! מיר ווילן אייך, ממזרים טרייבן ווי די הינט!“

דער האָגל פון די שטיינער איז געוואָרן געדיכטער אַרום די שפּאַצירנדיקע און דער שטומער פּרץ האָט אַרויסגעלאָזט אַ יאָמערלעכן געברום. ער האָט זיך געוואַקלט אַרונטער, צו ד'רערד און זיך געגומען קייקלען אין ווייטאָגן. אין אויגנבליק האָט לוי זיך געכאַפּט וואָס דאָ איז געשען. ער האָט זיך אָנגעבויגן אין אויפגעהויבן דעם שטומען, וואָס איז געווען אויסגעווייקט אין בלוט. ער האָט אים אַ כאַפּ געטאָן אויף אַן אַקסל און, נישט אומקוקנדיק זיך אויף צוריק, נישט וואַרטנדיק אויף אַבאָן און אויף קלאַראַן, האָט ער אים געטראָגן צו אַ דאָקטאָר אין שטאָט אַריין.

לוי האָט געפילט, אַז ער ווערט נאַס; דער רוקן ווערט אויסגעווייקט. נאָר ער איז געלאָפן אָן אָטעם, אַרויף, אַרויף, צום בריקל, צום „קאָרסאָ“ און צום מאַרק... ער איז געלאָפן און אין זיינע אויערן האָבן געדלובעט און געגרילצט אַבאָס ווערטער: „אַ ממשלה פון אמתער פרייהייט... אַ מאָדוס... רעוואָלוציע... געזעלשאַפטלעכער באַוווסטזיין... עס זאָל אַנדערש ווערן דאָס „זיין“... עס זאָל...“

די ווערטער האָבן געקלונגען ווי חוזק: פאָוויטינע און שוים... עכט זיינע בלויז דעם שטומענס קרעכצן און ווייטאָגן און דאָס בלוט, וואָס רינט פון אים...

## קאַפּיטל 18

# רעדער דרייען זיך...

מיט אַ טעמפּן רעש האָבן זיך די שווערע רעדער געקאָלערט איבער די שטאָלענע רעלסן און דער שנעל־צוג סטאַניסלאַוואָו־לעמבערג האָט זיך טיפער און טיפער אַריינגעשניטן אין דער נאַכט אַריין. דער לאָקאָמאָטיוו האָט געסאָפּעט, געפּרייכט, זיך געריסן באַרג־אַרויף און אַרויסגעהויכט קרענצלעך מיט פונקען און דיקע קנוילן רויך.

אין וואַגאָן פון צווייטן קלאַס, אויף אַ ווייכער פּלושענער סאָפקע, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן דער שויב, האָט לוי ברוידעס נאָכגעפאָלגט מיט זיינע בליקן די צעזייעטע פונקען, וואָס האָבן אויפגעלויכטן אין דער פינסטערניש. די רויטע פייער־שפּריצן זיינען זיך צעפלויגן און געצויגן אויף צוריקוועגס, צו די אָפּגעלאָפענע מיילן אין דער נאַכט. פאָרויס האָט זיך ווייטער געצויגן דאָס געדיכטע השכות, שוואַרץ־פעלד און פאַרנעפּלטער וואַלד.

עס איז נאָך געווען אַרום 4 שעה רייזע ביז לעמבערג. פונדעסטוועגן האָט לוי נישט געפּרוווט זיך מאַכן „באַקוועם", זיך אָנלענען און איינדרימלען, ווי עס האָבן געטאָן דער אַלטער הער מיט ווייסע וואָנסעס און די יינגע דאַמע, וואָס פאָרט מיט אים. לוי איז געזעסן און געקוקט אין פינסטערן דרויסן אַרויס. מחשבות, בילדער און איבערלעבונגען — אָפּגעריסענע, קלאָרע און מטושטשע האָבן אויפגעלויכטן, זיך אויפגעכאַפּט און געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע.

טשעקאַווע: פאַרוואָס האָט דער זיידע זיינער, ר' מרדכי לייב, זיך אַזוי ברייט צעשמייכלט און דערצו נאָך דערלאַנגט אַ גרינעם אַמעריקאַנער הונדערטער, ווען ער איז אַריינגעקומען זיך געזעגענען מיט אים? נו, יאָ, ערב יום־טוב איז דער זיידע טאַקע צוריקגעקומען פון וויזן, פון רבין, אַן אויפגעמונטערטער. ער איז באַלד צוגעפאָרן אין ווילבעווער גוט און באַפוילן זאַגאַיסקין, דעם פאַרוואַלטער צו באַאַרבעטן די פעלדער ווי אַלע יאָר, נישט געקוקט אויף דער שׂרפה, אויף די סטראַשונקעס און די אַלע „פּראָיעקטן", מיט וועלכע די פּוילישע רעגירונג קומט אַרויס יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. שביעי של פּסח איז ביים זיידן געווען אַ „קערמישעל", כנהוג, מען האָט געטרונקען וויין און מעד, און די טשאָרטקאָווער און הוסיאַטינער חסידים האָבן זיך צעלאָזט מיט אַ ברען. דער זיידע אַליין האָט געזונגען ניגונים און געפירט דאָס ריקודל.

פונדעסטוועגן איז פאָרט אַ חידוש, וואָס דאָס געזעגענען זיך איז צוגעגאַנגען אַזוי גלאַט. עס איז דאָך עפּעס נישט דעם זיידנס טבע. גלאַט אַזוי, מיר־נישט דיר־נישט, אָן קשיות און אָן תערומותן צו זאָגן „פאָר געזונטערהייט". געוויינלעך, איז דער זיידע אומצופרידן, ווען עמיצער פון דער משפּחה פאָרט אַוועק, פאַרלאָזט דאָס יאַנעוווקער הויז און גייט זיך „וואַלגערן" אין דער פרעמד. און אַפילו, ווען מען טוט דאָס צוליב שטודירן — איז עס ביי אים אויך נישט זייער אָנגעלייגט. אַז ער האַלט גאָרנישט פון די אוניווערזיטעטן און די גליקן אין פרעמדע, מאָדערנע גענג און שטיק. אָט — האָט ער, ר' מרדכי לייב אַליין אויך נישט שטודירט, און עס פעלט אים, ברוך השם, נישט אויס. איז וואָס־זשע איז דאָס געשען, וואָס? וואָרום נישט נאָר האָט דער זיידע אים, לוין, געזאָגט אַ געמיטלעכן „פאָר לחיים ולשלום", נאָר האָט אים אויך גוטמוטיק אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל און אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין:

— נו, מהיכי תיתי, לערן דערהוויל, לערן... אם ירצה השם אין עטלעכע וואָכן אַרום 'עלן מיר זעען, 'עלן מיר שוין שמועסן, מ'עמיר שמועסן תכלית. נו. פּאָר לחיים ולשלום...

איז די קשיה: וואָס פֿאַרא תכלית וויל דער זיידע שמועסן מיט אים? מסחר? ס'גוט? אפֿשר ארץ־ישׂראל? מאָלע וואָס...

די מאַמע איז אויך געווען רואיק און זי האָט אים צערטלעך געגלעט. דער טאַטע, דער חלוש, ר' שמריה, וואָס איז כּסדר פֿאַרטראָגן אין עולמות עליונים, האָט צוגעבאָמקעט: „מילא, מילא" און אַליין אַריינגעלייגט די תּפֿילין אין רענצל. ער, לוי, זאָל זיי, חלילה נישט פֿאַרגעסן אין יאַנעווקע. אַפֿילו די שוועסטער — אסתּר — האָט זיך מיט אים איבערגעבעטן, געזעגנט און צעקושט. פֿון די איינציקע ווערטער, וואָס די משפּחה־מיטגלידער האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט, האָט לוי פֿאַרשטאַנען, אַז די צופֿרידנקייט נעמט זיך דערפֿון, וואָס מיט זיין אַוועקפֿאָרן וועט ער זיך סוף כּל סוף „אָפּלאָנטשען" פֿון קלאַרא ווינאָקור; ער וועט זיך אויפֿ־הערן אַרומשלעפּן מיט דער „שוסטערקע"...

אָבער מאָדנע: קלאַרא ווינאָקור איז אַליין אויך געווען צופֿרידן און ביים געזעגנענען זיך האָט זי געשמייכלט און געלאַכט. ווען ער איז נעכטן אינאָוונט אַריינגעקומען איר זאָגן „זיי געזונט", האָט זי זיך נישט געקרימט און נישט אַרויסגעוויזן קיין שום פֿאַרווונדערונג.

— כ'האָב עס פֿאַרשטאַנען. האָסט עס נישט באַדאַרפֿט האַלטן בסוד — האָט זי געשאָקלט מיטן בלאָנדן קאָפּ — כ'האָב עס סיי־ווי געפֿילט... אָבער נאָכ־לויפֿן וועל איך דיר נישט. איך וועל דאָ זיצן און וואַרטן אויף מיין ברודער כאַצקלען. אין אַ חודש אַרום וועט ער דאָ באַשטימט זיין. ער האָט זיך פֿאַר־האַלטן אין ניו־יאָרק. אָבער די טעג פֿאָרט ער שוין אַרויס. און דו אַנטלויפֿסט פֿון דער באַגעגעניש. פֿיין. זייער וווּל. און אפֿשר איז עס דערוויייל גלייכער אַזוי.

וואָס איז עס אַזוי „גלייכער", וואָס? וויל זי אפֿשר זיך אַליין אויספּרוּוון און זען, צי זי וועט בענקען נאָך אים? וויל זי נישט אַמאָל זען, ווי אַזוי ער וועט האַנדלען פֿונדערווייטנס, איז דער פּרעמדר? זי האָט אים געקושט איינמאָל און נאָכאַמאָל און איר אָטעם איז געווען האַסטיק און הייס... אים האָט זיך געדאַכט, אַז איז אַ ווינקל פֿון איר אייג האָט אויפֿגעלויכטן אַ טרער. אָבער דער כּסדר־דיקער שמייכל האָט פֿאַרשטעלט און פֿאַרדעקט...

איז אים געווען שווער זיך צו שיידן פֿון איר? ס'האַרץ האָט אַביסל געפּויקט און אַ ברעם האָט אַ ציטער געטאָן... נישט מער... דאָס און גאָר...

שווערער ווי מיט קלאַראַן איז אים אויסגעקומען זיך צו שיידן מיטן שטומען פּריץ. וואָס ליגט אין בעט אַ צעמזיקטער. ווען ער איז אַריינגעקומען זיך גע־זעגענען און האָט מיט סימנים געגעבן דעם שטומען צו פֿאַרשטיין, אַז ער פֿאָרט אַוועק, האָט יענער אָנגעהויבן מרוקען און ברומען און אַ טיפֿער צער האָט אַרויס־געשריגן פֿון אים.. מען האָט געזען, אַז דער שטומער לעבט איצט נאָכאַמאָל איבער די ווייטאָגן און די אַנגסט, ווי אין יענער נאַכט אויפֿן פֿעלד, בעת אַ קויל האָט אים געטראָפֿן אין אַקסל און אַ שטיין אין בויך. עטלעכע טעג האָט דער שטומער געשוועבט צווישן לעבן און טויט. עס איז קיין סוד נישט געווען, אַז דאָס שטיקל אַרבעט האָט אָפּגעטאָן הרוצקאָ ווועליטאָק מיט זיין באַנדע; זיי האָבן געטשאַ־טעוועט אין דער פּיגסטער, אין פֿעלד. געמיינט האָבן זיי צו טרעפֿן אים, לוין, אָבער דער שטומער פּריץ איז געווען דער אָפּלייזער. אַ ביטערע איראָניע... אָדער אפֿשר איז דאָס די „לאָגיק" פֿון אַלע געשעענישן און פֿון אַלע טועכצער?

דער וואָגאָן האָט זיך מיטאַמאָל אַ שאָקל געטאָן. דער צוג האָט זיך אָפּגע־שטעלט ביי אַ סטאַנציע. דאָס ליכט פֿון עטלעכע גרויסע לאַמטערנעס אין דרויסן האָט אַריינגעשיינט דורך דער פֿאַררויכערטער שויב.

די יינגע דאַמע, וואָס האָט געדרימלט אַנטקעגן, האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. זי האָט געעפֿנט די אויגן און אַ שמייכאַלע האָט זיך צעשפּילט אַרום איר צוקנדיקן מויל. דאָס שמייכעלע האָט געמיינט „אַ גוטער אויפֿשטאַנד", „גוט מאָרגן", אויב איר ווילט. דער הער מיט די וואָנסעס, און דער שניי־ווייסער גריווע־

האָר און ווייטער געשלאָפֿן און געלאָזן הערן אַ דינעם און דעליקאַטן כראָפּ. זיין קאָפּ האָט זיך לייכט־לייכט געבאָמבלט אין געוויגט און, אומבאַוווּסטזיניקערהייט, האָט ער געזוכט דער דאַמעס אַקסל, כדי זיך אָנצושפּאַרן אויף איר. האָט זי בכיוון זיך אַביסעלע אָפּגערוקט און געזשאַלעוועט איר אַקסל פֿאַר דעם מידן, ווייסן מאַנסבילישן קאָפּ?

לוי ברווידעס האָט זיך ערשט איצט צוגעקוקט צו דער דאָזיקער ייִנגער פֿרוי. איר פּנים — לענגעכיק, גרינגלעך, געמאָכט און די באַקן באַדעקט מיט אַ דינעם, שוואַרצן פּוכעלע, פֿון די שלייפֿן ביז אַרונטער די אויערן. אַ גלייכע, שאַרפֿע נאָז אין טיפֿע, שוואַרצע אויגן מיט לאַנגע וויעס, וואָס פֿאַרדעקן עפּעס, לאָזן נישט צו און זאָגן נישט אויס. די ליפּן — קאַרמין־רויטע און פֿולע, כסדר פֿייכטלעך און צאַפּלען זיך. שוואַרצע האָר, צעלאָזענע און געקרייזלטע, שלענגלען זיך, ווי יאַשטשערקעס, אַרום האַלז און אויף דער ברוסט אַראָפּ.

ווער איז זי און וואָס איז איר שייכות צום אַלטן הער? לוי האָט זיך געוווּנדערט קעגן דער דאָזיקער נייגעריקייט. נאָר פֿונדעסטוועגן איז ער פֿאָרט געווען פֿאַראינטריגירט. ביים אַריינשטייגן אין שנעל־צוג, אין סטאַניסלאַוו, האָט ער שוין געטראָפֿן די צוויי פּאַסאַזשירן אין וואַגאָן. ס'איז געווען קענטיק, אַז זיי פֿאָרן פֿון אויסלאַנד, וואָרעם דער צוג איז געלאָפֿן פֿון דער אונגאַרישער גרענעץ, ערגעץ ביים דוקלאַ־פּאַס. לכתחילה האָט לוי געמיינט, אַז דאָס זענען אויסלענדער. דער הער און די דאַמע האָבן כמעט נישט אַרויסגערעדט קיין הויך וואָרט צווישן זיך. ז'האָבן זיך פֿאַרשטענדיקט מיט שמייכלען, מיט סימנים און מיט באַוועגונגען, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַלצדינג איז שוין אָפּגערעדט צווישן זיי, אַלץ איז קלאָר און אָפּגעמאַכט. נאָר אין איין מאָמענט, בעת לוי האָט זיך אומגעקערט פֿון וואַשצימער אין קופּע אַריין, זענען עטלעכע ווערטער יאָ דערגאַנגען צו זיין אויער און ער האָט דערקענט, אַז דאָס איז פֿראַנצויזיש: „שערי, מא פּעטיט, פּעטיט", האָט דער אַלטער הער מיט די ווייסע וואָנסעס איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. ר'האָט זיך הפּנים נישט געכאַפּט, אַז לוי, דער פֿרעמדער שכן, איז דאָ צוריק.

וואָס קערן זיי, די צוויי, זיך פֿאָרט אָן? אַ זיידע מיט אַן אייניקל? אַ טאַטע מיט אַ טאָכטער? צי גאָר מאַן און ווייב? און ווער זענען זיי? אַז זיי פֿאַראַטן זיך גאָרנישט און כאַפּן זיך מיט גאָרנישט אַרויס...

די ברונעטע „שערי, מא פּעטיט" האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגערוקט פֿון דרימלענדיקן הער, אַרויסגעצויגן פֿון האַנטבייטל אַ פּאַרצירטע גאָלדענע ציגאַרעטן־דאָזע און אַרויסגענומען אַן איידעלן פּאַפּיראָס. לוי האָט זיך געפֿעדערט און איר אונטערגעטראָגן אַן אָנגעצונדן שוועבעלע. זי האָט זיך פֿאַרצויגן, אַרויסגעלאָזט אַ רינגעלע רויך און באַדאַנקט אויף פּויליש:

— דזשענקויע...

ז'האָט אים אָנגעבאָטן אַ פּאַפּיראָס, האַלטנדיק פֿאַר אים די דאָזע אָפֿענע:

— פֿאַרזוכט, פּראָשע פּאַנא... דאָס זענען אויסלענדישע ציגאַרעטן, עגיפּטישער אַראָמאַט. אָבער מילדער און לייכטער טאַבאַק; ברענט נישט דעם גומען און שעדיקט נישט דעם האַלז.

איצט האָט ער געוווּסט: זי איז באַשטימט נישט קיין אויסלענדערין. איר פּויליש איז אידיאָמאַטיש און ריין.

ר'האָט פֿאַרויכערט און איר צוגעגעבן גערעכט:

— די פּאַני איז אַ קאָנאָסערין אויף טאַבאַק. ריכטיק. ער איז מילד און דין און לייכט. ביי אונדז אין פּוילן זעט מען נישט דעם סאָרט ציגאַרעטן. און אפשר יאָ? איך בין נישט קיין איבערקלייבער און איך זוך נישט נאָך.

דער פֿאָדעם פֿון שמועס, ווי עס האָט זיך געקענט דאַכטן, האָט זיך געהאַלטן ביים איבעררייסן און עס איז זיך נישט געווען אָן וואָס אָנצוכאַפּן, כדי אים ווייטער צו ציען. יעדנפֿאַלס האָט לוי נישט געוווּסט ווי אַזוי ווייטער צו

שפּינען דאָס געשפּרעך. די דאַמע האָט דאָס, ווייזט אויס, דערקענט און איז אים געקומען צו הילף:

— דער פּאַן פאָרט קיין לעמבערג?

— יאָ.

— מיר אויך. מיר וווינען דאָרטן. און דער פּאַן?

— איך שטודיר אין לעמבערג — האָט לוי געענטפערט — געהאַט איבער־געריסן און הייב ווידער אָן.

— אָ, אינטערעסאַנט. וואָס, אויב מען מעג פרעגן, שטודירט דער פּאַן?

— אַגריקולטור און פילאָזאָפיע אַלס צוגאָב...

— אַ טשעקאַווע קאָמבינאַציע. וואָס מענטשן פאַלט איין!

מיטאַמאָל איז איר בליק געפאַלן אויף אַן אָפענעם בוך, וואָס איז געלעגן לעבן לוין. ז'האָט אַ שמרעק געטאָן איר האַנט און זייער העפלעך געפרעגט:

— מעג מען?

— ביטע, ביטע! — האָט לוי געשמייכלט, ווייסנדיק, אַז דאָס ספר, וואָס זי נעמט איצט אין האַנט אריין, וועט אים אפשר העלפן דערגיין ווער און וואָס זי איז — פּראָשען... פּראָשען...

ס'איז געווען קויפמאַנס „גולה ונכר", אין וועלכן ער האָט אַביסל געלייענט ביים אַריינקומען אין וואַגאָן אַריין. נאָך דער רעש פון די רעדער און דער פּלאָנ־טער אין מוח האָבן אים געשטערט זיך צו פאַרטיפן און אַריינצוטראַכטן וועגן די פראַגן פון יידן, גלות, היים און היימלאָזיקייט.

— וואָס איז דאָס? זשידאָווסקע? — האָט די דאַמע געדרייט דאָס ספר, מיטן קאָפּ אַראָפּ און אַרויף, און דאַרין געקוקט ווי אַ האָן אין בני אָדם אַריין — דאַכט זיך, טאַקע זשידאָווסקע...

— ניין, דאָס איז העברעיש — האָט לוי געשמייכלט — עס איז אַ חילוק פון יידיש ביז העברעיש. צוויי באַזונדערע לשונות, פּראָשע פּאַני.

— אינטערעסאַנט. און איך פאַרשטיי קיין איינע פון זיי נישט.

זי האָט אַרויסגעלייגט דאָס בוך, אויסגעלאָשן דעם פּאַפּיראָס און תיכף אַרויסגעצויגן אַן אַנדערן. לוי האָט איר ווידער אונטערגעטראָגן אַ שוועבעלע. נו, איצט וועט ער זען! אַצינד ווייסט זי שוין קלאָר, אַז ער איז אַ ייד. ווי אַזוי וועט זי זיך איצט האַלטן און ווי אַזוי וועט זי רעאַגירן הערויף? וועלן די יידישע אותיות ווערן אַ מחיצה צווישן אים און איר?

די דאַמע האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שאָטן פון ערנסטקייט:

— און וואָס דענקען די פילאָסאָפן וועגן דער לאַגע דאָ ביי אונז אין לאַנד?

— אין וועלכער הינזיכט, פּראָשע פּאַני?

— וואָס איז דער אונטערשיד? — האָט זי אַ בלאָז געטאָן אַ רינגעלע רויך — ס'איז סיי־ווי־סיי שווייניש. מען בעבעט פּוילישע ערע און רום, און מען מאַלפּעוועט נאָך פראַנקרייך, אָבער ס'איז אַלץ קויטיק און בלאָטיק און גע־דיכט. און וואָס צו טאָן, דאָס ווייסט קיינער נישט. מען רייסט זיך אַרום און מען רואינירט זיך. נאָר מיינט איר אפשר, אַז אין עסטרייך און אין אונגאַרן איז אַנדערש? דאַרשן אויך דאָס זעלבע. אָט בין איך געווען אין ווין און אין בודאַפּעשט און פאָר צוריק. ייען איך בין געזעסן דאָרטן, האָב איך אָנגעהויבן בענקען נאָך דער אייגענער שווייגערײַ בלאָטע דאָ־אָ. ווי געפעלט עס דעם פּאַן?

— מאָדנע און דאָך פאַרשטענדלעך.

— און ער — האָט זי אַ ווייז געטאָן אויף דעם שלאָפנדיקן הער מיט די ווייסע וואָנסעס — קאָן זיך קיין עצה נישט געבן און קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. ער האָט די אָרדענונג אַ־דאָ און רייסט זיך פאָרט צו איר, ווײַל שטענ־דיק אַנטלויפן און דאָך קאָן ער נישט, און פּלאָנטערט זיך. און דער פּאַן, ווי אַזוי?

— זייער איינפאַך: איך בין אַ ייד — האָט לוי אויף איר אַנגעשטעלט אַ פּאָר שאַרפע בליקן און געוואָלט דורכבויערן איר פּנים — און מיין באַציאונג

איז שטענטיק אַ רעזולטאַט פון דער באַהאַנדלונג, וואָס איך גענים. איך ענטפער מיט ליבשאַפט אויף ליבשאַפט, מיט פאַראַכטונג אויף פאַראַכטונג און מיט פאַרדאַכט אויף פאַרדאַכט. ס'איז אפשר נישט קריסטלעך, אָבער מענטשלעך. איר קענט דאָך דאָס אַלטע פוילישע ווערטל: „ווי קובע איז צו גאָט איז גאָט צו קובען“

— און ס'קאָן אויך זיין פאַרקערט — האָט די דאמע אַ מאַך געטאָן — אין מעגלעך, אַז די באַציונגען פון דער פוילישער געזעלשאפט צו יידן איז אַ רעזולטאַט פון יידישער אָפגעזונדערטקייט, אָפגעפרעמדטקייט און אומצוטרוי? ווען יידן זאָלן זיך האַלטן און פירן און האנדלען און דענקען און רעדן ווי עבטע פאָליאַקן, וואָלט אפשר אנדערש געווען. די קאַפּאָטעס און די בערד און דער זשאַרגאָן און די אייגענע גרופּעס און דאָס שרייען געוואַלט ביים בעטן גאָט און... איר פאַרשטייט?

— געווים! איך קען דאָס אויסנווייניק! זער באַקאַנטע רייד. אָבער זער נאַאיווע און, אַנטשולדיקט, בייזוויליקע דערביי. און אויב אַזוי — האָט לוי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — אפשר וואָלטן מיר זיי אָפּגעלאָזט?

— ניין, ניין, פּאַרקערט! — עס איז אינטערעסאַנט — האָט זי איינגעווענדט — אָט שטודירט איר אין פוילן, אַגראָנאָמיע דערצו. דאָ־אָ. נאָר איר טראָגט זיך אַרום מיט אַ העברעיִסקע „אַדאַקאַדאַבראַ“ וועגן „דיאַספּאָרא און הײמלאַזיקייט“. און אין דער זעלבער צייט פאָרט איר אין אַ פוילישער באַן, איר זיצט אין פוילן...

— צייטווייליק! — האָט לוי איבערגעריסן! — איך בין דאָ בלויז ביז איך וועל אַוועקפאָרן קיין פּאַלעסטינע...

— פּאַלעסטינע? אינטערעסאַנט. איר ווילט פּאַלעסטינע, אָבער די בערד און די קאַפּאָטעס און די באַשאַבסאָווקעס מיט די עקלעך אויף די קעפּ און די ציציסלעך, זיי ווילן דווקא בלייבן דאָ. — האָט זי אויסגעשריִען כמעט אין פאַרצווייפלונג — איז דאָס נישט מערקווירדיק? און ווי אַזוי זאָל מען דאָס פאַרשטיין?

— איז די פּאַני ווירקלעך אַזוי נייגעריק? צו וואָס? עס איז אַ פראַגע, וואָס מאַכט אומרואיק און שטערט, און עס איז אויך נודנע, און איך, זאָל די פּאַני מיר אַנטשולדיקן, וואָלט זי גראָד נישט וועלן לאַנגווייליקן. אַ שווערע און פאַרפלאָנטערטע זאַך — האָט לוי צוגעמאַכט און אַוועקגעשאַרט דאָס אָפענע העברעיִשע ספר — לאָמיר עס פאַרגעסן אויף אַ ווײַלע. אַזאַ אָנגענעמע באַגעגעניש און מען טאָר זי נישט צעקלויצן מיט רייד, וואָס רייצן ווי אַן אָנצינדונג, אָדער גאָר ווי אַ געשוויר. פאַרוואָס קומט דאָס דער פּאַני? זי איז מיר גאָרנישט שולדיק פערזענלעך.

איר בליק האָט אים צוגעגעבן קוראַזש און ער האָט אַ שמייכל געטאָן:

— און פאַרוואָס קומט עס אויך מ י ר ? ווי אָפט האָט אַ סטודענט, ווי איך, דאָס גליק צו זיצן אַנטקעגן אַזאַ פּאַני ווי איר? אָט אַ שטייגער וואָלט איך איר וועלן זאָגן, אַז מיר געפעלט איר...

— וואָס ?

— איר קול... איר האַלטונג... די פריזור... און דער בראַנסלעט און...

— און... און?

— זאָל די פּאַני אַנטשולדיקן — איז לוי אויפגעשפרונגען, געבליבן שטיין אַ סעקונדע און זיך פאַרנויגט — מיר רעדן און רעדן און איך האָב זיך אפילו נישט פאָרגעשטעלט פאַר דער פּאַני. מיין נאָמען איז לוי ברוידעס...

— זאָפיאַ גראַניצקאַ — האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט.

אַן אויגנבליק איז ער געווען אין אַ פאַרלעגנהייט — זאָל ער קושן איר האַנט אויפן פוילישן שטייגער? די פּאַני זאָפיאַ אַליין האָט אים אַרויסגעהאָלפן: זי האָט אונטערגעטראָגן און לייכט מאַנעווורירט איר האַנט צו זיין מויל...

— זייער אָנגענעם, פּאַניע ברוידעס — האָט זי צוויי מאָל איבערגעחזרט,

ווי זי וואָלט זיך באַמיט צו געדענקען זיין נאָמען און אים אַריינצונעמען אין קאָפּ אַריין — זייער אָנגענעם, פּאַניע ברוידעס.

דער אַלטער הער האָט זיך מיטאַמאָל אַ ריר געטאָן און געעפֿנט אַן אויג. פֿאַרשלאָפֿענערהייט האָט ער געפּרוווט דרייען די ווייסע וואָנסעס, צורעכטמאַכן דעם קראַוואַט און עפֿענען דאָס צווייטע אויג. אָבער דער קאָפּ האָט זיך ביי אים אַ באָמבל געטאָן און געבליבן הענגען ווי אַ שווערער שוואָם איבער דער ברוסט.

די פּאַני זאָפיאַ האָט עס באַמערקט און זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט. זי האָט זיך אויפגעהויבן און געלאָזט צום וואַש־צימער, מיטנעמענדיק איר האַנטבייטל מיט זיך:

— אַנטשולדיקט — האָט זי אַ שמייכל געטאָן צו לוין — איך האָב פּיינט אַ שלאָף־וואַגאָן. אָבער דאָ אין קופּע ניאָרעט מען זיך שטענדיק איין... מען ריזט זיך אויס...

זי איז אַרויס. לוי האָט איר אַ סעקונדע נאָכגעקוקט. זאָפיאַ גראַניצקאַ... און ווער איז זי פֿאַרט? און וואָס האָבן יידן איר געטאָן, און פֿאַרוואָס האָט זי באַהאַלטענע און אָפֿענע טענות צו זיי? נו, מילא, מאַלע וועמען מען באַגעגנט אונטערוועגס... וואָס פֿאַראַ באַדייט האָט דאָס און וואָס פֿאַראַ באַטרעף? אָט אין אַן אַנדערטהאַלבן שעה אַרום וועט ער שוין זיין אין לעמבערג און זאָפיאַ גראַניצקאַ וועט זיין פֿאַרגעסן און... אפשר נישט? זי וווינט דאָרטן, און, ווער ווייסט?... אָבער... פֿאַרוואָס האָט זי איבערגעהזרט זיין נאָמען און... מאַלע וואָס! און ווי זי האָט דאָס זיך געחידושט למאי ער וויל קיין ארץ־ישראל און לאָזט די „קאַפּאָטעס און בערד" אָדאָ! זאָפיאַ גראַניצקאַ... כדי צו פֿאַרטרייבן זי פֿון זיין געדאַנק, האָט ער געפּרוווט טראַכטן וועגן קלאַראַ ווינאָקור, פֿון יאַנעווקע. אַ שאָד, וואָס זי איז איצטער נישטאָ דערביי. וואָס אַ שטייגער וואָלט זי געטאָן? זיך געערגערט, צי געשפּאַסט? עס וואָלט זי פֿאַרדראָסן, צי כלל נישט געאַרט?

זאָפיאַ גראַניצקאַ... און דער הער מיט די ווייסע וואָנסעס דרימלט אַלץ און פֿאַרשלאָפֿט די נאַכט... אַ מאָדנע נאַכט...

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך פּלוצלונג צעיאָגט, אַרויסגעהויכט קרענצלעך מיט פֿונקען און קנוילן־רויך. ער האָט זיך געשניטן נענטער און נענטער צו לעמבערג און געלאָפֿן מיט אַ רעש, וואָס האָט אויפגערודערט די פֿינצטערניש און די נאַכט.

## קאַפּיטל 19

# אין עמק

גבעוניה האָט שוין געהאַלטן נאָך דער וועטשערע. אין ברהבותדיקן, ווייסן, געקאַלכטן עס־צימער איז שוין געווען פּוסטלעך און שטיל; די גרויסע טישן אָפּגערוימט, די ליכטער איינגעצויגן און דער דיל אויסגעקערט. ווי אָפּגערעדט, האָבן זיך די חברים צעשאָטן ערגעץ־ווו איבערן גרויסן הויף.

עס איז געווען אַ וואָכעדיקער געוויינלעכער אויפדערנאַכט. די אַרבעט פֿאַרן קומענדיקן טאָג איז שוין געווען איינגעאָרדנט און פֿאַרטיילט. קיין באַזונדערע מועבצער זיינען יענעם אָוונט נישט געווען. נישט קיין לעקציע, נישט קיין באַראַטונג. נישט קיין מיטינג און נישט קיין קאָנצערט. אַ זעלטענער אויפדערנאַכט פֿאַר גבעוניה; גאָרנישט לויט איר שטייגער און גאַנג.

אינדרויסן האָבן געהאָנגען שטערן ווי וועלטשענע ניס. ווייסע ליכט־פֿאָסן האָבן דורכגעשטריפּט דעם הימל און די זילבערנע לבנה האָט אַראָפּגע־שמייכלט פֿאַרשייט און שטיפֿעריש, מיט אַ פֿאַרקוועטשטן אויג. ריחות פֿון צע־בליטע מאַנדל־שטאַקן, פֿון שפּראָצנדיקע געוויקסן און דרימלענדיקע בלומען האָבן אָנגעפֿילט די לופֿט.

חברה האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר. דאָס יינגוואַרג איז אַרויס אין פֿעלד, פֿונוואַנען עס האָט זיך געטראָגן אַ מונטער געזאַנג. די „זקנים" האָבן געשפּאַנט בניחותא אַרום גאָרטן, אין דער אַלייע, אָדער זיך געלייגט אויפֿן גראָז.

אין עס־צימער זיינען פֿאַרבליבן בלויז עטלעכע פֿאַרעקשנטע „בטלנים", וואָס האָבן געשפּינען אַ פֿאַרצויגענעם שמועס. זייער שמועס ציט זיך שוין טעג; און אַ סברה, אַז נישט היינט און נישט מאָרגן וועט ער זיך פֿאַרענדיקן. אָוונטן זיינען פֿאַראַן געגוג און רייד פֿעלן נישט און זאַכן, וואָס שטייען ברומו של עולם, מערן זיך און קלייבן זיך אָן.

איז איין ווינקל זיינען געזעסן דריי: צבי נחמוני, הלל כספּי און דוד ראַפּאָ־פּאָרט. אַלע דריי „וותיקים", אויסגעפּרוּווטע, דערפֿאַרענע און אַלטגעזעסענע.

אַ ברייט־פּלייציקער, אַן אָפּגעברוינטער, מיט אַ קײלעכדיק ווייס בערדל און אַ געדיכטער קוטשמע קאַשטענוואַטע האָר — האָט דוד ראַפּאָפּאָרט, מיט זייז פּויערישער געפּאַקטקייט און סאָלידקייט, שיער נישט איבערגעוואַזשעט די צוויי חברים, צווישן וועלכע ער איז געזעסן אַ געלאַסענער, געצויגן זיין ליולקע טיטון און זיך צוגעהערט צו זייערע רייד.

— און איך, יאָ־חביבי, רעכן, אַז דו דאַרפֿסט זיך גלייך אויפֿהויבן און פֿאָרן און פּטור. הערסט, דוד? הלוואי שיקט מען מיך. אַ נסיעה, דורכלופֿטערן זיך איינמאָל אין אַ יובל, איז גאָרנישט קיין קלייניקייט. פֿאָר, אַז מען הייסט! הלוואי הייסט מען מיר. אָבער מיר וועט מען נישט הייסן. איך, יאָ־חביבי, טויג זיך אַפּנים אויס בלויז צו שרייבלעך און צו האַמערס, צו מאַשינען און צוואַנגען — האָט דער דראָטעוודיקער און געקרייזלטער הלל כספּי געדרייט מיט אַ פֿינגער — מאַשינען, אָט ד אָ ס ווייס איך. אָבער נישט קיין מענטשן.

— עס איז מיר אַ גרויסער חידוש אויף דיר, הללקע, למאי דו רעדסט אַזוי — האָט דער לאַנגער, בלאָנדלעכער, האַלב־פּליכוואַטער נחמוני, דער עלטסטער לערער פֿון דער קבוצה, אָנגעבאַפּט כספּין פֿאַר אַ האַנט — עס איז מיר אַ גרויסער

חידוש. דו, דער בעסטער מעכאַניקער פון גבעוניה, דו ווייסט אַליין, אַז אַ מאַשין איז ווי אַ מענטש. אַ מאַשין האָט, פונקט ווי אַ מענטש, איר נשמה, איר דראַנג; אַ מאַשין, פונקט ווי אַ מענטש, קאָן לעבן און גאַרן; אי צום גוטן, אי צום שלעכטן. האָבן מיר איינמאָל איינס. און ווייטער? ווייטער האָט די מאַשין לחלוטין גאָרנישט צו טאָן מיט דודס נסיעה. אַוודאי דאַרף ער זיך נישט קווענקלען; ער דאַרף פאָרן און פאַרטיק ווערן מיט זיין שליחות און קומען צוריק. דוד, דו מוזט פאַרשטיין, אַז עס איז אי אַ זכות, אי גורל, אי אַ חוב. פאַרשטייסט? עס איז אַ מין חוט המשולש. געפאָרן, געטאָן און געקומען.

— נו, יאָ, כן, בדרך כלל פאַרשטיי איך — האָט דוד געפּאַפּקעט די ליולקע — אָבער... נו, פאַרוואָס גראָד איך? פאַראַן חברים, וואָס זענען מער ראוי און מער מסוגל און בילכער... און והשנית, איך געדענק שוין נישט ווי אַזוי מען פאָרט... און ערשט־אָ האָבן מיר געמאַכט דעם פרווו מיטן באַנאַנע־וועלדל... און...

— ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק האָסטו חתונה געהאַט און ווילסט נישט לאָזן דיין צפורה אַליין. האַ? — האָט כספי אַביסל לצניש אַ קלאַפּ געטאָן דודן אויף אַ קני — ס'ערשטע יאָר פון דער חתונה... אָבער צי שיקט מען דיך דען אין מלחמה? ס'ערשטע יאָר פון אַ חתונה האָט די תורה באַוואָרנט, דאַרף אַ באַלעבעסל זיצן אינדערהיים און דאַרף משמח זיין דאָס ווייב און נישט גיין שיסן קיין פיילן און וואַרפן שליידער־בעק. אָבער דו גייסט דאָך אין אַן אַנדער שליחות

— נו, יאָ, כן, בדרך כלל פאַרשטיי איך — האָט דוד פּאָטאַקעוועט מיט זיין שווערער קוטשמע־האָר — אָבער, איך בין אַ פויער און נישט קיין אָראַטאָר, נישט קיין בעל דרשן; אַ שלאַכעדיקער, שווערער אָקס און נישט קיין פויגל מיט פליגלען.

— טאַקע דערפאַר! אָט־אָט, דאָס איז נויטיק! טאַקע נאָר אַזאַ מענטש ווי דו דאַרף קומען אַצינד און זיך ווייזן: עכט און נישט־צוגעפּוצט. אַ מענטש און נישט קיין אָדלער. אָט דאָס דאַרף אונזער יוגנט, דאָרט אין דער גולה, זען און דערזען — האָט נחמוני דער לערער זיך צעהיצט — און דערפאַר די אויסוואַל פאָר;

דוד האָט ווידער אַ צי געטאָן די ליולקע, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסציען דעם געהעריקן ענטפער און מאַכן דעם געהעריקן באַשלוס. שוין עטלעכע טעג אַז ביי אים, ביי דוד ראַפּאַפּאָרטן, ליגט אַ בריוו פון דער הויפּט־ביוראָ פון החלוץ, מיט אַ פאָרשלאַג צו פאָרן קיין רומעניע און קיין פוילן מיט אַ מיסיע; פאָרן ווי אַ שליח פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל צו דער דאָרטיקער יוגנט און זיי ברענגען אַ גרוס, זיי שטאַרקן, מעורר־זיין און אָנווייזן אַ וועג.

ס'איז געווען אַ צייט פון אַן ערנסטן קריזיס אויף דער וועלט בכלל, און אין ארץ־ישראל בפרט. ווייניק יוגנט איז איצט געקומען אין לאַנד אַריין. מ'האָט ווייניק געבויט און ווינציק געפלאַנצט. אין די רייען פון אַ טייל ניי־אָנגעקומענע האָט געראַסירט אַ צעטומלונג און שטילער ווײ. עפּעס האָט מען דאָך נישט געפינען „וואָס" מען האָט געזוכט. איינצלנע האָבן אַ שמעק געטאָן און זענען געלאָפן צוריק. נאָר צוריקגעפאָרן מיט אַ געוויין... פון באַנגיקייט... דאָס לאַנד האָט פאָרט נעצויגן און גענאָגט...

דאָס ערנסטע איז אָבער געווען דאָס, וואָס צווישן דער יוגנט אין די גלות־לענדער האָבן זיך געמערקט אַן אָפּקערונג און שאַרפע סימנים פון ספקות אין דער צוועקמעסיקייט פון עליה. דערצו האָט זיך געשטאַרקט די נטיה צום קאָמוניזם און צו דער רעוואָלוציע. די פינף־יאָר פּלענער, די כלערליי גרויסן פון ראַטנלאַנד, האָבן פאַרכאַפּט געוויסע קרייזן פון דער יידישער יוגנט און צו זיי געוווּנקען מיט כלערליי צוזאָגעכצער, ראָזעווע טרוימען, און האָבן געררייצט און געלאָקט.

אַ צאָל שליחים פון ארץ־ישראל האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין גלות אַריין צו רעדן צום האַרץ פון דער בלאָנדזשענדיקער יידישער יוגנט, וואָס מאַטערט זיך און זוכט אַן אָנהאַלט און אַ וועג. אויך דוד ראַפּאַפּאָרטן דעם „וותיק", דעם אַלטגעזעסענעם פון דער קבוצה גבעוניה, האָט מען געבעטן זיך אַוועקצולאָזן אין עטלעכע לענדער צו ברענגען אַ גרוס פון דער „מולדת" און מאָלן דעם מצב ווי ער

איז און די מעגלעכקייטן פאַרן עתיד, פאַרן מאָרגן, וואָס דערנענטערט זיך מיט אַ בעסערער מערכה, און וואָס מוז ברענגען די אַנטשיידונג פאַרן פאָלק.

האָט דוד ראַפּאַפּאָרט, דער חבר פון גבעוניה, זיך געשראָקן פאַר דער דאָזי־קער מיסיע?

צוועלף יאָר, אַז ער זיצט דאָ־אָ און איז צוגעבונדן צו דער ערד, וואָס ער האָט דאָ געפינען אַ וויסטע און האַרטע און פאַרלאָזענע. דער־אָ ערד, וואָס איז געווען מדבר און טרוקן און קראַנק און פאַרפּעסטעט — איר האָט ער געגעבן זיין שוויס, זיין מאַרך, זיינע יאָרן־טעג — ביז זי האָט אויפגעבליט, אויפגעזונגען און אויפגעשיינט. ווייטער — ווייטער האָט ער לחלוטין גאָרנישט מער געטאָן. ווען ער איז דאָ אַהער, צוזאַמען מיט דער אַנדערער חברה, געקומען מיט צוועלף יאָר צוריק, זענען דאָ געווען לויטער דערנער און עקדישן און שלענג. וואַסער האָט מען געטרונקען פון אַ פינגערהוט, און געפיבערט האָט מען קעגן דער זון, וואָס האָט פאַרקוילט דאָס געביין און דאָס לייב. איצט איז אַ ברונים דאָ, און קוואַלן שטראָמען, און שלאַנקע יונגע ביימער בליען הינטער די פענצטער, און פייגל זינגען אין זייערע צווייגן, אין די ליכטיקע קאַיאָרן און ביים זונפאַרגאַנג. ווייטער — ווייטער האָט ער דאָ מער גאָרנישט געטאָן.

אָ, יאָ — פאַראַן מינוטן, ווען ער נעמט אַמאָל די פּען אין דער האַנט אַריין און שרייבט עפּעס אָן. אָבער ווער ווייסט דען, אַז דאָס איז דוד ראַפּאַפּאָרט? ער צייכנט זיך דוד בן מרדכי איש־גבעוניה און ס'איז נישט נויטיק מער. נו, יאָ, אַמאָל רופט ער זיך אָן מיט אַ וואָרט בעת אַ פאַרזאַמלונג, ביי אַ וויכוח, אָדער זאָגט אָפּ אַ קורצע דרשה ביי אַ פייערלעכקייט. אָבער איז דען דאָס גענוג געצייג אַז ער זאָל קומען צו דער יוגנט פון פּוילן און רומעניע און ברענגען אַ בשורה און אַ גרוס?

אוודאי, פאָרן וואָלט זיך געוואָלט: אין פּוילן, אין יאַנעווקע, זיצט נאָך זיין טאַטע, דער „פריץ" ר' מרדכי לייב. זיצט אַ ברודער, אַ שוועסטער, מיט קינדער, ז'צן חברים און קרובים און פריינט און אַ שטאָט מיט יידן, וועמען מ'דאַרף טאַקע מעורר־זיין און רופן צו זיך. אָבער...

ער האָט געצויגן די ליולקע, וואָס איז שוין געווען אויסגעלאָשן, און גע־זוכט אַ באַרעכטיקונג, אַ באַשייד, אין מוח און אין האַרץ. פון זיין האַלטונג, פון זיינע תנועות און ענטפערס איז געווען צו זען, אַז די חברים האָבן אים איבער־צייגט, אַז ער דאַרף נישט מאַכן צופיל שהיות און דאַרף זיך לאָזן אין וועג אַריין.

— נו, וואָס איז דען נאָך פאַראַן צו רעדן, וואָס? — האָט נחמוני דער לע־רער אַ מאַך געטאָן — אַז אַלץ איז דאָך קלאָר און גלאַט.

— נו, יאָ, כן, בדרך כלל, יאָ — האָט דוד זיך אויפגעהויבן און באַל־צוריקגעזעצט — אָבער וואָס וועט זיין מיט תל־גד?

— אָ, דאָס? — האָט הלל כספּי אַ שמייכל געטאָן — האָסט מורא זיך צו פאַרלאָזן אויף אונז? מיינסט, אַז אָן דיין יהי רצון וועט מען נישט אַרויפגיין און מ'וועט נישט טאָן וואָס מען באַדאַרף?

— נו, יאָ, מען וועט אוודאי אַרויפגיין — האָט דוד געשאָקלט מיטן קאָפּ — אוודאי. אָבער ס'וויל זיך זיין דערביי. סתם זיין.

דער ענין איז געווען אַ פּשוטער: אַ קבוצה פון אַרום דרייסיק מענטשן האָט זיך געגרייט בקרוב אַרויפצוגיין אויף באָדן און צו לייגן דעם יסוד פאַר תל־גד. אַלע הכנות זענען שוין געמאַכט געוואָרן, טאַקע דאָ־אָ אין גבעוניה, וואָס איז די נאָענטסטע שכנה און אויך די נאָענטסטע קרובה אין גייסט. מען האָט זיך אָבער געריכט אויף שוועריקייטן מצד אַ בעדואינער שבט, וואָס האָט געלאַגערט אַרום. האָבן אַ ריי יידישע פּונקטן, פאַרשטייט זיך, צוגעזאָגט הילף און מען האָט געוואָרט אויף אַ פאַרמעסט.

דוד ראַפּאַפּאָרט, איש גבעוניה, האָט געהאַט אַן אַלטע חזקה צו זיין אָנ־וועזנדיק ביי אַזעלכע אַנטשיידנדיקע און פייערלעכע מאָמענטן, ווען אַ יונגע קבוצה גייט אַרויף אויף איר צוגעטיילטער ערד. ער האָט אויך געהאַט אַ היפּש

ביסל דערפאַרונג אין הלכות⸗פאַרטיידיקונג. בעת איין עליה אַזאַ איז ער אפילו פאַרווונדעט געוואָרן אין אַ פוס. עטלעכע וואָכן איז ער דעמאָלט געלעגן אין שפּיטאָל, אין חיפה, און דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס ער האָט געמוזט אַוועקגיין פון דאָרף. ער, דוד, קאָן בכלל אָנציילן אויף די פינגער פון זיין האַנט די זעלטענע באַזוכן אין די שטעט — ירושלים, תל⸗אביב, טבריה און צפת. ער האָט נישט ליב אַרומצוואַזדעווען און ער פאַרטראָגט נישט דעם שטאָטישן רעש, די מערק, די „קונצן" און דעם יאַריד. ער האָט זיך צוגעוווינט און איז געוואָרן איינס מיט דער געבענטשטער שטילקייט פון דאָרף. זיין גוף ציט זיך צו דער ערד און זיין געמיט לויטערט זיך דאָ אויס. אין יעדן קאַיאָר, ביים אויפשטיין, זעט ער מיט זיינע אייגענע אויגן ווי די מי און דער מאַרד און דער שווייס און דער ניגון, וואָס ער האָט דאָ אַריינגעבראַכט, בליען אויף, ווי אונטער אַ כישוף⸗שפּרוך.

ווידער האָט זיך דערטראָגן דאָס געזאַנג. ס'איז געווען אַ ליסטיקער „יאַ" אויף די געדאַנקען, וואָס פּילן אים אָן אַצינד. אַ לוסטיקע באַשטעטיקונג, אַז אַלץ איז כדאי געווען. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן דעם גרויסן אַלטן שטיין, ביי דער זייט פון דער אַלייע, און זיך צוגעזעצט. מיט די פינגער האָט ער אָנגעטאַפּט די איינקריצונגען אין דעם שטיין: טעג, דאַטומס. יום⸗טובים זענען אין אים איינגעקריצט. און די צייכנס האָבן אַ באַדייט: אַ נייער פּונקט, וואָס איז צוגעקומען נאָך איינער און נאָך איינער, און נאָך, אין דעם טאָל, וואָס איז איינגעראַמט אין בערג און ציט זיך ביז צום ים.

ווען ער, דוד ראַפּאַפּאָרט, איז געקומען אַהער, איז דאָ נאָך אַזוי שיטער געווען. היינט קאָן ער אַריבערשרייען צו אַ שכנותדיקן, היימישן דאָרף, און באַלד וועט מען אים ענטפערן מיט אַן אָנגעצונדענעם שטורקאַץ, מיט אַ פאָן און מיט אַ לעבעדיקן קול.

און נאָך דערציילט דער שטיין אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. פאַראַן קריצן, וואָס מיינען יאָרצייטן: עטלעכע יונגע חברים, וואָס האָבן דאָ געפונען זייער אייביקע רו — פון קדחת און פון שונאס באַהאַלטענע קויל. און אים, דודן, דוכט זיך, אַז ער הערט איצט, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, זייערע רייד: „ס'איז כדאי געווען, גיי⸗זשע און רוף די אַנדערע. נישטאָ קיין אַנדערער וועג. און דער טאָל האָט אַזויפיל אָרט; אַזויפיל אָרט, און ער וואַרט".

און נאָר דער טאָל? אַז אַלץ אַרום איז דאָך ארץ⸗ישראל. און אַרויף⸗צו שפּיגלט זיך דער כנרת, ס'הויבן זיך די בערג פון גליל און איבער זיי שפּרייזט דער ווינט, גאָטס ווינט וואָס דערציילט און איז מגלה אַ סוד.

און אַרונטער איז דער כרמל, וואָס קוקט צום האַפן, צום טויער, פון וואַנען עס דאַרף אָנקומען די איינזאַמלונג — יידן פון אַלע עקן וועלט. אויפן כרמל איז פאַראַן אַ הייל; אליהוס הייל, און אין איר צינדן זיך און לעשן זיך ליכטלעך, ווי צייכנס און אַן אָנזאָג אויף דער צייט.

און אַנטקעגן דעם באַרג, אין די וואַסערן, זענען שוין דאָ אייגענע פישערלייט און שיפער⸗לייט. זיי קומען צוריק אַהיים, ווי די פיש, וואָס קערן זיך אום פון ווייטע „נסיעות" אין כלערליי אָקעאַנען; זיי קערן זיך אום, צו זען וואָס ס'איז געוואָרן פון דעם רויג, וואָס זיי האָבן אָפּגעלייגט. קלאַפּטער נאָך קלאַפּטער לייגן זיי איבער די כוואַליעס פון דער וועלט און קומען צוריק. ווייל אין אַנדערע וואַסערן קאָן מען פאַרסמט ווערן, דערשטיקט ווערן, און גרויסע ים⸗וועלף שלינגען איין. מען דאַרף זיך מוטשען ביי זיי אין בויך, אויב זיי פרעסן נישט אויף.. און דערנאָך מייקענען זיי אַלץ אויס...

זיצנדיק אויפן שטיין, האָט דוד זיך דערמאָנט: מיט קאַרגע דרייצן יאָר צוריק, ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום הייליקן ברעג, האָט ער דאָס ערשטע דערזען פון דער שיף דעם כרמל⸗באַרג. פון דעמאָלט⸗אָן זעט ער אים כסדר פון⸗דער⸗ווייטנס; ער האָט זיך מיט אים ווי באַהעפט, און דער כרמל האַלט אים צו.

און איצט הייסט מען אים גאָר זיך מטריח זיין און אינמיטן⸗דרינען, אַוועקלאָזן זיך אויף אַ יאַזדע און טאַקע באַלד אַרויפצוגיין אויף אַ שיף.

מילא, ר"ווערט שוין פאָרן אָבער אפשר אבער וועט זיך לאָזן פּועלן מ"זאָל אָפּלייגן זיין נסיעה ביז נאָך דער עליה פון תל=גד? — האָט ער געצויגן אַהין און אַהער, שפּאַנענדיק פּאַמעלעך צו זיין שלאָף=חדר אין איינעם פון די נייע הייזער פון דער קבוצה, וואָס מ'האָט ערשט נישט=לאַנג אויפגעשטעלט. פאָרן, נו, יאָ, און אפשר וועט ער, קומענדיק אַהין, פאָרט באַוועגן זיין טאַטן, זיין ברודער און די שוועסטער איבערצולאָזן יאַנעווקע, דאָס גוט, וואָס רויכערט זיך שוין, און וואָס וועט מסתמא באַצייטנס אויפגיין אין פלאַם? און — טשיקאַווע צי דער טאַטע, ר' מרדכי לייב דער ווילכעווער „פריץ", וועט זיך אונטערגעבן צום זון, דעם צוריקגעקומענעם פויערן=יונג?... וועט דער טאַטע זיך ווערן און צאָרנען, און וועט זיך פונדאָסניי צעפלאַקערן דער אַלטער רוגז, וואָס איז שוין אַביסל פאַרהיילט?

דוד האָט זיך אויפגעהויבן פון שטיין און געשפּאַנט פּאַמעלעך און פאַרטאַן אין זיך. דער הויף האָט זיך שוין בישלעכווייז געהאַט איינגעשטילט. נאָר פון דער אַלייע האָבן זיך נאָך געהערט אָפּגעריסענע שטיקלעך שמועס און אַ שטיל געלעכטערל. דער ריח פון מאַנדל=צווייט האָט זיך געקרייזלט אין דער לופט, נאָ־אַנצוטאַפּן מיט די הענט. און דאָס געזאַנג פון יונגוואַרג, וואָס האָט זיך נאָך געטראָגן פון פעלד, האָט אָפּגעהילכט און באַגלייט דודס געמאָסטענע טריט.

קאַפּיטל 20

# די מלכה שבא...

ווען דוד איז אַריין אין חדר, איז ער אַ מינוט געבליבן שטיין אויף דער שוועל אַ פֿאַרחידושטער: אויפֿן בעט איז געלעגן זיין צפּורה, אין אַ דינעם, דורכזיכטיקן נאַכט=העמד און אַ באָרוויסע. אין דער ערשטער רגע האָט ער אָנגעשטעלט אַזאַ מינע, גלייך ווי ער וואָלט זיך אַליין געפֿרעגט: וואָס טוט זיך דאָ, וואָס? פֿון וואַנען נעמט זיך עפּעס אַ פֿרוי אויף מיין בעט, און וואָס וויל זי דאָ ?

כאָטש ס'איז שוין באַלד אַ האַלב יאָר אַז ער איז אַ באַווייבטער, אַ „באַלעבעסל“, בלייבט ער מינוטנווייז אַלייז אַ פֿאַרוווּנדערטער, ווען ער שטויסט זיך אָן אויף זיין פֿרוי. דאָס טרעפֿט אין מינוטן, ווען ער איז אינגאַנצן פֿאַרטאָן אין זיין פֿויערישער אַרבעט, אָדער אין רוחניות און אין הוריות.

אַ פֿאַרטראַכטער וועגן דער עליה פֿון תל=גד, וועגן „יאָ=פֿאָרן“ און „נישט=פֿאָרן“, איז ער געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, ווען ער האָט דערזען צפּורהן אַזוי=אָ. ער האָט זיך צעפּינטלט מיט די אויגן, און די פֿליגלען פֿון זיין נאָז האָבן אַ ציטער געטאָן.

— יאָ! יאָ! דאָ איז עס, אָדון — האָט צפּורה צו אים אַ שטרעק געטאָן אַ נאַקעטע האַנט — האָסט נישט פֿאַרבלאָנדזשעט... האָסט געטראָפֿן די טיר..

— האַ? כן... בדרך כלל, יאָ — האָט דוד אַ שמייכל געטאָן — מסתמא...

— וואָסזשע שטייסטו כעני בפּתח, אָדון?...

זי האָט זיך אויפֿגעזעצט און דאָס נאַכט=העמד האָט זיך אַביסל פֿאַרקאַטשעט; ערשט איצט איז אים איינגעפֿאַלן, אַז אירע פֿיס זענען באַדעקט מיט פּוכיקע האָר, ס'האָט זיך אים אין דער רגע דערמאָנט אַ מעשה וועגן שלמה המלך און דער מלכה שבא. ווען די קעניגין איז זיך געקומען בוקן צום קליגסטן פֿון אַלע מלכים און ס"האָט זיך ביי איר דאָס קליידל אַביסל פֿאַררוקט — האָט דער חכם דערזען אירע האָריקע פֿיס און ער האָט צו איר געזאָגט: „דיין שיינקייט איז די שיינקייט פֿון אַ פֿרוי, אָבער דיינע האָר זענען מאַנסבילישע“... האָט די מלכה שבא, וואָס האָט זיך געשלעפּט 3 יאָר ביז זי איז אָנגעקומען צו שלמהס קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, געענטפֿערט: „איך וועל דיך פֿרעגן אַ רעטעניש, מיין קעניג, און לאָמיר זען ווי קלוג דו ביזט“.. און זי האָט אים געפֿרעגט אַ חידה וועגן אַ הילצערנעם ברונים און אַן אייזערנעם עמער, וועגן פֿייער אין וואַסער און פֿלאַקס...

און וואָס פֿאַר אַ רעטעניש האָט זיין צפּורה אָנגעגרייט?

— וואָס שטייסטו, וואָס? — האָט זי אים אַ פֿרעג געטאָן — וואַרף אַראָפּ די שווערע כאָדאַקעס און מאַך זיך היימישער...

— טאַקע? ס'א רעיון...

דוד האָט געפֿאָלגט, אַראָפּגעוואָרפֿן די טשיזמעס, אַ וויש געטאָן די שווערע וואָנסעס און צוגעגאַנגען צום בעט:

— גוט וואָס דו שלאָפֿסט נאָך נישט, צפּורה...

— אין אַזעלכע נעכט איז... ווייסט... עפּעס... — האָט זי געשטאַמלט — ס'איז עפּעס ככה... אַזוי=אָ...

ס'איז געווען אַ טאָן פֿון בענקשאַפֿט און פֿון שטילן צער אין אירע שטאַמלדיקע רייד. צפּורה אַ „נייע“ דאָ אין גבעוניה, האָט זיך מיט אַלע כוחות געמיט,

טיף און ערנסט, אַריינצופּאַסן זיך אין קבוצה־לעבן, און איר איז אויסגעקומען צו פירן אַ געראַנגל מיט זיך. אַ צעפּיעשטשעטע פריילין — די גראַמגיצער „פּרימאַדאָנע“, ווי זי האָט ליב געהאַט צו שפּאַסן אויפן אייגענעם חשבון — איז איר גאָרנישט לייכט אָנגעקומען אויסצורויכערן פון זיך די „קאַפּריזן“, די יהידישע בייגונגען און ווערן איינע פון קאָלעקטיוו; צו גיין מיט ביידע פיס אויף דער ערד און נישט טרעטן אויף וואַטע, אָדער שוועבן אין די וואָלקנס, ווי איר טבע איז געווען אין גראָמגיץ, אין דער היים.

כאָטש דער טאַטע אירער, ר' בצלאל שולזינגער, דער שטאָט־חזן, איז קיין גביר נישט געווען, האָט זי פונדעסטוועגן געהאַט געגוג באַקוועמלעכקייטן אין איר עלטערנס הויז. אַ בת־יחידה, די מיזינקע נאָך צוויי עלטערע זין — האָט מען צפּורהן געקעכלט און געבלאָזן אירע טריט. ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע, האָט דער פּאָטער זי אָנגעהויבן לערנען נאָטן און ער האָט זי געלאָזט מיטזינגען מיט זיינע משוררים בעת די פּראָבעס אין הויז. שפּעטער האָט זי אויך געלערנט שפּילן פּאַרטעפּיאַן ביים גראַמניצער אָרגאַניסטערס ווייב, און פידל — ביים קאַפּעלמייסטער שמחה ליץ.

אַ שוואַרץ־חנעוודיקע, מיט אַ געקרייזלטן קאָפּ האָר, ווי אַ לעמעלע — איז צפּורה גאָר גיך געוואָרן דאָס שיינדל פון שטאָט. זי איז אויפגעטראָגן ביי חנוכה־קאָנצערטן, ביי כלערליי פעסטן, מאַסקן־בעלער און קערמישלער. גראַמגיצער ווייבער האָבן נביאות געזאָגט, אַז די „פּרימאַדאָנע“ וועט נאָך מגולגל ווערן אין אַ טריאַטער און חתונה האָבן מיט אַן „אַקטעיאָוער“. אָבער צפּורה איז גאָר אַוועק אויף הכשרה — זיך גענומען צו רידל, סערפּ און שופליע — און אין אַנדערטהאַלבן יאָר אַרום איז זי שוין געווען אין ארץ־ישראל.

מיט דער צייט איז צפּורה אָנגעקומען קיין גבעוניה און האָט דאָ באַגעגנט דודן. בעת ער האָט צווישן די קוסטעס געקראַצט אויף זיין צעפּאָרענעם יאַנעווע־קער פידל, און דער פידל און דער בויגן האָבן בשום אופן נישט געוואָלט פאָלגן זיינע פויערישע הענט. האָט זי ביי אים אַרויסגענומען די כלי, געפּרוּווט, און ביי איר איז עס אַוועק אַ גאַנג. און דערנאָך האָט מען זיך צערעדט: זי איז פון גראַמגיץ און ער — פון יאַנעווקע. און ביידע זענען נאָך אַליין. דעם אַנדערן אָוונט ווידער דאָס אייגענע, און נאָך אַביסעלע אַנדערש, און די לבנה פון אויבן האָט פּאָטאַקעוועט.

צוויי וואָכן שפּעטער איז זי געוואָרן אַ חברה אין גבעוניה און אָט איז זי דודס ווייב און וווינט מיט אים אין אַ נייער ציכטיקער שטוב.

און פּונקט ווי פאַר אים, אַזוי איז אויך פאַר איר דער נייער צושטאַנד צו־פריש און טאַקע צו־ניי און זי האָט נאָך נישט געכאַפּט דעם שניט ווי ס'קער צו זיין, כאָטש ס'איז שוין אַ האַלב יאָר פון זינט זיי האָבן חתונה געהאַט...

אַז דוד האָט אויסגעטאָן די שווערע כאַראַקעס און צוגעגאַנגען צום בעט. האָט זי איבערגעחזרט די זעלבע שטאַמלדיקע רייד:

— אין אַזעלכע נעכט איז... ווייסט... עפּעס כּכה... עפּעס אַזוי־אָ...

— וואָס איז, צפּורה? — האָט דוד זיך צוגעשפּאַרט נעבן איר — וואָס ווילסטו מיר זאָגן? ווילסט מיר אפשר אָנזאָגן דאָס ריכטיקע? שעם זיך נישט. אדרבא!

ער האָט געוואָרט אויף אַ בשורה, אַז ער ווערט אַ טאַטע; אַז אַ „צאַברע“ איז אויפן וועג. ער האָט הנאה געהאַט פון דעם וואָס זי באַהאַלט זיך. ס'אַ הנדל אַזאַ. ס'שמעקט מיט ראָמאַנטישער, גראַמניצער צניעות און שעמעוודיקייט. פון דער אַנדערער זייט האָט ער נישט געקענט פאַרשטיין: וואָס איז דאָ פאַראַן צו פאַרדעקן, וואָס? ס'איז דרך הטבע, אַזוי ערדיש און פּראָסט, עלעהיי דאָס שפּראָצן פון גראָז און דאָס בליען פון אויבס. אַ „צאַברע„ — פאַרגרעסערן גבעוניה, פאַרגרעסערן די עליה — אָט דאָס וויל ער דאָך. זיינע אַלטע חברים זענען שוין פון לאַנג מטופל, באַלאַדענע, און האָבן זיך איינגעוואָרצלט, ווי די סיקאַמאָר־ביימער, און האָבן זיך פאַרפונדעוועט. נו, אַביסל שפּעט — אָבער אויך אויף אים קומט די צייט און ס'קומט דאָס דערוואַרטעטע.

קוקנדיק אויף זיין ווייב, אין איר דינעם דורכזיכטיקן נאַכט־העמד, איז דוד כמעט זיכער געווען, אַז איר איצטיקע שטימונג איז, אין תוך, אַ געהויבענע. דער דאָזיקער איידעלער לבוש אויף איר לייב איז דאָך פון דער אויסשטאַפירונג. וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך פון דער היים. אין זייערע ערשטע „האָניג“־טעג האָט זי זיי געטראָגן און דערנאָך צוריק אַריינגעלייגט אין קאַסטן אַריין. וואָס וועט אַ פויערטע אינגמיטן־דרינען זיך גיין צירן אין זיידענעם געוועב? נאָר האָט צפורה איצט אַרויסגעשלעפּט אַזאַ מין פּאַראַדנע נאַכט־העמד, פון וועלכן עס טראָגט זיך אַן איידעלער ריח פון כלערליי זעלבעלעך אין פּאַרפיומען? וואָס זענען אָנגעזאַפּט אין די פעדים פון זיידנציייג, איז מסתמא אַ וואַזשנער טעם דערביי...

אָבער מאָרגנס: צפורה האָט אים קיין בשורה נישט אָנגעזאָגט... זי האָט אים בלויז אַ פרעג־געטאָן, צי ער פּאָרט אַליין... טרוימט זי אפשר וועגן אַ יאַזדע און וויל איבערלאָזן די עופות־שטייגן, די ווירטשאַפט. און בכלל... מילא ער מוז. אָבער זי? איז עס אַ מצב־רוח, צי אַ... ווער ווייסט וואָס דאָס איז?

נאָר ווייל קיין וויכוחים האָבן זיך אים איצט נישט געגלוסט און די ריחות פון איר זיידענעם שלאָף־העמד האָבן געדרייט אין נאָז און געשלאָגן צום קאָפּ, און די וואַרעמקייט פון אירע נאַקעטע אָרעמס און פון די מלכה שבא־פיס האָט זיך אים געלייגט אויף דער ברוסט, האָט ער ארויסגעברומט אַ פּאָר אומקלאָרע רייד, וואָס האָבן געקאָנט געטייטשט ווערן אַהין און אַהער... און די ווערטער זענען ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען אין זיין קעל, ווי דערוואָרגענע און צעפּלעטשטע. וואָרום צפורה האָט אים געפּידלט מיט אירע לאַנגע פינגער ארום זיין אָפּ־געבריינטן האַלז, ארום זיין ווייכן בערדל, געוויקלט אירע הענט אַרום זיין נאַקן, געהויכט אין אויער, האַסטיק און היים, ביז ר׳איז אַוועקגעשוווּמען העט־העט, ווייט פון אַ ברעג... דורך די דינע, האַלב־פאַרצויגענע פאַרהענגלעך האָט אַריינגע־פּיפּט די לבנה מיט אַ שעלמישן פאַרקוועטשטן אויג. פון וויטנס, פון די פעל־דער, האָט זיך געטראָגן ס׳געזאַנג פון יונגוואַרג, וואָס האָט זיך ערשט איצט דערמאָנט אומצוקערן זיך אַהיים; דערמאָנט אָן אַ ביסל שלאָף...

„למדבר ישאני על דבשות גמלים“... צו דער מדבר טראָג מיך אויפן קעמלס האָרב — האָט זיך געוויגט דאָס ליד און געקרייזלט אין דער זילבערדיקער, שלווה־דיקער נאַכט...

אין דער פרי איז דוד געווען עפּעס ווי גאָר אַן אַנדערער מענטש. ממש ווי כשוף האָט מען אים געטאָן, אָדער ס׳איז גאָר געשען אַ מופת אין דער שטיל־קייט פון דער נאַכט... די פויערישע, בלייערנע שלאָבערדיקייט און פאַרטאַיעט־קייט האָבן זיך אָפּגעטאָן פון אים און ר׳איז געוואָרן רירעוודיק און וואַך. אין עס־זאַל ביים גרויסן טיש האָט ער געקייעט מיט אָנגעקוואָלענעם אַפּעטיט, זיך דערביי אונטערגעציקלט, און כסדר געשמייכלט צו צפורהן, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן אים, אַ פרישע און אַ רוּאיקע. ר׳האָט איר פון צייט־צו־צייט אויך צוגעוואָרפן אַ וואָרט, אַ מין רמז, אַ סוד. און זי האָט געשאָקלט מיט איר גע־קרייזלטן קאָפּ און אָנגעשפּיצט די פולע ליפּן — אַ סימן אַז זי כאַפּט, פאַרשטייט און איז מסכים מיט אים.

אוועק צו דער ארבעט זענען זיי באַזונדער: ער צום באַנאַנע־וועלדל, זי — צו די עופות־שטייגן איז ווינקל פון הויף. צוויי מענטשן, ער און זי, מיט אייגענע עסקים, און זיי קערן זיך כמעט נישט אָן אין משך פון גאַנצן טאָג, ביזן זון־פאַרגאַנג.

פונדעסטוועגן האָט דער דאָזיקער טאָג פאַרביידע זיך געצויגן אַביסל צו־לאַנג, ווי הייסער פעך. וועט די זון כסדר אַזוי שרפענען און בראָטן, און האָט זי טאַקע נישט בדעה זיך צוריק אריינצוכאַפּן אין איר פוטערפאַס? וועט דער אָוונט פאַרגעסן אַראָפּצונידערן אַהער? ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי — מחמת דער היץ און דעם גלי און די צו־ליכטיקע מיראַזשן און די ריטשקעס שוויים. דער פאַר־נאַכט האָט זיך פּאָרט נישט געזאַמט צו קומען און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער רעכטער צייט.

ווען דוד און צפורה זענען צוריקגעקומען פון דער ארבעט, האָבן זיי דאָסמאָל לענגער ווי תמיד זיך פאַרווײַלט אין די בײַדלעך פון שפּריץ־באָד, זיך געטונקען און געקילט. אין עס־זאַל אַרײַן זענען זיי דערנאָך אַרײַנגעקומען אין ציכטיקע בגדים, די בעסטע וואָס זיי האָבן געהאַט, עלעהיי פּריוויט־צו־נאַכטס. נאָך דער וועטשערע האָבן זיי זיך אַרײַנגעכאַפּט אין פאַרוואַלטונגס־חדר, זיך צוזאַמענגע־רעדט מיט אַ פּאָר געצײַלטע חברים און דאָרט עפּעס מסדר געווען.

עטלעכע שעה שפּעטער האָבן דוד און צפורה, מיט קליינע רוק־זעק אויף די פּלייצעס, זיך אַרויסגעלאָזט פון גבעוניה און אַוועקגעשפּאַנט איבער אַ שמאָלער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט צום גרינעם טאָל. זענען געגאַנגען צו דער קליינער באַן־סטאַציע אין מיטן פעלד.

— ווי די רויבער אין מיטן דער נאַכט — האָט צפורה זיך מ'טאַמאָל אָנ־גערופן — אָבער די לבנה זעט... זי לאַכט...

— נישטאָ וואָס צו לאַכן — האָט דוד אָפּגעפּסקנט — און אַז עמיצער וויל דווקא, זאָל ער...

— אַרויסגעכאַפּט זיך כמעט ווי בסוד — האָט צפורה נישט נאָכגעלאָזט — איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט...

— בעסער אַזוי. כ'דאַרף נישט קיין „נשף“ און קיין געזעגענונג און קיין רייד — האָט דוד איר געענטפערט אָפן און קלאָר — ס'טויג מיר דער יאַריד? כ'בין נישט געוווינט דערצו. די, וואָס האָבן באַדאַרפט וויסן, די וויסן און פטור... מ'עט צייט האָבן צו האָפּקען אַ האָראַ, ווען איך וועל קומען צוריק און האָבן עפּעס מתקן געווען... אויפגעטאָן. דערנאָך מהיכי תיתי. טאַנצן פאָרויס, פאַרן סילוקן דעם חשבון, מיינט טאַנצן אויף באָרג.

— און ווי לאַנג, רעכנסטו, וועסטו זיין אַוועק?

ז'האָט אים שוין עטלעכע מאָל געהאַט געפרעגט די זעלבע שאלה און עטלעכע מאָל האָט ער איר געגעבן די זעלבע תשובה: וואָס ווייסט ער? ער וועט זען...

— און איך וועל וואַרטן מיט אומגעדולד — האָט צפורה איצט מודה געווען.

— טאַקע?

פאַר דוד איז עס געווען ממש אַ חידוש, און אין דער שפּיל האָט ער שטאַרק הנאה געהאַט. ר'האָט זיך אָפּגעשטעלט און פון דאַנקבאַרקייט איר אַ דריק געטאָן אין האַנט. ר'האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף איר אַקסל, אַ קוש געטאָן אין האַלז און עפּעס געדערט קורץ און אָפּגעהאַקט:

— ביזט אַ.. ביזט... בהיי... מיין גוטע בהורה...

נאָר אין „גלות“ אַרײַן פאָרט מיט אים זיין „בחורה“ דאָך נישט מיט. קיין תל־אָביב, קיין ירושלים, נעמט ער זי; זי וועט אים העלפן באַזאָרגן די כלערליי פּאַפּירן און שמערגיליצעס, אַנדערע זאַכן און דערנאָך וועט זי אים צוברענגען קיין יפו צום פּאַרט, צו דער שיף, דאָס האָט ז', די „בחורה“ זיינע יאָ אויסגעפירט און דאָס אייגנטלעך קומט איר אפשר פון לאַנג. ז'האָט ביי אים אַ חוב. נאָך זייער חתונה האָבן זיי קיין „טויל“ נישט געמאַכט, ווי אַנדערע הברה טוען עס, נאָר זענען געבליבן די גאַנצע צייט אין גבעוניה און אַפילו אויף קיין איין טאָג די אַרבעט נישט אָהערגעלייגט. זי האָט נישט געמאָנט און נישט געבעטן, און ער, דער לעקיש, האָט קיין שכל נישט געהאַט איר פאַרצולייגן און זי מחנה־צו־זיין. נו, מילא, טוט מען דאָס איצטער און עס איז אפשר טאַקע גלייכער אַזוי. מען מאַכט דאָס אויפן אייגענעם חשבון — פאַר דעם „דרשה“־געשאַנק", וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער היים.

גאָר אַ טשעקאַווע מעשה מיט דעם דרשה־געשאַנק, וואָס זיין טאַטע, ר' מרדכי־לייב דער „פריץ“, און איר טאַטע, דער גראַמניצער חזן, האָבן צוגעשיקט. געלעגן אַ „קניפּל“ מיט געלט און מ'האָט נישט געוווסט וואָס דערמיט צו טאָן. לויט ער, דוד, האָט פאַרשטאַנען, האָט מען מיט דער דאָזיקער אַפּותיקא באַדאַרפט טאָן איינס פון די ביידע: אָדער אָפּשיקן צוריק, אָדער איבערגעבן אין דער גע־מיינזאַמער קאַסע אַרײַן. ס'ערשטע האָט מען נישט געקענט טאָן, מחמת ס'וואָלט געהייסן עובר זיין אויף כיבוד אָב און באַליידיקן די גוטע כוונות פון עלטערן, וואָס

שיקן אַ חתונה־מתנה ווערליג זייערע השגות פון אַמאָל. איבערגעבן אין קאַסע אַריין האָט מען אויך נישט געקאָנט — מחמת דער האַרבער פּלוגתא, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן חברים פון גבעוניה: לעולם איז דאָך דאָס געלט נישט קיין פּריוואַט־פאַרמעגן און עס איז נישט קיין זייטיק פאַרדינסט. ס'איז אַ מתנה, וואָס איז געשיקט געוואָרן צוליב אַ באַזונדערער געלעגנהייט. ווי זשע קאָן דאָ און ווי־זשע מעג דאָ דער כלל נהנה זיין דערפון? אָלאַ וואָס דען? דוד טענהט, אַז אויב ער און זיין בהורה וועלן פאַרשאַכלעווען די „מנה יפה“, וועלן זיי שאַפן אַ שעדלעבן פּרעצעדענט. וואָרעם, ס'זיינען דאָך פאַראַן פּאָרלעך, וואָס באַקומען נישט קיין מזומנים, און דאָס וועט דאָך אַרויסרופן קנאה און צער און נאַרישע רייד. איז אָבער דודס טענה נאָך אַלץ קיין טענה נישט. איז געבליבן צו וואַרטן, אַז דער ענין זאָל זיך אויפקלערן פון זיך אַליין. און ביז־וואַנען איז די אַפּותיקא דערוויל נעלעגן אין דער פאַרוואַלטונג, ביז צו ווייטערדיקער דיספּאָזיציע. און אָט איז געקומען די צייט, דאָס „קניפל“ ווערט פאַרנוצט פאַר תכלית, און דוד וועט נישט דאַרפן באַלאַסטן מיט זיין נסיעה די פינאַנסן פון החלוץ, וואָס זענען לעצטנס גאַנץ מאַגערע. און אין איינוועגס וועט שוין זיין צפּורה אַביסל אַ לעב טאָן אויפן שטייגער פון די כלות, וואָס קאָנען נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן די אַלטע געוווינהייטן. דורות גאַנצע האָבן געאַרבעט און זיך געמיט, ביז זיי האָבן געשאַפן מנהגים און שטייגער און — אַפילו זאַבאַבאָנעס — און מיט איין שמיידריי קאָן מען זיי נישט אָפּשאַפן און אויסוואָרצלען פון זיך. און אפשר דאַרף מען עס גאָרנישט? אפשר טאָר מען זיך נישט צואיילן און אויסליידיקן און אויסגיסן די אַלטע תוכנס און געטראַנקן, איידער מ'האָט נאָך באַוויזן צו באַשאַפן נייע און איידער מ'האָט נאָך געזען, אַז זיי זענען „כי טוב“, גוט? האַ?

די נאַכט האָט אַראָפּגענידערט טיפער, און טיפער, חצות האָט זיך דערנענטערט, און פון ערגעץ נישט ווייט האָבן שאַקאַלן געיאָמערט און אויפגעריסן די טיפע שטילקייט איז פעלד.

ס'האָט זיך אויך דערהערט אַ נאָגענדיקער ניגון, אַ געצוויגענער, אַ געקרייזלטער, וואָס אַן איינציקער אַראַבער האָט געציקלט, האָצקנדיק אויף זיין האָרבאַטן קעמל, פּאַמעלעך און דרימלענדיק. פון דערווייטנס האָבן געהויערט די בערג, ווי איינגעהויקערטע ריזן, אָפּגעליישטע פון דער זילבערנער לבנה, און איינגעשטילטע פון אַ לינדן ווינטל, וואָס האָט ליבלעך געצוקט. און אונטן, אין דער נידער, האָט די תביאה, דער אויפגעגאַנגענער רייפער ווייץ, זיך לייכט געוויגט — אַ תפילה בלחש, וואָס נאָר אויבן, דער טיפער בלויער הימל, קאָן זי פאַרנעמען און וואָרט אויף איר אין דער איצטיקער שעה.

— אַזאַ נאַכט... — האָט צפּורה אַרויסגעשעפּטשעט — מען גייט און מען פילט קוים... איך בין נאָך דאָ קיינמאָל נישט געגאַנגען אין דער־אָ צייט...

— יאַ, אומגעווייגלעך... נו... בדרך כלל, כן — האָט דוד געזוכט דאָס וואָרט

— נו, אוודאי... כן...

שטיל און איינגעהאַלטן האָבן ביידע מיטאַמאָל אָנגעהויבן ציען אַ ליד: „יפים הלילות בכנען“, „שיין זענען די נעכט אין כנען“, און זייערע טריט זענען געוואָרן געמאָסטענערע, ווי זיי וואָלטן זיך בלויז גערוקט און נישט געוואָלט אַרויסרוקן פון דער נאַכט.

קאפיטל 21

# אויף א דאך אין תל-אביב

שוין אַן אַלטע חזקה בײַ דודן: קומט ער „אַמאָל אין אַ יובל" קיין תּל־אָביב, איז די גאַסטפאָרע זיינע בײַ איטשעלע נעכעס, דער יאַנעוועקער שליסער, וואָס איז שוין אַז „אַלטער" תושב אין לאַנד.

איטשעלע — וואָס הייסט שוין יצחק עציוני — האָט זיך שטאַרק דער־פרייט מיט דודן און אַזש אַ פליעסקע געטאָן אין די הענט:

— טאַקע גאָר השובֿ! יישר כּוח! האָסט מיך אויפגעזוכט, זיך דערמאָנט אָן מיר און, מיר אָנגעטאָן כּבֿוד! גאָר אָנגעלייגט. און דערצו קומסטו מיט אַ ווייב. אײַ־אײַ, האָסט זיך באַרעכנט און סוף־כּל־סוף טאַקע מקיים געווען דעם על כּן יעזוב.. ס'הייבט פאַרגעסן די נאַרישע שטיק פון אַרומשלעפן זיך אַליין. ביזט קליגער געוואָרן. נו, יאָ, אַווירא דאַרץ...

אַ נידעריקער, אַ געפּאַקטער, מיט אַ שיטער גרוי בערדל, רויטלעכע באַקן ווי רוינעטן־עפּל, האָט איטשעלע פאַרוקט זיינע דיקע שפּאַקולן אויפן שטערן און באַטראַכט דודן פון קאָפּ ביז די פיס:

— ביזט דאָך, קיין עין הרע, גאָר אַ פאַרשוין געוואָרן, ביזט דאָך. נו, זעסטו שוין, אַז די חכמים זענען געווען גערעכט, אַז אין הברכה שורה אלא במעשי ידיו של אָדם... אַ נחת אויף דיר צו קוקן... היינט אַ בערדל... אַ חתימת זקן!

— און וואָס מאַכט איר? — האָט דוד געפרעגט — איר זעט אויך אויס גאַנץ פיין, קיין עין הרע. ממש מראה כּהן.

— די מראה? תּוכו כּברו — האָט איטשעלע געענטפערט — אַז ס'איז מיר ברוך השם גוט סיי פון אינעווייניק, סיי פון דרויסן. אַ קלייניקייט צו האָבן אַזאַ זכות ווי איך האָב און צו רייניקן די גאַסן, ווו אברהם אָבינום אוראייניקלעך גייען אַרום? אײַ, אײַ. היינט ווער איז דאָ אַלץ נישט געגאַנגען און נישט געטרעטן אַמאָל! יאָל איך דיר אויסרעכענען? מיט וועמען זאָל איך אָנהויבן? נו, לאָמיר אָנהויבן מיט דוד המלך עליו השלום, וואָס האָט געזונגען שירו לד' שיר חדש כּי נפלאות עשה. הא, דוד? עפן גוט די אויגן, קוק זיך אַרום און וועסט פאַר־שטיין וואָס דאָס באַדייט.

— ר' איטשעלע, דער זעלבער ר' איטשעלע, נאָר אַביסל אַנדערש. און פיין, — האָט דוד זיך צעוואַרעמט. — ככה, אַזוי באַדאַרף זיין. ככה ולא אחרת, אַט אַזוי און נישט אַנדערש.

פון תמיד אָן האָט דוד ליב געהאַט דעם דאָזיקן יידן, נאָך פון יאַנעוועקע, ווו ער פלעגט אַריינקומען אין זיין שלאָסעריי צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס. ער דוד, געדענקט גוט די מעשה, ווי אַזוי איטשעלע האָט אַמאָל אויפגערודערט די שטאָט, ס'איז געווען אַזוי: באַלד נאָך דער מלחמה, אין אַ שיינעם טאָג, האָט דער שלאָסער אָנגעטאָן זיין שבתדיקע בעקעשע, דעם פליושענעם קאַפּעליוש, און זיך אַ לאָז־געטאָן פון איין מקום קדוש צום אַנדערן. ר'איז אַרויף אויפן באַלעמער, אַ פּאַטש געטאָן אין שולחן און אויפגעהויבן דאָס קול:

— יידן, מי ומי ההולכים? — האָט ער אויסגעשריגן — ארץ־ישראל שטייט אָפן און פריי! פּאַקט־איין די קלומיקלעך און קומט, לאָמיר גיין, קומט, לאָמיר

עולה זיין קיין ציון ברינה. וואס ווארט מען, וואס? יידן פארנעמט די בשורה און די טריט. עת לעשות, יידן!

וואלט דער־א איטשעלע נישט געהאט א שם פאר א פרומען יידן, וואס מיבלט זיך זומער און ווינטער, איז אפגעהיט מיט זיינע מעשים און מיט דער צונג, גיט מתן בסתר, קאן אריינקוקן אין א ספר און פארט אמאל אויך צו א רבין — וואלט מען אים מסתמא געוועז פיין מקיים פסק געווען. ווארעם, וואס הייסט א ייד דערוועגט זיך צו פרעגן, צי מען הערט די „טריט"? וואס פאר א רמזים זענען דאס, וואס? נאר ווייל מען האט פון אים געהאלטן — א טייל יידן די פשוטי העם, האבן אויף אים געקוקט ווי אויף א שטיקל לאמעד־וואווניק און א טייל האבן אים גוטמוטיק גערופן „ר" יצחק נפחה" — האט מען אים געלאזט צורו...

עטלעכע וואכן נאך זיין שפאציר איבער די בתי־מדרשים און די קלויזן, איז איטשעלע שלאסער שוין געווען אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. ר'האט פארקויפט די שטוב, די צוויי קי, די טעליצע און די ציגן; גענומען די טאכטער, צביהן, דעם איידעם, פתחיה'ן, און דעם מעזיניק אלישען; אנגעשטאפט עטלעכע זעקלעך מיט געצייג, אביסל „שמירות" און אלטע קמיעות אין בוזעם, און זיך געלאזט אין וועג אריין אהיים, אין אייגענעם לאנד.

אנגעקומען קיין חיפה, האט איטשעלע זיך צוערשט אויסגעצויגן אויף דער ערד, זי געקושט און געגלעט. דערנאך האט ער זיך צעזונגען „בשוב הד' שבו ציון היינו כחולמים" און אוועקגעלאזט א טאנץ „הנה מה טוב ומה נעים", ממש עד כלות הנפש, ביז אויסצוגיין. אויסגערוט זיך אביסל פון דער לאנגער נסיעה, איז ער צוגעפארן קיין ירושלים, מתפלל געווען ביים כותל מערבי, געטיילט צדקה און ערשט דערנאך פארקאשערט די ארבל און זיך געשטעלט ארבעטן.

די יונגע תל־אביב האט זיך פשוט געריסן איבער איטשעלען מיט זיינע קינדער: באלמעלאכעס מיט גילדענע הענט. האבן זיי זיך דארט באזעצט. דער איידעם און דער זין זענען אריין אין דער ניי־געגרינדעטער מעטאל־פאבריק, און ער אליין, איטשעלע — אין דער עלעקטרישער סטאציע. מ'האט זיי אלע דריי פשוט אויסגעכאפט.

צו איטשעלעס שמחה איז גאר קיין ברעג נישט געווען. ר'האט געארבעט מתוך הדיוה, אונטערזינגענדיק תהילים און אנדערע פזמונים, וואס האבן זיך גארנישט אויסגעלאזט פון זיין מויל. ס'האט פון אים געקוואלן און געפלייצט מיט פרייד, ווי פון א קוואל.

ביז דער שטן המקטרג האט זיך אריינגעמישט. הפנים, צופיל נחת און צופיל גוטס פאר איין קליינעם יידן, א באלמעלאכע אויף דער אייגענער ערד. איז אין איין טאג עפעס געשען — א מאשין האט ביי איטשעלען אפגעדרייט אנדערהאלבן פינגער פון דער רעכטער האנט. דער צער פון דעם יידן איז געווען זייער גרויס, און אויך זיין קלאג און פארלוירנקייט.

— צי בין איך דען זיך מצער פון וועגן דעם וואס איך בין געווארן א בעל מום? חס ושלום! מסתמא קומט עס מיר. אוודאי אן עונש — האט איטשעלע געבליפעט — —כ'דארף מסתמא מפשפש זיין אין מיינע מעשים און זען צו פאריכטן. אבער פארוואס קומט דעם הייליקן לאנד אנצווווערן א באלמעלאכע, ווען די ארבעט ברענט און מען דארף זיך צואיילן און בויען און בויען? פארוואס קומט דאס דעם לאנד, הא? און ווי וועל איך איצט קאנען ארומגיין ווי א פועל בטל און גארנישט, הע?

ווען ר'איז געקומען צו זיך, איז איטשעלע געפאלן אויף א המצאה: ער וועט ווערן א גאסן־דייניקער. פאר איטשעלע נעבעם פון יאנעווקע איז עס פונקט ווי אפגעמאסטן. ס'קאן גאר קיין בעסערס און קיין שענערס נישט זיין. א קלייניקייט. קערן די גאסן פון דער יידישער שטאט! ס"א זכות ס"איז !

האט ער אזוי לאנג אפגעשלאגן די שוועלן, געקלאפט אין טירן, ביז ער האט געפועלט. און פונקט ווי ער פלעגט זינגען און זאגן אין דער עלעקטרישער סטאנציע ביי דער ארבעט — אזוי ציקלט ער זיך אונטער און לאזט זיך הערן, בעת

ער גייט אַרום איבער די גאַסן פון תּל־אָביב, איבער די גערטנדלעך און אַלעען, קלייבט־אויף שטיקלעך פּאַפּיר, שאָלעכץ און סתם אָפּפאַל און וואַרפט זיי אין אַ זעקל אַריין, וואָס איז ביי אים פאַרוואָרפן איבער די פּלייצעס און עס וואַקסט מיט יעדער שעה...

— און וואָס זאָל איך דיר זאָגן, דודל? כ'טו ווי איך טו. כּי רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה יחוננו. און ס'איבעריקע זעסטו דאָך אַליין.

אַוואַדע האָט דוד געזען: אַן אייגן ווייס הויז, ציכטיק און פעבלענדיק, וואָס איטשעלע מיט די קינדער האָבן אויפגעשטעלט פאַר זיך נישט ווייט פון טייך ירקון. אַ גערטנדל מיט בלומען־בייטן, מיט גרינסן און יונגע ביימלעך, ביים אַריינגאַנג און אין הויף.

כּדי מקיים צו זיין די מצווה פון הכנסת אורחים, האָט איטשעלע אַליין צו־געקליבן אַ חדרל פאַר זיינע געסט, אַליין צוגעגרייט די געלעגערס, און אכטונג געגעבן אויף יעדער קלייניקייט, ס'זאָל זיי זיין ווייך און באַקוועם. די טאָכטער — צביה, אַ רירעוודיק ווייבל, מיט אַ פּאָר שמייכלענדיקע בלויע אויגן, די האָר אין „קינעלעך" ביי די אויערן און אין אַ ווייסן געקראָכמאַליעטן פאַרטוך — האָט צוגעגרייט אַ גאַנצע סעודה, און דערביי איינגעטענהט מיט איר פינף־יעריקן צווילינג, עזריה און מיכה, זיך צו האַלטן ליטיש און שטיל:

— יש אורחים... געסט... הס! שא, נימוס. מתוקים שלי... זיסקייטן... נו איר וועט פאָלגן?

עזריה און מיכה זענען געשפּרונגען ווי הירשלעך, אַהער און אַהין, פון דער מוטער צו די געסט און צוריק, און זיך געשפּילט אין אַ מין געיעג. דוד האָט די קינדער גערופן צו זיך, געגלעט איבער די בעקלעך, און זיי געפרעגט איינע און די זעלבע פראַגע, ווי ער וואָלט וועלן אַריינהעמערן אין זייערע קעפּלעך אַריין:

— וואָס וועט איר זיין? מוטיקע גבורים, צי קריכערס?

— וואָס הייסט וואָס זיי וועלן זיין? — האָט דער זיידע ר' איטשעלע זיך אַריינגעמישט — יידן וועלן זיי זיין, אם ירצה השם. ס'הייסט וואָס? און אַז ס'איז אַ ייד בפּה מלא, איז מען אַ... נו, דו ווייסט דאָך שוין וואָס?

— זיי, איר זעט? — האָט דוד געוויזן מיט אַ פינגער אויפן צווילינג — זיי וועלן נאָך אַמאָל דאַרפן ווייזן דער וועלט, און פאַר זיך אַליין, אַז מען קאָן דאָ שטיין אויף די אייגענע פיס. פּשוט אויף די פיס. איר פאַרשטייט, ר' איטשעלע? מיר, מיר די אַלטע, די געקומענע, די „דאָרטיקע", מיר זענען אַן איבערגעפלאַנצ־טער געוויקס. אָבער זיי, עזריה, מיכה, זיי זענען עפּעס אַנדערש. אָבער זיי וועלן דאַרפן ווייזן, אַז מיר קאָנען וואַקסן. פּשוט וואַקסן, און אָטעמען, און אַריינציען אַביסל זון און שטיין אויפן שטורעם און אין דער טרוקעניש... אַז מען דאַרף... איר פאַרשטייט?

— כ'פאַרשטיי אפשר נישט אינגאַנצן — האָט איטשעלע געשמייכלט — אפשר טאַקע גאָרנישט. אָבער איין זאַך האָב איך מורא: האָסט אפשר חלילה והס ספקות?

— אין זיך —האָט דוד אָנגעצונדן די ליולקע און געבלאָזן רערעלעך רויך

— אָבער נישט אין זיי — נו, יאָ, פון זיי וועט מען דאַרפן לערנען. צו זיי וועט מען זיך מסתמא דאַרפן צוקוקן און טאָן אָט אַזוי.

— דער השגחה, דודל, וועט מען אויך עפּעס דאַרפן איבערלאָזן; — הערסט? נו, לאָמיר מאַכן אַ לחיים!

גאָר דערפרייט מיט די געסט האָט זיך איטשעלעס זון אלישע, אַ שלאַנקער, אָפּגעברוינטער, דראָטעוודיקער בחור, מיט אַ פּאָר טיפע בלויע אויגן, אַ געדיכ־טער, העלער טשאָפּרינע און אַ דין־געשוירן וואָנסעלע. אַ גרויסער פּאַרדינער, אַ „רווק", אַ קאַוואַליער, האָט אלישע זיך געפירט מעשה לעביונג און תּל אָביב האָט אים געקענט. ער האָט זיך געפּוצט, געווען פאַרקאָכט אין ספּאָרט, געגאַנגען טאַנ־צען און מען האָט אים אָפט געזען אין די קאַפע־הייזער ביים ברעג פון ים. שכנים האָבן זיך וועגן אים געשושקעט, אַז ער פירט אַ טויץ ליבעס, נאָר דערפירט זיי

גישט בכי טוב. ביי אַלע זאַכן איז אלישע פאָרט אַ חשובער מענטש אין דער הסתדרות העובדים, אַ נאָענטער פריינט מיט עטלעכע פירערס און טוערס, וואָס האַלטן פון אים שטאַרק. ער, אלישע, ווערט אָפט פאַרשווונדן אויף גאַנצע נעכט. עס טרעפט, אַז ער קומט נישט אַהיים מעת=לעתנווייז. די דאָזיקע מעשה ווערט געהאַלטן בשתיקה: אַ סברה, אַז ער איז אַ גאַנצער מאַכער אין דער „הגנה“ און דאָס ווערט ער אַזוי נעלם, כדי צו מאַכן מושטירונגען.

אויך אלישעס שוואָגער, פתחיה, צביהם מאַן, איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם עסק פון „מאַניעוורעס“, אָבער מיט ווינציקער ברען. פתחיה אַ נידעריקער, אַ ברייטפּלייציקער, די האָר פון קאָפּ אָפּגעגאָלט ביז צו דער הויט, אין שווערע ברילן אויף דער פּלאַטשיקער נאָז — ער איז אַ שווייגער, אַ שמייכלער און האָט ליב צו זיצן אין דער היים. דעם גערטנדל, די ביימער און די יונגע ביימלעך, גיט ער אַוועק כמעט זיין גאַנצע פרייע צייט און כסדר גייט ער אַרום מיט אַ שער, מיט אַ גראַבליע און מיט אַ פייכטער וואַסער=שלויך.

די=אָ צוויי שוואָגערס, אלישע און פתחיה, האָבן לכבוד דודן און צפורהן, די גבעוניהער פויערים, געגעבן שבת=צו=נאַכטס אַ גאָר וואַזשנעם „נשף“, אַ פריילעכן אונטערהאַלט. צווישן די געסט, וואָס זענען געקומען, האָט זיך געפינען אַ סעקרעטאַר פון דער הסתדרות, אַ יונגער פּאָעט, אין באַגלייטונג פון צוויי בחורות, און ס'האָט זיך אויך געוואָרפן אין אויג אַ הויכער יידישער פּאָליציאַנט, אַ „שוטר“, אין אַ געפּאַסטן, געפּרעסטן מונדיר. צווישן דער היימישער חברה, וואָס איז געקומען צו דער פאַרווייליגג, איז אויך געווען דער זקן=יוצאי=יאנעווקע, דר. חנניה צפרירי=מאָרגענשטראַל.

לכתחילה האָט מען כמעט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געשענקט דר. צפרירי, אַ „וותיק“, וואָס איז געקומען אַהער לאַנג פאַר דער מלחמה, נאָך בימי טערק. פון פאַך אַן אַגראָנאָם, האָט דער דאָזיקער אַלטגעזעסענער דערציילט מיט גרויס בקיאות וועגן דער ערד, וועגן די געוויקסן און וועגן כלערליי מיסטן, וואָס ער האָט שוין אויסגעפּאָרשט און אויסגעפּרוווט. ער האָט געשילדערט די „אַלטע“ קאָלאָניעס, די ערשטע קבוצות, און דערמאָנט די מחנות שוואַרצע ציגן, ווילדע בעק, צעפּלאַשעטע ווידרעס און מסוכנע „דעבעס“, וואָס פלעגן אַרומהיפּן, הוליען און בושעווען אויף די פונקטן, וואָס זענען היינט באַאַרבעט און באַלעבט.

— בעיני ראיתי ומבשרי הזיתי, מיט מיינע אייגענע אויגן האָב איך עס געזען. יאָ, יאָ, טעמפּעראַ מוטאַנטור עט נאָס מוטאַמור אין איללים. צייטן ביטען זיך. יאָ.

אַ דאַרער, אַן אויסגעדרייווערטער, אַ שוואַרצלעכער, נאָר מיט ווייסע האָר=אינזלען אויפן גרויסן קאָפּ — האָט דר. צפרירי=מאָרגענשטראַל גערעדט און גערעדט און געבלישטשעט מיט זיינע געזונטע, אייגענע ציין. ער האָט אין די מעשיות וועגן זיינע דערפאַרונגען אַריינגעפלאָכטן אַ תורהלע, אַ פשטל, און פאַרבראָקט מיט אַ לאַטיינישן ווערטל און מיט אַן אַלטגעבאַקענעם דייטשן וויץ. אַן אמאָליקער גאַליציאַנער ישיבה=בחור, וואָס האָט אין אַיין פינסטערער נאַכט פאַרמאַכט די גמרא און אַוועק קיין ווין שטודירן, — איז דער דאָזיקער דאָקטאָר צפרירי געווען אַ קוואַל פון מעשהלעך וועגן אַמאָל און פון נביאותן וועגן מאָרגן, וואָס רוקט זיך אָן. דער היינט — בע, דער היינט רעכנט זיך נישט. דער „ווינער“ אין אים, דער אַמאָליקער עסטרייכישער „אַקאַדעמיקער“ איז כסדר אַרויסגעקראָכן, און כאָטש ער האָט אַלעמאָל אָנגעהויבן זיין געשיכטע מיט „בדידי הוה עובדה“, האָט ער זי אָבער כסדר פאַרענדיקט אָדער מיט „אָראַעט לאַבאָראַ“ (דאַוון און אַרבעט), אָדער מיט עראַרע הומאַנים עסט“ (ס'איז מענטשלעך צו מאַכן אַ טעות)...

נאָר וואָס גרעסער ס'איז געוואָרן דער עולם ביים „נשף“, און וואָס לעבעדיקער עס איז געוואָרן דער אונטערהאַלט, אַלץ קלענער איז געוואָרן דאָס רעדל אַרום דער דאָקטאָר צפרירי=מאָרגענשטראַל. נאָך די ערשטע כוסות און די ערשטע פאַרבייסעכצער, האָט מען די שמחה אַרויסגעפירט אין דרויסן אַרויס, אַרויף

אויפן פלאַכן דאַך. אַ שנירל מיט עלעקטרישע לעמפּלעך און פיר שטורקאַצן אין די פיר ווינקלען, האָבן צוגעשטעלט די אילומינאַציע. מ'האָט אַרויפגעקאַטשעט אַ פּעסל וויין, אַרויפגעטראָגן פּאָלימיסקעס מיט פליישן, קויבערלעך מיט אויבס, און דער אונטערהאַלט איז געשטיגן אַרויף־אַרויף.

און פון אונטן האָט די יונגע תל אביב, די רוישיקע און צעשפּילטע, אַרויפגעשאָסן מיט סגאָפּעס ליכט — אַ שפּיל מיט דער לבנה, וואָס האָט זיך געהנדלט אויפן בלויען הימל, געזילבערט און געבלייכט.

מ'האָט אָנגעשטעלט אַ גראַמאָפאָן, עמיצער האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ גיטאַרע און מיט אַ קאָנצערטינע, און חברה האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַ טאַנץ.

— שמח בחור — האָט דר. חנניה צפּירירי־מאָרגענשטראַל אָנגעהויבן עפּעס זאָגן. אָבער אַ חוזק דודן און ר' איטשעלען, וואָס איז אַרויפגעקומען כאַפּן אַ קוק, און זענען געזעסן אין אַ ווינקל אויף קישעלעך, די פּיס הינטער זיך, האָט קיינער נישט געהערט. חברה האָט זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד, און צפּורה צווישן זיי. זי, צפּורה, אַן אויסגעפּוצטע אין אַ מוסלין־קליידל. אין שיך און אין זיידענע זאָקן מעשה „דאַמע", האָט געשטעלט פּיס און אַליין נישט געדענקט ווען זי האָט נאָך אַזוי געטאַנצט, מיט אַזאַ פאַרנעם און מיט אַזאַ טאַקט און גוסט. און אלישע, איטשעלעס מיזיניק — ער האָט זי גאָרנישט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך געדרייט מ י ט איר, פאַר איר, נ ע ב ן איר, אַ נ ט ק ע ג ן איר און רונד־רונד־אַרום. און צפּורה האָט געענטפערט און זיך געהאַלטן ווי אַ פּאַסיקע פּאַרטנערין.

לכתחילה האָט זי איינמאָל אָדער צוויימאָל זיך דערמאָנט אָן איר מאַן, אָן דודן, און האָט אים געפּרוווט אַריינשלעפּן אין רעדל אַריין. אין איין „האָראַ" האָט זי אים טאַקע אַריינגעדרייט, מיטגעריסן, און ער האָט געטופּעט מיט שווערלעכע, פלאַכע טריט. אַהין־אַהער טופּ־טופּ־טופּ; אַהין־אַהער און יוצא־געווען.

— נו, דייגו — האָט ער זיך צוריקגעזעצט — דריי זיך, דריי זיך, צפּורה, אדרבה.

אדרבה איז אדרבה — האָט זי ווידער געשטעלט פּיס, און טאַקע מיט אלישען, און נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל...

דוד, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל, הינטער אַ פלאַקערנדיקן שטורקאַץ, געפּיפּקעט זיין ליולקע, האָט עס גוזען און נישט גוזען. דער רויך האָט זיך געקרייזלט אַרום זיין קאָפּ, אים איינגעהילט מיט גרוי־בלויע קנוילן, און דורך די וואָלקנס האָבן זיך צו אים דערטראָגן סברות, וואָס דר. חנניה צפּירירי־מאָרגענשטראַל האָט געברייעט פאַר־ס'ניי:

— נו, איז ככה, אָט ווי: למשל, מיר זאָגן אויף אָרגאַניזירן „לארגן". איך אָרגאַניזיר איז „אני מארגן", דו אָרגאַניזירסט איז „אתה מארגן". וכך הלאה, אונד זאָ ווייטער. און אויב אַזוי, פאַרוואָס־זשע זאָלן מיר דאָס זעלבע נישט טאָרן טאָן מיט „רעאָרגאַניזירן"? למשל: איך רעאָרגאַניזיר איז אני „רי־מאָרגן", דו רעאָרגאַניזירסט וועט זיין אתה „רי־מארגן"... און אויב רעאָרגאַניזירן, איז פאַרוואָס נישט רעקאָנסטרואירן? מיר מעגן דורכאויס נעמען דעם „רע" און אים אַדאָפּטירן. ריכטיק? איצט מעג מען עס, און דאָ דאַרף מען עס. „אינגעניא האָמינים אפּוד אילאָס לאָקאָרום קוואָקווע סימום פאָרמאַט". אָרט און קלימאַט שאַפן ראַט און טאַט. נכון?

„רעאָרגאַניזירן, רעקאָנסטרואירן" — דוד האָט געהערט דורך די רויך־וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געקנוילט פון זיין ליולקע, און פּאָטאַקאָוועט:

— מען מעג פּרוון, שטערן קאָן עס נישט.

— נו, פאָרכט דאָך — איז דר. צפּירירי איבערגעגאַנגען צו תכלית — איז, פאָר־זשע, דוד, און זיי מתקן וואָס מען דאַרף. כ'מיין, וואָס זיצן זיי דאָרטן? האָבן מורא איבערצולאָזן דאָס קרויט און די גענז און קרעלן און די יאַרידן? ווייל איז די, וואָס וועלן זיין דאָ אין דער געהעריקער צייט!

מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט האָט דוד אַנגעכאַפּט צפּירירים האַנט. אָט זיצט ער, דער אויסגעדייווערטער דאָקטאָר, און דאַכט אפילו נישט קיין וואָרט, אַז אַליין איז ער אויף היפּשע געהאַקטע צרות און גרויסע דאגות וואַ־

זשען אים אַראָפּ. ס'איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז דר. חנניה צפרירי־מאָרגנ־שטראַל פירט אַ מחלוקה מיט אַ צאָל אינסטאַנצן און אינסטיטוציעס. ער שטימט נישט איין מיט די מעטאָדן פון אַרבעט, שטורעמט קעגן גרויסע הוצאות און לייגט איין ווערטן קעגן גוייִשע „לוקסוסן“, וואָס מ'האָט איינגעפירט. ער מאָנט פּשטות, פאָדערט עניוות, אפילו אסקעטיזם, פון גרויס און קליין, און וויפל מען טענהט נישט איין מיט אים, וויפל פּשרות מען פרווט נישט מאַכן, וואָסערע אַרבעטן מען שלאָגט אים נישט פאָר, בלייבט ער פאַרעקשנט און מאָנט נאָר איינס: „אַ משפּט וויל איך. אָדער איך בין גערעכט, אָדער איך בין אומגערעכט

און אַ פּושע ישראל. פּשרות נעם איך נישט אָן. אויב איך בין גערעכט, דאַרף מען ענדערן, ענדערן! אַרויסרייסן דעם פרעמדן בעליק פון געבוי און זאָל עס איינפאַלן. דערנאָך וועט מען ווידער אָנהויבן פון יסוד“.

לעבט ער אין דחקות, קייעט באָקסער און גייט אַרום אין לייוונטענע שיך. זאָגן איינע, אַז ער איז אַ נייער „חנינא בן דוסא“, זאָגן אַנדערע — ס'אַ „שוטה שאין לו תקנה“, אָט אַזוי.

נאָר למאי האָט דוד זיך אַזוי שטאַרק צוגעהערט צו אים?

— זאָג זיי דאָרט — האָט צפרירי שיער נישט אַרויסגעזונגען — אַז עס וועט זיך סוף־כל־סוף זען אַ פייערדיקער צייכן אויפן הימל!... יאַ! אינטער אַליאַ!

דורך די רויך־קנוילן האָט דוד געהערט צפרירים רייד, און דורך דעם רויך האָט ער אויך געזען צפורהן דורכשוועבן און ער האָט פּאָמאַקעוועט

— אוודאי אַזוי. אוודאי. מען דאַרף נאָר ווערן זען.

רואיקייט, שטאַמיקייט און זיכערקייט האָבן איצט געווייעט פון דודן.

פונדעסטוועגן, ווען ער האָט עטלעכע טעג שפּעטער אין האַפן פון יפו זיך אַריינגעזעצט אין לאָדקע, כדי צוצופאָרן צו דער שיף, וואָס איז געשטאַנען פאַר־אַנקערט ווייט פון ברעג, האָט ער דערפילט אַ שטיל נאָגעניש. אַ זלידנע אומרו האָט אים אַרומגעכאַפּט, ווען צפורה און אלישע זענען געבליבן שטיין אויף יענער זייט ראַמפּע, אויף דער יבשה און האָבן צו אים געפּאָכעט מיט ווייסע טיכלעך... געפּאָכעט שמייכלענדיק — צו אים און צום ים, וואָס האָט זיך שטיל געכוואַליעט און לייכט געשוימט.

דוד האָט זיך געמיט צו פאַרטרייבן די נאָגעניש, די ספקות און די נאַרישע גאָכטראַכטענישן, וואָס האָבן זיך זיאַוועט, געשטאָכן, גענודיעט און צערודערט דאָס געמיט. אַז עק זאָל עס נעמען! וואָס פאַר אַ הרהורים קשים זענען אים פּלוצלינג באַפאַלן, וואָס? טוט זיך אָפּ! אַ סוף! ער פאָרט דאָך איצט אין אַ וויכטיקער שליחות; ער, דער איש־גבעוניה, גייט איצט אין דער „גולה“, כדי מעורר־צו־זיין די יוגנט, צו ברענגען אַ בשורה פון בויאונג און באַנייאונג און אָנצווייזן דעם רעכטן וועג, וואָס מען דאַרף אויסקלייבן פאַר זיך. און אינאיינ־וועגס וועט ער שוין זען זיינע אייגענע. נאָך צוועלף יאָר וועט ער זיך באַגעגענען מיטן טאַטן דעם „פריץ“ פון ווילכעווער גוט, און די גאַנצע „פריצעשאַפט“ וועט אַוועקגעלייגט ווערן אויף אַ וואָגשאָל: מ'וועט זען וועמענס האָפערדיקייט און וועמענס בטחון איז פולער און וואָגיקער?

די לאָדקע האָט זיך געהויבן איבער די כוואַליעס און געטראָגן צו דער שיף אין מיטן ים.

## קאַפּיטל 22

# אַ פּאַרטי אויף עלדרידזש-סטריט

דעם זעלבן שבת-צו-נאַכטס ווען מ'האָט אויפן דאַך פון איטשעלע נעכעס הויז אין תל-אביב געפּראַוועט אַ צאתך לשלום פאַר ד ו ד ר אַ פּ אַ פּ אָ ר ט ן ערב זיין אָפּפאָרן קיין חוץ לארץ, האָבן יאַנקעווער לאַנדסלייט אין דער ווייטער ניו-יאָרק געגעבן אַ „פּעירוועל-פּאַרטי" לכבוד טשאַרלי-כאַצקל ווינאָקור, וואָס וואָס פאָרט קיין יוראָפּ אויף אַ „טריפּ".

אין אַ רומעניש וויין-קעלער אויף עלדרידזש-סטריט, אויף דער ניו-יאָרקער „איסט סייד", האָבן זיך פאַרזאַמלט די יאַנקעווער „יאָנג מענס", די „יונגע", וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון די עלטערע לאַנדסלייט, געגרינדעט אַן אייגענע „סאָסייעטי", מיט אַן אייגענער קאַסע, אַן אייגענעם בית עולם, און וואָס לעבן און ווערן באַגראָבן באַזונדער, פאַר זיך.

אַ דריי צענדליק מענער און פרויען, אויסגעפּוצטע און פריילעכע, האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום איין לאַנגן טיש אין אַן אָפּגעזונדערטן ווינקל פון קעלער, ווו דאָס ליכט איז געווען געדעמפּט און ווו ס'האָט געהאָנגען אַ געדיכטער ריח פון זויערע וויינען און פון שאַרפער ווירציקייט. סטערטעס מיט כלערליי אָנגעשניטענע ברויטן, זעמל און בולקעלער, שיסלען מיט זויערע אוגערקעס און סאַלאַטן, געזייערטע קרויטן פון טאָמאַטן, אויף צו רייצן דעם גומען און דעם אַפּעטיט, האָבן געוואַזשעט אויפן טיש. פלעשלעך שנאַפּס, בוטעלקעס מיט וויינען און סיפאָנען סאָדע-וואַסער זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אַרום.

ווען טשאַרלי האָט זיך באַוויזן, האָבן די ברידער פון דער „סאָסייעטי" אים אויפגענומען מיט אַ הוראַ און די קלעזמאָרים האָבן צוגעשפּילט.

— טהרי טשירס (דריי הוראַס) — האָט איינער פון די אַנוועזנדיקע אויסגעשריגן — טהרי טשירס, פאָר בראָדהער טשאַרלי!

די פידלערס און די צימבלערס האָבן דערלאַנגט אַ „טוש" און זענען איבערגעגאַנגען צו דעם פריילעכן מאַרש: „פאָר הי'ז אַ דזשאַלי גוד פעלאָ" (ער איז אַ לוסטיקער גוטער ברודער) און מיט דעם לידל און מיט אַ פלעסקעריי האָט מען טשאַרלין געפירט צום טיש.

באַזעצט האָט מען דעם ערן-גאַסט אויבן-אָן. אַ הויכער מאַנסביל, מיט אַ געדיכטער, קאַשטענוואַטער טשאָפּרינע און גראָלעכע פּאַסמעס ביי די שלייפן, מיט אַ פעסטער נאָז צווישן די צוויי גרויסע קאַרע אויגן — האָט זיך טשאַרלי זיך זייער שטאַרק אָנגעזען. די ווייבער האָבן פון אים נישט אַראָפּגענומען קיין אויג. זיי האָבן צו אים געשמייכלט און זיך דורכגעשושקעט צווישן זיך...

וואָרים טשאַרלי-כאַצקל האָט געהאַט אַ „פּעקל": ס'ווייב זיינס, עפּעס אַ „רוסישע כאָליערע" — ווי די מרס. קעץ זאָגט — אַ פאַרשווינטע, וואָס האָט ליב צו יאַדען, זיך צו בריקעווען און דערגיין די יאָרן, — זי האָט סוף-כל-סוף אָפּגעשניטן ווי זי האָט „פאַרדינט". די חברהמאַנטע, דאָס שיינע פּעגילע, האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט אַן אַנאַרכיסטל, אַן אַרבעטער טאַקע אין איר טשאַרלים מילינערי-שאַפּ — און דאָ האָט זי זיך אויסגעגליטשט... צוערשט האָט זי מיט דעם יונג גלאַט אַזוי אַ פלירטעווע געטאָן. ס'איז איר געפעלן געוואָרן ווי ער בונטעוועט זיך, בונטעוועט אַנדערע און וויל פאַרריכטן די וועלט. פון שטילן פלירט איז געוואָרן אַ שטילע „ליובקע" און דערנאָך אַ „קאָכעניש"... אַזוי לאַנג און אַזוי

ברייט, ביז זי האָט זיך מיישב געווען, איבערגעלאָזט דאָס הויז און איז אַוועק מיט דעם חברהמאַן. אָבער פאַרלאָזט זיך אויף די לייט — זאָגט מרס. קעץ — אויף די דאָזיקע לייט, וואָס קאָנען קיין עוולות נישט ליידן און שרייען „גערעכטיקייט“ אפילו פון שלאָף. נייטיש דער בחור האָט זיך מיט איר אַביסל אָנגעליובעוועט און אָנגעזעטיקט — האָט ער איר געגעבן די "סעק", ס"הייסט דעם וועג.

אוודאי האָט טשאַרלי זי מער נישט אַריבערגעלאָזט אויף דער שוועל. עס זענען שוין געווען אַזעלכע — מאַכט די מרס. קעץ — וואָס האָבן זיך אַריינגעמישט און נישט דערלאָזט. די מעצאָצע האָט געיעלהט, געטענהט, אַז ער, טשאַרלי אַליין, איז שולדיק אין דער התוגה, און אַז ער האָט זי געטריבן דערצו: ער האָט זי פאַרנאַכלעסיקט, געשפּילט אין קאָרטן, „געגעמבלט“ אויף פערדלעך און האָט איר נישט געגעבן קיין טראָפּן „פּלעזשע“, כאָטש אַביסעלע פאַרגעניגן, ווי עס דאַרף האַנדלען אַ לייטישער מאַן. ס'האָט איר אָבער געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס; רעדט צום דאַשיק, צו דער וואַנט. און פאַרלאָזט זיך אויף טשאַרלין — ער האָט שוין געזען, אַז די שטוקע זאָל נעמען אין דער יד אַריין — אַ גאַנץ היפּש קניפּל — און זי האָט אים געגעבן אַ גט און געפּטרט אַ שלאַק.

און ווונדער איבער ווונדער: אָפּגעטשעפּעט זיך מיט מזל פון דער מעצאָצע, האָט דאָס גליק אים צוגעשפּילט אויך ביי די פערד. עטלעכע סוסים זענען אַריינגעקומען — איינער האָט קוים אָנגעצויגן מיטן שנויץ — און טשאַרלי האָט געמאַכט אַן אַפּותיקא. מען שמועסט, אַז דער קריקעווער רבי פון קענאַן סטריט האָט אים געגעבן אַ ברכה און שטאַרק געבעטן גאָט פאַר טשאַרליס פערד... טשאַרלי האָט דעם רבין געגעבן צו פאַרשטיין די גאַנצע חכמה פון געיעגן, פון די „רעיסעס“, געוויזן ווי אַזוי די פערדלעך לויפן, ווי אַזוי מען שרייט דערביי און מען היצט זיך און מען קאָכט זיך, ביז דער רבי האָט זיך אַליין אויך צעקאָכט און געגעבן די הייסע ברכה, וואָס האָט „געאַרבעט“ און געווירקט... אַ סימן: ווי גיך טשאַרלי האָט געמאַכט די „באָמבע“, איז ער גלייך אַוועק אויף קענאָן סטריט צום צדיק, געגעבן דעם שיינעם פדיון און אַריינגעשטעקט אַ תקיעת־כף, אַז „נאָ מאָר“, מער וועט ער נישט שפּילן, און אויס. און דער רבי דאַרף זיך מער נישט באַמיען און דאַרף זיך מער נישט „באַדערן“ אויבן און דרייען דעם רבונו של עולם אַ קאָפּ; מען קאָן אים שוין לאָזן צורו... סיי־ווי — אַזוי גלויבט די מרס. קעץ.

טשאַרלי האָט זיך באַרואיקט, באַרעכנט און געקומען צו זיך. פון איצט אָן איז ער אַ „רעספּעקטעבל דזשענטעלמען“ און אַ זייל ביי די „יונגע“ אנשי־יאַנעוועקע. און אַזוי ווי אַ רעספּעקטאַבלער מאַן דאַרף, פאַרשטייט זיך, אַ פרוי — האָט די „ליידים אָקזילערי“ אויף זיך גענומען די אויפגאַבע און די מצווה צו געפינען פאַר אים דעם רעכטן זיווג, די געהעריקע און פּאַסיקע פרוי.

צי טשאַרלי איז וויליק צו זאָגן דעם „הרי את האַרי־אָפּ“, איז שוין אַן אַנדערע מעשה, אַ זאַך פאַר זיך, מיינט די מרס. קעץ. אַ סברה, אַז ער האָט נישט אויפגעגעבן זיין אַלטן חלום צו נעמען אַ ווייב דווקא פון די יאַנעוועקער אַריסטאָקראַטן און זי ברענגען קיין ניו־יאָרק. דאָס, וואָס ער, העגעד דעם שומטערם זון, וועלכער פלעגט אינדערהיים כאַפּן טויבן און קאַנאַריקעס און הינט, וואָלט קיינמאָל נישט געקענט פועלן אפילו אין צווייטן גלגול — דאָס וויל ער איצט אויספירן מיטן כוח פון זיינע „פור טולער“, וואָס ער פירט מיט זיך איצטער אַהין.

אַז טשאַרלי רייסט זיך צו אַריסטאָקראַטן, איז אַן אָפענער סוד. אַלע ווייסן דאָס און זעען עס. אָט האָט ער אַריינגענומען צו זיך אין שאַפּ אַריין ר' אידל עליעס, אַ געוועזענער יאַנעוועקער שיינער ייד, וואָס האָט זיך דאָ אַרומגעוואַלגערט און זיך געמוטשעט אויפן שטיקל ברויט. נישט נאָר האָט טשאַרלי אים אַריינגענומען, נאָר האָט אים געמאַכט כמעט פאַרן גאַנצן באַלעבאָס.

און אָט האָט ער דעם דאָזיקן אידל עליעס — מיטן גרויען בערדל, דער שוואַרצער דוירבי און דעם פענסנע אויף אַ בענדל — געבראַכט אַהער צו דער פּאַרטי און האָט אים געהייסן אַוועקזעצן אויף אַ בכבודיקן אָרט.

אים אַליין, טשאַרלין, האָט מען אַוועקגעזעצט אויבן=אָן צווישן די צוויי השובסטע מיטגלידער פון דער סאָסייעטי: נייטען צווייבל און מאָריס גרין. דער ערשטער, מס. צווייבל. אַן אויסגעדאַרטער, אַ רויטלעכער, איז אַ „פּאַבריקאַנט“, פון זויערע אוגערקעס. מען שאַצט אים גאָר הויך — אַ מיליאָנער. ער האָט גאַנצע סקלאַדעס, מאַגאַזינען, הייזער, שפּייכלערס, לאַסט=וועגענער, מאַשינען, געביידעס אין לאָנג=איילענד, כמעט אַ האַלב דאָרף. דער צווייטער, מאָריס גרין, אַ ברייט=ביינעקער, מיט אַ פולן קיילעכיקן גלאַנציקן פּנים, ווי אַ שמייכלענדיקע פולע לבנה, איז אַ פאַבריקאַנט פון בלעכענע טעפּ. אַ געוועזענער בלעכערגעזעל, האָט ער זיך דאָ גענומען צו זיין פאַך און מצליח געווען.

אַזוי ווי די יאַנעוועקער האָבן באַשלאָסן מיטצושיקן מיט טשאַרלין אַביסל געלט צו זייער אַלטער היים, צו די שטעטלדיקע אַרימעלייט, האָט מען זיך געריכט, אַז די צוויי מיליאָנערן וועלן איצט דערלאַנגען טשעקלעך, אָדער מזומן, מיט דער ברייטער האַנט.

נאָך די געהאַקטע געהירן, געפּרעגלטער גראַשיצע, געוועלגערטע „קאַרנאַצלעד“ מיט קנאָבל און געפילטער קישקע, האָט זיך באַלד אונטערגערוקט די זינגערין פון קעלער און אַריינגעזיפצט אַ „מאָראַליש“ לידל צו צווייבלען און גרינען אין די אויערן אַריין:

— „פון וויגעלע ביזן קבר.. אוי“...

הינטער איר האָט זיך נאָכגערוקט אַ דאַרער, גראָער, לאַנגער פידלער, פאַרגלייזט אַן אויג און אונטערגעהאַלטן אַ טאָן:

— „סע ציטערט יעדער אבר.... אוי...“

די זינגערין — אַ ברייטביינענדיקע, אַן איינגעצויגענע אין דער טאַליע ביז צום פּלאַצן, מיט אַן אָנגעשמירט פּנים און אַ קופּער=געפאַרבטן שויבער. האָט זיך געכאַפּט מיט די הענט דאָ צו די היפטן דאָ צום הויכן בוזים, און אָט האָט זי געווישט אַ טרער:

— „וואָס איז דער מענטש? — האָט זי געכליפּעט ווי אין אַ געבעט — וואָס איז דער מענטש גאָר?“

זי האָט זיי צוגעטראָפן, וואָרום ביידע, צווייבל און גרין, האָבן איר דערלאַנגט גרינע פּאַפּירלעך אין דער האַנט אַריין אין פּאַטאַקעוועט:

— ד'האַץ רייט... סע ציטערט יעדער אבר...

טשאַרלין, דעם ערן=גאַסט, האָט זי אויך מכבד געווען מיט אַ ליד, אָבער פון גאָר אַן אַנדערן סאָרט:

— „ווייל אַ יידיש מיידל דאַרף האָבן אַ יידישן באָי... אוי...“

דער דאַרער פידלער האָט זיך אונטערגעציקלט מיט אַ פּאַסאַזש און מיט אַ קוויטשיקל:

— „ס'איז שיין און איידל... אָט אַזוי“...

אויך צו טשאַרלים געמיט האָט דאָס דאָזיקע לידל זיך געפּאַסט. אויב ער האָט איצט נישט געטראַכט וועגן קיין זיווג פאַר זיך אַליין, איז ער אבער אויסן געווען עמיצן אַנדערש. דער ענין שידוך האָט זיך ביי אים געפּלאָנטערט אין קאָפּ און ס'האָט געהאַט צו טאָן מיט זיין יונגער שוועסטער קיילען, דאָס מיזיניקל. זי, קיילע, — וואָס רופט זיך איצט קלאַראַ — פירט גאָר, ווי מען שרייבט אים, אַלע יאַנעוועקער בחורים פאַר די נעז. אָבער טו העל!צום טייוול מיט די יאַנעוועקער קאַוואַלירן און מיט די פּוילישע זשאַנדאַרן און מיט דער היימישער בלאָטע און מיטן דלות, מיט די שלאַכצעקע וואַנסעס און דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג! ער, טשאַרלי, וועט ברענגען זיין שוועסטער אַהער, קיין אַמעריקע און וועט זי שיקן אין קאָלעדזש; ער וועט איר געבן אַלע פאַרגעניגנס, ווי ער קאָן זיך פאַרגינען, און — די הויפּטזאַך — ער האָט שוין אַ חתן פאַר איר: ר' אידל עליעס זון, אַ בחור אַ פעפערל, אַ פּאָליטיקאַנט, אַ לאָיער מיט אַן איי=זערנעם קאָפּ, וואָס וועט זיכער ווערן אַ „דזשאָדזש“, און אפשר גרעסער נאָך

מען דאַרף אים נאָך אַביסל העלפן, גיבן אַ „פוש“, אַ שטופּ פון הינטן — וועט ער שוין גיין, גיין פאָרויס; ער וועט לויפן ווי אַ ציגאַנווע פערד...

טשאַרלין גייט עס ממש אין לעבן בייצוקומען אַלע שוועריקייטן און צו ברענגען זיין שוועסטער אַהער. עטלעכע פּאַליטיטשענס האָבן אים שוין צוגע־זאָגט צו העלפן וועגן דער וויזע, און ער אַליין ווייסט אויך, ווו אַ טיר עפנט זיך.

פון אַ טייל בריוו, וואָס די מאַמע שרייבט אים בסוד פאַר קלאַראַן (ווער שרייבט פאַר איר די דאַזיקע בריוו, ווער?) ווייסט ער, אַז ר' מרדכי לייב ראַ־פּאַפּאָרטס אַן איינִיקל, אַ „פּריציש“ זינדל, לויפט נאָך דער שוועסטער זיינער און איז אין איר משוגע פאַרליבט, פאַרכליאַפּעט ביז איבער די אויערן. דער דאַזיקער בחור קלויבט זיך צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און הלשט מיטצונעמען קלאַראַן אָט אַזוי ווי זי שטייט־און־גייט.

נאָר עט, ס'איז נאַרישקייט! ס'איז „באַנק“. וואָס דאַרף אַ יונג, שיין מיידל ווי זיין שוועסטער לויפן קיין פּאַלעסטיין? ס'אַ ביזנעס פאַר זייאַניסטס, פאַר טרוימערס, און דהאצאַל! קלאַראַס אָרט איז אין אַמעריקע, טראַכט טשאַרלי, און דאָ וועט זי זיין אַ סוקסעס; זי וועט ווערן אַ ליידי און גיין גרויס, „ביג, ביג“!“ אָבער פּאַלעסטיין? אַראַבער זענען דאָרטן דאָ, און יידן מיט פּאות און מערידן און נודניקעס וואָס בעבן „היברו“. ווי זיי וואָלטן געפּרעפּלט אין אַ גויישן סידור; האַקן שטיינער און טראָגן קורצע הויזן, מעלקן ציגן און קייען באָקסערן. וועלל, בעט מען ביי אים אַ „פּור טולער“ פאַר די דאַזיקע ביזנעס, איז נו, גיט ער, נו אַלרייט, נאַדיר, אָבער דהאצאַל!

ווי גיך ער וועט אָנקומען אַהיים קיין יאַנעווקע, וועט ער, טשאַרלי, אַ טופּע־טאָן מיט אַ פוס און אַרויסשלאָגן זיין שוועסטער דאָס משוגעת וועגן דעם פּרי־צישן זינדל פון קאָפּ.

געברענטע מאַנדלען, ניס, פעפערמינט־ביינעלעד, זאַלץ־שטאַנגלען און אַנ דערע שאַרפע זאַכן, צו רייצן דעם דאָרשט און צו לאָפּטשען דעם גומען, האָבן זיך באַוויזן אויפן טיש, און ס'האָבן זיך נאָכגעשלעפּט פלעשער מיט ווייסן און רויטן וויין. ס'זענען מיטגעקומען אויך כלעריי קוגעלער, שטרודלעך און געזיי־ערט פרוכט.

די מאַנסבילן האָבן ביסלעכוויין אויפגעלאָזט אַ קנעפּל פון די וועסטן, גע־ווישט די פאַרויטלטע פּנימער און די פרויען האָבן געפאָכעט מיט פאָכערלעך, מיט אַ הענטשקע און מיט טיכעלעך.

— ליידיס ען דזשענטלמען, טייערע שוועסטער און ברידער! — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ קול און אַ געקלאַפּעריי מיט צוויי גאָפּלען איבער אַ טאַץ — אַטענשאָן פּליז! פּלי־י־ז! אַטענשאָן...

— נו, נו, שאַ־שאַ, לאָמיר הערן אַ וואָרט! — האָט אידל עליעס פאַרוקט דעם קאַפּעליוש — דער פּרעזידענט... ער האָט עפּעס צו זאָגן... נו, כ'מע... וועלל...

— ספּיטש!... אַ ספּיטש, חיימל! יעס סער — האָבן זיך געהערט שטימען — מאַך, מאַך אַ ספּיטש, חיימי־באָי! קאָם אָן, פּרעזידענט...

היימי־באָי — אַ הויכער, דראָטעוודיקער, מיט אַ דין־געשווירענעם וואָנסע־לע, מיט אַ ווייסן שרונט אין סאַמע מיט פון די אויסגעקלעפּטע, בלאָנדלעכע האָר און מיט אַ פּאָר פּאָספּאָר־אויגן הינטער די ביינהאָרענעברילן — האָט זיך פאַרנויגט און אויסגעהוסט.

בטבע אַ באַרעדעוודיקער און אַ מענטש, וואָס לשון גייט צוזאַמען מיט זיין באַשעפטיקונג — אַ רייזענדער פאַר אַ פירמע פון קאָסמעטיק — האָט דער דאַזיקער היימי גאָלדינגער זיך צעלאָזט און נישט געקאַרגט:

— צוערשט וויל איך זאָגן, אַז ס'איז אַ גרויסע פּריווילעגיע צו זיין דאָ און צו באַערן איינעם, וועמען ערע קומט: אַ פרייגנט, אַ לאַנדסמאַן, אַן אייגענער, אַ מענטש מיט אַ גאָלדענעם האַרץ, מיט נאָבעלע געפילן און, אַרום־און־אַרום, אַ גרעיט, סוועלגאַי!

— דער רייזענדער אַגענט האָט גערעדט ענגליש — אַ פייערדיקן ענגליש —

גערעדט איבער טאָל און איבער בערג און דערבײַ כּסדר אַרײַנגעבראָקט יידישע ווערטלעך און די סאַמע לעצטע וויצן, פּעפּערדיקע און ריזיקאַלישע, וואָס ווייטער — איז זיין צונג געוואָרן אויפגעבונדענער, פרייער, און דאָס לשון — אַ מין ווילדער געפלעכטס, אַ געמיש מיט עפּעס אַ באַזונדערן טעם און קלאַנג:

— נעווער מאַין, וואָס ער זיצט אַזוי שטיל אונזער ערן=גאַסט, אונזער ברודער טשאַרלי ווינאָקור, נעווער מאַין! גאָט דהי סטאָף אין הים, הי"ז גאָט דהי גודס. קישקעס אין בויך און אין קאָפּ, אויף יו פּליז. עז, יעס סער, ער ווייסט אַז לעבן און לאָזן לעבן איז דער מעטער פון גיוו עז טעיק, איך דיר און דו מיר און ס'איז ברודערשאַפט; ביקאָז כל ישראל חברים, און דהאַץ דהאַט, און דערפאַר איז ער אַזוי איבערגעגעבן צו אונזער סאָסייעטי, וו עס איז נישט פאַראַן גרויס און קליין און אָרים און רייך.

דאָ האָבן הענט אָנגעהויבן צו פּליעסקן און איבערגעריסן דעם שטראָם פון רייד, וואָס האָט זיך געגאָסן פון היימים מויל. דער רעדנער אַליין האָט אויך געקלאַפּט, העכער און הילכיקער פון אַלעמען. ערשט נאָכדעם האָט ער צוריק אָנגעכאַפּט דעם פאָדים און איז געקומען צום שפּיץ:

— ברודער טשאַרלי פאָרט איצט אויף אַ טריפּ קיין יוראָפּ. ער וועט זיין אין אונזער אַלטער היים יאַנעווקע, אין אונזער ליבן טייערן שטעטעלע. ער וועט ברענגען גריסן און אונזערע בעסטע ווונטשן און...

ווי גיך ער האָט דערמאָנט יאַנעווקע, איז מיט אים עפּעס געשען, ווי אונטער אַ כישוף=שפּרוך, אָדער גאָר אַ נס: זיין לשון איז געוואָרן ריינער און קלאָרער און היימישער. אַלטע, כמעט פאַרגעסענע אויסדרוקן און ווענדונגען זענען אָנגעקוואָלן אין זיין מויל, אַרויפגעשווומען פון דער טיפעניש, פון דער פאַרבאָרגעניש:

— יאַנעווקע... איר געדענקט דעם וואַלד און דעם לאָז, די טאָלאָקע און דעם קוואַל מיטן ווייסן באָק אויפן דעכל? האַ? און די ווייץ=פעלדער און די קורוזע=גערטנער און די סאַדיגערער קלויז און די אַלטע שול? מיר זענען געווען יונג און געלערנט ביי פּישל=די=קאָזע מיט די שוואַרצע ציגן, און געשפּילט אין קוטשקע גאַנצע טעג... און אין זעלנער און אין נים, אים=צו=גראָד... און נים זענען קיילעכיק, זיי קייקלען זיך אַהין און אַהער... יאַנעווקע... דאַרף איך אייך דען זאָגן, אַז איצטער איז דאָרט ביטער ווי גאַל מיט פּאָלין? יידן האָבן דאָרט נישט קיין פּרנסה און נישט קיין רו... איר געדענקט אַלע שיינע באַלעבאַטים פון סאַמע מיטן=ראָטהויז? מ'נעמט ביי זיי אַלע צו די בעבעכעס, ווייל זיי האָבן נישט צו באַצאָלן די שטייערן. און די בעל=מלאכות האָבן קיין שטאָך=אַרבעט נישט. דאָס ערגסטע איז מיט די קינדערלעך... זיי גייען אַרום אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, נאַקעטע און באָרוועסע. און אין אַלטן בית המדרש רינט אַריין, צעבראָכן דער דאַך... און דער פּאַרקאַן פון בית=עולם איז איינגעפאַלן און די תלמוד=תורה האָט נישט מיט וואָס צו זשיפּען און... צרות, ברידער! וואָס=זשע זיצט איר און שווייגט, חברה!? אונזער ברודער כאַצקל פאָרט אַהיים. קאָן ער פאָרן און גאָרנישט מיטברענגען פון אונז?

— נאָ! נאָ! — האָבן זיך דערהערט קולות — מיר דאַרפן עפּעס שיקן... מיטשיקן!... שור! אַבסאָלוטלי! פּאָזיטיוולי! שור!

עטלעכע פון די אנשי=יאַנעווקע האָבן זיך איבערגעשושקעט און ס'איז געבליבן, אַז טשאַרלי זאָל מיטברענגען אַ שיינע מתנה פאַר דער „אַלטער היים“. אַ חוץ די געלטער וואָס די „יאָנג מענס“ שיקן אַהין צוויי מאָל אין יאָר, צו קהל, צו פאַרטיילן אויף פּסח און אויף ראש השנה צווישן די שטעטלדיקע אָרימעלייט, האָט מען איצט באַשלאָסן גלייך אויפן אָרט מיטצוגעבן מיט טשאַרלין אַ באַזונדערן סכום, וואָס זאָל פאַרווענדעט ווערן בלויז פאַר די קינדער פון שטאָט.

— די היי־ער... צאָן קדשים... — האָט אידל עליעס אַרונטערגענומען די ברילן און געווישט די אויגן און געשנייצט די נאָז — תינוקות של בית רבן... וואָס איז דאָ וואָס צו באַהאַלטן, וואָס? נישטאָ ווער סע זאָל זיך איצט אָננעמען פאַר זיי... נו,, יאָ, ר' מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט, דער פּריץ, גיט נאָך און גיט. צי דען

קאָן אָבער איין מענטש אַכטונג געבן אויף אַ שטאָט מיט יורדים און אָרימעלייט, גאַבעך? און ביי ר' מרדכי לייבן, הער איך, איז שוין נישט מער דאָס וואָס געווען. מלכות פוילן הרשעה, דערגייט אים אויך די יאָרן. און טאַקע מער ווי אַנדערע... איז וואָס איר טוט דאָ, איז אוודאי רעכט... און כאַצקל־לעבן וועט שוין וויסן ווי זיך נוהג צו זיין... נו, זאָג, כאַצקל... זאָג...

— זאָל ער נעמען די פלאָר! — האָבן זיך געהערט קולות — נעם... ספּיטש!

אַז טשאַרלי, דער ערן־גאַסט, האָט „גענומען די פלאָר", כדי צו דאַנקען די פאַרזאַמלטע, איז ביי אים די צונג צוגעקלעפּט געוואָרן צום גומען און ער האָט נישט געקענט אַרויסרעדן דאָס ערשטע וואָרט:

— שוועס... שוועס... שוועסטער און ברידער...

ער האָט געהיקעט, זיך גערוימלט, ביז ער האָט אַרויסגעשריגן אויפן קול:

— איך קאָן נישט! כ'קאָן נישט מאַכן קיין ספּיטש. טהענקיו. איך וועל... כ'וועל טאָן אַלץ, וואָס מען דאַרף. כ'וועל אינזיינען האָבן די קינדער, אַי סווער טו גאָד...

אין זיין דמיון האָט ער שוין געזען ווי ער גייט איבער די גאַסן פון יאַנעווע, אַרומגערינגלט פון קינדערלעך — אַ טייל גייען פאָרויס, פאַר אים, אַ טייל הינטער אים, אַ סך לויפן ביי די זייטן, רעכטס, לינקס. און זיי קוקן צו אים, שמייכלען, פּאַטשען אין די הענט, שרייען „אָנקל טשאַרלי, אָנקל טשאַרלי", מיט אַ געזאַנג און מיט פרייד. און ער ענטפערט מיט אַ געלעכטערל, מיט אָפענע הענט, און ער גיט און טיילט, גיט און טיילט, און גלעט זיי איבער די קעפּ. ער, אָנקל טשאַרלי, שפּרייזט איבער די גאַסן פון יאַנעווקע און, מיט זיין גאַנג און מיט זיין טראָט, פאַרטונקלט ער די אַמאָליקע פרנסים, די פני, די השובע פיינע־בריהס און די פאַרפונדעוועטע און אַלטגעזעסענע. ווער־מיר אַ מרדכי לייב, וואָס מיר אַ מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט? ער, טשאַרלי, קאָן מיט דעם „פריץ" אויפנעמען אַ „פּאַיט". ער קומט פון אַ פרייער וועלט, פון אַ נייער וועלט און מיוחסים גייען ביי אים הונדערט אויפן שאָק. „ברודער, ס'איז אַמעריקע".

ווי אָפּגערעדט, האָבן די קלעזמאָרים און די זינגערס ווידער דערלאַנגט אַ לידל, וואָס האָט זיך געפּאַסט צו טשאַרלים געמיט און צו די דמיונות, וואָס האָבן זיך ביי אים געפּלאָנטערט אין קאָפּ:

— אוי, זאָרג נישט מאַמאַ, ס'וועט זיין אָלרייט... אוי, ס'וועט זיין אָלרייט!...

קאַפּיטל 23

# אין שפּאַן...

שוין די ערשטע וואָך באַלד נאָך זיין אָנקומען קיין לעמבערג איז לוי ברווידעס געגאַנגענע אין שפּאַן. אויס מיט דער שפּילעריי, אויס מיט פּאַרטאַכלעווען צייט. ער האָט געגומען לערנען מיט התמדה און טראָגן דעם עול. ער האָט זיך באַזעצט אין שטילן פּאַנסיאָן „האַרמאָניאַ" און — אַחוץ צו די לעקציעס אין אוניווערסיטעט און צו דער לאַבאָראַטאָריע — רירט ער זיך כמעט נישט אַרויס.

אין אַ פּאָר פּאַדזשאַמעס צום לייב, אין שטעקשיך, שפּאַנט ער שעהן־לאַנג איבערן געראַמען צימער, מיט אַ דיקן טעקסטבוך אָדער אַ „סקריפּט" אין האַנט. ער שעפּטשעט מיט די ליפּן, טייטלט מיט אַ בליישטיפט און אָפט ביילט ער אַ פויסט — כדי אַריינצוהאַמערן אין קאָפּ אַריין פאָרמולעס, רעגלען און דעפיניציעס. מינוטנווייז צעלאָזט ער זיך אויפן קול, מיט אַ ניגון, מיט אַ קוועטש, עלעהיי ער וואָלט איצט געלערנט אַ בלאַט גמרא מיט תוספות און נישט וועגן געאָלאָגישע פּלאַסטן, כעמישע פּראָצעסן, דער שנעלקייט פון ווינט און וועגן די באַוועגונגען, וואָס ווערן פאַראורזאַכט פון כוחות, וועלכע זענען „טעטיק ווערטיקאַל"...

אינדרויסן זענען געשטאַנען וואַרימע פרילינגדיקע טעג. דורך איין פענצטער, אַנטקעגן דעם שטילן געסל, וואָס פירט צום „שלאָסבאַרג", שניידן זיך אינדערפרי אַריין ברייטע פּאַסן ליכט, וואָס לייזן מיט גאָלד טיר־און־וואַנט. דורכן אַנדערן פענצטער, וואָס קוקט אַרויס צום אַרומגעצוימטן גערטנדל, גרינען אַריין צעבליטע קאַשטאַנען־ביימער און פייגעלעך שטעלן זיך אויף דעם ברייטן געזימס.

לוי פאַרגינט זיך כמעט נישט צו כאַפּן אַ בליק אינדרויסן אַרויס, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַ קלער צו טאָן וועגן „מה נאה אילן זה", ווי שיין איז דער דאָזיקער בוים.

וואָס איז אַזעלכעס די „דעסקוואַמאַציע"? — לערנט ער און טענהט מיט זיך אליין — דער בייט פון דער טעמפּעראַטור שפּאַלט פעלזן און זיי שיילן זיך; כעמישע פּראָצעסן און ווינט ענדערן די פאָרם פון סקאַלעס און זיי באַדעקן זיך מיט אַ טונקעלן עמאַיל פון אויפגעלייזטן און אויסגעוועפּטן אייזן און מאַנגאַנען... און דאָס איז „דעסקוואַמאַציע", לויט ריכטהאָפן זאָגט...

אָבער די פייגל היפּען אויף דעם געזימס. לייגט ער לוי, אַמאָל אַרויס דאָס טעקסטבוך פון האַנט, שטעלט זיך אויף אַ רגע אָפּ ביים פענצטער— האָט ער באַלד חרטה און נעמט זיך צוריק צום זוברעוון — כדי אָנצויאָגן יעדע פאַרלוירענע מינוט. בוים און פייגל און זון — נו, מילא, ערגעץ וואַרט אַ הייסע זון און ער וויל זיך אונטעראייל צו'ן איר; און עס וואַרטן אַנדערע פייגל מיט אַנדערע פליגל און אַ ניי ליד.

„ווען אַן ענדלעכע צאָל עלעמענטן, וואָס רופט זיך פּונקטן, פאַלן צונויף אין אַ סובריוויזיע, וואָס רופט זיך ליניעס, אַזוי אַז די קאָנגנזייטיקע באַציאונגען פון די ליניעס און פּונקטן זענען אַנאַלאָגיש צו די פון ענלעכן קעגנשטאַנד", דאַן... דאַן... לערנט ער, דאַן...

אָבער די פייגל היפּען אַרום אויפן געזימס...

עטלעכע מאָל האָט ער, לוי, אַ טראַכט געטאָן: צי וואָס דאַרף ער לערנען אין לעמבערג, דורכגיין שבעה מדורי גיהנום צווישן דער פּוילישער הולטאַיסקער,

סטודענטישער כאַליאַסטרע, הערן שטעכווערטלעך פון פּוילישע פּראָפּעסאָרן, אָפּענע און באַהאַלטענע שונאי־ישראל, ווען ער וואָלט זיך גאָר געקענט אוועקזעצן אין ירושלים און פאַרענדיקן זיין שטודיום, ער וואָלט, בדיעבד, אויך געקאָנט געפינען גענוג תורה אין חיפהער טעכניקום.

אָבער דער חשק צו קומען קיין ארץ ישראל א צוגעגרייטער, אַ באַוואָפּנטער מיט אַ פאַך, כדי תיכף זיך צו שטעלן צו דער אַרבעט, האָט גובר געווען אַלץ און, אים געהאָלפן אַריבערצוטראָגן פאַרדראָס און שוועריקייט. און נאָך אַ זאַך: אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט כאָטש ע פּ ע ס אַרויסקריגן פון די פּוילישע „ליאַכעס“, פון וועלכע עס קומט אים אַ חוב. דעם גיפט זייערן לאָזט ער פאַר זיי, אָבער דאָס וויסן וועגן ערד און פלאַנץ און פי און עוף — דאָס וועט ער פון זיי אַרויסקריגן ווי אַ באַלוינונג פאַר באַליידיקונגען, בלוטיקע שטייערן, דערנידעריקונג, שפיכות דמים און האָס. אַי, לא מעוקצך ולא מדובשך, נישט דיין גיפט און נישט דיין האָניג? — איז נישט תמיד גילט דאָס ווערטל און נישט שטענדיק איז עס גערעכט...

די פרילינגדיקע ריחות, וואָס האָבן זיך געכוואַליעט אין די ליכטיקע טעג, וואָס זענען געשטאַנען אין לעמבערג, האָבן לייכטער געמאַכט דעם אָטעם און עס האָט געשמעקט מיט צוזאָג און דערוואַרטונגען.

לוי פילט דאָס אין זיין גאַנצן געביין בעת די געאיילציקע פרימאָרגנדיקע שפּאַצירן צו דער לאַבאָראַטאָריע. ער פילט דאָס אויך דורך די ווענט פון זיין צימער, אין וועלכן ער האָט זיך איינגעשפּאַרט עקשנותדיק. און אָט זיצט ער שוין אַזוי זעקס וואָכן צייט.

פון זינט ער איז געקומען אַהער, איז ער, לוי, נאָך נישט געווען נישט אין קיין טעאַטער, נישט אין קיין סינעמאַ און נישט ביי קיין קאָנצערט. בלויז אין די פרייטיק=צו=נאַכטסן פאַרברענגט ער אין געזעלשאַפט, און אַמאָל אויך אין אַ שבת=צו=נאַכטס. דעמאָלט גייט ער אַוועק אויף דער שטילער, קליינער לינדעגאָ=גאַס צו דער פאַמיליע כץ. ער שפּרייזט שנעל אַריבער די רוישיקע „לעגיאָנאָוו“, איבער וועלכער עס שפּאַצירן אויסגעפּראַנטעוועטע אָפיצערן מיט שפּאָרן אין לאַנגע, גלאַנציקע שווערדן, וואָס קלינגען איבערן ברוק; אויסגעפּוצטע דאַמען, פון וועלכע עס טראָגן זיך ריחות פון עסענצן; שאַרפע פאַרפיומען, געלעכטערס און אויך פאַסקודנע רייד, וואָס מישן זיך מיט די קלאַנגען פון אָרקעסטערס אין די קאַפע=הייזער, האָטעלן און קאַבאַרעטן. ער שניידט דורך די „אַקאַדעמיצקע“, ווו עס טומלען זיך און זידלען זיך רעדלעך פּוילישע סטודענטן מיט קיילעכיקע, וויליונגערישע סאַמעטענע היטלעך אויף די קעפּ און גראָבע פּאַלקעס אין די הענט. ער שניידט גיך דורך דעם מאַט=באַלויכטענעם „פּאַסאַזש=מיקאָלאַזש“ און פאַרקירעוועט זיך צו „לינדעגאָ“ נומער אַכט.

אויפן סאַמע עק=גאַס, שטייט אַ צוויי=שטאָקיק הויז, איינגעהילט אין שלאַנגווערצלען, אַרומגעוויקלט מיט אָדערלעך פון ווילדן=וויין און אַרומגענומען מיט אַ גרין=געפאַרבטן; אייזערנעם צוים. פרייטיק=צו=נאַכטס לייכטן דורך די פענצטער פון ערשטן שטאָק אָנגעצונדענע ליכט און העלע זשיראַנדאָלן וואַרפן אַ שיין, אויפן שטיינערנעם טראָטואַר. דאָרט, אויפן ערשטן שטאָק, געפינט זיך די דירה פון בועז כץ, טאַקע דער איינגנטימער פון דעם הויז.

בועז כץ, אַ יאַנעוועקער ייד, וואָס וווינט אין לעמבערג שוין אַרום צען יאָר, איז אַן אַלטער פריינט פון די ברוידעסעס און ראַפּאַפּאָרטס. ס'ווייב זיינס, באַכציע, איז מאָטל ברוידערסעס אַ יוגנט=חברטע. זי, באַכציע, וואָס איז גאָר יונג געוואָרן אַ יתומה, האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ און חתונה געהאַט מיט דעם בועזן, כאָטש ער קומט אַרויס פון אַ ביסל אַ „גידעריקן גראַד“. ער איז אָבער פון תמיד אָן געווען אַן איינגרייסער, האָט זיך אויסגעטויגט, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו נגידותשאַפט און אָנגעהויבן צו פירן שטאַט. מיט די ליידיקע „צען פינגער“ האָט ער, מיט אַ סך יאָרן צוריק, זיך אָנגעהויבן דעראָביען נאָך אין יאַנעוועקע, און אפילו געהאַלטן צוויי שכנישע פּאָסעסיעס.

דאָ, אין לעמבערג, פֿירט בועז כּץ אַ ברייטע הויז. שטענדיק טרעפֿט מען ביי אים מענטשן, וואָס פֿילן אָן די צימערן מיט אַ פֿריילעכן רעש. כּלערליי זענען די מענטשן, וואָס קומען אַהער: פּריצים, מיט וועלכע ער האַנדלט גרויס — מיט וועלדער, מיט גיטער, מיט בוי־פּאַרצעלעס און מיט ברויערייען. מען זעט דאָ אויך פֿאַבריקאַנטן און אייגנטימער פֿון שטיינערנע מויערן — יידן־נגידים, מיט באָרד־און־פּאות, און אויך לעמבערגער „פּופּקעס“, שוין געגאָלטע, מיט פֿאַרדרייטע וואָנסעס, באַקנבאַרדעס אַ־לאַ פֿראַנץ יאָזעף און וואָס רעדן האַלב און גאַנץ דייטש.

בועז כּץ, אַ ייד אין די פֿופֿציקער, מיט אַ בלאָנדלעך־גרויען, צוגעפּוצטן, קיילעכיקן בערדל און קליינע, לאַכנדיקע בלויע אויגן, זיצט געוויינלעך אין זיין קאַבינעט, אין די בלויזע ווייסע אַרבל, פֿירט זיינע מסחרים, נאַשנדיק דערביי קאָנפֿיטורן, איינגעמאַכטסן און סירופּ פֿון טעצעלעך און שעלעכלעך. ווען ער האָט צו טאָן מיט יידן, זיצט ער אין אַ יאַרמלקע, רעדט ברייטלעך, וואַרפֿט אַריין אַ פּסוק, וואָס ער געדענקט נאָך, און חכמהט זיך. בעת ער רעדט מיט פּאָליאַקן פֿאַרגינט ער זיך אַמאָל אַרונטערצונעמען די יאַרמלקע — עס געווענדט זיך אָן דעם יחוס פֿון דעם „ליאַך“ — אָבער פֿון זיינע ווערטלעך לאָזט ער נישט אָפּ. ער בראָקט אויף פּויליש, וואָס קומט אַרויס פֿון זיין מויל אַביסל קרום־קיילעכיק, מיט אַ ניגון און מיט אַ קוועטש. באַכציע, די פּאַני „קאַצאָוואַ“, אַ הויכע, מיט אַ געט־פֿאַרקעמטן גרויען קאָפּ (דאָס שייטל האָט זי דאָ אַראָפּגעוואָרפֿן), מיט אַ לויטערן פּנים און אַ שטיק גודערל, באַווייזט זיך פֿון צייט־צו־צייט און ברענגט אַליין אַריין כּיבוד: ס'איז שענער אַזוי, איידער אַריינצושיקן אַ דינסט, ווען געהויבענע געסט זיצן דאָ. אַז בועז דערזעט זיין באַכציען, עדותט ער זיך מיט איר:

— נו, זאָג דו אַליין, באַכציעלע, דער יאַסני־וויעלמאָזשני ישובט זיך דאָך. אָבער איך זאָג פּאָד שוויענטשי חרם, דאַרף ער מיר גלויבן. יאַק בועז זאָגט איז עם דאָך שוויענטשי־הייליק, און מעגנסט שטעלן דאַרויף, מאַך איך גיעך בענדזשע לחיים און נאַזדראָוויע און דאי מי אַ תקיעת־כּף. זאָל דער פּאַן בוג געבן נאָ מזל און דער פּאַן הראַביאַ קריגט אַן אַדרויף. טאָ בנאמנות טאַק. ראַז דוואַ כשר, און קלאַפּ און צאָל. טאָ בועז כּץ רעדט. וויוואַט און זאָל דער יאַסני־וויעלמאָזשני אַ קוש טאַן אין דנאָי.

פֿרייטיק צוועלף אַזייגער בייטאָג — זומער און ווינטער — פֿאַרענדיקט בועז זיינע מסחרים און ער וועט נישט מאַכן קיין געשעפֿט, ווען ער זאָל אפֿילו וויסן, אַז ער וועט אָנשאַרן אַ גרודע גאָלד. ער כאַפּט אויף זיך אַרויף אַן אָפּגעטראָגענעם זשאַקעט, אַן אַלטן קאַפּעליוש און לויפֿט אין מרחץ אַריין. ער האָט נישט ליב די וואַנעס ביי זיך אין הויז, די שווענמלעך און פּאָמפּעשקעס און מאַשינאַציעס. ס'אַן עסק פּאַר קאַטשקעס און פּאַר ווייבער זיך צו פּליושקען אין אַ קאַכליענער מולטער און זיך צו פּאַטשקען מיט אָדעקאָלאָן און מיט לעקעכצער און שמעקעכצער. אים, בועזן, גיט אַ היימיש בערעזענע בעזימל, אַ הילצערן שעפֿל מיט אָקריפּ און די אייבערשטע באַנק. נאָכן מרחץ האָט ער ליב אַ „האַלבע“־ביר מיט געפֿעפֿערטע אַרבעס און פּאַסאָליעס אין אַ יידישן שענק אויף דער פּליישהאַקער־גאַס, וווּ מען טרעפֿט אַ גביר און אַ מעקלער, אַ באַלעגאָלע און אַ שווישפּילער ביי איין טיש. ס'איז שבת־אחים, און מ'הערט אַ גוט־וואָרט.

כאָטש ער איז אַן איינגייער אין אַ חסידישער קלויז, אין „פּאַסאַזש־פּעלער“ (ביי ר' מאירל פּרעמישלאַנערס אַן אייניקל), האָט בועז ליב אין די פֿרייטיק־צונאַכטסן פֿון שבת־שמברכים צו גיין אין איינער פֿון די גרויסע שולן, אויף דער סאָביעסקי־גאַס, אויף שאַינאָכאַ, אין דער פּאָדער־שטאַט, צו הערן אַ חזן מיט משוררים. אַמאָל כאַפּט ער זיך אויך אַריין אין טעמפּל אַריין. אַהין גייט ער שוין נישט אין שטריימל, נאָר אין אַ פּראָסטן, ווייכן קאַפּעליוש. אַ שטיקל מנגן, האָט בועז ליב נאָכצוזאָגן אַ „השכיבנו“, אַ „מזמור שיר ליום השבת“ און פֿרעגט מבינות ביי זיין ווייב:

— נו, באַכציעלע, הערסט אַ קאַטשע און אַ גענגעלע? הערסט אַ זאָגעלע?

פאַר אַ גויט קאָן איך זיין אַ חזן, קאָן איך. פון עשירות צום עמוד איז אַ גלייכער וועג. נו, הערסט באַכציעלע אַ מין פעלדרעלע: והגן בעדינו, והסר מ...ווײַ־ווײַ־מײַ
— אוי־טעי־לעל־לע־נו... האַ?

ביי בועזס פּריטיק־נאַכטיקן טיש געפינט זיך אָפט אַן אָרימער אורח פון דער פרעמד, אָדער גאָר אַ היימישער, בכבודיקער גאַסט.

פון זינד לוי ברוידעס איז געקומען קיין לעמבערג, מוז ער יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס זיין ביי דער פאַמיליע כץ.

— אַנו, פרוו און קום נישט! — גאַקיוועט אים באַכציעלע — און איך וועל דיר צושטעלן אַ בענקעלע צו דיין מאַמוסיע און וועסט זיך האָבן צו באַ־לעקן. מיין פריינדינע מאַטלם זון וועט זיך פרייטיק־צו־נאַכטס אַרומשלעפן אי־בער רעסטאָראַציעס אָדער פּאַנסיאָנען? נאַ דיר גאָר אַזעלכעס, נאַ!

אין אמתן האָט לוי ליב צו קומען פרייטיק־צו־נאַכטס אויף דער לינדעגאַ־גאַס. דעמאָלט האָט ער אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט בועזס קינדער, אַפילו מיטן קדיש דאַניעלע, וואָס זיצט אויך ביים טאַטנס טיש.

דאַניעלע כץ איז אַ שם־דבר אין לעמבערג — אַ לעב־יונג, וועמען מ׳קען אומעטום. צו ניינצן יאָר איז ער שוין געווען אַן עסטרייכישער לייטענאַנט. דער־נאָך האָט ער געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי, און ס׳האָט אָפּגעקאָסט אַן אוצר מען זאָל אים אַריינגעמען אין דער קאַוואַלעריע, ווו עס דינען פּריצישע זין. דאַ־ניעלע האָט דווקא געוואָלט אַ לאַנגע זילבערנע שווערד, שפּאָרן, אַ טראָלד און אַ גרויס קאַרע פערד.

ווען ער איז אַרויס פון דער אַרמיי, האָט דער פאָטער פאַר אים געקויפט אַ חלק אין אַ שיך־פאַבריק: אפשר וועט ער אינזינען האָבן תכלית און ווינצי־קער הולטאַיעווען. דאַניעלען איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן: ווי גיך ער איז געוואָרן אַ שותף אין דער פאַבריק האָט ער געלאָזט אויסאַרבעטן די שענסטע פאַנטעפעלעך און שיך פאַר זיינע געליבטע שיקסלעך, מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגעשלעפט. אַז די פאַבריק האָט „געפּלאַצט“, האָט דער פאָטער אים נאָכ־געגעבן און פאַר אים געדונגען איינס פון די גרעסטע און לוקסוסדיקע קאַפע־הייזער אין שטאָט. דאָס דאָזיקע געשעפט האָט פאַרכאַפט דאַניעלעס פאַנטאַזיע און ס׳האָט געדעדט צו זיין האַרץ. דאָ האָט ער געקאָנט געמיטלעך פאַרברענגען מיט זיינע גוטע־ברידער און טאַנצן מיט זיינע שיקסלעך ביזן ווייסן טאָג אַריין.

אויף די מוסר־רייד, באַזונדערס אויף די קלאָגעס פון דער מוטער, ענט־פערט דאַניע מיט לצנותן. אַ הויכער, אַ ברייטביינענדיקער, וואָס ווערט אַביסל צו־פרי שמאַלציק־פעט — טוט ער זיך אַ קראַץ דאָ אין דער געקרייזלטער בלאָנ־דער טשאָפּרינע, דאָ אין פּופּיק, פאַרגלייזט איינס פון זיינע גרויסע, בלויע אויגן און זיפצט:

— אוי, באַכציעלע, לייד איך פון דיר... אוי, באַכציעלע, האָב איך צרות! נאָר איין גאָט אין הימל ווייסט, ווי פינצטער און ביטער מיר איז. הייינטיקע מאַמעס. הייינטיקע טאַטעס. גרוי און אַלט מאַכן זיי דיך. קוק׳ץ מירך אָן, קוק׳ץ, כ׳האָב דאָך שוין נישט קיין כוח צו זשיפּען! כ׳בין דאָך שוין אַ פּושקע־דוך...

כדי נישט אַרויסצושיסן אין אַ געלעכטער, פאַרבייסט די מוטער די ליפּן מיט די ציין. זי וויל נישט ווייזן, אַז זי האָט הנאה פון איר תכשיטס חכמהלעך.

אויך דער פאָטער, בועז, בלייבט צעחושט פון דאַניעלעס רייד. ער, בועז, גילט דווקא פאַר אַ שטיקל כעסן, וואָס קאָן הויבן אַ האַנט. אויף אים פּלעגט מען אין יאַנעווקע דערציילן, אַז אין אַ בייזער מינוט איז ער אַמאָל אַרויס אין גאַס מיט אַ געשריי: „געוואַלט יידן, כ׳בין מלא רציחה, כ׳מוז היינט ממיתן, אַ מענטש. האָ׳ץ רחמנות און בינד׳ץ מיר די הענט. כ׳וויל נישט זיין קיין הורג־נפש, וויל איך נישט, געוואַלט!“...

פון צייט־צו־צייט דערלאַנגט דער פאָטער אַ פאַרציע מוסר דעם קדיש זיי־נעם און סטראַשעט אים:

— ׳עסטו נישט אויפהערן צו זיין אַ לומפּ, אַ באַטיאַר, אַ מה־יעשהניק, ׳עלעך דיך אויסשטרייכן פון דער צוואה. כ׳וועל נעמען דיין חלק און אַריינ־

טראָגן צו קהל פּאַר אָרימעליים. וועסטו נישט אויפהערן גיין אויפן קאָפּ, ווען אַזוי פיל יידן, געבעך, האָבן נישט קיין שטיקל פּיסגע ברויט, וועל איך... וועל איך... כ'וויל... כ'וועל דיך מעביר=נחלה זיין! ווען כ'וואָלט באמת געווען אַ ייד מיטן פולן מויל, וואָלט איך עס אָפּ=שוין באַדאַרפט טאָן און צעטיילן דיין ירושה אויף צדקה...

— דאָס וואָלט טאַקע געווען זייער שיין .. אָבער איך וואָלט געטאָן נאָך שענערס, — מאַכט דאַניעלע, — און זאָל די וועלט זען צו וואָס אַ טאַטע, אַ בייזער כהן, טרייבט זיין געציטערטן בן=יחיד אין מיטן העלן טאָג...

— וואָס וואָלסטו געטאָן, וואָס? וואָס, דו בטיאַזשיסקע, דו?

— כ'וועל נעמען צוויי שיינע טאַרבעס און אַרויסגיין איבער דער גאַס און שרייען:

„יידן און פּריצים און סתם פּאַנאָוויע! שענק'ץ אַ נדבה צו דעם ליבלעכן זון פון וויעלמאַזשני פּאַן בועז כץ! שענק'ץ אַ נדבה... יידן בני רחמים, אַ גוט האַרץ איז דאָ ביי אייך"...

אַ מעלה האָט ער דער דאַניעלע: ער רעדט יידיש מיט אַלע הגדלער, ווי אין יאַנעוויקע און זינגט אַלע לידלעך, וואָס טאַטע=מאַמע האָבן ליב. דאָס לשון און די לידלעך שפּילן אים צו און ער געווינט אַלעמאָל; מען לאָזט אים געמאַך

די פּריילעכסטע זענען זיינע מלחמות מיט זיינע צוויי שוועסטער: מינע, די עלטערע און סאַלוסיע די יינגערע. מיט סאַלוסיאַן אַ זיבעצן=יעריק בלאָנד, פּריילעך און צעפלויגן מיידל, מאַכט ער, דאַניעלע קורץ און שאַרף:

— דו, קאָזע, וועסטו נישט אויפהערן אַרומצולויפן מיט די סמאַרקאַטע סטודענטלעך אין קילינסקי=פּאַרק, וועל איך דיך איבערלייגן איבער דער קני און דיר אַריינצימבלען אחת ואחת, אַז מ'וועט דיר דאַרפן לייגן קאַלטע קאָמ=פּרעסן צום געזעס. וואָס ווילסטו וואָס, כ'זאָל פון דיר איינגעמען בושות? קום אַהער, דו, קאָזע, גיב אַ קוש דיין ברודער און כ'וועל דיר געבן אַ רים אין פּיסק.

די מעשה ענדיקט זיך געוויינלעך דערמיט, וואָס ער גיט איר אַ מתנה, אָדער לייגט אַריין אַ פּאָר זלאָטעס אין איר בייטל אַריין.

צ' מינאַן, וואָס איז עלטער פון אים מיט אַ צוויי יאָר, און זי איז שוין קרוב צו די דרייסיק, רעדט ער אַביסל האַרבער און ערנסטער. זי. מינא, אַ ני=דעריקע, אַ צאַרטע מיט אַ טונקעלן קוטשעראַווען קאָפּ און גרויסע פינקלענדיקע אויגן, אין ווען עס טיקט זיך אַ באַהאַלטענער טרויער — זי גייט אַרום אי=בערן הויז מיט שטילע טריט און מען הערט זעלטן פון איר אַ הויך וואָרט. צו איר האָט דאַניעלע תרעומות:

— זי זיצט און קוואָסעט, ווערסט דאָך פּאַרזויערט. וואָס פּירקעסטו מיטן עק און בלאָזסט זיך? ביז וואַנען וועסטו זיצן אויף מיין קאָפּ און דיר נישט צו=קלייבן קיין חתן? אָדער וועסט פּאָלגן וואָס מען רעדט צו דיר, אָדער וועסט ביי מיר עסן אַ ציבעלע מיט ברויט!...

מער ווי מיט אַנדערע קינדער האָט לוי זיך באַפריינדעט מיט דער שטילער מינאַן, וואָס האָט עטלעכע מאָל געפּרוווט זיך אויסצורעדן איר האַרץ פּאַר אים. לוי האָט זיך אָנגעשטויסן אַז זי האָט איבערגעלעבט אַ ביטערע אַנטוישונג אין אַ הייסער ליבע און דערפאַר איז איר נישט לייכט זיך צוצוקלייבן אַ מאַן. זי, מינאַ, פּרוווט מיט אים פּאַרפירן שמועסן וועגן ביכער, וועגן מוזיק און אפילו וועגן פּאָליטיק. פּאַר אים האָט זי זיך אויך פּאַרטרויעט, אַז צוויי מאָל אַ וואָך גייט זי אין יידישן שפּיטאָל, וו עס ליגן אָרימע קראַנקע און זי העלפט אַרויס מיט אַרבעט און מיט אַביסל געלט. זי וואָלט אָבער וועלן אויפטאָן נאָך עפּעס וויכטיקעס, נאָר זי ווייסט נישט וואָס...

אין איין פרייטיק נאָכמיטאָג, ווען לוי איז מיד געוואָרן פון חזרן און קנעלן וועגן „דעסקוואַמאַציע“, וועגן דער שנעלקייט פון ווינט און וועגן די אייגנשאַפטן פון כלערליי פעלזן, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט

ביים פענצטער, געקוקט ווי אַן איינציקער פויגל היפּעט אויפן געזימס און האָט באַטראַכט זיין קאָלירטן טשוב. כ'האָב עס! — האָט ער אויסגערופן צו זיך אַליין. ער האָט עפּעס פּאַר מינאַן — דאָס איז עס, אַבסאָלוט! נאָכן פריייטיק־צו־נאַכט־סיקן טיש וועט ער איר פאָרשלאָגן אַ געוואַגטע זאַך. וועט זי זיך אָנכאַפּן אָן דעם?

לוי האָט איבערגעלאָזט דעם פויגל אויפן געזימס, זיך גיך אָנגעטאָן און מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט צו דער לינדענאָ־גאַס.

קאַפּיטל 26

# איך ווידוי...

ווען לוי איז אַריינגעקומען צו דער פֿאַמיליע כ״ץ, זענען די בני בית געווען פֿאַרזאַמלט אין „בלויען סאַלאָן“. דאָס געדעמפּטע ליכט פֿון קרישטאָלענעם קאַנדעליאַבער האָט שאַרף אונטערשטראָכן די העלע בלויקייט פֿון די פּאָרטיערן, פֿון די געבעטע מעבלען און פֿון גרויסן, ווייכן, בלויען טעפּיך אויפֿן דיל. אַ מין בלויעכער שימער איז געפֿאַלן אויף אַלע פּנימער. געלעכטער, פֿריילעכע רייד האָבן זיך געטראָגן פֿון אַלע ווינקעלעך.

אַ וויילע איז לוי געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטער אויף דער שוועל. ער האָט דערזען אַ פּנים, וואָס האָט זיך גלייך געוואָרפֿן אין אויג. אין איינער פֿון די שטולען איז געזעסן די מיסטעריעזע פּוילישע דאַמע, וואָס ער האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק באַגעגנט אין מיטן דער נאַכט אין עקספּרעס־צוג סטאַניסלאַוו־לעמבערג. זי — דאָ? ווי קומט זי אַהער? איז ביי אים דורכגעפֿלויגן אַ פֿראַגע. ס'אַ רעטעניש. ווידער קומט אים אויס צו טרעפֿן די אויסטערלישע פֿרוי. ער האָט, דאַכט זיך, פֿאַרגעסן איר נאָמען, און אָט טויכט זי ווידער אויף! אין דער סעקונדע האָט ער זיך דערמאָנט: זאָפֿיאַ גראַניצקאַ הייסט זי, ער געדענקט יאָ.

אין צימער האָט זיך געפֿונען נאָך אַ גאַסט. אָבער דער דאָזיקער באַברילטער הער מיטן אויספּאָמאַדירטן, שיטערן בלאָנדלעכן קאָפּ, האָט אים נישט פֿאַראינטערעסירט.

דערווייל איז די צאַרטע, קליינע מינאַ, בועזעס עלטסטע טאָכטער, אַנטקעגנגעגאַנגען לוין ביז צו דער שוועל:

— קום אַריין, ליאָנעק, וועל איך דיך פֿאָרשטעלן.

ווי גיך מינאַ האָט צוגעפֿירט לוין צו דער דאַמע, האָט די פּאַני זאָפֿיאַ זיך העפֿלעך און עלעגאַנט אונטערגעהויבן פֿון שטול און אָן שום באַוואָרעניש אַ מאַך געטאָן:

— מיר קענען זיך דאָך.

— וואָס מאַכט איר, פּאַניע ברוידעס?

פֿון חידוש און געפּלעפּטקייט האָט די קליינע מינאַ נישט איבערגעפֿרעגט זיי אַזוי און וואָס און פֿון וואַנען די צוויי קענען זיך. זי האָט נאָך פֿאָרגעשטעלט לוין פֿאַר דעם הער — אַדוואָקאַט דר. כאַמיידעס — און זיך גראַציעז אַוועקגעשאַרט אין פֿאַרלעגנהייט.

אַזוי ווי דער באַלעבאָס (דער פּאַן בועז כ״ץ) איז נאָך נישט געווען צוריק פֿון דאַווענען, האָט דער עולם דערווייל געכאַפּט אַ שמועס.

דורך דער געוועלבטער טיר האָט זיך געזען דער גרויסער געדעקטער טיש אין עס־צימער, אויף וועלכן ס'האָבן געפֿינקלט און געגלאַנצט זילבערנע און קרישטאָלענע געפֿעסן, גרויסע לייכטער מיט בענטשליכט, אַ בייכיקער קידוש־בעכער, אַן אַנטיק, און די חלות איבערגעדעקט מיט אַ זילבער־געשטיקטן טישטיכל. אַ דינסט, אין אַ ווייסן פֿאַרטוך און אַ ווייסן טשעפּיק, האָט זיך געפּאָרעט ביים טיש. די פּאַני „קאַצאָוואַ“ אַליין, אַן אויסגעפּוצטע אין אַ קרעם־סאַטין קלייד, גרויסע אוירינגלעך אין די אויערן און אַ שנירל פּערל אויפֿן האַלז, איז עטלעכע מאָל אַריינגעקומען אין עס־צימער אַ קוק טאָן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג.

אין „בלויען סאַלאָן“ האָט מען דערוויל געשמועסט און געשטיפט. דר. באמיידעס, דער אַדוואָקאַט פון כץ־„קאָנצערן“ — האָט גערעדט פּאָליטיק און געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך אין פאַרשידענע לענדער און ווו עס האַלט.

— עפּעס וועט אויסשיסן — האָט ער אַ מאַך געטאָן — און אָנהויבן וועט עס זיך אין דייטשלאַנד... מען דאַרף דאָך זען ווי אַזוי די „דינגע“ געשטאַלטן זיך...

דער דאָזיקער אַדוואָקאַט, אַ קאַוואַליר אין די יאָרן, האָט זיך געשרכנט צו דער פאַננאַ כץ, צו מינאַן, און ער האָט זיך באַמיט צוצוציען איר אויפמערקזאַמקייט צו זיך:

— פאַננאַ מינאַ, פּראָשע פּאַנסטוואַ, געדענקט וואָס איך זאָג: דער היטלער און זיינע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן וועלן קומען צו דער מאַכט. זיי געווינען און געווינען...

— די נאַציס?! — האָט זאָפיא גראַניצקא זיך אָנגערופן — זיי?!

— יאָ, יאָ, פּראָשע פּאַנסטוואַ, עס גייט דערצו אַז מען דאַרף זיך נישט נאַרן... און ביי אונז, אין פּוילן...

— וואָס דאָ? ווען דאָ? — האָט דאַניעלע זיך אַריינגעמישט — איר ווילט ביי מיר צורויבן דעם אַפּעטיט, פּאַניע מעצענאַסיע? כ'בין שוין אַזוי אויך הויט־און־ביין. קוקט מיך אָן, איך האַלט זיך קוים אויף די פיס. הערט בעסער די־אָ שיינע מעשה! איר האָט נישט געהערט?

ער האָט אָנגעהויבן פּליוכן מיט די לעצטע קאַבאַרעט־וויצן און שוין נישט אָפּגעלאָזט. האָט מען געשמייכלט, דערנאָך כיכיקעט און דערנאָך געלאַכט און געקייכט.

בעת מעשה האָט לוי געהאַט אַ געלעגנהייט צו כאַפּן מיט מינאַן אַ קורצן שמועס. אָנגעהויבן האָט ער דערפון, אַז זי מוז איבערייסן מיט איר סביבה, אַרויס פון דעם נודנעם לעבן און אַריין אין אַן אַנדערן — אונטער אייגענע הימלען און אויף אייגענער, אַלטער ערד...

— פאַרשטייסט, מינאַ — האָט ער אָנגעוויזן מיט אַ פינגער — דאָ וועסטו מסתמא בלייבן ביי אַ וויץ, און ביי אַן אַלטן דערצו... אַ ביטערן... הער וואָס איך רעד צו דיר...

— קודם, ליאָנעק, זאָג מיר פונוואַנען קענסטו די גראַניצקא? — האָט מינאַ אים איבערגעשלאָגן אַביסל שעמעוודיק — פון וואַנען?...

— אָ, זי? — האָט לוי געשמייכלט — פון אַ שנעלצוג... אינמיטן דער נאַכט... זי איז געפאָרן אין באַגלייטונג פון אַן אַלטן הער...

— דאָס איז דאָך דער שעף אירער! — האָט מינאַ דערקלערט — דער באַראָן ז'לוואָווסקיד־לעווענהערץ. זי איז זיין פּריוואַט־סעקרעטאַרין. זי אינטערעסירט דיך? אויב דו ווילסט, וועל איך...

פון מינאַס אָפּגעריסענע רייד האָט לוי פאַרשטאַנען, אַז צוליב בוזעם געשעפטן מיטן „יידישן“ באַראָן איז די פּאַני זאָפיאַ אַ היימישער מענטש דאָ אין הויז. פונדעסטוועגן ווייסט קיינער נישט גענוי ווער זי איז און וואָס זי איז. זיכער איז, אַז זי שטאַמט פון קראָקע, און אַז זי האָט שוין געהאַט אַ מאַן. כאָטש זי איז נישט קיין יידן־פיינט, האָט זי אָבער מיט יידן קיין שום מגע ומשא נישט. דאָס איז דאָס איינציקע יידישע הויז, וווהין זי קומט אַריין, איר שעף, דעם באַראָן, ז'לוואָווסקיד־לעוועהערצן קאָן מען דען באַטראַכטן פאַר אַן אייגענעם? ער איז דאָך אַ „פּוילישער“ אַדעליקער מיט אַלע פּיטשעווקעס, כאָטש מיט קיין טויף־וואַסער האָט ער זיך נישט באַשפּריצט... ער איז נישט געשווינצלט, און שיקט צו קהל אַ ביישטייערונג... — אָבער זי די פּאַני, זאָפיאַ, קומט יאָ אַריין אַהער — האָט מינאַ ווייטער דערציילט — ווייל...

— זי האָט ליב געפילטע פיש — האָט דאַניעלע זיך אונטערגערוקט און ממזריש פאַרקוועטשט אַן אייגל — און אַ יידיש פּופּיקל און אַ העלזל און אַ פּיסעלע אין ראָסעלע האָט זי אויך נישט פיינט. ביים אַלטן תרח ביי אירן האָט

זי עס נישט... עס דערגייט איר נישט... ביי אים האָט זי „יעס, ווי העוו נאָ באָנענעס"...

ער האָט אָנגעהויבן זינגען אַן אַלט אַמעריקאַנער שלאַגער־לידל און גע־וואָלט אויספּאַקן נאָך. נאָר דאָ האָט זיך דערהערט אַ ברייטלעכער „גוט שבת" אין קאָרידאָר. בועז כּץ איז גלייך אַריינגעקומען אין סאַלאָן און זיך גאַלאַנט פאַרנייגט:

— גוט שבת דעם פּאַנסטוואָ!

מחמת ער האָט היינטיקן פרייטיק־צו־נאַכטס געדאַוונט אין טעמפּל, גע־לאָפן הערן דעם אָבער־קאַנטאָר מיטן כאָר, האָט ער נישט געטראָגן די אַטלאַ־סענע קאַפּאָטע און דאָס פּיזעס־שטריימל, נאָר אַ „שלום"־ראָק מיט זיידענע לאַצן און אַ „דאַרן" קאַפּעליוש. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שטיקל „דייטש".

אָן שום לענגערע שהיות האָט ער אָנגעהויבן זאָגן „שלום עליכם", מיטן ווייזשניצער נוסח, אונטערציקלענדיק זיך מיט אַ שטייגערל. זאָגנדיק, האָט ער אַריינגעשפּאַצירט אין עס־צימער און דער עולם נאָך אים. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ פייערלעכער מאַרש. בעת ער האָט קידוש־געמאַכט זענען אַלע געשטאַנען און אויסגעהערט, אַנדעכטיק און פייערלעך. די פּאַני זאָפיאַ האָט נישט אַראָפּ־גענומען די בליקן פון בועזן. פון דעם פינקלדיקן בעכער, פון די מיסטעריעזע, אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, האָט זי עפּעס געוואָלט אַרויסהערן, „אַנטנעמען", עפּעס וואָס לאָקט און שרעקט צוגלייך...

לוי האָט דאָס באַמערקט, און ווייל מען האָט זי אַוועקגעזעצט לעבן אים (אָדער אים לעבן איר), האָט ער נאָכן ערשטן געריכט, נאָך די פיש, איינגעפּע־פּעדימט אַ שמועס מיט איר:

— געפעלט אייך די צערעמאָניע?

— איך באַגרייף זי נישט...

— איר קענט נישט די ביבליאַ? גענעזיס? דעם זעקסטן טאָג האָט גאָט־דער־האַר פאַרענדיקט זיין ווערק... און...

— און וואָס?

— אָט זענען מיר דאָ און פייערן; און אָט וועלן מיר באַלד זינגען...

ווי ער וואָלט זי וועלן פאַראינטערעסירן און אָנציען און עפּעס דערגייין פון איר, האָט לוי אַ מאַך געטאָן:

— ר' בועז, אפשר וועלן מיר זינגען דעם סאַדיגערער כל מקדש?

— אדרבא, מהיכי תיתי, פּראָשע באַרדזאָ...

און נישט נאָר דעם „כל מקדש" — לוי האָט אויך פאַרצויגן דעם אַלטן „יה רבון", מיט דעם דבקותדיקן ניגון, וואָס האָט געטרייסט און געצערטלט און גע־נאָגט. „ואפק את עמך מגו גלותא", פיר אַרויס דיין פאָלק פון גלות, לייז אוים פון מויל פון לייב...

ס'איז געווען טרויער און בענקשאַפט, שרעק און אויך בטחון אין דעם דאָ־זיקן ניגון, ווי עס וואָלט איצט געהאַלטן פאַר אַ באַשייד.

נאָך דער סעודה האָט מען נאָך אַביסל געדעדט. דער שמועס האָט זיך גע־דרייט אַרום וואַרים־בעדער, דאַטשעס, וווּ ווער עס וועט פאַרברענגען דעם היינ־טיקן זומער, וואָס רוקט זיך שוין אָן. די פּאַני קאַצאָוואַ וועט, ווי געוויינלעך, פאָרן קיין מאַריענבאַד און קיין פראַנצענסבאַד. די קינדער — אין טאַטנס אייגענעם וואַלד אַריין אין די קאַרפּאַטן־בערג. און דער פּאַן כּץ אַליין — ער וועט זיך אַרי־בערכאַפּן צו דער אַלטער מאַמען, קיין יאַנעוועק, און זי וועט אים האָדעווען מיט „שמאַטע"־באָרשט, ראש־חודש־רעטעכער און מיט מילכיקע וואַרעניקלעך.

— ס'טויג מיר פראַנצענסבאַד מיט די פראַנצן?! ס'איז נישט ווערט קיין שאָס־פּולווער און אַ שמעק־טאַביקע! מען פאָרט, און מען רייסט אויף ביי די ערלים די אויגן! נאָר וואָס זאָל איך טאָן? מ'איז דאָך שוין עפּעס פּריצים, נו, פורקעט מען און פערקעט. עט! אוי ואפק את עמך מגו גלותא — האָט בועז נאָכגעזאָגט לויס ניגון און אונטערגעזיפצט, כדי זיך נישט צו קריגן מיטן בני בית אום שבת — אַי, קינדערלעך... אוי, פּרוק ית עמך... אוי, פּרוק און העלף...

מ׳האָט נאָך עפּעס גערעדט, אָבער צופיל האָט עס זיך נישט געקלעפּט. די געסט האָבן זיך געקליבן אַהיים. די ערשטע האָט זיך אויפגעהויבן די פּאַני גראַניצקאַ און באַדאַנקט. אַרויסגעגאַנגען איז זי צוזאַמען מיט לוין, ווי זיי וואָלטן ביידע געגאַנגען איין וועג.

פּאַמעלעך און שווייגנדיק האָבן זיי שפּאַצירט איבער דער יאַנעלאָנען גאַס. זיי האָבן זיך דערנענטערט צום יעזואיטן־גאָרטן, פון וואַנען ס׳האָבן זיך געמיניעט ליכטער פון פאַרביקע לאַמפּיאָנען און ס׳האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון אַ קאַפּעליע.

— מיר קאָנען גיין דורכן גאָרטן — האָט די פּאַני גראַניצקאַ אַ מאַך געטאָן — גוט?

— ביטע זייער, מיט פאַרגעניגן.

— מיר וועלן דורכשניידן די הויפּט־אַלייע און באַלד בין איך אין דער היים. איר זעט?

אַ קלאָרע איינלאַדונג, אַז ער זאָל זי באַגלייטן ביז צום הויז. אַלע אַנדערע העפלעכקייטן זענען שוין איבעריק געווען.

— מערקווירדיק — האָט זי געוואָרפן אַ זייטיקן בליק אויף לוין — פון אַלע ערטער אין גאַנץ לעמבערג האָבן מיר זיך גראָד געטראָפן ביי דער פאַמיליע כץ...

— ווען נישט דאָרט, ווער ווייסט צי מיר וואָלטן זיך אינגאַנצן באַגעגנט — האָט לוי געענטפערט — איך גיי נישט און קום נישט אין ערגעץ אַצינד...

— טאַקע אין ערגעץ נישט? און איר באַגעגנט זיך דורכאויס מיט קיינעם נישט?

— כמעט אַזוי...

אַריינגעקומען אין גאָרטן האָט לוי זי לייכט גענומען אונטערן אָרעם און געפירט איבער אַ האַלב־באַלויכטענער, שמאָלער סטעזשקע, אַז אויסגעפלאַסטערטע מיט שטיינדעלעך, איבער וועלכער פייער־פליגן האָבן זיך געצונדן, געלאָשן און געזשומעט אין דער לופט.

— אפשר אַ טרונק, גנעדיקע? — האָט לוי געפרעגט — יאָ, פּאַני זאָפיאַ?

זי האָט מסכים געווען, זיי האָבן צושפּאַצירט צום קליינעם קאַפעהויז אויף דער טעראַסע און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ זייטיקן טישל הינטער אַ קאָלירטן זייל. באַלד האָבן זיי געזופּט גרינע לעמאָנאַד דורך גלעזערנע רערלעך, געגעסן „געפרווירענעס" און זיך איינגעהערט צו דער מוזיק.

— וואָס האָט איר היינט ביים טיש געזונגען? האָט זי זיך מיט אַמאָל אָנגערופן — ס׳האָט געקלונגען אַזוי מאָדנע... ווייט, און פרעמד... אומפאַרשטענדלעך און...

— ס׳איז גראָד גאַנץ פאַרשטענדלעך פאַרוואָס אייך איז אומפאַרשטענדלעך — האָט לוי אויפגעהויבן די אויגן פון דער שאָל — ווי קאָן עס דען אַנדערש זיין?

— אָבער... אָבער — האָט זי געשטאַמלט — עס רופט אַרויס אַן עכאָ.. אַן אָפּקלאַנג....

— ביי אייך, פּאַני זאָפיאַ?

— יאָ! פון מיינע זיידעס... עלטערזיידעס... נו, הער ברווידעס, איך האָב געהאַט יידישע זיידעס... האָט איר אַמאָל געהערט פון קראָקעווער אויגן־דאָקטאָר פּאַוועל גראַניצקי? מיין פאָטער. ער איז נאָך געבוירן געוואָרן אַ ייד... אָבער... נו, ס׳קומט אַן איבערברוך און... איר פאַרשטייט?

זי האָט אָפּגעהאַקט. איר איז געוואָרן אומהיימלעך פון דער גאַנצער ווידוי און זי האָט חרטה געהאַט אויף אירע רייד. צי וואָס האָט זי געפּלאַפּלט און געפּלאַפּלט, ווי דער נאַר וואָלט זי געשטופּט? ער וועט זי בלויז פאַראַכטן, ווי מען פאַראַכט, מיט רעכט, אַן אָפּטריניקע, כאָטש זי ווייסט פון גאָרנישט און טראָגט נישט קיין שולד. זי האָט געקוקט אויף לוין, געפּאָרשט דעם אויסדרוק פון זיין

פּנים און געוואָלט טרעפן וואָסער איינדרוק אירע ווערטער האָבן אויף אים געמאַכט.

אָבער לוי איז גאָרנישט געווען געפּלעפּט. עפּעס האָט ער פאַרדעכטיקט פון דער ערשטער מינוט און איר סוד האָט אים נישט איבערראַשט. און איצט ווייסט ער שוין גענוי. זי שטאַמט טאַקע פון יידן; זי איז אַ משומדס אַ טאָכטער; אַ קריסטן פון „ערשטן“ דור...

אַ ביסל האָט די מעשה יאָ פאַראינטערעסירט; באַהאַלט זיך אַ טריגעדיע הינטער דער געשיכטע? איז עפּעס דאָ נישט גלאַטיק? איז זי נישט אינגאַנצן גליקלעך מיט אמונה און מיטן זיכערן שטאַנד?

— וואָס טוט איר מאָרגן אָוונט? — האָט די פּאַני זאָפיאַ מיטאַמאָל געפרעגט.

— ווי געווײנלעך, טעקסט-ביכער און סקריפּטן און זוברעווען גנעדיקע...

— און מאָרגן אָוונט שליסט זיך דער אָפּערע-סעזאָן — האָט זי געשמייכלט — שליסט זיך מיט „זשידאָווקאַ“, הלוים אָפּערע...

איז געבליבן אַז מאָרגן וועט ער קומען נאָך איר באַצייטנס; זי וועט וואַרטן אויף אים.

ס'איז שוין געווען גאַנץ שפּעטלעך ווען זיי האָבן זיך אויפגעהויבן, אַרויס פון גאָרטן און זיך געלאָזט שפּאַצירן צו דער מיצקעוויטש-גאַס, וווּ זי האָט געוווינט. ביים טויער פון הויז 28 האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט.

— דאָ איז עס — האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט — ס'איז געווען זייער אָנגענעם. אַ דאַנק אייך און אויף-ווידערזען.

ביים ליכט פון געגלייזטן עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס האָט געפלעמערט אַנטקעגן, האָט זיך לוין געדאַכט, אַז איבער איר פּנים שוועבט אַ שאָטן פון באַנגיקייט. באַהאַלטענער אומרו קוקן אַרויס פון אירע אויגן — טרויעריקע אויגן פון יידעס און באָבעס, נאָר זיי זענען איצטער מגולגל געוואָרן אין אַן אַנדערער וועלט און זיי האָבן עפּעס מורא צו קוקן אָפן און פריי און פול... זיי פינטלען פון אומזיכערקייט...

אויך לוין איז געוואָרן באַנג. וואָס איז זי אויסן מיט איר ווידוי און וואָס זוכט זי דורך דער באַקאַנטשאַפט מיט אים? דאָס רעטעניש האָט געצויגן און גענאָגט. און אויך די פרוי אין איר האָט געריצט און געלאָקט...

— אַ גוטע נאַכט, הער ברוידעס...

— אַ גוטע נאַכט, פּאַני זאָפיאַ...

לוי האָט צוגעטראָגן צו זיינע ליפּן איר ווייסע האַנט מיט די לאַנגע, געשניצטע פינגער, וואָס האָבן זיך געבלייכט ביי דער לאַמטערן-שיין. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האַלט איר האַנט ביי זיין מויל לענגער ווי מען דאַרף. האָט ער זי באַפרייט און האָט זיך אַביסל אָפּגערוקט.

זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט די „גוטע נאַכט“ און אָנגעקלונגען אין טויער, פון וועלכער דער פאַרשלאָפענער הויז-באַזאָרגער האָט זיך באַלד באַוויזן, אַ צעשויבערטער און מיט אַ פּאָר באָרוויסע פיס...

## קאַפּיטל 25

# א גבור פאלט...

אַ פאָטאָגראַפיע אין אַ פאַרזילבערטן רעמל, וואָס איז געשטאַנען אויפן געשניצטן, ברוין־פאָלירטן טיש פון זאָפיאַ גראַניצקאַס צימער, האָט צוגעצויגן לויס בליק. דאָס בילד האָט פאָרגעשטעלט אַ גאַנץ יונגינקן פוילישן אָפיצער אין אַן עלעגאַנטן, געפאַסטן מונדיר און מיט אַ לאַנגער שווערד ביי דער זייט. לוי האָט געשטעלט אַ טראָט נענטער און מיט גייגיריקייט זיך איינגעקוקט אין דעם אונפאָרמירטן יונגערמאַן פון וועמען ס'האָבן אַרויסגעשריגן אי העלדישקייט, אי נאַרישקייט; עקשנות און קינדישקייט. דאָס פאַרקלעמטע מויל און די פאַרצויגענע ברעמען, די גרינלעכע אויגן און די שטומפיקע נאָז האָבן אַרויסגעגעבן דעם אָפענעם „סוד“. ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס בילד אין האַנט אַריין און עס געדרייט אַהין און אַהער.

אין צימער איז קיינער נישט געווען. ווען ער, לוי, האָט פריער אָנגעקלונגען אין דער טיר פון דער פאַני זאָפיאַס דירה, כדי זי צו נעמען אין דער אָפערע, ווי אָפגעשמועסט, האָט אַן עלטערע דינסט אים אַריינגעפירט אַהער, אָנגעוויזן אַ שטול און זיך אַרויסגעשאַרט. האָט ער צוערשט באַטראַכט די טאַפעטירטע ווענט מיט איידעלע קווייטן, די פיאַנאָ, אַ פעסל מיט אַ צעגרינטן, הויכן אָלעאַנדער, אַ פאַרגלאָזט ביכער־שרענקל, וואַזאָנעס און עטלעכע אַקוואַרעלן אַרום קאַמין. ביז דאָס אויג איז געפאַלן אויף צוויי פאָטאָגראַפיעס אויפן טיש. אַן אַלטער הער מיט ווייסע וואָנסעס און דער יונגער אָפיציר.

דאָס יונגעטשקע אָפיצירל האָט ממש זיך געריסן פון הינטער גלאָז, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסטאַנצן פון ראַם. דער שטעל און די שווערד, די שפּאָרן און די טראָלד האָבן אים צוגעגעבן ווילכטיקייט און פאַריסנקייט. ביי לוין האָט אַ שמייכל אַ ציטער געטאָן אויף אַ ליפּ. ער האָט ווידער געדרייט די פאָטאָגראַפיע אַהין און אַהער.

— דאָס איז מיין ערשטער מאַן — האָט זיך דערהערט דאָס קול פון דער פאַני זאָפיאַ, וואָס האָט זיך ערשט איצט באַוויזן אויף דער שוועל.

לוי האָט צוריקגעשטעלט דאָס בילד, זיך אָפגערוקט פון טיש און פאַרנויגט:

— אָ, די פאַני זאָפיאַ!

— אַנטשולדיקט וואָס איך האָב אייך געלאָזט וואַרטן, הער ברוידעס.

— עס מאַכט נישט, גענעדיקע פאַני... עס איז נאָך גענוג פרי. און איך האָב שוין פאַרזאָרגט די בילעטן...

— אַזוי? איר האָט עס נישט באַדאַרפט טאָן. האַנדלט נישט קאַוואַלירמעסיק. יעדנפאַלס, נישט אַזוי גיך... ס'איז צו שנעל... — האָט זי געשמייכלט און געדראָט מיט אַ פינגער — אָבער אַ טרונק קומט אייך.

זי האָט אַ צי געטאָן אַ שנירל און ס'האָט זיך באַוויזן די אַלטע דינסט.

— קאַלט וואַסער מיט רויזן־זאַפט, מאַריסיו... פראָשע... — האָט די פאַני זאָפיאַ געבעטן — און ווייַנשל, אויב ס'איז דאָ.

לכתחילה האָט די פאַני זאָפיאַ גערעדט צו לוין וועגן דעם באַרימטן יידישן טענאָר יאָזעף שרגאי, וואָס זינגט היינט אָוונט די הויפּט־ראָלע אין „זשידאָווקאַ“,

דעם טאַטן אליעזר,וועמנס טאָכטער רחל גייט צו דער שמד. זי האָט גערעדט וועגן שרגאים שטים, וואָס שמט, וועגן זיין שווישפּילערישער קראַפט און זיין שוינער געשטאַלט. ביז זי האָט, אַזוי כלאחר יד, פאַרקירעוועט דאָס געשפּרעך אויף דעם בילד, וואָס לוי האָט פריער באַטראַכט.

— נו, ס'איז מיין ערשטער מאַן... סטאַשעק... ער איז טויט שוין צוועלף יאָר... געפאַלן אין 1920, אין קריג קעגן די באָלשעוויקעס...

קורץ, אין אָפּגעמאָסטענע זאַצן, האָט די פּאַני זאָפיאַ דערציילט אָט=וואָס: זי איז דעמאָלט קיין זיבעצן יאָר נישט אַלט געווען ווען זי האָט באַגעגנט איר סטאַשעקן. זי האָט מיט אים געטאַנצט ביי אַ פאַרוויילונג און ער האָט זי באַוועלטיקט מיט זיין יוגנט, שטאַרקייט און מוטיקייט. אַכט טעג שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט אין קראַקע, אין דער גרויסער קאַטעדראַלע, מיט אַ פייערליכער צערעמאָניע. אַ חודש נאָך דער חתונה איז איר מאַן אַוועק אויפן פראָנט און דריי וואָכן שפּעטער איז ער שוין געווען טויט. ער איז געפאַלן בעת אַ שטורעם=אָנגריף ביים טייך בוג. און וואָס איז איר געבליבן פון ערשטן מאַן? עטלעכע בריוו, אַ זילבערנע שווערד, אַ פאָטאָגראַפיע און אַ תענוגלעך=ווייטיקלעך דעריגערונג. און אפשר מער — ווער ווייסט? אפשר אַ סך מער, זייער אַ סך מער, און די צעפלאַמטע פאָרשטעלונג דערמאָנט עס קוים...

אַ שטילער ווייטוט, דין=פאַרשלייערטער צער, האָט זיך אַרויסגעהערט פון אירע רייד.

— און איצט... מיר דאַרפן שוין גיין — האָט די פּאַני זאָפיאַ זיך אויפגעהויבן פון דיוואַן — קומט פּאַניע ברווידעס, מיר וועלן אַביסל שפּאַצירן...

לוי האָט זיך געפילט אויפגעלייגט אַרויסצוגיין מיט אַזאַ עלעגאַנטער דאַמע, וואָס מוז זיך יעדן וואַרפן אין אויג. דאָס שאַרלאַך=רויטע מוסלין=קלייד האָט געפּאַסט צו איר טונקעלן פּנים און צו די פעך־שוואַרצע האָר. די לענגלעכע אויריגלעך מיט שוואַרצע שטיינער און דער שוואַרצער, ברייטער בראַסלעט אויף דער אָפּגעדעקטער האַנט האָבן צוגעגעבן רייץ. ס'איז געווען חן און ראַפינירטקייט אין איר האַלטונג און גאַנג.

זיי האָבן זיך פאַרקירעוועט צום „יעזואיטן“־גאָרטן און געגאַנגען מיט דער זעלבן וועג, וואָס נעכטן אָוונט, נאָך דער סעודה ביי דער פאַמיליע כץ. דער פאַרנאַכט האָט איצט אַראָפּגענידערט, אַ שטיקל הימל האָט געפלאַמט אין מערב=זייט און געלייכט צונטערדיק=רויט שפּיץ=ביימער און אַ סקאָסנע קלויסטער=דאַך. אַ לינד ווינטל האָט געצוקט און פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן אַ געזאַנג, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן געדעמפטן, ווייטלעכן געקלאַנג פון לעמבערגער טראַמווייען און מיטן טראָפּ פון פערדישע קאָפּיטעס, געשפּאַנטע צו אַלט=מאָדישע קאַרעטעס מיט גומי=רעדער, וואָס האָבן זיך געגליטשט איבער דער מיצקיעוויטש=גאַס.

ביז צום אָנהויב פון דער פאָרשטעלונג האָבן זיי נאָך אַלץ געהאַט צייט, האָבן זיי שפּאַצירט צום שטאָטישן טעאַטער פּאַמעלעך און מיט געמאָסטענע טריט. אין אָנהויב זענען זיי געגאַנגען שווייגענדיקע, פאַרקלערטע, פאַרטוענע אין זיך, ביז די פּאַני זאָפיאַ האָט אַ מאַך געטאָן, ווי זי וואָלט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט:

— קומענדיקן חודש ווערט דריי יאָר זינט איך האָב זיך אומגעקערט פון בראַזיליע.

—בראַזיליע? — האָט לוי זיך געחידושט — פּאַני זאָפיאַ!...

— מיין צווייטער מאַן איז דאָרטן פּוילישער קאָנסול.

— און...

— און... ער איז דאָרט און איך בין דאָ — האָט זי געשמייכלט

— בעסער אַזוי... אַזוי קומען מיר לייכטער אויס... גיין, מיר דאַרפן אינגאַנצן נישט אויסקומען...

מאָדנע: פאַרוואָס דערציילט זי אים דאָס אַלץ? צי וואָס איז זי זיך מתוודה פאַר אים און גיט אפילו אָנצוהערן, אַז זי האָט נישט געקענט אויסקומען

מיט איר מאַן, דעם קאָנסול, מחמת ער איז גראָב און האַרט אין פּרעמד?... פאַר לוין איז עס ממש געווען אַ רעטעניש.

ווען זיי זענען אַרויס אויף דער ברייטער לעגיאָנווע-גאַס איז שוין צוגעפאַלן דער אָוונט און די לאַמטערנעס האָבן זיך צעצינדן און צעשפּילט מיט שימער און ליכט. איבער דער גאַס האָט שפּאַצירט אַ גרויסער עולם, אַ פאַרשידנפאַרביקער. ס'האָבן זיך אָנגעזען און געהערט שבתדיקע — שבת-צו-נאַכטסיקע — ייִדן, וואָס האָבן אַהער געשטראָמט פון אַלע ווינקלען פון שטאָט. מען איז געגאַנגען אין יידישן טעאַטער, צו גימפּלען אויף דער יאַגעלאָנער גאַס, צו פאַרזאַמלונגען אין דער „צעירי יהודה“, אין פאַריינען, צו דער „טאָינבע-האַלע“ און גלאַט שפּאַצירן, אַראָפּ און אַרויף. ייִדן אין זיידענע קאַפּאָטעס און אין שטריימלעך, ייִדן אין צילינדערס און אין סורטוקן זענען געגאַנגען פון שלוש-סעודות און פון מעריב, שפּאַנענדיק בנעימותדיק און בהרחבהדיק.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ בילעריי, אַ פייפעריי, אַ מיאַווקעריי, ווי פון דולע הינט און ווילדע קעץ, און שטיינער האָבן אָנגעהויבן פליען פון פאַרשידענע ווינקלען גלייך אין ייִדישע קעפּ:

— „זשידעס, קיין פּאַלעסטינע!“ — האָבן זיך געהערט געשרייען — זשידקעס, פּאַרכעס, איר פאַרפּעסטעט פּוילן; קודלאַיעס, ציצעסלעך, פּייסעס, הינטיש בלוט, אַרויס, פּרעטש!“

לכתחילה זענען די ייִדן צעטומלט געוואָרן, אָבער באַלד-דערויף האָבן זיי געפּרוּווט אויסמיידן אַ בהלה און געוואָלט זיך פאַרקירעווען אין זייטיקע געסלעך אַריין. נאָר דאָ האָבן זיך, פון באַהעלטעניש אַרויס, באַוויזן באַנדעס פון יונגע שקאָצים, צווישן זיי חברהלייט אין סטודענטיש-אַקאַדעמישע היטלעך. באַוואָפנטע מיט גראָבע פאַלקעס, מיט שטעקנס מיט שאַרפע גאָל-מעסערלעך און טשוועקעס אויף די שפּיצן — האָבן זיי אָנגעהויבן פאָכן אין אַלע זייטן, צילנדיק דער עיקר אין די עלטערע ייִדן, די אין לאַנגע מלבושים און מיט בערד.

שטאַנדהאַפטיקע ייִדישע יונגעלייט, און אויך פרויען, האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט און פאַרמאָסטן קעגן די בויאַנעס, מיט שפּאַציר-שטעקלעך, מיט פּאַראַסאָלען, מיט האַנט-בײַטלען און מיט דער פויסט. ס'איז געוואָרן אַ מהומה; אַ קנויל. לוי און פאַני זאָפיאַ זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין געשלעג. דערזעענדיק ווי אַ יונג אין אַ סטודענטישער „מאַציעיובקע“ אויפן קאָפּ לאָזט אַראָפּ אַ פאַלקע איבער די אַקסלען פון אַן אַלטן ייִדן, האָט די פאַני זאָפיאַ אַ כאַפּ געטאָן דעם זשלאָבעץ ביי אַ האַנט און זיך צעשריגן אויף אַ באַנומענעם קול:

— אַ שאַנר! ברעננסט שאַנד אויף פּוילן, דו כאַם. דו כאַם און שוויין.

— הינטעכע דו! — האָט דער יונג איר אַ שטויס געטאָן — ביזט אַ ייִדישע סאָציאַליסטקע, צי אפשר אַ פּוילישע הור? דו, הור!

ער האָט אָנגעהויבן רייסן אין פליקן איר קלייד, די האָר און נישט נאָכגעלאָזט. לוי האָט זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן און געזעצט מיט די פויסטן אין זיינע זייטן, איבערן קאַרק און אים דערלאַנגט אין אַן אויער אַריין.

— די „דזשאַדעם“, פּאָליציי! — האָבן זיך דערהערט אויסרופן — די „מענטע“, שפּיקעס, פּאָליציי... שטעלט פּיס, כלאָפּצי!

— די „דזשאַדעם“, פּאָליציי! — האָבן זיך דערהערט אויסרופן — די „מענטע“, שפּיקעס, פּאָליציי... שטעלט פּיס, כלאָפּצי!

נאָר ביז די שומרים האָבן זיך גענומען איינשטעלן אָרדנונג, זענען די צעווילדעוועטע בויאַנעס אויסגערונען און קיין איינער פון זיי איז נישט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון „געזעץ“.

פאַני זאָפיאַ — אַ צעטומלטע, דאָס קלייד צעריסן, די האָר צעשויבערט, אַן אָרעם צעקראַצט — איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט און בלויז איבערגעחזרט אַן איין-און-איינציק וואָרט:

— אַ שאַנד. אַ שאַנד... שאַנד...

די אָפּערע „זשידאָווקאַ“ האָט זי שוין יענעם אָוונט נישט געזען. לוי האָט זי אַריינגעזעצט אין פיאַקער און אָפּגעפירט אַהיים.

די אַלטע דינסט, מאַריסיאַ איז שוין נישט געווען אין הויז. זי איז געפֿאָרן אויף זונטיק צו גאַסט אין איר היימישן דאָרף, האָט די פּאַני זאָפּיאַ אַליין אויפֿגעשלאָסן די טיר פֿון קאָרידאָר און האַסטיק אַריין אין טונקעלן צימער אַריין. לוי האָט זיך נאָכגעשאַרט נאָך איר. קיין ליכט האָט די פּאַני זאָפּיאַ נישט אויפֿגעדרייט, ווי זי וואָלט זיך געשעמט צו ווייזן דאָס פּנים פֿאַר לייט. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן ברייטן דיוואַן, און לוין האָט זיך געדאַכט, אַז זי כליפּעט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן דער וואַנט. ער איז געשטאַנען אָפּגעריקט און געגלאָצט אין דער טונקעלקייט. ס'איז געווען פֿיינלעך און שווער.

דורכן פֿענצטער האָט זי אַריינגעשיינט אַ פֿולע, קופּערנע, אויסגעשייערטע לבֿנה און געוואָרפֿן אַ ציטערדיקן שיין אויף זאָפּיאַן, וואָס איז געזעסן ווי אין אַ טראַנס. דער צעשויבערטער, פֿעך־שוואַרצער קאָפּ, די בלייכע אָרעמס און דאָס צעפּליקטע קלייד, פֿון וועלכן ס'האָט אַרויסגעקוקט שטיקער לייב און ס'האָבן זיך געבערגלט די ברוסט, האָבן זי געמאַכט אויסזען ווי אַ נאַכטוואַנדלערין, וואָס איז געפֿאַלן אין מיטן גאַנג. און לוי האָט זי נישט געוועקט. ער האָט פֿאַרשטאַנען די אומהיימלעכקייט און די פּיין.

— און איר? — האָט זי זיך מיט אַמאָל אַ ריר געטאָן — האָט אויך אַריינגעכאַפּט? צעבלוטיקט? צעריסן?...

— ניין, פּאַני זאָפּיאַ...

אַ ווײַלע איז ווידער געוואָרן שטיל. באַלד דערויף האָט זי זיך אָן עפּעס דערמאָנט און אויפֿגעדרייט אַ קליין בלוי לעמפּל איבערן דיוואַן. דערנאָך האָט זי געעפֿנט אַ זייטיק שענקל און אַרויסגעריקט פֿון אינווייניק אַ טרינק־טישעלע, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען עטלעכע פֿלעשלעך משקה, גלעזלעך און טעצלעך מיט געזאַלצענע יאָדערס און ניס. זי האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך, פֿאַר לוין און פֿאַר זיך:

— טרינקט מיט מיר! — האָט זי אַ מאַך געטאָן כמעט באַפֿעליש — נעמט!

לוי האָט מיט איר אויסגעטרונקען איין גלעזל קאָניאַק, אַ צווייטס און זי האָט אָנגעפֿילט ס'דריטע, איבערגיסנדיק די משקה מיט אירע נערוועז־ציטערדיקע הענט. ביי דער בלוילעכער שיין האָט איר פּנים אויסגעזען שאָטנדיק, די אויגן אומהיימלעך־רויכערנדיק, און לוין האָט זיך געדאַכט, אַז פֿון הינטער די וואָלקנדלעך שלענגלען זיך דינע שנירעלעך טרערן, גליטשן זיך איבער די באַקן, איבערן האַלדז און ווערן פֿאַרפֿאַלן אין אויסשניט פֿון איר קלייד.

— איך האַס זיי! איך... פֿיינט... האָט זי זיך געשטיקט מיט איינציקע ווערטער, הייסע און אָפּגעריסענע — „יידישע הור“ האָט ער מיך גערופֿן... כמעט ווי מיין קאָנסול אין ריאָ. איר האָט געהערט? איך האַס זיי... אָבער די יידן האָב איך אויך נישט ליב... ניין זיי מאַכן מיך אומרואיק...

— פּאַני זאָפּיאַ — האָט לוי זיך אַ הויב געטאָן פֿון שטול — לאָמיר...

— גייט, ניין! איך וויל רעדן! די יידן האָבן אויך אַ חלק אין די צרות. זיי העלפֿן זיי באַשאַפֿן... עקשנים. ווילן זיי אַנדערש. זונדערן זיך אָפּ, רייצן און שרעקן אָן... היינט זייערע זיטן, זייער פֿירונג... אָבער, מיין גאָט וואָס האָט דאָס מיט מיר צו טאָן? איך בין דאָך אַ פּאָלקע, אַ פּוילישע... איך... און איר אויך אַזוי! אָבער איר האָט אויך פֿאַרגעניגן זיך צו רייצן מיט אונדז. האָב איך פֿאַר אייך אויך מורא...

— פּאַני זאָפּיאַ, איך פֿאַרשטיי... אָבער... אפֿשר... האָט לוי געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וואָלט שוין וועלן גיין פֿון דאַנען — אפֿשר אַן אַנדערש מאָל...

— נעמט מיט מיר נאָך איינס!

זי האָט אָנגעשטויסן איר גלעזל אָן לוים און איר קול האָט אַ ציטער געטאָן:

— זאָגט מיר, ווער בין איך און וואָס בין איך? האָט איר געהערט וואָס יענער האָט מיך גערופֿן? איך האַס זיי! און פֿאַר אייך שרעק איך זיך... ניין,

נישט דאָס האָב איך געמיינט... כ'האָב געמיינט, אז... אָ, האַר, איך בין אַליין און פארלאָרן!...

זי האָט שווער געאָטעמט און מיט די לאַנגע פינגער מאַסירט איר פּנים, דעם שטערן, די שלייפן, ווי זי וואָלט וועלן ארויסדערביווען א געדאַנק, א וואָרט א טרייסט. לוי האָט אויף איר געקוקט און א מיטלייד צו איר האָט אים ארומגעכאַפּט. זי ווערט געשליידערט צווישן פיינטשאַפט און שרעק און זי האָט קיין אָנשפּאַר נישט, ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר די צונג איז ביי אים געווען שווער. אין קאָפּ האָט זיך געדרייט און פאר די אויגן איז געוואָרן נעפּלדיק.

— פאני זאָפיא — האָט ער געשטאַמלט — איר דאַרפט רוען...

— ניין, איך גיי נאָך נישט! — האָט זי געשאָקלט מיטן צעשויבערטן קאָפּ אויף „ניין" — צוערשט זאָגט מיר אין פּנים אריין וואָס איר טראַכט. וואָס זייט איר? א ייד צו א קריסט? איך האָב באַליידיקט אייך און דעם גאַנצן שטאַם אייערן און איר שווייגט! זאָגט עפּעס!

— נישט איצט — האָט ער זיך געוואָלט אויפהויבן — מיר וועלן זיך קריגן, יאָ. אַן אַנדערש מאָל אפשר וועל איך באַווייזן דעם אומזין פון...

— אלץ איז אומזין! — האָט זי אָנגעכאַפּט זיין האַנט — אומזין און אומווירקלעך. בלויז די מורא אַליין איז אומווירקלעך. שמייכלט נישט. דאָס נישט. און קוקט נישט אזוי!

זי האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיינע אויגן און דערנאָך ארומגענומען זיין קאָפּ. לוי האָט דערפילט א ברי. אירע נאַקעטע הענט האָבן זיך געוויקלט ארום זיין האַלז. א הייסער שטראָם איז דורכגעלאָפן זיין גאַנצן גוף. דער ריח פון איר לייב האָט אים באַוועלטיקט; דעם אָטעם פון איר מויל איבער זיין פּנים האָט אים באַטויבט.

— און איך בין געפאַנגען... און וואָס זוך איך? — האָט זי געשעפּטשעט

— בליק צו בליק... און אלע זענען אזוי זשעדנע... די ערד, דער מענטש, הערסט?

— וואָס?

— אלע גאַרן... — האָט זי געמורמלט — גאַרן...

— יאָ?

לוים הענט האָבן זיך צערירט און ער האָט זי מיטאַמאָל ארומגענומען ביי די היפטן, ווי ער וואָלט זי וועלן אויפהויבן אין דער הויך, אין דער לופטן. ער האָט זיך א גליטש געטאָן, און ביידע צוזאמען איינגעקלאמערטע, זיינען אַראָפּגעזונקען אין דיוואן. זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן, עלעהיי אלע רייד האָבן זיך אויסגעשעפּט און אויסגעלאָזט.

ס'איז שוין געווען ליכטיקער טאָג, ווען לוי ברוידעס איז אַהיימגעקומען צו זיך אין פּענסיאָנאַט. ר'האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קליידער, געגאָסן קאַלט וואַסער אויפן קאָפּ, געריבן דעם שטערן, מאַסירט די שלייפן און זיך באַטראַכט אין שפּיגל צו זען וואָס פאר אַ פּנים ער האָט איצט...

דורכן מוסלין־פאָרהאנג איבערן פענצטער האָט זיך אַריינגעשניטן אַ ווארע־מער, פרימאָרגנדיקער ליכט־פּאַס. דער שטראַלן־שטרייף האָט זיך געגליטשט אי־בער די ווענט און דערנאָך זיך אַרויפגעכאַפּט אויף לוים פּלייצע, אקסלען און האַלז. אַ פויגל אויף אַ צווייג, אין גערטנדל אַנטקעגנאיבער, האָט געצווירקעט, אַ פלאַטער געטאָן צו דער שויב, געטרילעט און געוועקט.

אין לוים מוח האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעוויכערט דער טשאד. ס'האָט אים אָנגעהויבן קלאָר ווערן וואָס מיט אים איז געשען: די משונה־ווילדע נאכט אין זאָפיא גראַניצקאַס דירה, די טריפהנע שליטה, וואָס אין פרויען־רייץ האָט איבער אים געהאַט און דאָס אונטערגעבן זיך דער אייגענער שוואכקייט, אָן דעם מינדעסטן ווידערשטאַנד...

ר'האָט זיך אַ ריס געטאָן פון שפּיגל און אָנגעהויבן ארומשפּאַנען, אַרום־היפּן איבערן צימער מיט די באָרוועסע פיס. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט

ביים טיש: ר'האָט געזוכט מיט די צעחושטע אויגן, ביז ר'האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם מעשענעם פּאַפּיר־שניידער און זיך פאַרמאָסטן קעגן דער אייגענער אָפּגעדעקטער ריפּ. דער קוואַל פון דער באַגאַנגענער זינד, די גנעסט פון דער שיכורער תאווה, איז דאָך אין זיין גוף, אין דעם־אָ נאַקעטן לייב! נו, זאָל עס אָפּקומען, זאָל עס אַריינכאַפּן שאַרפע, בריענדיקע שטעך! אַליין וועט ער זיך צוטיילן דעם עונש — מען דאַרף זיך קענען פּייניקן, אויב מען פאַלט אַזוי געמיין. נאָר דאָס שאַרפע מעטאַל איז אין דער רגע אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט. ר'האָט זיך דערכאַפּט, אָפּגעשפּרינגען פון שפּיגל און אַראָפּגעלאָזט אין אַ שטול. ס'האָט אים באַשלאָגן אַ שוויים: וואָס האָט ער געוואָלט טאָן? וועלכער ייד שטעכט דעם אייגענעם גוף? און ווער זאָגט, אַז דאָרט איז די קללה איינגעגראָבן, און אַז לייב שלעפּט אַראָפּ און איז מוקצה און מיאוס? ס'איז נישט קיין יידישער גאַנג! פּייניקן דעם גוף — מיינט פאַרטויבן דעם דמיון, הייסט שרעקן זיך פאַר טיפערער לייטערונג. וועלכע האַנט האָט אים איצט, באַצייטנס, אָפּגעהאַלטן פון אַ שטותעריי און פון אויסגליטשן זיך אַ צווייטן מאָל?

ס'האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

— ווער איז דאָרט? — האָט לוי זיך אויפגעכאַפּט.

— איך, יוליא, — האָט זיך געהערט דאָס קול פון דער דינסט, — איר קומט אַריין עסן פרישטיק, צי זאָל איך אַריינברענגען?

— שפּעטער... שפּעטער — האָט לוי געענטפערט — כ'וועל קלינגען, ס'גלעקל... איך... נו, שפּעטער.

ווידער איז ער אַ ווײַלע געבליבן זיצן אין שטול אַ פאַרטאַיעטער, פאַרוואָס האָט ער זיך אַזוי לייכט פאַרגעסן דווקא לעבן דער פאַני זאָפיא, ווען ר'איז כסדר בייגעשטאַנען יעדן נסיון אין דער נאָענטקייט פון קלאַרא ווינאָקור, ווען ר'האָט ליב? איז עס געשען צוליב דעם באַהאַלטענעם פאַרדראָס, למאי קלאַרא איז נישט געקומען קיין לעמבערג, זיצט אויף להכעיס אין יאַנעווקע און ענטפערט אויף זיינע בריוו מיט קורצע קאַרטלעך, פאַרעווע אָדער וויציקע? נו, גיי און דערגרונטעווע זיך צום אייגענעם קנופּ און פּלאָנטער אין אויס! אָבער וואָס האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין אַ טאָכטער פון משומדים, דערצו נאָך אין אַ מינוט, ווען יענע איז געווען צערודערט און באַרוישט?

און וואָס וועט איצטער זיין? וועט ער זיך אָפּשאָקלען פון איר, זי אויסמיידן, צי גאָר זיך אָפּטראָגן אַהיים? יאָ, תירוצים קאָן ער האָבן אַ סך. ס'איז זומער און די משפּחה רופט אים אין דאָרף אַריין, אין ווילכעווער גוט. דערצו איז עפּעס נישט גלאַט אין דער היים. דער זיידע ר' מרדכי לייב, איז, הפּנים, נישט מיט אַלעמען. עטלעכע מאָל האָט דער זיידע געזאָלט קומען קיין לעמבערג — ר'האָט נאָך באַדאַרפט דאָ זיין ל"ג בעומר — און איז נאָך אַלץ נישטאָ. איז זאָל ער, לוי, נעמען דאָס רענצל און מאַכן אַ ויברח אַהיים? דאָס נישט! ראשית, וועט קלאַראַ ווינאָקור אים גלייך אַריינשמייכלען אין פּנים אַריין: „האָסט נישט אויסגעהאַלטן, לוי, גבור מיינער, און געקומען צו לויפן צו מיר". והשנית — אָט אַזוי וועט זיך אויסלאָזן דער זייער שיינער איינפאַל צוריק אָנצווייזן דער פאַני זאָפיא דעם ריכטיקן וועג?... ס'איז מלא חן: אַז דער ערשטער טראָט איז דאָך געווען אַזאַ קרומער און גליטשיקער. און דערנאָך איז ער אַוועק ווי אַ ליץ..

ס'האָט שוין געשאַריעט אויף טאָג, ווען די פאַני זאָפיא האָט געעפנט די אויגן און אים דערזען אַן איינגעקנוילטן אויפן דיוואַן. האָט זי אים אַ טאָרע געטאָן און געזאָגט קורץ און שאַרף: „איצט גיי!" נו, האָט ער געפאָלגט און אַוועק. געלאָפן איבער די טרעפּ, אַרונטער, ווי אַ צעפּלאָשעטער קאָטער, וואָס טוט אָפּ אַ מעשה און טראָגט זיך אָפּ. יאָ, דאָס אַנטלויפן שטומערהייט רעדט דיבורים סיי־ווי־סיי...

און וועט ער ווייטער האַלטן דאָס מויל און נישט קאָנען קוקן איר אין פּנים אַריין? אַ שיינער אויסלאָז פון אַ נעווראָטישן חלום. און גאָר אַ וואַזשנער שטאָף: באַקעטע זינד און היציקע שולד, חרטה און קנעכטישע שרעק...

לוי האָט נישט געקאָנט קומען צו זיך. צוויי טעג איז ער אַרומגעגאַנגען אַ

פאַרלוירענער. ערשט אַ דעפּעשע, וואָס ר'האָט באַקומען פון ווין, האָט אים אַרויסגעבראַכט פון טשאַד. דאָס האָט זיין ארץ־ישראלדיקער פעטער טעלעגראַפירט, אַז ער קומט אָן קיין לעמבערג מיטוואָך אינדערפרי. צו דער באַגעגעניש כייַמן פעטער פון גבעוניה האָט לוי זיך געגרייט שוין וואָכן־לאַנג. ר'האָט געוווּסט, אַז זיין פעטער דוד פאָרט אַרום אין אַ שליחות פון „החלוץ" איבער אונגאַרן, טשעכיע, עסטרייך — און קומט קיין פּוילן אַ ליאַדע טאָג.

לוי האָט איצט דערפילט אַ פאַרלייכטערונג. אַ העלע שיין האָט פּלוצלינג דורכגעריסן דעם נעפּל, וואָס האָט איינגעהילט זיין געמיט. ר'האָט דערזען אַ ליכט, אַ אַן אָנשפּאַר אין דער שווערער מינוט פון נסיון און פּיין. ביים פעטער — ביי דעם אַלטן חלוץ, דעם פויער פון גבעוניה — וועט ער געפינען אַ קלוגע עצה, אַ וואַרעמע טרייסט. פאַר אים וועט ער אויסדערציילן אַלץ, פון אלף ביז תיו: וועגן זיין רייסן זיך קיין ארץ־ישראל; וועגן זיין געראַנגל מיט קלאַראַ ווינאַקור, וועמען ער האָט ליב, און וואָס האַלט אים אויף אַ שטריק; וועגן זיין מאַטערניש צו באַקומען אַ דיפּלאָם דאָ־הי, און... די מעשה מיט דער פּאַני זאָפּיאַ גראַניצקאַ, וואָס רויבט זיין רו. און דער פעטער וועט אים פאַרשטיין און זאָגן וואָס־און־ווען.

לוין האָט זיך געדאַכט, אַז אַ מילשטיין איז אַראָפּ פון האַרץ. ס'איז אים געוואָרן גרינגער און האָפערדיקער. ר'איז אַרויס אין גאַס און זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר.

אויף דער ברייטער „לעגיאָנווו" איז געשטאַנען דער זעלבער רעש וואָס יעדן נאָכמיטאָג. דער איבערפאַל אויף יידן, דאָס געשלעג לעצטן שבת־צו־נאַכטס, איז שוין כמעט פאַרגעסן געוואָרן און קיינער האָט, דאַכט זיך, מער נישט געטראַכט דערפון. בלויז דאָס „יידישע טאַגבלאַט" האָט דעם ענין נישט אָפּגעלאָזט און געפאָדערט אַ שטרענגע אויספאָרשונג פון די „אַקאַדעמישע היצלעם" און געמאָנט אַ האַרבע שטראָף.

ווייטער איז אַלץ געווען — ווי געווען... אויף די יידישע ווינקלען אַרום „לעגיאָנווו" איז געווען גאַנץ טומלדיק. אויף דער בערזע, ביי דער „פליישהאַקער" גאַס, איז געווען געפּאַקט. יידן האָבן געטוישט „וואַליוטע" — דאָלאַרן אויף זלאָטעס, זלאָטעס אויף פונטן, פונטן אויף מאַרקן און אויף וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. די וואָס האָבן אַליין גאָרנישט געהאַט, האָבן כאָטש געזוכט צו מעקלערן, און די, וואָס האָבן אַפילו דערצו קיין מזל נישט געהאַט, האָבן זיך געקהלט אין די רעדלעך, געכאַפּט אַ וואָרט און אונטערגעוואָרפן אַ וואָרט און געברייעט סברות וועגן גרויס־אינדוסטרי און הויך־פינאַנץ. צווישן די רעדלעך זענען געשטאַנען יידן אין פּליושענע און אין טוכענע קאַפּעליושן, אין זשיפּיצעס און אין געהאַקטע זשאַקעטן; וואָלינער יידן אין ברייטע קאַשקעטן, און פּוילישע — אין קליינע היטעלעך, ווי „פענדלעך" אויף די קעפּ.

ביי די פּאַסאַזשן און ליקן און ראָגן האָט מען נאָך אויפגעלאָדן און אָפּגעלאָדן גרויסע קאַסטנס מיט צעלניק, שניט־סחורה, גאַלאַנטעריע, לעדערוואַרג, אייזן, גלאָז און טעפּ. ס'האָט אויך געשמעקט מיט קאָלאָניאַלוואַרג: זאַפרן, ראָזשינקעס, קאַווע, באָקסערן, פייגן און געווירץ. און קליינשטעטלדיקע קרעמערס שמייען אַרום איבער די סקלאַדן, מאַגאַזינען, קאַנטאָרן, איילן־זיך, שטעלן זיך אָפּ, באַטאַפּן די קעשענעס, צי מאַרעוויכערס האָבן זיי דערווייל נישט „באַטליעט", און הויבן ווייטער די פּיס. זיי כאַפּן זיך אַריין אין אַ כשרער רעסטאָראַציע, אין אַ וואָלוועלער, מילכיקער „קנייפּע" און שמעקן אויך אַריין אין די קאַפע־הייזער „עספּלאַנאַד" און „סיטי", וווּ עס געפינען זיך די בערזעס פון אייער און ווייץ.

לוי ברוידעס, וואָס האָט זיך געשאַרט איבער די „העטמאַנסקי וואַלעס", איבער דער אַלייע, האָט אַריבערגעשפּרייזט די טראַמוויי־רעלסן, זיך אַריינגעשניטן אויף „לעגיאָנווו" און זיך אויסגעמישט מיט דעם קאָך. דאָ און דאָרטן האָט ער איינגעהאַלטן די טריט, אויפגעשטעלט אַן אויער און געוואָלט אויפכאַפּן אַ רמז, אַ ווונק: וואָס, אין תוך, איז דער דאָזיקער גערודער און געלויף? שפּע? חיונה?

צי חלומות און קאַלטע אַנגסט? און וואָס איז דאָס געשטיי פון די רעדלעך? סתם אַן אויסשטאַנד, דאָס אַרן און גאַרן אויף אַ נס?

אין איין ווינקל, פאַר אַ גרויסן טויער האָט ער דערזען ווי איין בערדיקער ייד האַלט דעם אַנדערן פאַר אַ קנאָפּ און לאַכט אים אַריין אין פּנים אַריין: „שמעיה, רעש זיך, עטן מיינען, אַז דו האַנדלסט... ט'האָסטו נ'גאַנצן שכל...“ און ר'האָט פאַרענדיקט מיטן ניגן פון נעילה: „און פינוסע איז נאָך אַלץ נישטאָ. אַזוי לעמבערג, אַזוי קראָקע, אַזוי וואַרשע און לאָדזש. שמעיה, רעש זיך, איידער די גויים צעקוועטשן דיך...“

ווי פון אונטער דער ערד איז מיטאַמאָל אויסגעוואקסן אַ קאַרליקל, מיט אַ קליין בערדל, אָבער מיט אַ גרויסן צימבל אַרום בויך, וואָס האָט זיך געבאָמבלט ביז די פיס. מיט צוויי פלעקער האָט ער אָנגעהויבן קלאַפּן אויף די דרינדזשענדיקע סטרונעס און אונטערזינגען מיט אַ כליפּ:

„קליין בין איך צווישן לייטן,
נאָר גרויס איז מיין צער..
קוק'ן ענק אום פון אַלע זייטן
ביי דער חכם, ביי דער נאַר...“

דער קאַרליק האָט געקלאַפּט אין די סטרונעס, פאַרגלייזט די אויגן, זיך געהויבן אויף די שפּיץ־פינגער און זיין אויער האָט אויפגעכאַפּט דעם קלאַנג פון מטבעות, וואָס פאַלן אין טעפּל, וואָס הענגט אויף זיין דאַרן האַלז. און די סטרונעס דרינדזשען און דער כליפּ קרייזלט זיך:

„יידן בלייבן יידן, אין ליידן
און אין פריידן,
און פאַר מעשים טובים גייט מען
אין גן־עדן...“

דעם קאַרליקלס ליד האָט באַגלייט לוין גאַס נאָך גאַס. און די הבטחה אויפן „ליכטיקן גן־עדן“ האָט מיטגעשפּרייזט. לוי האָט אליין נישט געוווּסט, למאַי סע גלוסט זיך אים איצט צו שפּאַנען ווייטער, אָן אַן אָפּשטעל און קוקן מיט הונגעריקע אויגן, וואָס ווייסן נישט פון קיין זעט. זוכט ער טאַקע די טויערן פון גן־עדן? צי וויל ער אפשר אַנטלויפן פון די וויסטע ליקן, וואָס עפענען זיך אַרום, און פון די שפּאַלטן, וואָס רייסן זיך אויף, געגעצן מיט פינצטערקייט. אוי! זאָגן־אָ, אַז וואָס־וואָס נאָר אַן אַדרויף אויפן גהינום קאָן מען באַקומען אַן איבעריקער טרחה, אויף דער וועלט, דאָ־אָ, היי? דאָ קען מען דערפילן דעם טעם... און אפשר קען מען טאַקע אַריינכאַפּן אויף אַמאָל דאָס גאַנצע אָפּקורמעניש, וואָס איז ענייצן באַשערט און פּטור, אַ סוף...

דרייענדיק זיך איבער גאַסן און דורכגאַנגען, האָט ער דערגרייכט דעם טומלדיקן מאַרק ביי דער פעדערשטאָטישער שול. מאַרק־זיצערינס ביי טישלעך, קרעמערקעס ביי שטעלעכלעך, הענדלער, „שנעל־פאַרקויפערס“, „פאַסערס“ האָבן אויסגערופן כלערליי סחורות און מציאות: געבעקס און אַלטע שיך. אויבס און שטיקלעך לייוונט, זויערע אוגערקעס און איבערגעניצעוועטע בגדים, פיש און טעפּ. „רעשאַלעך“ און בשמים־ביקסלעך. היינט אַנטיקן פון מעש און ביין.

— לעבעדיקע פיש, אַזוי זאָלן מיר לעבן! צאַפּלען זיך און האָצקען נאָך! קומט און שמעקט! קאַרפּן און העכט, יונגען ווי די לעכט...

— מלבושים פון דער נאָדל אַרויס! פאַר חתנים און כלות, אַ באַוואָרעניש קעגן דלית! קומט און שאַפט, נעמט און כאַפּט!

— האַיסע באָבעלעך, האַיסע; בחצי חינם, האַלב = אומזיסט!

— האַיסע קנישעס, האַיס! אַ צולאָג אַ וואַרעניק, מיט אַ ווערך און אַ דעניק!

— עפּל־קוואַס, פריש פון פאַס. פאַרקאַטשעט אַ ליפּ און טוט אַ זופּ. ר' ייד, ביי מיר פאַרזוכט, ביי מיר. בעסער פון ביר!

געשרייען, לויבערייען, ברכות און קללות האָבן זיך געריסן פון ווייבערישע העלזער, אויסגעמישט, צונויפגעגאָסן און פאַרשויבט.

נאָך אין דער היים, אין יאַנעווקע, האָט לוי געוווּסט, אַז די קללות פון די לעמבערגער זיצערקעס האָבן אַ שם. די דאָזיקע ווייבער קאָנען מכבד זיין מיט אַ „יברכך" גלאַט-אַזוי און זיי שפּילן אויף אַ „וויוואַט", ווען זיי צעיאַכמערן זיך. האָט ער זיך געמיט זיי אויסצומיידן און מורא געהאַט זיך צוצוריקן צו אַ שטעלכל. פונדעסן האָט איין ווייבל, מיט אַ צעפּאָרענעם רויטן שויבער, אים דערזען און אָפּגעמאָסטן מיט אַ פאַרזשמורעטן אויג:

— יונגערמאַן, ’עסט קויפן קערשעלעך, צי די גאַפּיעסט סתם? האַ, יונגערמאַן? ביזט אַ קונה, צי אַ כינה? וואָס פּאַרציסטע מיט דער נאָז? וואַקסן זאָל אויף איר גראָז און אויסטשערבען זאָל זי זיך ווי אַ גלאָז!

—זע נאָר ווי ס'שטייט ס'פּריצל, און סע ישובט זעך און סע שיבערט זעך? — האָט אַ צווייטע אַ קליינע דאַרע, פאַרסאַזשעטע יידענע זיך אַריינגעמישט. — פּריצל, באַקומען זאָלסטו ג'שחין, די נעגל זאָלן דיר פוילן, זאָלסט זיך ניש' קאָנען קראַצן, טאַטקעלע!

— שאַ'ץ, ווייבער! שאַ'ץ, נשים! שעלץ ניש' נאָר בענטשץ! שאַ'ץ!

— אוי, וואַי, דער רבי! דער רבי גאַיט! — האָבן די ווייבער זיך געכאַפּט.

— דער רבי ר' כתריאל! אוי, וואַי, רביניו! וואַי איז אונז!

ס'האָט זיך באַוויזן אַ דאַרער הויכער ייד, ווי אַ לולב, בלויז אין אַ גרויסן טלית־קטן איבערן העמד, אין אַ הויכער פּליושענער יאַרמעלקע מיט אַ שפּיץ, אין ווייסע זאָקן ביז איבער די קני און אין צעפּאָרענע לאַטשן אויף די פיס. ס'פּנים קוואַר, די לאַנגע, בלאָנדע פאות געקרייזלטע, ווי שרויפן, און אַ שיטער בערדל אַרום קין. ר'האָט אַראָפּגענומען דעם זאַק פון די שפּיציקע אַקסלען, זיך צעשמייכלט מיט אַ פּאָר העל־ בלויע אויגן און אָנגעהויבן רעדן מיט אַ מתיקות־דיקן קול:

— כ'האָ' דאָך ענק געבעטן ניש' צו שעלטן נאָר צו בענטשן. איצט דאַרף מען זאָגן נאָר גוטס צו יידן און וועגן יידן. נשים, אוי נשים, ביז ווי לאַנג וועט עץ נישט פאַרשטאַין אויף וואָסער וועלט עץ גאַיט אַרום?

— עך, שעלט? אוי, רביניו, די צרות שעלטן, דער ביטערער גלות שעלט, די וויסטע פּרנסה שעלט, מיין ביטער מויל שעלט, אַז שטיין זאָל עס מיר פון הינטן! — האָט דאָס ווייבל מיטן רויטן שויבער זיך צעכליפּעט. — אָבער זאָל כיר אַליין אָנגיין וואָס עך ווינטש צו אַלע יידן אין הארצן. אין האַרץ בענטש עך זיי, רביניו... הלואי זע איך שוין אַלדאָס גוטס ביי יידן. הלואי קומט שוין משיח און... מ'האָמיר שוין ניש' קאַ כוהות צו וואַרטן, רביניו!

— נו, שאַ, שוין! — האָט דער רבי געשמייכלט. — דער אויבערשטער הערט און זעט און ער וועט זיך מרחם זיין אויף אונז אַלע. ס'עט אם ירצה השם נאָך זיין גוט. ס'עט זיין וויל.

פון די טיפע קעשענעס פון זיינע געלע, גלאַנציקע הויזן האָט ער אַרויסגעשלעפּט מטבעות, געגעבן צו לייזן דער פּאַר געבעקס, יענער פּאַר אַ ביסל אויבס און געשטופּט די זאַכן אין זאַק אַריין:

— ס'עט קומען די גאולה, — האָט ער זיך בעת־מעשה אונטערגעציקלט. ס'עט קומען... סע מוז.

אָט דאָס־אָ איז ער, דער רבי ר' כתריאל! לוי האָט וועגן אים געהערט. גאַנץ לעמבערג קען אים, כאָטש ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט ווייסט מען נישט. ער האַלט זיך אויף אין דער סטרעליסקער קלויז און שלאָפט אין פּאָליש אויף אַ טהרה־ברעט. ביינאַכט „עוסקט" ער זיך אין באַהעלטעניש, אָדער גייט אויפן אַלטן בית־עולם צו דער צדקת „די גאָלדענע רויזע", וואָס איז געגאַנגען אויף קידוש־השם, צום „טורי זהב" און צום „אָקסן־קאָפּ". ביי־טאָג שפּאַנט ער אַרום איבערן מאַרק, טיילט ברכות, נדבות, טרייסט און שלעפּט דעם זאַק. די איינגעהאַנדלטע זאַכן ברענגט ער דערנאָך אין הקדש, צווישן אורחא־פּורחא־

ניקעס, אָדער גלאַט אין אָרעמע שטיבער, וווּ ער קומט אַריין. ס'ביסל מזומן, וואָס
ער דאַרף, פאַרדינט ער פון פאַרריכטן פאַראַסאָלן און פון לאַטן קאַלאָשן אויפ־
בוידעם פון קלויז.

לוי האָט געקוקט אויף דעם אויסגעדאַרטן גוטן יידן און ס'האָט אים אַ
צי געטאָן צו אים :

— רבי, כ'על אייך העלפן טראָגן דעם זאַק.

— אַ שיינעם דאַנק, מיין זון, — האָט דער רבי ר' כתריאל אָנגעקוקט
לוין מיט אַ ליבלעכן שמייכל. — אַ זאַק, זאָלסטו וויסן זיין, דאַרף מען קאָנע־
טראָגן; מען מוז אים וועלן טראָגן בלבב שלם... קודם כל דאַרף מען אים אָנפּי־
קעווען מיט עפּעס, מיט כלערליי זאַכן און מיט ברכות... ערשט דערנאָך הויבט
מען אים אויף. ביזט נאָך יונג, מיין זון, האָסט נאָך שוואַכע הענד און דינע
אַקסלען. זאָל דער אייבערשטער דיר העלפן, זאָלסט קריגן ברייטע פּלייצעס,
אַן אייזערנעם רצון, זאָלסט זיין בכוח צו טראָגן די משא מיט כל ישראל... בעט
אויף דעם, אַרבעט אויף זיך, און השם יתברך וועט שוין אויך צוהעלפן...

אָפּגעזאָגט, האָט דער רבי ר' כתריאל אויפגעהויבן דעם זאַק, זיך אויסגע־
דרייט און אַוועקגעשפּאַנט מיט דראָבנע טריט.

לוי איז געבליבן שטיין אַ צוגעשמידטער צום אָרט. אים האָט זיך געדאַכט
אַז דער גוטער־ייד מיטן זאַק האָט אים געגעבן אַ תשובה אויף אַלע זיינע עינויים
און שאלות; ער האָט געלינדערט די פּיין ס'איז אין אים אויפגעגאַנגען אַ שטי־
לער בטחון: פון בלאָנדזשען און פאַלן וועט ער קריגן ברייטע אַקסלען און ער
וועט נאָך אפשר קאָנען טראָגן דעם גרויסן עול און דערטראָגן צו אַ ליכטיק
ברעג...

קאַפּיטל 27

# דער באַראָן און משיח...

לוי ברוידעס האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דעם פרישטיק און זיך געקליבן צו די לעקציעס אין אוניווערזיטעט. ער האָט אין איילעניש געזופּט קאַווע מיט „סמעטאַנקע", געקייעט אַ קיכל מיט פּוטער און בעת מעשה אַריינגעקוקט אין אַ „מאָרגנבלאַט".

— נו, וואָס? זיי בילן טאַקע די חברהלייט? — האָט זיין שכן, הער שפּערבער, אַן אַלטער, קורצזיכטיקער קאַוואַליר, אַ בוכהאַלטער, אים געפרעגט. — און איך האָב נישט קיין כוח באַלד אינדערפרי צו לייענען אַנטיסעמיטישע בייקעס. פאַר מיין מאָגן איז עס סם. סע דרייען זיך מיר דערנאָך אַ גאַנצן טאָג די קישקעס אין בויך. איר, פאַניע ברוידעס, זענט עפּעס אַ... אַ מאַזאָכיסט... אַזוי רופט מען אַ מענטשן, וואָס האָט הנאה זיך אַליין אָנצוטאָן עגמת נפש... זיך צו פּייניקן... און איך בין נאָרמאַל, בין איך... אַזוי דאַכט זיך מיר...

לוי האָט עפּעס געפּרוווט ענטפערן דעם הער שפּערבער, ווען דאָס שוואַרץ־חנעוודיקע דינסט־מיידל, יוליאַ, איז צוגעקומען צום טיש און זיך איידל פאַרנייגט:

— פּשעפּראַשאַם, מען בעט אייך צום טעלעפאָן, פאַניע ברוידעס.

— מיך? — האָט לוי זיך געחידושט — ווער?

— איך ווייס נישט, אָבער עס איז זיכער אַ פרויען־שטים.

— אַז מען רופט, נעמט מען און מען גייט. הלוואי רופט מען מ י ך, — האָט דער הער שפּערבער אַ זיפץ געטאָן. — אָבער מיך רופט שוין קיינער נישט... איך פיר אַ רייסטער, אַ סך רייסטערס, אָבער אַליין בין איך שוין פון אומעטום אויסגעמעקט... אפשר אין הימלישן פּנקס האָב איך נאָך אַ שטיקל פּאָזיציע און אַ קאָנטע... אָבער אין אַלגעמיין, עקזיסטיר איך נאָך פאַר פרעמדע צאָלן און ציפערן, נאָר מיך אַליין דערלאַנגט מען די גרויסע נול... זעראָ... נול...

דער הער שפּערבער האָט פאַרענדיקט זיין רעדע פאַר זיך אַליין. לוי איז שוין געווען אין לאַנגן, שמאָלן קאָרידאָר ביים טעלעפאָן.

עס האָט ביי אים אַ ציטער געטאָן אַ ברעם און עס איז אים געוואָרן ענג אין שלונג. עס איז דאָך די פאַני זאָפיאַ — טאַקע זי! ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט. פון אינערלעכער אויפרעגונג האָט ער לכתחילה נישט געקאָנט געפינען קיין איינציק פּאַסיק וואָרט. ער האָט בלויז אַרויסדערביוועט פון זיך קורצע, אָפּגעריסענע קולות: „גוט" און „אַ דאַנק". „יאָ" און „געוויס"...

ווייל איר שטים האָט איבערן דראָט געקלונגען געלאַסן און העפלעך, האָט ער זיך באַלד באַרויקט און שוין געענטפערט מיט מער זיכערקייט:

— יאָ, גנעדיקע פאַני... געוויס וועל איך אַרויפקומען... איך דאַרף און וויל אייך זען... ביז אייך אין ביוראָ, אויף דער סאַפּיעהי־גאַס? עלף אַזייגער? יאָ, לאַסקאַווע פאַני... באַשטימט... איך הער. געוויס...

יענעם אינדערפרי איז לוי ברוידעס שוין נישט געגאַנגען צו די לעקציעס אין אוניווערזיטעט; ער האָט נישט געהאַט קיין געדולד. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אין „יעזואיטן"־גאָרטן און געוואַרט דער זייגער זאָל ווערן עלף.

טשיקאַווע: פאַרוואָס האָט זי נישט געמאַכט קיין באַשטעלונג מיט אים ערגעץ אינדרויסן, אָדער ביי זיך אינדערהיים, נאָר זי בעט אים אַרויפקומען אין

דער בוראָ, ווי זי פירט די פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענץ פון באַראָן ז'לוואָווסקי-לעווענהערץ? ויפיל ענטפערס ער האָט נישט צוגעטראַכט, האָט קיין איינער זיך נישט געלייגט אויף. שכל און נישט צופרידנגעשטעלט. א רעטעניש און סע בויערט און סע נאָגט.

כדי צו פאַרטרייבן די צייט און נישט צו ציען פון זיך די קליי אומזיסט און אומנישט, האָט ער פון זיין געשוואָלענער טעקע אַרויסגעצויגן אַ בוך און געגנמען לייענען פון דער מיטן, פון אַ שטעלע, וואָס איז געווען אונטערגעשטראָכן מיט רויטן טינט : „דאָס אַבסאָלוטע איז אויף אַזוי פיל פּילקאָם, אויף וויפיל דאָס, וואָס עס איז, איז פולקאָם... און דאָס אַבסאָלוטע איז גאָט... אין אַבסאָלוטן זייגען מיר, קרייזן מיר, לעבן מיר... אונזער קענטשאַפט דערפון איז אפשר לעבעדיק, מאַנגלהאַפט, אָבער נישט אייסערלעך, אָדער רעלאַטיוו... ניין, עס איז דאָס לעבן אַליין, אין אַלע זיינע טיפענישן, צו וועלכן מיר רייסן זיך אַנטקעגן“...

עס האָט זיך ביי אים אַביסל געמישט אין קאָפּ. וואָס וויל ער, דער ייד, אַנרי בערגסאָן, וואָס זיצט אין פּאַריז און מוחט זיך וועגן דער „שעפערישער אַנטוויקלונג“, גריבלט זיך און מאַכט מיד? זיצט אַן אוראייניקל פון פּוילישע, פרומע יידן אין פראַנקרייך, צעמאָלט קאַנטס פילאָזאָפיע אין שטויבלעך, און לערנט די גוישע וועלט צו פאַרשטיין די ווירקלעכקייט און מציאות הבורא „אין דעם אייגענעם איך, פון אינעווייניק אַרויס, אין דער טיפעניש“... כמעט ממעמקים — נאָר דו כאַפּסט אָן שפינוזעס, פּאָויטיניע, און אַמאָל דאָס אויך נישט...

און לוי האָט זיך דערמאָנט: דער טאַטע זיינער, ר' שמריה, האָט אים אַמאָל געוויזן, וואָס אין „ספר הישר“ שטייט, אַ גרויסע וואָרעניש און באַוואָרעניש, וואָס מען טאָר נישט פאַרגעסן אַפילו אויף איין מינוט: „וחכמת הפילוסופיא יש לה בתחילתה דברים והקדמות משבשים האמונה“, — „אין דער פילאָזאָפיע זיינען פאַראַן, באַלד ביים ערשטן אַרויספאָר, זאַכן, וואָס מאַכן קאַליע די אמונה, און זאָל זיך קיינער נישט פאַרזיכערן אויף איר, וואָרום ער קאָן נאָך, חלילה, די אמונה פאַרלירן; סיידן ער האָט נעבן זיך אַ מלמד, אַ בקי און אַ חסיד, וואָס זאָל מיט אים לערנען און אים היטן און באַשירעמען פון די מסוכנע ערטער, וואָס זיינען פיל“...

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער באַנק און דורך דער אַלייע אַוועקגעלאָזט זיך צו דער סאַפּיעהיגאַס.

פּונקט עלף אַזייגער האָט לוי אָנגעקלונגען אין דער טיר פון דער פאַני זאַפּיאַס קאַנצעלאַריע, אויפן פאַרטער פון אַן אַלטן, שטיינערנעם פּאַלאַץ, וואָס שטייט איינגעהילט אין אַ סאַד און אַרומגענומען מיט אַ הויכן אייזערנעם פּלויט.

— ביטע... — האָט זיך דערהערט אַ קול פון אינעווייניק.

עס איז געווען זי, די פאַני זאַפּיאַ. ווען לוי איז אַריין אין געראַמען, ליכטיקן צימער, האָט ער זי באַלד דערזען ביי אַ גרויסן מאַהאַגאָניע שרייב-טיש, מיט אַ פען אין האַנט.

— פאַניע ברוידעס! — האָט זי זיך אונטערגעהויבן פון דער לעדערנער שטול און אים באַגריסט זאַכלעך און רואיק — איר זענט זייער פּינקטלעך...

לוי האָט געקוקט אויף דער פאַני זאַפּיאַ און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער דערקענט זי בלויז אין קול: אַ שוואַרץ קלייד מיט ווייסע, שטייפע מאַנזשעטן ביז די עלנבויגנס, די האָר גלאַט פאַרקעמט און אָפּגעצויגן, נישט קיין אויערינגען אין די אויערן און נישט קיין סימן פון פודער, ליפּן-פּאָמאַדע, אָדער רוזש. דאָס פּנים האָט אויסגעזען גרינגלעך און מאַט און דער בליק שאַרף און וואַך:

— זיצט, פאַניע ברוידעס, —האָט זי אָנגעוויזן אַ שטול, נעבן שרייב-טיש

— ביטע...

לוי האָט זיך געזעצט אַקעגן איר, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו כאַפּן אַ בליק אויף דעם רחבותדיקן צימער מיט די לעדער-מעבל, שוואַרצע פייער-קאַסע, שטאָלענע אַקטן-פּאָליצעס און עטלעכע אויל-פּאָרטרעטן אויף די ברוין-פּאָליטורטע ווענט, האָט זאַפּיאַ זיך צו אים געווענדעט זאַכלעך און קלאָר:

— איך בין איבערצייגט, אז איר זענט באַאומרואיקט וועגן דעם, וואָס איז געשען...

גנעדיקע פרוי... איך...

— הערט! — האָט זי אים נישט געלאָזט פאַרענדיקן. — עס איז דורך אויס נישט כדאי זיך צו פּייניקן צוליב עפּעס, וואָס האָט מער קיין זינען נישט!... איך שטעל זיך פאָר, אַז איר פּלאָגט זיך מיטן געוויסן און פּראַוועט, וואַרשיינלעך, שטיק. איך וויל עס נישט און באַדאַרף עס נישט. איך בין צו־אַלט און צו דער־פאַרן, איר זאָלט דאָס אויסברענגען אויף מיר פאַרגעסט!

— אָבער... אָבער... ווי קאָן איך, אז — האָט לוי זיך א ריר געטאָן — איר פאַרשטייט, אז... גנעדיקע פרוי...

— ווענדט נישט אָן אויף מיר די מאָס פון מאָראַל אָדער אוממאָראַל. איך בין צו מיד און צו געשלאָגן, איך זאָל זיך נאָך קאָנען פונאַנדערקלייבן. אויב איר מוזט אבסאָלוט פעסטשטעלן עמיצנס שולד, נאָ׳ט: ס׳איז מיינע. איז אייך גרינגער? מיר איז אומעטיק צו פירן אַן אומניצלעכן געראַנגל, אָדער שפּיל... עס זענען דאָ אַנדערע אָנשיקענישן, וואָס האַלטן אַ מענטשן אין צוואַנג...

ווייטוט, רעזיגנאַציע און איראָניע האָבן אַרויסגעקלינגען פון זאָפיאַס רייד, ר׳איז געוועזן גערירט. ר׳האָט איצט נישט אַראָפּגענומען די בליקן פון איר.

—טראַכט נישט וועגן פאַרפליכטונגען אָדער וועגן העפלעכקייטן. און שעמט אייך גאָרנישט — האָט זי ווייטער גערעדט — איר זענט יונג, און האָט אַזוי פיל צו טאָן און צו טאָן. און איר זענט דאָך אַ ייד... איר האָט בילכערע זאַכן, מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען... און ערנסטערע אויך...

לוי האָט נישט געקאָנט תופס זיין. אַ מאַכטער פון משומדים זאָל אַזוי רעדן? ס׳א רעטעניש. ר׳האָט זיך אָנגענומען מיט מוט:

— פרוי זאָפיאַ, איך בין דערשטוינט — האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט קענטיקער אויפרעגונג — איך וויל זיין אויפריכטיק און געוואַגט, איר זענט פאַר מיר אַ וווּנדער, אַ רעטעניש. דער גאַנג פון די, וואָס גייען אַוועק פון אונז איז, געוויינלעך, האַס און מורא פאַר זייער נעכטן... זייער שטייגער איז צו אַנטלויפן פון זייערע אַמאָליקע אייגענע און צו גיסן פעך און שוועבל ביי דער מינדעסטער פּרעטענזיע... נײן, זיי זוכן גאָר אָפט פּרעטענזיעס און רופן אַרויס פּראָוואָקאַציעס...

— מעגלעך,,, אפשר... ס׳איז קראַנקהאַפט... אָבער... — האָט די פאַני זאָפיאַ זיך פאַרטראַכט — איך בין נישט קראַנקהאַפט, איך בין פון ערגעץ נישט אַוועק און כ׳האָב קיין נעכטן נישט פאַרלאָזט: שרעק איך זיך נישט פאַר אים. אַוועקגעגאַנגען איז מיין פאָטער; אָבער ער איז פאָרט נישט אָנגעקומען אין ערגעץ. דאָס האָט באַוויזן זיין לעצטער גאַנג. אַ הייפעלע מענטשן זענען געשטאַנען ביי זיין קבר אין קראָקע... מען האָט אים באַערדיקט צוזאַמען מיט זיינע נישט־דער־גרייכטע אַמביציעס און טרוימען און מיט די אויסגעלאָשענע נישט־איבערצייגטע גלויבונגען...

אַ טרער האָט זי געשטיקט אין האַלז. אַ טיפער זיפץ איז אויפגעגאַנגען אין איר ברוסט און זי האָט אים מיט געוואַלט אונטערדריקט:

— מיין טייערער ברוידעם — האָט זי אויפגעכאַפּט דאָ ווו ז׳האָט איבערגעריסן — איך בין פון ערגעץ נישט אַוועק. אָבער לײדער האָט מיין פאָטער מיך אין ערגעץ נישט אַריינגעפירט. איך ווייס, פאַראַן אין טשערנאָווין אַ מאַנטעל מיט קינדער... און איר ווייסט דאָך, דערנענטערן זיך צו זיי, וועל איך נישט וואַגן... ווו איך בין, ווו מיין פאָטער האָט מיך איבערגעלאָזט, ווער איך נישט אַקצעפּטירט. מען שושקעט זיך הינטער די פּלייצעס און אָפט זאָגט מען עס אָפן... בלאָנדזשע איך אַרום און פּלאָנטער זיך און פאַרפּלאָנטער זיך און גליטש זיך אויס. איך ווער געפּרוווט, בין איך אַן אויסנאַם צווישן די „נעאָפאָליאַקן”? מעגלעך... אָבער פאַרשווענדן צייט און סימפּאַטיע אויף מיר דאַרפט איר נישט.

איך וועל שוין געפֿונען מיין אומווילכמיקע אויסקומעניש... פֿאַרשטייט איר שוין דאָס רעטעניש?

לוי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר דאָ האָט זיך דערהערט אַ קלונג פֿון אַן עלעקטריש גלעקל אויפֿן טיש און זאָפֿיאַ האָט רואיק און געשעפֿטלעך דערקלערט:

— דער באַראָן... ער לאָזט וויסן ווען ער קומט אַריין...

דורך אַ זייטן-טיר, איז באַלד אַריינגעקומען אַ שלאַנקער, אַלטער הער, מיט אַ שניי-ווייסן קאָפּ און ווייסע וואָנצעס, וואָס האָבן כמעט פֿאַרדעקט דאָס גאַנצע מויל. מיט געמאָסטענע טריט איז ער צוגעגאַנגען גלייך צום טיש, פֿאַרזשמורעט די אויגן און אָנגעהויבן ווי פֿון דער מיט:

— נו, זייער שיין. דאָס איז דער יינגער הער, אַ סטודענט. הער...

— הער ברוידעס — האָט זאָפֿיאַ פֿאַרענדיקט...

לוי איז געווען געפּלעפֿט. וואָס איז דאָ? אַ צוגעגרייטע סצענע? צוליב וואָס?

דער באַראָן האָט זיך צוגעזעצט אין אַ פֿאָטעל און אָנגעהויבן אָנשטאָפּן טאַבאַק אין אַ ליולקע. ער האָט פֿאַררויכערט און זיך פֿאַרהוסט.

לוי האָט אים באַטראַכט מיט אַ ווינקל פֿון אויג: אָט-דאָס-אָ איז ער, דער באַראָן ז׳לוואָווסקי-לעווענהערץ, דער גרויסער „פּאַרנעס“ אין גאַליציע? לוי האָט געוווּסט: דער זיידע זיינער, ר׳ זבולון לעווענהערץ, אַ ייד אין אַ שטריימל און אין אַן אַטלאַסענער בעקעשע — האָט מיט וואָסערע זעכציק יאָר צוריק באַקומען אַ טיטול פֿון עסטרייכישן קיסר פֿראַנץ יאָזעף פֿאַר זיינע פּינקטלעכע און ראַיעלע ליווערונגען צו דער עסטרייכישער אַרמיי.

דער ערשטער באַראָן, ר׳ זבולון, האָט באָרד און פּאות קיינמאָל נישט אָפּגעשניטן און די קאַפּאָטע נישט אויסגעטאָן. אָבער דער זון מאַוריצי, האָט שוין געטראָגן אַ צילינדער און אַ פֿראַק, געהאַט פּאָליטישע אַמביציעס און זיך געחברט מיט פּוילישע און עסטרייכישע אַדל-לייט. דאָס אייניקל, דער-אָ, וואָס רויכערט די פּיפּקע, האָט שוין פֿאַרפּוילישט זיין נאָמען און פּרעדיקט אַסימילאַציע.

ז׳לוואָווסקי-לעווענהערץ האָט שוין געכאַפּט הויפּשע קלעפּ: אַ פּאָגראָם אין לעמבערג, דערהרגעטע יידן, פֿאַרברענטע ספֿרי תורות און צעשמעטערטע יידישע הייזער אַרום דער אַלטער שול. נאָכן ערשטן פּאַטש האָט ער באַקומען אַן אַנדערן: אַ בלבול אויף אַ יידישן בחור, אַז ער האָט געוואָרפֿן אַ באָמבע אויפֿן פּרעזידענט פֿון דער פּוילישער רעפּובליק. איצט אַטאַקירט מען שוין יידן אין די גאַסן פֿון זיין לעמבערג; יידישע סטודענטן מוזן זיצן אין די הינטערשטע בענק און מען לאָזט זיי אינערגעץ נישט צו. איז ער באַאומרואיקט דער אַלטער באַראָן. לויפֿט פֿון לעמבערג זוכן רו אין ווין, קומט צוריק און ראַנגלט זיך. אָבער אונטערגעבן זיך קאָן ער נישט...

— הער... הער ברוידעס — האָט דער באַראָן אָנגעשטעלט אויף לוין זיינע האַלב-אויסגעלאָשענע אויגן — איך הער, אַז איר פֿאַרנעמט זיך מיט אַגראָנאָמיע... דאָס איז גוט... הלוואי וואָלטן אַ סך יידן דאָס פֿאַרשטאַנען.... באַאַרבעטן דעם באָדן, דעם פּוילישן באָדן... וואָלטן זיי אפֿשר צוגעוואָקסן אין דער געזעלשאַפֿט און פֿאַרשטאַרקט זייערע פּאָזיציעס... אַראָפּנעמען די בערד, אויסטאָן די קאַפּאָטעס, אַוועקוואַרפֿן דעם זשאַרגאָן, וועלן זיי געווינען רעספּעקט... נישט שרייען ביים דאַווענען, נאָר בעטן גאָט רואיק, געלאַסן און אָנדעכטיק... מאַנירן, ציוויליזאַציע און... איר פֿאַרשטייט מיך?

— ניין, הער באַראָן!

— ניין? — האָט דער אַלטער נאָבלמאַן אַרויסגענומען די פּיפּקע פֿון מויל — עס איז דאָך קלאָר...

— קלאָר איז עס נאָר פֿאַלש! — האָט לוי זיך אַ הויב געטאָן — עס וועט נישט העלפֿן.

— פֿאַלש? הער סטודענט! איך רעד לאָגיש... איך האָב געטראַכט... איך קלער.... און איך בין אַליין אַ ייד און איך גלייב אין אַלמעכטיקן יידישן הערגאָט...

— אין גאָט גלויבט איר, הער באַראָן, אָבער נישט אין ייד! איר ווילט זיי זאָלן אונטערגיין... זיי זאָלן אַרויסרייסן פון זייער האַרץ און געמיט זייער...

— הער סטודענט, הער היצקאָפּ! — האָט דער אַלטער צענומען די הענט אין דער ברייט — איך וויל העלפן יידן, איך וויל עס זאָל זיי בעסער ווערן... אָט, הערט און שווייגט. איך וויל פאַרצעלירן אַ שטרעקע פון מיין אייגן לאַנד און באַזעצן עטלעכע צענדליק יידישע פאַמיליעס. מאַכן זיי פאַר פּויערים. אַלס אַ מוסטער... איך וויל אייך באַשעפטיקן אויף מיין פּראָיעקט...

— אייער זשעסט איז אַ נאָבעלער, הער באַראָן. אפשר וועט איר געפינען עטלעכע יידן אָן בערד, וואָס דאַווענען שטיל און רעדן פּויליש און זיי וועלן גיין צו אייך. אָבער אויך דאָס וועט נישט העלפן. מען האָט שוין דאָס אויך געפּרווּוט. יעדנפאַלס, איך בין נישט פאַראינטערעסירט. איך וועל נישט גיין, איך קאָן נישט גיין, איך וועל קיינעם צו אייך נישט רופן. איך פאָר קיין ארץ־ישראל. נאָר דאָרטן קאָן אַ מענטש זיין אַ ייד און אַ פּויער... און פאַרקערט...

— פּאַלעסטינע... פאַנטאַזיעס! טרוים, שווערמעריי — האָט דער באַראָן זיך צעקאָכט — איר זעט נישט די ווירקלעכקייט. דאָס איז די טראַגעדיע, יידן וועלן אַהין נישט גיין... זיי גלויבן אין משיחן. איך אויך! אָבער ביז דאַן דאַרפן מיר זיצן דאָ! דאָ! פּאַלעסטינע?... איר ווילט מאַכן פּאָליטיק און איר שעדיקט די קינדער פון ישראל! ייִנגערמאַן, באַרעכנט זיך... באַרעכנט זיך!... קומט צו מיר אַריין נאָכאַמאָל און... געדענקט, געדענקט!

דער אַלטער איז אַרויס. איצטער איז ער געגאַנגען אַביסל איינגעבויגן, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ נייעם עול, וואָס מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט.

לוי און די פאַני זאָפיאַ זיינען געבליבן אַליין. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט.

— איך בעט אַנטשולדיקונג — האָט זי אַ מאַך געטאָן — איך האָב עס אַראַנזשירט... איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס. אָבער אַ דאַנק אייך. איך האָב אייך פאַרשטאַנען.

זי האָט אים דערלאַנגט איר האַנט און אירע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ פייכטקייט. לוי האָט געקושט איר האַנט און געשעפּטשעט:

— מוז דאָס זיין מיין לעצטער באַזוך? מוז דאָס זיין די לעצטע באַגעגעניש?

— ניין, עס מוז נישט, אויב איר ווילט נישט... — האָט זי געענטפערט שטיל — לאָזט עס צו זיך אַליין... עס מוז נישט אויב איר ווילט נישט...

דאָס גלעקל אויפן טיש האָט ווידער אַ קלונג געטאָן און לוי האָט גענומען זיין טעקע און הוט...

קאַפּיטל 28

# מזרח און מערב אין וואַגאָן...

אין דריטן קלאַס פון צוג קראָקע־לעמבערג איז געווען ענג און לעבעדיק. ייִדן האָבן גערעדט און זיך געאַמפּערט, זיך אָפּגעגעבן שלום און געשפּאַרט; מען האָט געבריייעט פּאָליטיק, גערעדט תּכלית, מיט אַ זיפץ געשמועסט ייִדיש־קייט און זיך געמונטערט און געטרייסט:

— זאָל נאָר נישט זיין קיין טריקעניש. רעגן דאַרף מען, איר הערט? גיט מיר עטלעכע גוטע, וואַרעמע רעגנס און עס וועט זיין אַ ווייל גערעטעניש. ביי אונז אין כאָדאָראָוו זאָגט דער פּויער „ווסיאָ זאַ כלעבאָם אידזשע", אַלץ גייט לויטן ברויט.

— אידזשע, שמידזשע... אָבער לאָדזש רעדט אַנדערע דיבורים. לאָדזש נעמט וועקסעלעך און קלאָגט און ליציטירט. מען גערשטן זיך הייבן, מען האָבער פּאַלן, און לאָדזש טוט זיך אירם: מאָנט! און גיבן איז נישטאָ וואָס, מען לייזט נישט. ביי אונז אין ראָפּשיץ גייט ס'גאַיעס אין אייגענע קאָאָפּעראַטיוון. דער פּאָליאַק גייט צום פּאָליאַק און דעם ייִדן דערגייט מען די יאָר.

— ס'עט נאָך אַזוי אויך נישט בלייבן. ס'קאָן ניש. וואָרים וו איז דער שכל און וו איז דער סדר? סדר דאַרף זיין: צ'האָט געהערט? מ'שמועסט, אַז דער ימח שמו, ווי הייסט ער דאָרטן? היטלער און זיינע חברה לייט וועלן באַלד פּאַר־כאַפּן דייטשלאַנד.

— כאַפּן? מען כאַפּט נאָך נישט אַזוי גיך. מען גיט איבער די הענט. איך קען ברוך השם דייטשלאַנד. געווען אין לייפּציג און אין פראַנקפורט און אין ברעסלע. דאָרטן היט מען אָרדענונג. עס איז דיר נישט עפּעס אַ מדינהלע, ווי אַ שטייגער מעקסיקע, צי בולגאַריע...

— לייגט זיך ניש' קאַ פייגעלעך אין בוזים — האָט איין ייִד, אַ מאָגערער מיט אַ שאַרפן, ברוינעם בערדל, און גראָבע גלעזער, כסדר איבערגעחזרט אַהין און אַהער — עס גייט צום ערגערן. ס'עט זיין ביטער. לייגט זיך ניש' קאַ פיי־געלעך אין בוזים.

— הערט שוין אויף צו מאַכן נ'מויט, פעטער האָט איין בחור זיך אויף אים אָפּגעריסן — 'שקאָשע, 'שקאָשע, היינט איז ברוך השם בעסער, ווי מאָרגן...

דער צוג איז געלאָפן איבער גאָלדיקע ווייץ־פעלדער, איבער לאָנקעס, איבער שמעקעדיקער קאָניטשינע און זיך געשניטן פון איין וועלדל אין אַנדערן. ער האָט געסאָפּעט מיט געדיכטע רויך־וואָלקנס, זיך געריסן מט אַ פייפעריי און געשראָקן די טשערעדעס קי אויף די לאָנקעס און די געפּענטעטע פערד.

ייִדן מיט טלומאָקלעך, מיט פּעק און ראַנצן זיינען אַראָפּ און אַרויפגע־גאַנגען אויף אַלע סטאַנציעס. ייִדענעס מיט קוישן, מיט זעק און מיט בינטלעך האָבן זיך געדראַפּעט איבער די טרעפּ און געזיפצט און געאָכצט:

— נעמט מיין פּעקל און כאַפּט אַ מצווה, ר' קרוב, ר' ייִד! טוט ענק אַ ריר. כ'אָ שוין ניש' קאַ כוח צו דעבען. כ'רייס מיר אָפּ ס'געזונט...

ייִדן האָבן זיך אָפּגעגעבן שלום, זיך פּאָמיעשטשעט, זיך פאַנאַנדערגע־פרעגט, דערקענט, אויסגערעכנט אין קרובהשאַפט און זיך דערציילט:

— געהערט! וו ייִדן שפּאָרן ברוך השם אָן! פירמע נתן האָבער האַנדלט

דאָך שוין מיט אויסטראַליע. געפינען אַן אָפּזאָץ אויף זיין צייג. ווו איז דאָס ערגעץ דאָס אויסטראַליע? אַרום בראַזיליע? צ אפשר נעבן דעם מאַדאַגאַסקאַר, וואָס מען וויל אַהין שלעפּן יידן? איך הער, אַז דאָס מאַדאַגאַסקאַר איז אין שכנות מיט מצריים...

רייד האָבן זיך געמישט אין רייד, הענט האָבן געפּאָכעט און פינגער האָבן געדרייט:

— דאָס מין קאָמוניזם, זאָגט איר? כ'האַלט ניש' דערפון, מחמת ס'עט זעך ניש' האַלטן... די מאָסקוויטערס ווילן יושר? יושר, אַדרבה, בכבוד גדול! אָבער למאי זאָלן זיי רייסן און שיסן? כ'האַלט ניש'. דערפון, עד האַלט, אַז נאָר מיט גוטן... מיט ווייבן... פון נייטן קומט קאַ גוטס ניש' אַרויס...

— אַ ייד, אַ מיפּוש! אַ פאַנאַטישער... אַ כעלם... אַזוי פירט זיך דער פּראָלעטאַריאַט... איר פאַרשטייט? אַ ייד אַ כעלם...

— שאַ, שאַ! באָלשעוויק־חצוף. דרך ארץ!... עך קאָן גיבן אַ מתנת־יד, ברוך־השם...

מען האָט זיך געווערטלט, איינגעשטילט, איבערגעבעטן און איינער האָט דעם אַנדערן דערמאָנט:

— שוין געהערט? דער בעלזער רבי, זאָל מאריך ימים ושנים זיין, קומט דאָך אַהיים פון מאַרמאָראָש אויף ימים־נוראים! צ'האָט שוין געהערט? די ציוניסטן שמעקט עס נישט, אָבער ער קומט!

— דער רבי איז אַ רבי און גרינבוים און ד"ר רינגל איז עפּעס אַנדערש — האָט אַ בחור, אַ להכעיסניק אונטערגעוואָרפן אַ וואָרט — איך גלויב גרינבוימען און רינגלען...

— נעם דיר גרינבוימען און כ'גיב דיר אַפילו אַ צולאָג דעם טשעפּעטינסקי... ווי הייסט ער דאָרטן, דער מיטן דאַשעק?

— זשאַבאָטינסקי...

— זאָל זיין טשעפּעטינסקי! אַ נפקא מינה... גוטע יידן זיינען זיי? אפשר גוטע מענטשן. אָבער יידן? לייגן דאָך נישט קיין תפילין! קרקפתא דלא מונח תפילין. אַ קאָפּ, וואָס לייגט נישט קיין תפילין, רחמנא ליצלן, איז דאָך...

— נו, נו, זייט נישט מבזה! זיי וועלן אונז געבן ארץ־ישראל... שאַ'ט שאַ!

דורך די אָפענע פענסטער האָבן זיך געזען שטיקער צונטערדיקער הימל, וואָס האָט געגליט איי מערב־זייט און אָנגעזאָגט דעם זון־אונטערגאַנג. די שטיקער צונטער האָבן זיך געמיניעט, געיאָגט און געשוומען פאָרויס.

— זאָל דער אויבערשטער נאָר געבן געזונט — האָט איין אַ ווינקל פון וואָגאָן אַ ווייבל געזיפצט — כ'פאָר פון קראָקע. מיין מאַן האָט דאָרט געהאַט אַ 'פּיראַציע אויף דער גאַל. מען זאָגט ס'איז אים געקומען פון עגמת נפש. קאַרג עגמת נפשן האָבן יידן?

— יידן דאַרפן אַ ישועה און אַ רפואה, גיך און באַלד... אַי, דאַרפן זיי!

מיטאַמאָל האָבן אַלע קעפּ זיך אַ דריי געטאָן צו איינעם פון די פענסטער און אויגן האָבן געקוקט פאַרחידושטע:

— אַזוי? דער־אָ יינגערמאַן מיטן בערדל איז אַן ארץ־ישראלדיקער? וואָס זשע שווייגט ער? מאָרט און שווייגט!

— וואָס דאַרף ער שרייען, וואָס?

דער יינגערמאַן מיטן בערדל דאָס איז געווען דוד ראַפּאַפּאָרט, איש גבעניה, וואָס איז איצט געפאָרן קיין לעמבערג, אויפן וועג קיין יאַנעווקע. ער איז געזעסן געלאַסן, זיך איינגעהערט צו די שמועסן, פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ וואָרט, רעדנדיק צו זיין באַגלייטער, אַ יינגער, רויט־האָריקער בחור פון טאָרנע, אַ חלוץ אויף הכשרה, וואָס גרייט זיך בקרוב עולה־צו זיין.

ווייבאַלד די יידן האָבן דערהערט, אַז אַן ארץ־ישראלדיקער געפינט זיך צווישען זיי, האָט מען אָנגעהויבן שטרעקן „שלום עליכמס" און כלערליי שאלות און קשיות, פון אַלע זייטן האָבן אַ פלייץ געטאָן. איז עס טאַקע אַן עגין דאָס

ארץ־ישראל? בויט זיך טאַקע דאָס לאַנד? איז דאָס תל־אָביב אַ שטאָט גלייך מיט אַלע שטעט? און וואָס קאָן אַ ייד אָן געלט דאָרטן אויפטאָן? איז מסחר טאַקע מסחר? און די אַראַבער? מערדער, הא, וואָס? און ענגלאַנד? קאָן יעדער ייד באַקומען אַ שטיקל פעלד? איז די לופט גוט פאַר אַ קורצן אָטעם? און וואָס איז מיט ירושלים? און וואָס טוט ער אַליין, וואָס? אַ פּויער?

און דוד ראַפּאָפּאָרט, איש גבעוניה, האָט פּאַמעלעך געענטפערט על ראשון ראשון, געגעבן צו פאַרשטיין און אויסגעטייטשט. און ווען עס איז געקומען צו זיין אייגענער באַשעפטיקונג, האָט ער אַ ווייז געטאָן צום פענסטער און מיט אַ שמייכל געפרעגט:

— און וואָס זעט איר דאָרטן? דאָרטן אויפן פעלד...

— אַ פּויער מיט אַ גראַבליע לאָדט אָן היי — האָט איין ייד אַ מאַך געטאָן. — וואָס זע איך, וואָס? אַ פּויער, פערד, אַ וואָגן און...

— גענוי דאָס אייגענע טו איך דאָרט, אין גבעוניה, אין ארץ־ישראל — האָט דוד רואיק געענטפערט — אַ פּויער, אַ פערד, אַ וואָגן...

— און אַ ווייַנגאָרטן? — האָט אַ ייד אויסגערופן — אויך?

— אויך — האָט דוד געענטפערט.

— און אַ פייגנבוים?

— אויך...

— איז יידן... וואָס זיצט מען, כ'מיין: און מ'נעמט איין צרות מיט יסורים און... — האָט דער נייגעריקער ייד געדרייט מיט אַ פינגער — יידן!...

— דערווייל דאַרף מען זיך שטעלן דאַווענען מנחה. עס איז שפּעט. מען וועט עובר מנחה זיין — האָט אַן עלטערער ייד געוואָרנט — מנחה, עס איז שפּעט!

דער אַלטער האָט אַליין אָנגעהויבן מורמלען „קטרת“ און דער עולם האָט גענומען יואַשן און רייבן די הענט: ווער עס האָט געהאַט אַ פלעשל וואַסער, ווער עס איז געלאָפן צום „קלאָזעט“ און ווער עס האָט גלאַט געריבן עטלעכע פינגער אין אַ שויב. מען האָט זיך אַרומגעגאַרטלט מיט גאַרטלען, מיט שטריקלעך, מיט פּאַטשיילעס, און איבערן לויפנדיקן, זשומענדיקן וואָגאָן האָט זיך דערהערט אַן אומעטיקער, הילכיקער „אשרי יושבי ביתך“, וואָס האָט זיך געשלענגלט, געוויקלט און אַרויסגעשלענגלט צו די רהבותדיקע פעלדער אַרויס.

די דרייפּיר פּאָליאַקן, וואָס זיינען געזעסן אין אַ ווינקל און זיינען בטל בששים געוואָרן, האָבן זיך איצטער ראָזדריכעט און אָנגעהויבן בורטשען מיט האַס:

— זשידעס... רוחות... פאַרפּעסטן ס'לאַנד... — האָט אַ האַלב שיכורער גויעץ געמלה־גירהט און געשפּיגן — אין די זעק און פּעק, וואָס זיי שלעפּן, צעטראָגן זיי אַלע כאָראָבעס...

— אָ, ניין! אָ, ניין! אין די פּעק און זעק האָבן זיי אוצרות! זיי פאַרדעקן זיי מיט לאַטעס, מיט שמאַטעס און טראַנטעס, כדי צו פאַרבלענדן די אויגן! — האָט אַ צווייטער, מיט אַ פּאָר פּאַריזקע וואָנצעס און שפּיזלדיקע גרינע אויגעלעך, געשיפּעט — איר, פּאַנאָוויע, לייענט נישט קיין צייטונגען; איר, פּאַנאָוויע, פאַרגט נישט נאָך קיין פּאָליטיקע, ווייסט איר נישט. אָבער איך, פּאַנאָוויע איך בין דער פּאַן וולאַדיסלאַוו טרעמביצקי, דער אויבער־קוימענקערער פון דאָמבראָווע, איך בין אויסגעקאָכט אין דער פּאָליטיקע, ווייס איך אַלץ. די יידעלעך פירן אַ דאָפּלטע שפּיל: אָט זיינען זיי דיר באָלשעוויקעס און שרייען, אַז זיי זיינען אָרעם; און אָט זיינען זיי דיר גרויסע פּריצים און געטרייע בירגער. אָבער עס איז פאַלש, פּאַנאָוויע! זיי באַרויבן און באַראַבעווען אונז און באַהאַלטן עס ביים מאָסקוויטער איבער דער גרענעץ, אַלץ נעמען זיי צו. איך בין אויבערקוימענקערער פון דאָמבראָווע, איך זאָג אייך, אַז מיט גוטן וועט מען פון זיי נישט באַפרייט ווערן. מען וועט דאַרפן הייבן די קאָסע, די האַק, אַ מעסער... און עס גייט דערצו, פּאַנאָוויע, גוטע מענטשן, עס גייט דערצו!...

די אַנדערע גויעצלעך האָבן באַלד צוגעשטימט און זיינען בדיעבד גרייט

געווען אַט שוין צו נעמען די האַק, דאָס מעסער, די קאַסע און די ביקס. אָבער דערווייל האָבן זיי זיך געטרייסט מיט אַ פלעשל אָקעוויט, וואָס דער פאַן טרעמביצקי האָט דערלאַנגט און עס איז געגאַנגען פון מויל צו מויל:

— גאָ זדראָוויע, צום געזונט! פאַרן פאָטערלאַנד! און אַרויס, אַ כאַראַבע און בייַטש די יידן, פרעטש..

די רעדער פון וואַגאָן האָבן זיך געקאָלערט איבער די אייזערנע רעלסן, אָנגעאַרבעט אַ רעש און דערטרינקען דאָס גיפּטיקע בורטשען פון די ערלים, וואָס וואַרטן אויף הריגות און קוויקן זיך דערווייל מיטן אָקעוויט.

אָבער פון דעם געפּילדער און געלאַף פון דעם צוג, פון דעם סאָפּען און אייזערנעם געשריי, האָט זיך אַרויסגעהערט אַ געבעט און אַ זיפץ:

— אוי, ולמלשינים על תהי תקווה.... אוי ומלכות זדון תעקר ותשבר...

אַן עלטערער ייד, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק, איז געשטאַנען בייַם פענסטער פון וואַגאָן. דאָס פּנים געווענדעט צום מזרח־זייט, געדאַוונט פאַרן „עמוד“ און געזאָגט די הויכע שמונה עשרה מיט אַ כליפּ אין קול:

— אוי שובר אויבים ומכניע זדים...

דער עולם יידן האָט געזאָגט די ברוך הואס וברוך שמו'ס און געציקלט דעם אָמן מיט געשמאַק.

— ולירושלים עירך ברחמים תשוב — האָט דער שליח צבור מיטן שטריק אויף די לענדן זיך צעלאָזט — ותשכון בתוכה כאשר דברת...

— ובנה אותה... בקרוב — האָבן די יידן אונטערגעכאַפּט — בקרוב... בנין עולם... וכסא דוד עבדך...

— אַ, וואַי, טאַטעלעך־מאַמעלעך, זשידעס, פּאַרכעס, פּרעטש! אַרויס! קיין פּאַלעסטינע גייט! אַרויס! —האָט מיטאַמאָל זיך דערהערט אַ כריפּליווער שיכורער געשריי — קיין פּאַלעסטינע גייט!

דער פּאַן טרעמביצקי, דער אויבער־קוימענקערער פון דאָמבראָווע, האָט געפּאַכעט מיט אַן אויסגעליידיקטן פלעשל און די אַנדערע גויעצלעך האָבן נעדרייט מיט פאַרפּעססטע מעסערלעך, מיט וועלכע זיי האָבן ערשט געשניטן שטיקלעך חזיר־פלייש.

דוד ראַפּאַפּאָרט, איש גבעוניה, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן רואיק, כמעט פלעגמאַטיש, איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט. שוין יאָרן, אַז ער האָט נישט געהערט אַזעלכע בזיונות און אַזעלכע גיפּטיקע רייד. שוין יאָרן, אַז ער גייט אַרום איבער די פעלדער פון עמק, אונטער די הימלען פון ארץ־ישראל, אָטעמט פרייַ, קוקט פרייַ אין אַלע זייט אַרייַן און איז זיכער מיט זייַן גאַנג. איצט האָט ער דערפילט ממש אַ שטאָך אין אַ ריפּ פון דער באַליידיקונג און פון דער ־ראָאונג אויף יידישע קעפּ. ער, וואָס איז געוווינט געוואָרן צו ענטפערן מיט אַ קלאַפּ אויף אַ קלאַפּ, האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם קוימענקערער פאַר דער האַנט און זי אייַנגעקלאַמערט ווי אין אַן אייזערנעם צוואַנג. דערזען דאָס, האָבן די אַנדערע גויעצלעך זיך אַ וואָרף געטאָן מיט די מעסערלעך. עס איז געוואָרן אַ מהומה אין וואַגאָן.

נאָר מיטאַמאָל, בייַ דער טיר, האָט זיך דערהערט אַ געשריי אויף אַ פרעמדן לשון, אויף ענגליש, וואָס איז געווענדעט צו די צעהוליעטע פּאָליאַקן, מיט כלים אין די הענט:

— שאַראַפּ! סטאָפּ איט, דעם יו! העי יו פּאָליש! סטאָפּ דהאַט, שאַראַפּ!

בייַ דער טיר פון וואַגאָן איז געשטאַנען אַן עלעגאַנט אויסגעפּוצטער הער אין אַ הוטל, מיט אַ ברענענדיקן ציגאַר אין איין האַנט און אין דער אַנדערער אַ קליינער פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט.

— קאָם אָן, שאַראַפּ, אַ'ל העוו יו אַרעסטעט! — האָט ער געשריען — אַ'ל קאָל פּאָליס, דעמיט! אַ'ל קאָל דהי אַמעריקען קאָנסול! דהי אַמבאַסאַדאָר! דהי אַמבאַסאַדאָר!

דער שטעל, די רייד „קאָנסול“, „אַמבאַסאַדאָר“. דער פאָטאָגראַפישער אַפּאַ־

ראַט האָבן געווירקט. עס איז אַן קלאָר: עס איז אַן אַמעריקאַנער תקיעה, וואָס שרעקט זיך נישט.

— צ׳אָלרייט, קאַם אָן, דאַוועגט, דאַוועגט, צ׳אָלרייט — האָט ער אַ מאַך געטאָן צו די יידן — דאַוועגט, קאַם אָן...

דער טומל אין וואַגאָן האָט זיך איינגעשטילט. די צעיושעטע ערלים האָבן זיך אָפּגערוקט אין זייער ווינקל, און דער שליח צבור האָט ווייטער גענומען זאָגן די שמונה עשרה מיט אַ נאָגנדיקן געבעט:

— אַוי, אָב הרחמן... שמע קולנו...

דער אויסגעפּוצטער העד מיטן אַפּאַראַט און מיטן ציגאַר איז געשטאַנען ווי אַ הוּעבטעוו און זיך צוגעקוקט.

דאָס איז געווען מר. טשאַרלי ווינאָקור פון ניו-יאָרק — כאַצקל הענעך דעם שוסטערס פון יאַנעווקע, וואָס איז געפאָרן צוגאַסט אַהיים.

די גאַנצע צייט, ביז איצט, איז טשאַרלי געזעסן אין וואַגאָן פון ערשטן קלאַס. אים איז אָבער נמאס געוואָרן צו זיצן ווי אַ שטומער צווישן די צוויי פּאַרריסענע פּויל׳שע אָפיצירן און דער אַלטער גראַפיניע מיטן הינטל, וואָס האָבן אין אים דערשמעקט אַ יידן און האָבן אַפילו נישט געוואָלט קוקן אין זיין זייט אַריין. האָט ער זיך געלאָזט צום וואַגאָן פון דריטן קלאַס צו זוכן יידן, צו זוכן קאָמפּאַניע און זיך אַביסל אויסצורעדן דאָס האַרץ. האָט ער טאַקע אָנגעטראָפן אויף אַ מנין, אָבער אויך אויף אַ געשלעג, אויף אַ „פּאַיט“, וואָס ער האָט איינגעשפּילט.

מר ווינאָקור איז געווען צופרידן מיט זיך. און עס האָט אים הנאה געטאָן, וואָס די יידן קוקן אויף אים מיט דאַנקבאַרקייט. איין זאַך האָט אים נישט געשמעקט, — וואָס ער דאַרף טיילן דעם כבוד, דעם „קרעדיט“, מיט עפּעס אַ בחור פון ארץ-ישראל, וואָס האָט דער ערשטער זיך געשטעלט קעגן די אָנגרייפערס און געהויבן אַ האַנט. ווער איז ער, דער דאָזיקער פאַרשוין מיטן קיילעכדיקן בערדל, וואָס נעמט נישט אַ וואָרט אין מויל אַריין? וואָס שווייגט און שמייכלט און דהאַצאָלט!

אַז מר. ווינאָקור איז געוווּער געוואָרן, אַז דער „גאַי פון פּאַלעסטיין“ פאָרט גאָר אין זיין געגנט אַריין, פאָרט קיין יאַנעווקע, האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן צו דודן, אים אָנגעכאַפּט ביי די אַקסלען, אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין און אַרויסגעלאָזט אַ געשריי:

— יעס, סער! שור! אַי... אַי גאַט יו! דו ביזט עס! כ׳דערקען אָן דיין ווהיהקערל; דיין טאַטנס בערדל. ביזט מרדכי לייב ראַפּאָפּאָרטס זון! דער פּריץ! יעס, סער! איך ווייס אַלץ. און איך, באַיטשיק, בין כאַצקל, כאַצקל הענעך דעם שוסטערס! ביסט געט איט? שטעק אַריין! שעיק הענדס; גיב אַ פּינטל, יעס, סער. מיר האָבן זיך באַגעגנט. באָט, אוי באַי... כע-כע-כע... ׳עסט מיט מיר ערשט האָבן דעם אמתן פּאַיט... אוי, באַי, פון פּאַלעסטיין... איך ווייס אַלץ... דיין שוועסטערס זון שדכנט זיך צו מיין שוועסטער... כע-כע... יענער וויל אויך קיין פּאַלעסטיין. כע, כע, כע... געט איט? און איך זאָג: באַלאָני... נעווער מאַין!... יעס, סער, וואַרט. וועיט עָן סי. ס׳עט זיין פריילעך אין יאַנעווקע...

די יידן האָבן געקוקט פאַרחידושטע. און דער צוג איז געלאָפן טיפער אין דער נאַכט אַריין.

קאַפּיטל 29

# דער גאַסט פון גבעוניה

אין פּענסיאָנאַט „האַרמאָניא“, ווו עס איז געווייגלעך שטיל און קיל, ווו די איינוווינער גייען אַרום מיט לייכטע און געמאָסטענע טריט און רעדן געדעמפּט, עלעהיי זיי וואָלטן זיך געסודעט — איז איצט געשטאַנען אַ פּרייליכער קאָך:

— נו, איר האָט אים שוין געזען? — האָט איין קוואַרטיראַנט געפרעגט ביים אַנדערן. — און ווו איז ער?

— איז כאָטש דאָ וועמען אָנצוקוקן? ווי זעט ער אויס?

— אַזוי גאָר? אַ מענטש פון סאַמע פּאַלעסטינע און האָט נישט קיין הערנער?

אַ גאַסט, אַ פרישער מענטש, איז אין פּענסיאָנאַט קיין גרויסע נאָווינע נישט. פון צייט צו צייט באַווייזט זיך דאָ אַ ניי פּנים, וואָס דערוועקט אַביסל נייגיריקייט ביי די אַלטגעזעסענע. אָבער קיין שום אורח האָט נאָך נישט אַרויסגערופן אַזאַ אינטערעס ווי דוד ראַפּאַפּאָרט, איש גבעוניה, וועמען דער סטודענט לוי ברוידעס האָט אינדערפרי געבראַכט פון דער באַן־סטאַציע גלייך אַהער.

די באַלעבאָסטע, די דינסט, די קעכין — אַלע האָבן זיך גערעשט און געפּלייסט צוצוגרייטן אַ מיטאָג־מאָלצייט, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר דער „אָקאַזיע“.

אפילו פאַננא גוסטא אינגבער, אַ פּענסיאָנירטע, אויסגעדינטע לערערין פון אַ פּוילישער פאָלקס־שול — אַ גרוי, פאַרזעסן פרייליין, וואָס קוקט דורך אַ ליאָרנעט אויף אַ זילבערנעם בענדל און גייט תמיד געקליידט אין שוואַרצן ווי אַ נאָנע — אפילו זי האָט אַרומגעפּלאַטערט, באַקומען לשון, גערעדט און געזיפצט:

— אַך, אַך, ער איי אַזאַ העבער, אַזאַ ברייטער, אַזאַ גבור, ווי אין די הייליקע שריפטן שטייט... ער ברענגט דעם דופט פון לאַנד, ווו עס טריפט מיט מילך און האָניק, ווי איז די הייליקע שריפטן שטייט...

די אויסגעדינטע לערערין, וואָס האָט אַלע יאָרן געמוטשט רעדן נאָר פּויליש, אונטערדריקן אין זיך די יידישע אָדער און ווייכן פון „קאהאל“ אויס מורא פאַרן אינספּעקטאָר און פאַר אַ בייז־אויג — זי האָט גערעדט ווי אַלע דאַמבעס וואָלטן איצט אויפגעשוווענקט געוואָרן דורך אַ העכערער קראַפט. אַ טאָכטער פון אַ פאַרנאַפּאָלער מצבה־קריצער — זענען אין איר איצט אויפגעגאַנגען און אָנגעקוואָלן אַלע פרומע און היימישע רייד פון טאַטע־מאַמעס אַמאָליקער שטוב:

— אַך, אַך! — האָט זי געזיפצט — ס'איז דאָך נאָר אַזוי ווי אין אין... אַך, ירושלים...

דער פּענסיאָנאַט „האַרמאָניא“ האָט נישט געקאַרגט קיין רייד.

בעת די קוואַרטיראַנטן האָבן זיך געקהלט און באַגייסטערט, איז דער בעל־שמחה אַליין, דער סטודענט לוי ברוידעס, געזעסן מיט זיין גאַסט ביי זיך אין צימער, וואָס קוקט אַרויס צום גערטנדל.

ער, לוי, איז געווען איבערוועלטיקט און גערירט. אָט־אָ איז ער, דער פעטער

דוד פון גבעוניה, אַט=אָ איז דער מענטש, וועמענס לעבן און מעשׂים בינדן אים צו צו זיך ווי מיט גראָבע שטריק, און וועמענס שטילער גייסט גייט אים כסדר נאָך. אַט זיצט ער אָנגעלענט אויף דער סאָפע, אָן אַ ראָק, אָן די שיך, און שמייכלט, עלעהיי, גאַנצע דורות פון זיכערקייט, שלוה, איינגעפונדעוועטקייט און בטחון וואָלט אַרויסגעאָטעמט פון אים. אַרויסגעשפּאַרט פון זיין פעסטן גוף, סאַראַ מהלך פון יענעם שלאַנקן, אויסגעפּוצטן פעטער דוד — דעם זיידנס געציטערטער מיזיניק און מפונק — וואָס האָט מיט קנאַפּע דרייצן יאָר צוריק פאַרלאָזט דאָס נגידישע הויז. איבערגעלאָזט דאָס גוט, אַלע תענוגים און אַוועק אַקערן די אַלטע מדבר און פיבערן, — ביז דעם=אָ סטאַטעטשנעם פויער מיטן קיילעכיקן בערדל, ברעמען ווי האַרטע שטשעטשינע און מיט די שווערע הענט. פאָלג מיך אַ גאַנג!

ווען דער פעטער איז „אַוועק“, איז נאָך ער, לוי, געווען אַ הדר=יינגל און געלערנט בבא מציעא ביי ר'וואָלוויש קפּדן, אַ געוועזענער יושב אין כאַדיגורער „הויף“. ער געדענקט דאָס אָבער ווי היינט; יעדן פּרט.

פּנים אל פּנים מיטן פעטער — וועמען ער זעט פאַר זיך איצט ווי אין אַ נייעם גלגול און אין אַ נייער הויט — איז לוי געווען אַ ביסל מבולבל און ס'האָט זיך לעת-עתה נישט גערעדט אַזוי גלאַט, ווי ער האָט ביי זיך פריער געהאַט אויסגעלייגט אין קאָפּ. נו, יאָ, ר'האָט עפּעס דערציילט וועגן דער משפּחה, אונטערגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן זיין פּערזענלעכער ראַנגלעניש. ר'האָט אויך דערמאָנט זיין שטודיום און וואָס ער באַצוועקט דערמיט. ס'האָט אָבער, דאַכט זיך, נישט געהאַט קיין טעם און עפּעס האָט געפעלט.

— וואַרטסט אויף אַ דיפּלאָם און אויף אַ באַוואָרעניש, האָט דער פעטער דוד זיך מיטאַמאָל אויסגעצויגן און הינטנאַרום אַרומגענומען זיין אָפּגעברוינטן נאַקן מיט ביידע הענט — נו, צו זיין אַן אַגראָנאָם איז רעכט... אַוודאי, אָבער, חברה=מאַן, וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט עליה, מיט גיין אַהין? אַז מען איז גרייט עולה צו זיין, גייט מען מיט דעם וואָס מען האָט... בדרך כּלל ברענגט מען דאָס, וואָס מען איז. און דאָס נעמט די אַלטע ערד צו. וואָס דאַרף מען דען מער? נו, מילא... וועסט זיך איבערקאָכן אין זיך. וועט קומען די מינוט און דו וועסט זיין גרייט צו גיין, וועסטו זען, אַז איידעלע און כשרע צען פינגער זענען אַמאָל אויך גענוג... דער עיקר איז אהבת ישראל... דאָס איז דאָך דער יסוד... און דאָס איז דאָך די אהבה, די ליבע, שאינה תלויה בדבר... און נאָך אַ זאַך, חברה־מאַן. דאָס איז אויך אַן ענין פון גורל, פאַרשטייסט? אַ היים, מולדת, קלייבט מען זיך נישט אויס... זי איז גורל... ווער עס טראָגט און פילט דעם גורל, די יידישע באַשערטקייט, דער ווייסט און גייט.

דער פעטער דוד האָט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן און אָנגעכאַפּט לוין ביי ביידע אַקסלען, זיי געדריקט, געקוועטשט, געבויגן, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, צי זיי קאָנען טראָגן אַ לאַסט:

— נו, פיין, נו, טוב — האָט ער געפּסקנט — בדרך כּלל ביזטו אַ פיינער חברה־מאַן, לוי. היינט רעדסטו דאָך העברעיש, אַז ס'אַ געוואַלט. קענסט גאַנץ ביאַליק און די משנה און די מדרשים אויף אויסנווייניק, און איך, הביבי, בעבע עברית ווי אַ פויער, ווי אַ גוי... בע=בע... ס'עט זיין רעכט, הביבי... וואַרט...

פעטער דודס תשובות און זיינע רמזים זענען געווען אַ רעטעניש. לוין האָט זיך געדאַכט, אַז יענער צווייפלט גאָר אין זיין כוח, אין זיין ווילִיקייט און אַנטשלוס. איז עס מעגלעך. אַז זיין פעטער זעט אין אים אַ שוואַכלינג, און אפשר גאָר אַ פּחדן, וואָס זוכט תירוצים און כאַפּט זיך אָן אין כל=ערליי אויסריידן, כדי נישט צו דאַרפן זיין קאָנסעקווענט און נעמען ס'פּעקל און זיך לאָזן אין וועג אַריין?

— און וואָס, חביבי, איז מיט דיין בחורה, מיט דיין מיידל? וואָסט מיר געהאַט עפּעס דערמאָנט אין אַ בריוו — האָט דער פעטער דוד מיטאמאָל אַ פרעג געטאָן — כ'מיין... איך האַלט, אַז אין אַזעלכע ענינים דאַרף איך זיך נישט מישן... דאָס זענען עסקי הלב... האַרץ־פראַגעס... אָבער, בדרך כלל...

לוי איז געווען אין אַ פערלעגנהייט. ס'איז אים נישט אָנגעקומען לייכט צו רעדן וועגן דעם ענין, — דער עיקר וועגן דעם, אַז קלאַרא ווינאָקור ציט און ציט, הנדלט זיך מיט „קאָמוניזם“, רייצט זיך מיט אים און טוט אים וויי. און נאָך פריקרער איז געווען אויסצוזאָגן דעם סוד, אַז צוליב קלאַראס האַלטונג האָט ער זיך דאָ־הי פאַרפלאָנטערט מיט אַ משומדים־טאָכטער, צו וועלכער ער איז, ווי אויף להכעיס, גאָרנישט גלייכגילטיק. נאָר וואָס שייך דער פאַני גראַניצקא, האָט ער לעת עתה געמאַכט אַ שווייג.

פעטער דוד האָט געהערט זיינע שטאַמלענישן, שיינע שטאַמלענישן אין בעסטן העברעיש, און מיטאַמאָל אַ מאַך געטאָן:

— מאַלעש, חביבי... אין דבר... זיי אַ מענטש... אייזן!... און די צייט וועט שוין פאַרענטפערן... צי די, צי אפשר גאָר אַן אַנדערע. דער עיקר איז, אַז אָנהייבן דאַרף מען פון יסוד; תוך. פון שטוב, אויב דו ווילסט... געדענקסט דעם אַלטן מאמר? שיבנה אָדם בית, ויטע כרם ואחר כך ישא אשה... צוערשט בויט מען אַ הויז, מען פלאַנצט אַ ווייַנגאָרטן און דערנאָך נעמט מען אַ ווייב... ס'אַן אַלטער דרך, אָבער זייער געראָכט און ניי... הערסט, חברה'מאַן? און איך האָב אויך אַזוי געטאָן...

לוי איז איצט ערווען געפּלעפט. נעמט ער, דער פעטער, פשוט און פראָסט און צעדרייט אים אַ חתונה. ער קערט דאָך איבער דאָס גאַנצע פּעסל בוריקעס. ווי קאַלטבלוטיק, און אַפילו מעשה־תם, ער איז דאָס מסדר איידעלע ענינים; סובאָר־דינירט אַלץ צו איין זאַך: יסוד, תוך, און ערד און בויאונג — דער ערשטער און דער לעצטער תכלית; הוד שבהוד... און אַלץ אַנדערע קומט דערנאָך... יאָ, אָדער ניין... און ס'איז שוין, הפנים, קיין חלוק נישט...

— נו, טוב... נו, גוט... מיר נאָך רעדן, — האָט דער פעטער דוד ווי פאַרענדיקט, — אָבער וואָס הערט זיך מכוח אַרויסכאַפּן זיך אין גאַס? כ'דאַרף דאָך זען עטלעכע מענטשן... און וואָס הערט זיך מכוח אַ מאַלצייט? אָפּגערוט האָב איך זיך שוין די והותר. נו. הכלל, חברה'מאַן, די צייט שטייט דאָך נישט...

דוד ראַפּאָפּאָרט האָט אין לעמבערג געהאַט דורכצופירן צוויי שליחותן און צוליב דעם האָט ער זיך דאָ אָפּגעשטעלט: ער האָט באַדאַרפט אָפּגעבן אַ פּערזענלעכן גריס צו אַ ברודער פון זיינער אַ חברטע אין גבעוניה, און אויך אַ קוק טאָן אין בית החלוץ. ר'האָט דאָס געוואָלט מאַכן על רגל אחת, כדי באַצייטנס אָנצוקומען אויף שבת אַהיים, קיין יאַנעווקע. די אַנדערע עסקים וואָס ער האָט נאָך אין לעמבערג, וועט ער דערלעדיקן, ווען ער וועט זיך דאָ אָפּשטעלן צוריקוועגס.

ס'איז שוין געווען שפּעטער נאָכמיטאָג, ווען דוד ראַפּאַפּאָרט, אין דער באַגלייטונג פון לוין האָט זיך געלאָזט צו אַ לעמבערגער הינטער־גאַס, צו דער „זשרוד לאַנדאַ“, אויפצוזוכן דעם ברודער פון זיין חברטע. ס'איז געווען נאָך אַ שלאַקס־רעגן און זיי האָבן געמוזט היפּן איבער קאַלוזשעס, איבער וואַסערדיקע גריבער, פול מיט ווערעם און טויטע קעץ; טאַנצן איבער צעראָיעשע, סרהנדיקע קאַנאַלן און בערגלעך מיט פייכטן, רויכערנדיקן מיסט. בלויז עטלעכע שפּאַן פון דער עלעגאַנטער, רווישנדיקער „לעגיאָנאָוו“ — און שוין זענען זיי אין די געמאַרקן פון אָנגעזאַמלטן, פאַרעיפּושטן דלות, וואָס שטעכט די אויגן, קרעלט דעם האַלז און דערלאַנגט איבערן קאָפּ.

זיי האָבן געפונען ס'הויז נומער אכט און זענען אַריין אין אַ ברייטן הויף. אינעווייניק איז געווען טונקעלע, טונקל און פייכט. איבער אויסגעקרימטע טרעפּ האָבן זיי זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן דריטן שטאָק, זענען אַרויף אויף אַ שמאָלן, לאַנגן גאַניק מיט פאַרזשאַווערטע, אייזערנע פאַרענטשעס, פון וועלכן פאַרגלאָזטע דרויסן־טירן האָבן געפירט צו די וווינונגען. יעדע „דירה“ — אַ צימער און קיך... סאַנורעס, קאַנורעס — קליאַטקעס אין אַ געמויערטער שטייג.

אין דער דירה גומער צוועלף, א טריט פון געמיינזאַמען אָפּטריט, אויף דעם גליטשיקן גאניק, האָבן זיי באלד געפונען וועמען זיי האָבן געזוכט. דאָ=אָ וווינט ער, דער פישל מאליץ, דער ברודער פון דער גבעוניהער חברטע.

אין דער האַלב=פינסטערער קיך, — וואָס האָט אויך געדינט פאַר אַ „וואַר=שטאַט" — ביי אַ טיש, פאַרוואָרפן מיט אָנגעשניטענע שטיקער קאַרטאָן, ביבולע פאַפּיר, טיקטע און טעפּ מיט קלייסטער, איז געזעסן אַ הויכער, דאַרער ייד, און געקלעפּט שאַכטלען און פּידעלעך.

— צו וועמען דאַרפן די הערשאַפטן? — האָט ער אַוועקגענומען דעם קאָפּ פון דער מלאכה, עטוואָס אונטערגעהויבן דאָס שאַרפע, שוואַרצע בערדל און דער שפּי־ציקער סנאָפּ אין גאָרגל איז ביי אים געגאַנגען אַראָפּ און אַרויף, — איך בין פישל מאַליץ... און די הערשאַפטן?

דערהערט ווער די „הערשאַפטן" זענען און פון וועמען זיי האָבן געבראַכט אַ גרוס, איז ער, פאַר איבעררא‍שונג, געבליבן ווי צוגעשמידט צום בענקל און קוים געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם. ער האָט געפּרייכט אַסטמאַטיש און זיינע אויגן זענען געוואָרן פייכט.

— אַ גרוס... פון מיין שוועסטער צירלען... פון ארץ=ישראל... פון.... — האָט ער זיך שיר געוואָרגן מיט די ווערטער, — ברוכים הבאים... שלום עליכם, יידן... ווילקאָמען... יישר כחכם... דער איבערשטער זאָל אייך אַזוי מחיה־זיין ווי איר האָט מיך איצטער מחיה געווען...

ערשט איצט האָט ער זיך אונטערגעהויבן פון בענקל און אַרונטערגעלאָזט די פאַרקאַטשעטע אַרבל פון זיין צעפליקט העמד. ער האָט אויסגעגלעט ס'קאָפּל אויפן קאָפּ, אָפּגעווישט די הענט אין אַ שטיקל גראָבער לייוונט און געגעבן שלום די געסט:

— אַזוי, אַזוי, ווייזט אויס, אַז אַ מענטש איז פאָרט נישט עלנט אויף דער וועלט זאָ, זאָ הייסט, אַז צירל געדענקט מיך; און מענטשן געפינען מיך... הערסט, הערסט, פיניעלע? זיי ברענגען אַ גרוס פון דער מומע פון ארץ־ישראל!..

ער האָט זיך אַ דריי געטאָן צום אייזערנעם בעטל, אויף וועלכן ס'איז געזעסן אַן אַכט־ניין יעריק יינגל, אַן איינגעוויקלטער אין אַ וואַטאָווען שפּענצער, דער האַלז פאַרבונדן מיט פּאַטשיילעס און געגלאָצט פאַר זיך מיט אַ פּאָר פאַרטאַיעטע אויגן — געגלאָצט צו דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, ביי וועלכער עס זענען גע־שטאַנען סטערטעס מיט שאַכטלען, קאַרטאָנען, קעסטלעך און כלערליי פּודלעס, ביז אַרויף צום פאַרויכערטן סופיט.

— ער איז נעבעך נישט געזונט, מיין פיניעלע און מען ווייסט נישט וואָס אים איז... שוין אויסגעווען ביי די גרעסטע פּראָפעסאָרן.. זאָ, זאָ... און אַ שאָד, וואָס מיין פרוי איז נישטאָ, — האָט ער זיך מתנצל געווען, — זי איז אַביסל באַשעפטיקט ביי אַ קימפּעטאָרין... אַז די פּרנסה איז געשלאָגן... אָבער באַלד וועט אַריינקומען מיין טאָכטער... די עלטסטע... מאַשע! מאַשעלע, ווו ביזטו? זיצט, מיינע הערשאַפטן... וואָס זשע מאַכט זי, מיין שוועסטער צירל, און איר מאַן?

אַז דער שאַכטל־מאַכער, וואָס הייסט פישל מאַליץ, האָט אויסגעהערט דעם פאַדראָבנעם גרוס פון זיין שוועסטער, וועגן איר ווויליין, טואונגען און וועגן גבעוניה, האָט ער זיך צעשמייכלט, אַ וויש געטאָן די אויגן און צענומען די הענט:

— נו, גאָט זיי דאַנק, טאַקע צופרידן, טאַקע אָנגעלייגט... נו, זאָל כאָטש איר זיין גוט און איך וואָלט כאָטש אַוואַדע וועלן צירלען לאָזן הערן בשורות טובות אויך פון אונז, אָבער... לוידער... לוידער גאָטעס... די צייטן זיינען זייער ביטערע.. אָט, אַ וואַנט מיט אויסגעאַרבעטער וואַרע... שיינע סחורות, נאָר קיין אָפּנעמער און קיין בעלן איז נישטאָ כ'בין אַליין דער פאַבריקאַנט, דער מייסטער, אַליין דער געזעל, אַליין דער טרעגער, און גאָרנישט... אַי, וואָס זיץ איך און קלעפּ, נאָך און נאָך קעסטעלעך? איז דער ענטפער: געבליבן אַביסל מאַטעריאַל, בייסן די פינגער, קלעפּט מען... אַנישט וואָלט מען דאָך פון זינען אַרונטער...

אַ ייִד דאַרף היינטיקע צייטן זיך „זאַבאַוויען“, פֿאַרשפּילן און פֿאַרטומלען סיי די הענט, סיי דעם מוח... וואָרום דער מוח אַרבעט און פֿאַרשלעפּט צו אַלדי גוטע יאָר.. אָ, אַנטשולדיקן זי, מיינע הערשאַפֿטן... ווו איז טאַקע מאַשע? מאַשע! מאַשעלע!

דורך דער גלעזערנער טיר, אויפֿן גאַניק, האָט זיך געזען אַ שאָטן, אַ שמאָלער פּראָפֿיל-סילועט. די טיר האָט אַ סקריפּ געטאָן אויף די אַנגלען און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ שלאַנק, יינג מיידל, אַ בלאַסע, אַ פֿאַרטראַכטע, מיט אַ בוך אין האַנט. דערזען פֿלוצים פֿרעמדע מענטשן אין קיך, האָט זי זיך געוואָלט צוריקציִען, אָבער שוין מעו נישט געקאָנט. איז זי געבליבן שטיין אַביסל אָנגעדרודלט, אָנגעבלאָזן; זי האָט בלויז געשאַרט מיט די פֿיס אויף צוריקצווועגס און געוואָלט באַהאַלטן די פֿאַרלאַטעטע שיך. רויטלעכע פֿליאַמעס האָבן אויפֿגעבליט אויף אירע באַקן; זי האָט געפֿינטלט מיט די גרויסע קאַרע אויגן און די צוויי צעפּ, פֿאַרוואָרפֿענע איבער די אַקסלען, האָבן זיך אַ טריפּע געטאָן ווי טונקעלע שלאַנגען איבערן אָפּגעבליאַקעוועטן, העלן סיצענעם קלייד.

— מאַשע, באַקען זיך מיט די הערשאַפֿטן פֿון פּאַלעסטינע... — האָט דער פֿאָטער צו איר געשמייכלט, — האָטט אַ גרוס פֿון דער טאַנטע צירל...

דאָס מיידל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אויף איר קליינעם, פֿאַרשלאָסענעם מויל, האָט אַ שמייכל זיך אויסגעקאַרבט.

— מאַשעלע, טאָכטער, איידער וואָס ווען, נעם און כאַפּ אַרויף אַביסל כיבוד. אַ סיפֿאָן סאָדע-וואַסער מיט בישקאָפּטלעך... נאַ...

ער האָט אַרומגעקוואַצט אין וועסטל-קעשענע, אַרויסגעצויגן אַ מטבע און זי געהאַלטן צווישן די פֿינגער, ווי אַ שמעק-טאַבאַק...

דוד ראַפּאָפּאָרט, איש גבעוניה, איז געווען אין אַ פֿאַרלעגנהייט. זאָל ער זיך אָפּזאָגן פֿון כיבוד און מבייש זיין אַ ייִד, אַן אָרעמאַן? אַן איינפֿאַל האָט אים אַ פֿראַל געטאָן אין קאָפּ:

— אַנטשולדיקט, איך האָב דאָך שיעור נישט פֿאַרגעסן. איך האָב אַ מתנה פֿאַר דער יינגער פֿריילין! — האָט ער אויסגערופֿן — די טאַנטע האָט מיטגעשיקט.

ער האָט אַרויסגעצויגן דאָס טייסטערל פֿון דער בוזעם-קעשענע און דערלאַנגט עטלעכע באַנקנאָטן פֿון „אויסלענדישן“ קאָליר:

— פֿריילין.. המ... סליחה... אַנטשולדיקט, — האָט ער זיך באַמיט צו דערקלערן, — די טאַנטע צירל ווייסט נישט דער יינגער פֿריילינס מאָס. האָט זי געבעטן, אַז די פֿריילין זאָל אָננעמען מזומן און זיך קויפֿן אַ קלייד און שיך. דאָ זענען דריי פֿונט שטערלינג און אייך פֿונט פֿאַרן ברודערל... ווי הייסט ער? יאָ, פֿיניעלע, פֿאַר פֿיניעלען...

—מאַשע וואָס שטייסטו?, מאַשע, אַזאַ מתנה! — האָט דער שאַכטל-מאַכער, וואָס איז געווען אויסער זיך, געמונטערט די טאָכטער, — מאַשע!

נאָר דאָס מיידל איז געשטאַנען און זיך נישט גערירט. און די באַנקנאָטן זענען ווי פֿאַרשעמטע, נאַרישע שמאַטעס געפֿאַלן אויפֿן טיש.

— מאַשע, דאַנקסט גאָרנישט? — האָט דער שאַכטל-מאַכער זיך געערגערט — - וואָס איז מיט דיר, טאָכטער?

ס'מיידל האָט בלויז געהויבן אירע שמאָלע אַקסלען, געצוקט מיט די ליפּן און נערוועז געצופּט די סטענגעס. דער פֿאָטער האָט זיך פֿאַרכליסנעט און געשטיקט זיך מיט די רייד:

— טאָכטער, אָבער... זע דאָך... דו פֿאַרשטייסט... אַז..

— אַנטשולדיקט, — האָט מאַשע ענדלעך אָפּגעלאָזט די סטענגעס — פּשעפּראַשאַם.. איך פֿיר זיך אויף ווי אַ נאַרישע זאַך. דאָס איז פֿון איבעררעשונג, אַנטשולדיקט. איך דאַנק אייך און איך דאַנק דער טאַנטע. אָבער איך פֿאַרשטיי נישט: די טאַנטע צירל לעבט דאָך אין אַ קבוצה, פֿונוואַנען זשע האָט זי גענומען געלט מיר צו שיקן?

דוד ראַפּאָפּאָרט איז געבליבן אין אַ פֿאַרלעגנהייט. ער האָט קיין ענטפֿער

נישט געהאַט און לוי, דער פּלימעניק, האָט געקוקט אויפֿן פֿעטער אַ פֿאַרחידושטער. טאַקע, פֿון קבוצה, פֿון גבעוניה, קאָן מען שיקן געלט? ער האָט זיך נישט אָנגעשטויסן, אַז פֿעטער דוד האָט אָפּגעטיילט די עטלעכע פֿונט פֿון דרשה־געשאַנק, וואָס די מאַמע האָט אים געהאַט צוגעשיקט צו זיין חתונה...

— איך בעט אייך, אויב די טאַנטע צירל האָט פֿאַרקויפֿט עפּעס, פֿאַרקויפֿט אַ ווערט־זאַך, כדי מיר צו שיקן געלט, — האָט מאַשע ווייטער גערעדט — דאַן נעמט עס צוריק... איך קאָן זיך באַגיין אָן אַ שיין קלייד און אָן נייע שיך... דאָ איז עס איבעריק... דאָ־אָ איז מען אַליין אויך איבעריק. זאָגט עס דער טאַנטע..

דאָס מיידל האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן די בליקן פֿון די פֿרעמדע לייט.

זי איז אַריין אין אַ פֿינסטערער נישע און אַרונטערגעלאָזט אַ פֿאָרהאַנג הינטער זיך.

— עס איז איר... נו, נישט גוט... עס איז איר ביטער, — האָט דער פֿאָטער אַ מאַך געטאָן. — זי ווערט שוין באַלד זיבעצן יאָר, און וואָס? וואַלגערט זיך אויף „זשרודלאַנאַ“, און דאָ איז אַ בלאָטע, אַ פּאָדלע בלאָטע, און ס׳ברענט דאָ ס׳גהנום. אַ סכנה פֿאַר אָרעמע, יונגע מיידלעך. נשמה־כאַפּערס דרייען זיך דאָ אַרום; פּרויען־יעגערס, אַנטשולדיקט, מיינע הערן, די גאַס און אַלע געסלעך אַרום זענען פֿראַנצעוואַטע און אָנגעשטעקט מיט... מיט, זייט מיר מוחל, גאַסן־פֿרויען; מיט איינפּאַכע, פֿאַרפּעסטעטע כאָנטעס. און עס גייען דאָ אַרום קאַדעטן, מאַציאָרניקעס, כ׳בעט אייך איבער, און האַלטן אַן אויג אויף יעדן קינד, אויף יעדן מיידל, וואָס וואַקסט אונטער פֿאַר אַ פּאָר זאָקן באַקומען זיי אַ נפֿש... איך היט און היט. אָבער די פּאַצעטן, די דזשאָהובניקעס, וואַרפֿן שוין גזלנישע אויגן... כ׳בעט אייך... מיר ווי מיר, אָבער מיין טעכטערל... זי איז אַ געראָטענע, אַ פֿיינע, דייענט ביכער, מאָלט, זינגט.. איר וואָלט באַדאַרפֿט זען ווי זי מאָלט! זאָל צירל זי אַרויסנעמען פֿונדאַנען וואָס גיכער!

דער שאַכטל־מאַכער איז פֿאַרגאַנגען אין אַ געוויין.

ווען דוד און לוי זענען אַרויס פֿון פֿישל מאַלצעס דירה, האָט יעדער פֿון זיי געפֿילט ביי זיך, אַז ער וועט זיך נאָך אומקערן אַהער. ביידע האָבן געוווּסט, און ביידע האָבן געשוויגן, ווי זיי וואָלטן באַהאַלטן אַ סוד, וואָס ציט...

קאַפּיטל 30

# א ריח פון גן־עדן...

שבת אינדערפרי, פּרשה פּנחס, האָט כמעט גאַנץ יאַנעווקע געקוקט, ווי צוויי משפּחות מיט זייערע אָנגעלייגטע געסט גייען דאַווענען: פון מיטן רינג־פּלאַץ האָבן ר' מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט, „דער פריץ", זיין רבנישער איידעם, ר' שמריה, דער זון שלום יוסף, דער ארץ־ישראלדיקער זון דוד און דאָס אייניקל לוי, זיך געלאָזט איבערן ברייטן, שטיינערנעם טראָטואַר צו דער טשאַרטקאָווער קלויז. געוויינלעך זענען די בני ראַפּאַפּאָרט, אין דער צייט, שוין אין דעם ווילבעווער גוט, ווו זיי פאַרברענגען דעם זומער ביז איבערן שניט. אָבער לכבוד דודן זענען זיי אַריינגעקומען אין שטאָט אַריין מחמת זיי האָבן צוגעגרייט אַ גרויסן „קידוש" אין יאַנעווקער הויז.

דאָס גיין דאַווענען איז געווען אַ פּראָצעסיע. אין דער שבתדיקער, אויסגעשייערטער, פרידלעכער פרימאָרגן־זון האָבן געגלאַנצט זיידענע קאַפּאָטעס, ראַדזשיוולקעס, מאַר־ערנע שטריימלעך און עס האָבן לייכט אונטערגעסקריפּעט, מיט אַ שטילן געזאַנג, איידעלע הירש־לעדערנע שיך. אַ חוץ די נאָנטע בני־בית, זענען אויך מיטגעגאַנגען קרובים, שכנים און גוטע פריינט. אליקום, דער אַלטער נאמן, וואָס איז אויך אַריינגעקומען פון דאָרף, איז געגאַנגען פאָרויס, ווי ער וואָלט געמאַכט אַ וואָרע, טרייסלענדיק מיט דער צעפעכערטער, לאַנגער באָרד.

אַלע אויגן זענען געווען געווענדעט צו דעם גאַסט פון ארץ־ישראל, צו דודן. ער איז געגאַנגען צווישן פאָטער און דעם שוואָגער, ר' שמריהן. צווישן די צוויי שטריימלעך און זיידענע ראַדזשיוולקעס, האָט עראַיצט אויסגעזען היבש „וואָכעדיק" כאָטש ער האָט געטראָגן אַ דריי פּערהטלדיקן שלום־ראָק, מיט זיידענע לאַצן און אַ שוואַרצן קאַפּעליוש. דאָס האָט דער ברודער, שלום יוסף, אים אַזוי אויסגעשלייערט און אויסגעפּוצט.

— הערסטו, דוד, אַ שטיקל בעדדל האָסטו דאָך... און טאַקע מער ווי בלויז אַ התימת זקן, קאָן איך דיר זאָגן, אַז דער טאַטע, זאָל לעבן, האָט בפירוש הנאה דערפון. מיט אַ געגאָלטער מאָרדע וואָלסטו אים געווען מבייש געווען און מצער געווען... און אויב אַזוי — האָט דער ברודער זיך געחכמעט — אפשר וואָלכטן טאַקע אָנגעטאָן אַ קאַפּאָטקעלע מיט אַ שטריימל? מה כל רעש?

— ווילסט איך זאָל זיך פאָרשטעלן? ווערן אַ פּורים־שפּילער? — האָט דוד געלאַכט — עס איז די והותר, אַז אַזאַ פויער, אַ זשלאָב ווי איך, וועל אָנטאָן אַ סורטוק מיט אַ באַגאַלאַטש... כ'על מסתמא אויסזען ווי פּעטרוצקי, דער פּוילישער וואָזשני אין אַ חגא. געדענקסט, ווי פּעטרוצקי פלעגט טענהן ביי געצלען אין שענק? קוזשדין טשלאָוויעק, יעדער מענטש, דאַרף האָבן סוואָיע ריגוליאַנע, זיין רעליגיע... טשי טורעק, צי אַ טערק; טשי מאָסקאַל, צי אַ רוס; טשי ציגאַן, צי אַ ציגיינער; טשי זשיד, צי אַ ייד...

דוד האָט אַ סך געשפּאַסט, געלאַכט, און ס'איז כמעט גאָרנישט געווען צו דערקענען דעם ערנסטן „שותק", דעם איינגעהאַלטענעם פויער פון גבעוניה, וואָס האָט צעאַקערט אַ שטיק מדבר און זיך אויסגעברענט. אין אלטן, היימישן ווינקל איז אין אים צוריק אָנגעקוואָלן די אַמאָליקע גרינגע, פאַרשייטע שטיפעריש־קייט.

אין דער פּראָצעסיע צו דער טשאָרטקאָווער קלויז, צווישן די שטריימלעך און זשופּיצעס, איז ער אָבער געגאַנגען סטאַטעטשנע און מיט געמאָסטענע טריט.

אויף דער אַנדערער זייט מאַרק, נאָענט צו דער גאַרבעריי און צו די אַלטע טאָפּאָליעס, איז אַ צווייטע משפּחה געגאַנגען דאַווענען: העניעך שוסטער מיט די צוויי איידעמס, מוניע דער זייגערמאַכער און יאיר דער שניידער, האָבן געפירט זייער אַמעריקאַנער גאַסט טשאַרלי-כאַצקלען צום מנין פון די „יד חרוצים“ אין „דעמבענעם“ בית מדרשל. דאָ האָבן שוין מאַרשירט בלויז סורטוקלעך, קורצע לוסטרינענע זשאַקעטלעך, ווייכע קאַפּעליושן, שטייפע קעסעלעך און געלע שיך.

דער גאַסט אַליין — מר. טשאַרלי ווינאָקור, אַ גלאַט-געגאָלטער, אָן אויספּאָמאַדירטער, אַ פרישער, ווי ערשט פון דער קאָפּיטע אַראָפּ, אין אַ ליכטיקן אַנצוג מיט דינע שפּילקע-שטרייפלעך, אין אַ גרויען הוט מיט אַ בלויען פעדערל אין דינעם באַנטיקל — ער איז געגאַנגען מיטן פאָטער פאָרויס. ר'האָט גערעדט אויפן קול, מיט אַ סך זיכערקייט, מיט אַפּעטיט, און אַלעמאָל ארויסגעלאָזט אַ „דהאַצאָל“ און אַן „אָלרייט“, וואָס האָבן אָפּגעהילכט איבער דער לענג און ברייט פון גאַס. ר'האָט גערעדט מיט די הענט, עפּעס אָנגעוויזן אויף די דעכער, אויף די קוימענס און אויף בערגלעך מיסט. ר'האָט זיך אַביסל געבייזערט, געקאָכט און, צו ליב דער קאָכעניש, ארויסגעצויגן פון ברוסט-טאַש אַ דיקן ציגאַר און געכאַפּט בייסן דעם פּטום מיט די ציין.

— ניטע, כאַצקל! שבת! באַהאַלט! — האָט העניעך שוסטער זיך דערכאַפּט, אים אַ קלאַפּ געטאָן אין האַנט און זיך אומגעקוקט, צי עמיצער האָט נישט דערזען — כאַצקל, האָסט פאַרגעסן ווו דו ביסט און ווו דו האַלטסט.... מער דאַרף ער ניש', נאָר יאַנעווקע זאָל זען אַזאַ מעשה... שטעל'ץ פּים...

סיי אין דער טשאָרטקאָווער קלויז, סיי ביי די „יד חרוצים“, האָט מען פאַר די אורחים געמאַכט אַ וואָרע, מען האָט זיי געשטרעקט ברייטע שלום עליכמ'ס, און געגעבן עליות — אויפגערופן צום מפטיר, ווי דער שטייגער איז. נישט מער, סיי אין דער קלויז, סיי אין די „דעמבענעם“ בית מדרשל, איז ביי די עליות געוואָרן אַ פרייליכער קאָך. ווען דוד ראַפּאַפּאָרט, איש גבעוניה, האָט אָנגעהויבן זאָגן די הפטרה — „ויד הד' היתה אל אליהו וישנם מתניו“, און האַנט פון גאָט איז געווען אויף אליהו'ן און ער האָט אָנגעגאָרט זיינע לענדן און איז געלאָפן פאָרויס פאַר אחאב'ן — האָט ער זיך פאַרגעסן און, פון רגילות, אריבער אויף דער ספרדישער הברה, גאָר אַ נייעס אין די ווענט און, אונטערן באַלקן פון דער טשאָרטקאָווער קלויז. ר' אברהם-ברוך סגי-נהור האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין שטענדער און ר' לאָוויש מוהל האָט ארויסגעלאָזט אַ פּיפּכנדיקן „פּי-אי. נו-אָ“. די יונגעלייטלעך, ווידער, ציוניסטן, „משכילים“, „מידערנע“, האָבן דערפון שטאַרק הנאה געהאַט, און זיך פאָסמאַקעוועט מיט דער עברי, מיטן מלעיל און מיטן מלרע. ז'האָבן פאַרטראָנקן די „פּראָטעסטן“ מיט פרייליכע אויסרופעכצער: זאָג, דוד, זאָג, זאָג!“

ביי די „יד חרוצים“ איז צוגעגאַנגען אַביסל אַנדערש: פאַר העניעך דעם שוסטער האָט מען צוגעגרייט „שלישי“, מ'האָט פאַר אים געלייענט וויאַזוי מען זאָל איינטיילן ס'צוגעזאָגטע לאַנד צווישן די שבטים און משפּחות — „לרב תרבה נחלתו ולמעט תמעיט נחלתו“, דעם מערערן זאָלסטו געבן מער נחלה און דעם ווינציקערן — ווינציקער. פאַר די איידעמס האָט מען געלייענט די טענות פון די בנות-צלפחד און וויאַזוי צו ברענגען אַ בראַנדאָפּפער, אַ שעפּס אינדערפרי און אַ שעפּס פאַרנאַכט. און אַלץ איז צוגעגאַנגען גלאַט. נאָר ווען ס'איז געקומען צו מפטיר, האָט דער 'מעריקאַנער, טשאַרלי-כאַצקל זיך פאַרפּלאָנטערט מיט די ברכות און פייכטע ארבעס האָבן אויפגעגלאַנצט אויף זיין גאָמבע און נאָז. זיידע-נח, דער גערונגענער פּימפּכענער בעל-תפילה, וואָס איז געשטאַנען לעבן בעל-קורא, האָט זיך באַלד ארייגעמישט און אַליין אָנגעהויבן

זאָגן און יאָגן די הפטרה מיט ברען. ביי אים איז שוין אליהו הנביא נישט געלאָפן — נאָר געפֿלויגן גאַלאָפּ...

בכלל איז דער שבת געווען א פרייליכער: פון אינדערפרי אָן האָט מען געהאַלטן אין איין טראָגן „מיטן גאסט": סיי צו ר' מרדכי לייבן, סיי צו הענעך ווינאָקור, האָבן שכנים און גוטע פריינט געשיקט קוגלען און משקה, אויבס און איינגעמאַכטס, צימעס און געבעקס.

נאָכן דאַווענען האָבן יידן זיך געצויגן אויף קידוש איןביידע הייזער: יעדער האָט זיך געהאַט זיין עולם, לרוב. נאָר די שמשים און די בעלפערס, די וואסער=פירערס און די הקדש=לייט האָבן זיך קוים געקאָנט צערייסן; זיי זענען געגאַנגען אהין און אהער און זענען קוים אויסגעקומען מיט דער צייט...

דער עיקר איז ערשט געווען דער שבת פארנאַכט. ביי ר' מרדכי לייבן אין דער גרויסער עס=שטוב האָבן טשאָרטקאָווער חסידים געפּראַוועט אַ ברייטן שלוש=סעודות, און דווקא אַ זומערדיקן, מילכיקן, מיט גרויסע טעפּ סמעטענע, און קעזן און שאר ירקות פון ווילכעווער גוט. צווישן די שטריימלער זענען אויך געזעסן צילינדערס, די „דייטשן" פון שטאָט: הער סימאָן זילבער, דער ראש הקהל, דאָקטאָר ראָזענקראַנץ; יאָנאַס צימרינג, דער אָקסן=עקספּאָרטער; מארקוס טהאַלער, דער פּעכטער, און אדוואָקאַט הירשנבערג.

אויבן=אָן, לעבן ר' מרדכי לייבן, איז געזעסן דער מזיניק דוד, דער אורח פון ארץ=ישראל. און לעבן דודן — ר' גאָדל טרעגער, דער מקובל, דער „לאמעד=וואָווניק" פון יאַנעווקע. ס'ערשטע מאָל אז דער „טרעגער", וואָס האַלט זיך כסדר אין באַהעלטעניש, האָט אָפּגענויגט פון זיין דרך און זיך געזעצט אויבן=אָן, און נישט ביים עק=טיש, ווי זיין שטייגער איז. מ'האָט דערין געזען עפּעס א סימן, א ווונק...

ביי דער סעודה האָט מען געזאָגט תורה, גערעדט וועגן דער מצווה פון ישוב הארץ, און א נאָגנדיקע בענקשאַפט האָט אלעמען ארומגעכאַפּט. ר' מרדכי לייב דער „פריץ" איז געזעסן א פארטראכטער און, אזוי פארטראכטערהייט א ריר געטאָן דודן ביים ארבל: „נו? נו!". דערויף האָט דוד זיך דערמאָנט און אָנגעהויבן שטילערהייט:

— „וישבתם לבטח בארצכם" שטייט אין דער תורה... דארויף זאָגט דער מדרש „בארצכם אתם יושבים לבטח, ואי אתם יושבים לבטח בחוץ לארץ", נאָר אין אייער אייגענעם לאַנד זיצט איר פארזיכערט און רואיק, אָבער נישט אין דער פרעמד... און ר' אליעזר האָט געזאָגט, אז ווער עס וווינט אין ארץ ישראל, דער זיצט ריין פון זינד, ווי אין פסוק שטייט: „העם היושב בה נשוא עוון", דעם פאָלק, וואָס זיצט דערין, איז פארגעבן די זינד... און אין נאָמען פון ר' יוחנן ווערט געזאָגט „כל המהלך ארבע אמות בארץ ישראל, מובטח לו שהוא בן עולם הבא" ווער עס גייט בלויז פיר איילן אין ארץ ישראל, דער איז זיכער מיט עולם הבא...

דוד האָט געשפּונען א מאמר צו א מאמר און ר' גאָדל „טרעגער" האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, צענומען זיינע שווערע הענט, ווי ער וואָלט וועלן ארומנעמען מיט זיי די וועלט, אויפהויבן און טראָגן אויף זיינע ברייטע אקסלען, ווי די שווערע משא'ס, וואָס ער טראָגט אלע טעג פון א גאנצער וואָך... ער, דער מקובל האָט זיך איצטער צעזונגען, און אלע זענען געווען פאר'חידוש'ט צו הערן זיין קול, זיס און ווייך און לאַשטשענדיק, ר'האָט געזונגען די „בני היכלא," געזונגען אתקינו סעודתא, און ביי „חקל תפוחין קדישין", וואָס דאָס מיינט „דאָס פעלד פון די הייליקע עפּל", האָט ער איבערגעריסן און אָנגעהויבן זאָגן מיט טיפער דביקות, מיט פארמאַכטע אויגן און א פארוואָרפענעם קאָפּ: — און הקל תפוחין קדישין, ס'פעלד פון די הייליקע עפּל, איז דאָך אי דלעילאָ, אי דלתתא, סיי אויבן און סיי אונטן... און ווו און פאר וועמען זענען די דאָזיקע פעלדער אָנגעגרייט? פאַר די וואָס זענען זוכה זיי צו צעגראָבן און צו באַגיסן מיט וואַסער און זיי צו היטן... און ווו זענען זיי? אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד!... אי, אי... אוי! — האָט ער זיך צעלאָזט — און ווען ס'קומט צו פון דאָרטן אַן אושפּיז, אַ

גרויסער אָנגעלייגטער אורח, ברענגט ער מיט דעם ריח מיט זיך... ווי יענער אורח, וואָס האָט געבראַכט דעם ריח פון גן־עדן, אַזוי ווי ס'ווערט געבענטשט... און ווען מ'דערפילט דעם ריח, דאַרף מען דאָך אַ ברכה מאַכן, עלעהיי אויף טייערע בשמים, עלעהיי...

אויך ביי הענעך שוסטער אין הויז איז דעמאָלט געווען אַן עולם און מען האָט גענומען אַ וואָרט אין מויל אַריין: ס'זענען זיך צונויפגעקומען כאַצקלס אַמאָליקע גוטע ברידער, שמאילע גלעזער, מוציע קאָוואַל, די קלעזמאָרים, סענדער סטאָליאַר, הענעך שוסטערס געזעלן און סתם יונגעלייט און מיידלעך, וואָס האָבן אָנגעפילט די שטוב. מ'האָט געגעסן אויבס, געקנאַקט דיניע־קערלעך, ניס און געקייעט טשאָקאָלאַד. דערנאָך האָט כאַצקל־טשאַרלי געהייסן אַריינקאַטשען צוויי פעסלעך ביר, און זיין אַמאָליקער חבר קיווע גולאַש, דער יאַנעווקער הויפּט־קעלנער, האָט זיך דערביי מתעסק געווען. ס'איז געווען חי־געלעבט. מ'האָט געזונגען לידלעך און געמישט איינס אין אַנדערן: האָט עמיצער אָנגעהויבן וועגן די צוויי טייבעלעך, וואָס זענען געפלויגן און „זיך מיט די פּיסקעלעך געקושט", איז אַ צווייטער אַריין אין דער „טייערער מלכה געזונט זאָלסטו זיין", און אין אַ ווינקל האָט אַ נאָגנדיק קול גענומען ציען, אַז „פּאַפּיר איז דאָך וויים און טינט איז דאָך שוואַרץ". ביז מ'איז אַרויף אויף „זונטיק בולבעס, מאָנטיק בולבעס" און „האָפּטשיקטשאַק".

צווישן די לידלעך און דעם צווייטן פעסעלע ביר האָט מען דערציילט מעשיות, וויצן, געלאַכט און שיער איינגעלייגט די ווענט. כאַצקל־טשאַרלי האָט דערציילט וווּנדערים וועגן אַמעריקע, פון ניו־יאָרק, און דערביי יעדן איינעם געקלאַפּט אין פּלייצע אַריין:

— אָ, באָי, און אַז כ'על זאָגן, וועט מען דען כאַפּן? אָט, אַ שטייגער, דאָס שטיבעלע פון הונדערט און צען שטאָק! די עמפּיר סטייט בילדינג, הייסט עס, מ'גיט דיך אַ צי אַרויף אין אַ שטייג און אָט ביסטו אויבן און דו טאַפּסט אָן די כמאַרעס מיט די הענט... שפּילסט זיך מיט אַמעריקע? און אַ שטייגער די בריק, וואָס ציט זיך אויף מיילן און אויף מיילן און הענגט אויף גאָרנישט?! אָן נאַטהינג', הערסט? אָ, באָי... און אַ טולער קאָן מען אויך מאַכן... מען ווערט נישט פאַרפאַלן. הלוואי קאָן איך אַריבערפּעקלען אַלע יידן אהין, דהאַטס עי קאָנטרי פאָר יו!... אָ, באָי, און פאַר קיין בייזן גוי האָבן מיר אויך קיין מורא נישט! מען טוט אויס דאָס רעקל, מען פאַרפאָרט דעם אַנטיסעמיט אין פּיסק אַריין און דהאַטס אָל! אַ בלעק אַי מאַך איך אים! דהאַטס עי קאָנטרי פאָר יו, אָ, באָי!

מ'האָט געכאַפּט און נישט געכאַפּט וואָס ער רעדט, נאָר געפילט האָט מען, אַז ער מיינט גוט. און ווייל ער מיינט גוט, און אַז ערגעץ אויף דער וועלט איז יידן זיבער וויל, האָט מען ווידער געמאַכט אַ לחיים און געהויבן אַ כוס, מ'האָט צערוקט די טישן און זיך אַוועקגעלאָזט אַ טאַנץ.

ביילע, די קרומע שטריק־דרייערין, האָט געשפּילט אויף אַ קעמל מיט אַ שטיקל ביבולע־פּאַפּיר, עמעצער האָט צוגעקלאַפּט אויף אַ בעקעלע, אויף טעצ־לעך און מ'האָט געפּאַטשט אין די הענט. מ'האָט געטאַנצט אַ טראַמבאָליאָן־פּאָלקע, אַ קאָקעטקע, אַ ווענגערקע און אַ קאַדריל.

און ווייט אַרויס, אין דער טונקעלער גאַס, ווו דער פאַרנאַכט האָט אַראָפּ־געניידערט און דער שבת־קודש האָט זיך געקליבן אַוועקצוגיין, האָט זיך געטראָגן אַ געזאַנג:

בײַ דער מומע פעסל, פון הינטערגעסל,
וואָס זי הינקט און זי ווינקט מיטן לינקן גרויסן אויג —
שפּילט הערש־מײַלעך, הויך און פרײַלעך,
און גדליה לישעט אויף דער פּויק..."

און צוזאמען מיטן געזאנג און דעם קלאפעריי האָט זיך געהערט דאָס „אראַנזשירן“ פון קאדריל:

— אַלעי, פאַסעי... געגאַנגען... שאַנזש־דע־פּלאַס, שטעל אַ פוס... אַלעי, פאַסעי...

ווען שטערן האָבן זיך באוויזן און מ׳האָט אָנגעצונדן ליכט, האָט מעכציע, דער שאלאַש־שמש, געבראכט די כלים פאַר די קלעזמער און מען האָט אויסגע־שפּילט „לכבוד דעם גביר און גוטן ברודער און דעם גאָלדענעם האַרץ און טייערן יונג כאַצקעלע ווינאָקור פון אַמעריקע, זאָל לעבן, אַ פריילעכן וויוואַט און אַ מאַרש!“.

האַלב יאַנעוועקע האָט זיך געריסן צו די פענסטער און פאַרפּלייצט די גאַס. לעבן פלויט פון גערטנדל, האָט זיך געשאַרט אַ פיגור, ווי אַ לאַנגער, שמאָלער שאָטן, וואָס שטעלט זיך נאָר „סטאָרצאָם“, רוקט זיך, גליטשט זיך און שטייט פאַ[illegible] אַן אָרט. ס׳איז געווען לוי ברוידעס, דער „פּריגץ“, ר׳ מרדכי לייב ראַפּאָפּאָרטס אייניקל.

אין די עטלעכע טעג, וואָס לוי גע פינט זיך אין שטעטל, האָט ער בלויז איין־און־איינציק מאָל באַוויזן צו זען קלאַראַן און מיט איר צו רעדן אַ וואָרט. די באַ־געגעניש איז געווען אַ רעטעניש: ר׳האָט אויף איר געקוקט, זי געהערט און איר קול האָט אים געקלונגען מאָדנע ווייט און... פרעמד. האָבן די עטלעכע חדשים, וואָס ע[illegible] פאַרבראַכט אי[illegible] עמבערג, אויסגעפּלאָסטערט אַ מחיצה פון צענד־ליקער מייל? און ווער האָט זיך געשטעלט צווישן אים און איר? אפשר די משו־מדים־טאָכטער, די פאַני זאָפּיאַ? אָדער גאָר דער שאָטן פון לעמבערגער שאַכטל־מאַכערס טאָכטער פון דער „זשרודלאַנאַ“־גאַס, — דער שאָטן פון דער שווייגענ־דיקער, [illegible] אָקעגער און פאַרצ[illegible]טער מאַשע מיט די צעריסענע שיך, גליענדיקע אויג[illegible]ן דיקן מויל? אַ רעטעניש!... וואָרעם, אָט האָט עס אים פּאַרט אַ צי געטאָן צו קלאַראַן, כאָטש ער ווייסט נישט וואָס ס׳דערוואַרט אים דאָרט...

און ס׳איז דאָך געגנוג געווען, אַז קלאַראַ זאָל אים צושיקן אַ צעטעלע, אַז ער לוי, זאָל זיך אַרויסשאַרן פון שטוב, איבערלאָזן דעם עולם אין זיידנס הויז, איבערלאָזן דעם ארץ־ישראלדיקן פעטער דודן און פאָלגן דעם רוף. אַ מאָדנע צעטעלע האָט זי צוגעשיקט: „קום אַריבער צו אונז, לוי. ביי אייך פרעפּלט מען מסתמא, ביז לאַנגוויל ביי אונז איז לעבעדיק.“

אָפּשטעלנדיק זיך ביים הינטערשטן פלויט פון הענעך שוסטערס דירה און הערנדיק דאָס געזאַנג און דעם טומל פון אינעווייניק, האָט אים געקבערט אַ שאלה: מיט וואָס זענען די טועכצער דאָ־אָ, ביי הענעך דעם שוסטער, בעסער ווי דעם זיידנס שלוש־סעודות־טיש און די תורה, וואָס ר׳האָט געהערט, און די טיפע בענקשאַפט און די שטילע חדווה, וואָס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט? דער שלוש־סעודות דאָרטן און דאָס טענצל דאָ־אָ, פאַרוועט מען דאָך אין דער זעלבער מינוט און ביידע זענען אָנגעקוואָלן פון דעם זעלבן מקור? סיי די, סיי די אנדערע רייסן זיך דאָך פון דער שטייג, פון דער צוואַנג פון דעם טיפן קלעם — רייסן זיך אַרויף צו דער פריי, צו מרחב און צו זיך, צום מענטש... „אלו ואלו דברי אלהים חיים הן“ מיינט דאָך, אַז די איינע און די אַנדערע זענען לעבעדיקע יידן און אַ געטלעכער פונק טליעט אין זיי און האַלט זיי אויף...

פונדעסטוועגן איז ער, לוי, געבליבן שטיין ביים פלויט און נישט אַריינגע־גאַנגען אינעווייניק. די אומגעזעענע מחיצה צווישן אים און קלאַראַן האָט דער־ווייל נישט דערלאָזט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז צוערשט דאַרף ער זי טרעפן ערגעץ אין דרויסן אויג אויף אויג, און זיך פאַר איר מתוודה זיין: צוערשט דאַרף ער, און מוז, דערציילן אַלץ, וואָס איז מיט אים געשען אין לעמבערג און הערן וואָס זי האָט צו זאָגן דערויף... און אַז ער וועט אויפשליסן זיין מויל און רעדן — רעדן אומיסטן און מיט כוונה — וועט זי פאַרשטיין און מודה זיין, אַז די שולד איז דווקא אירע, און אַז זי האָט דערפירט דערצו? וועט זי צוגעבן, אַז זי אַליין

איז געווען די סיבה פון אַלע זיינע נביונות און וועט זי בעטן פארגעבונג, וועט זי אויפגעבן איר עקשנות און זאָגן: „איצטער, לוי, גיי איך מיט דיר, און נאָך דיר, און איצטער הויבן מיר אָן דעם וועג?...“

אינעווייניק האָבן די קלעזמאָרים געשפּילט העכער און העכער און ער האָט אַרויסגעהילכט אין גאס אַרויס:

— אַלעי, פּאסעי... געגאנגען... שאַנזש־דערפּלאַס, שטעל א פּוס... אַלעי, פּאסעי...

## קאַפּיטל 31

# צווײ בשורות...

עטלעכע טעג איז אין יאַנעווקער גרויסן קהלס הויז געשטאַנען אַ רעש און אַ יאריד. פון אַלע גאסן און געסלעך, אפילו פון אַרומיקע דערפלעך, האָבן יידן און יידענעס און קינדער זיך כסדר געצויגן אַהין אין גרויסער געשפאַנטקייט און נייגיריקייט. מ׳איז אַריין און אַרויס אין ברייטן טויער, געשטאַנען אין רעדלעך פּאַרזפלויט. זיך געקאָכט, געטענהט אויפן קול, און אויך אין דער שטיל מיט אַ אָנצוהערעניש און אַ ווונק.

— נו, געפּועלט?

— ס׳הערט זיך? באַקומען אַ ביסל „גרינע לאָקשן"?

— אַז קרובים שיקן, האָט מען.. און אַז מען בעט טובות און לאַסקעס, פּאַקט מען!... מען פּאַקט און מען זאָכט... אַז אָך און וויי...

— אַמעריקאַנער נותנן דאָך אָבער פּאָרט! וואָס־וואָס? נישט גענוג? וואָס דאַרף מען זיך קריוודען, וואָס צעריסענע קישקעס. אַ קבצן איז אַ לעכערדיקער זאַק... שטאָפּ און קראָפּ, און עס רינט ווי פון אַ טאָפּ.

— ס׳מזל אויף די שונאים... אויף די שונאי ישראל און שונאי ציון געזאָגט געוואָרן, גיך און באַלד, טאַטע געטרייער!

— און כאַצקעלע, האַ? „מיסטער" רופט ער זיך. זיך דעראָביעט. פון לייט הערן דראַבעס, און פון דראַבעס ווערן לייט! שפּילסט זיך מיט דעם אַמעריקע?!

„אַמעריקען" — דאָס איז מר. כאַצקעל־טשאַרלי ווינאָקור פון ניו־יאָרק, הענעך דעם שוסטערס זון, וואָס זיצט איצט אין דער גרויסער קאַנצעלאַריע פון קהל און טיילט: דעם אַביסל מזומן פון אַ קרוב אויף יענער זייט ים, יענעם אַ מתנה און אַ בריוו, און אַ דריטן עטלעכע טאָלער שטיצע, וואָס די לאַנדסלייט האָבן מיט אים מיטגעשיקט.

נישט נאָר אָפּגענע קבצנים קומען אַהער — נאָר אויך באַהאַלטענע אָרימעלייט, יורדים, וואָס כאַפּן זיך אַריין צווישן טאָג און נאַכט און רעדן מער מיט תנועות און מיט אַ ווונק, איידער מיט רייד און מיטן פולן מויל...

לעבן אַמעריקאַנער ביים גרויסן טיש זענען געזעסן ר׳ יעקב הלל דיין (דער רב ר׳ אַנטיטעלע איז געווען אין אַ וואַרעם־באָד), דער ראש־הקהל, הער אביגדור ציפּערשטיין, אַ פּאָסאָליע־עקספּאָרטער, אַ משכיל מיט גאָלדענע ברילן, מיט אַ רונדיקן בייכל און אַ קײלעכדיקער, בלאָנדער, צוגעשטוצטער באָרד; און נאָך עטלעכע ראַטמענער, וואָס האָבן זיך כסדר געביטן און געהאַלטן אַן אויג.

כלל נישט אָפּגעטראָטן פון כאַצקלען איז זיין אַמאָליקער חבר קיווע גולאַש, דער אויבער־קעלנער פון יאַנעווקער האָטעל „פּאָלאָניא" — ר׳איז געשטאַנען ווי אַ לייב־וואך, קעגן אַן עין־הרע, אין ווי אַ זאַך מאַכט זיך, טאָמער דאַרף מען עפּעס אַ מויל, הייבן אַ יד, אָדער גאָר טאַקע געבן קלעפּ...

די פּרנסים און די חשובע לייט האָבן מיט כאַצקעל־טשאַרלין געהאַט אַ לאַנגן שמועס באַלד ווי ר׳איז אָנגעקומען, און האָט זיי איבערגעגעבן אַ ביסל געלט פאַר קהלשע הצטרכותן. איצט איז ער געזעסן צווישן זיי אַן אויפגעראַמטער, אַן אויפגעלייגטער און געהאַלטן שטאַט. און קיווע גולאַש, מיטן וואַסער־קאָפּ און די קעלבערנע אויגן, — ער האַלט וואַך...

וואָרעם יאַנעווקע איז מיטאמאָל צעטיילט געוואָרן אין צוויי לאַגערן: אין „אַמעריקאַנטשיקעס" און „פּאַלעסטינטשיקעס". מיטל־יעריקע לייט, דער עיקר דער דלות, פאַרצערטע מענער, פאַרדאגהטע ווייבער און דערשלאָגענע כלות — זיי האָבן געהאַלטן פון כאַצקל־טשאַרלין שטאָל און אייזן, און האָבן אים געבענטשט און באַזאָגט: אַז לעבן דער „אַמעריקע" קאָן מען זיך „פּאַזשיווען" — מ'זעט זיך מיט אַ לעבעדיקן גראָשן באַלד אויף דער האַנט. הלוואַי קאָן ער, דער כאַצקעלע, אויסטיילן אַביסל „פּידיוויטס" מיט שיפסקאַרטן און פאַרנעמען אַהין. ווו ס'איז נאָך אַ שיינע ליכטיקע וועלט. און פון „פּאַלעסטינע" וואָס האָט מען דערוויי, וואָס? וואָס האָט מען פון די שיינע דרשות, מיט וועלכע מרדכי לייבס זון, דער בערדיטשעווער זוד, איז מכבד יאַנעווקע? אַפילו קיין באָקסער און קיין פייג האָט ער נאָך נישט מיטגעבראַכט... ער פאַרדרייט נאָר דעם קאָפּ ביי די בחורים און מיידעלעך, רעדט זיי אָן איבערצולאָזן די היימען, טאַטע־מאַמע און צו הייבן פיס... און וואָס־וואָס, משיח קומט שוין אפשר אָן? קומען וועט משיח אַוודאי טאָן קומען; אוי, ווי דערלעבט מען שוין די מינוט, און זאָל מען נאָר זוכה זיין דערצו! די צייט איז מסתמא נאָך נישט געקומען אויסגעלייזט צו ווערן פון דעם ביטערן גלות און פון דער גרויסער פּיין. דער אין הימל האָט אַוודאי זיין חשבון; ער וואַרט, און ער וואַרט און ציט; און מיר זענען הפנים נאָך נישט ווערט... און דעריבער וועט ר' מרדכי לייבס מוזיניק משיחן נישט דייסן פאַר די פּאָלעס, ער וועט אים נישט טרייבן מיט קיין געוואַלט, גלייך צו פירן אַלע יידן קיין ארץ־ישראל.

אויך דוד ראַפּאַפּאָרט, איש גבעוניה, האָט געהאַט אַ צד: די וויל־לערנערס, סטודענטן, אַ צאָל געזעלן, עטלעכע חסידים, און דער עיקר, אַ מחנה עלטערע הדר־יינגלעך, וואָס שפּינען אָן אַלטן טרוים. ביי זיי האָט דוד אָנגערירט די יונגע הערצער און צעפּיאַקערט זייער דמיון; זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען פוס־טריט און געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס ר'האָט אַרויסגעזאָגט. און אין גרויס שפּאַנונג האָט מען זיך געגרייט צו זיין לעקציע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף אַ פּראָסטן מיטוואָך אויף דער נאַכט אין דער יידישער ביבליאָטעק.

ביז וואָס־ווען האָבן, אָבער, די צוויי לאַגערן — די „אַמעריקאַנטשיקעס" און די „פּאַלעסטינטשיקעס" — זיך דערוויילע אַרומגעריסן און שטאָט איז גע־גאַנגען אויף רעדלעך. ס'איז געווען לעבעדיק אין יאַנעווקע.

דער הידוש איז נאָר געווען, וואָס די מחלוקה קעגן „אַמעריקע" האָט צו־מייסט געפירט נחמן־לייזער, דער מעקלער; נחמן־לייזער „גילקעלע". ער האָט געפייערט, געגאָסן שוועבל און פעך:

— מילא, דער 'מעריקאַנסקי בנ'אָק, ווי דער בנ'אָק! ער זיצט און טיילט... טיילט, עלעהיי שטיקער לויתן און שור הבר... נו, דאַרויף איז עס דאָך מיסטער כאַצקעלע דראַב! — האָט דער מעקלער געציטערט מיט זיין גילקעלע אויף דער נאָז — אָבער הענעך שוסטער, דער מאַטע'רו, מאי קאָ משמע לן? זיצט ער זיך, דער ר' הענעך הסנדלר אין קהל, אויבן־אָן, און זאָגט ווי אין דער מגילה שטייט: ככה יעשה לאיש... עלעהיי דער בנ'אָק וואָלט געטיילט פון זיין אייגענער קעשע־נע... און ס'תקיפות און ס'גדלות, וואָס מורנו ר' כאַליעווע ווייזט דערביי אַרויס! מ'זאָגט מיר, אַז דער הענעכל האָט זיך געקויפט אַ טייער מאַרדער שטריימל און זיך געלאָזט נייען אַ זיידענע קאַפּאָטע. צ'הערט? כ'בעט אייך, איר זאָלט מיר געזונד זיין, צו וואָס דאַרף אַ שוסטער אַ שטריימל, צו וואָס? געלט און שטיוול איפּן דראָזשיק זענען אים ווינציק, האַ? איז דער ענטפער: נאָר פאַר גדלות!

נחמן לייזערן האָט אונטערגעהאַלטן דער אַלטער, האָרבאַטער חיים־חנא „רופא" — אַ מומחה אין שטעלן באַנקעס, פּיאַווקעס און איינרייבן די קרוזשעס מיט פּידעלדיק זאַלב. חיים־חנא פּאַפּקעט דאָס קורצע פּייקעלע, וואָס טרייסלט זיך ביי אים צווישן די ווייסע וואָנצעס און ווייסן, שאַרפן בערדל, און בלאָזט רייך פון ביליקן פּאַטרוכע־טאַבאַק:

— ס'אַ ביטער חולאַת... גדלות... ס'אַ קאַרבונקל מיט היץ... פּיש־פּיש... כי־כי — האָט ער געדזשאַמדזשעט מיט די הוילע יאַסלעס — און אָפּעס בעבען

זיי צו, די היינטיקע מומחים, וועגן א „אַלע גלייך".. דעמאָקראַטיע, רופן זיי עס. קראַץ אַ בלאָטער — שפּרינגט אַרויס א טאַטער... ס'אַ ביטער פּעקל, אָבער, עך בין נאָך אַ קייזער־קעניגלעכער. איז געווען א קיסר פראַנץ יאָזעף, אַ גוטן זכות זאָל ער טראָגן, איז געווען אַ סדר און ס'איז געגאַנגען גלאַט. עך בין געווען עך, די ביזט געווען דו, און האַבט אַכט! איצט, נישטאָ קיין קיסר, און נישטאָ קאַ מעטע... אַ לאַטע מיט אַ שמאַטע... זע'ץ און קוק'ץ!

לצ'ב האָבן חושד געווען, אַז די צוויי יידן פירן די מחלוקה, מחמת כאַצקל האָט נישט „גע'נתנ'ט" וויפל זיי האָבן דערוואַרט. דער אַלטער רופא האָט גע־לייקנט שטיין־און־ביין און געקייכט:

— עך, אַ טשיסטע קייזער־קעניגלעכער, וואָס האָט געשטעלט באַנקעס צו גראַף פאָן באַוואָרוו, עך בין געשטאַנען „האַבט אַכט" פאַר דעם־אָ נימאַנד? עך, ש'מיגלעך! ש'מיגלעך!

און נחמן לייזער, אַ ייד אַן עיקש, אַ „פאַרשייטער קבצן", אַזן אַן אומרו, האָט געסאָפּעט און געטרייסלט ס'ניקעלע פון דער נאָז:

— ס'איז באַמקעס! רכילות! נחמן לייזער בר' שרגא־פייוויש איז קיינמאָל נישט געווען ביים דעמאָקראַזיקן דראַב! לא יתכן! דאָס לאָזט מען אומיסטן אַרויס בייקעס! און פאַרוואָס ווידער פאַר גדלות! די כאַליעווע דאַרף אַ שטרייכל און דאַרף נחמן־לייזערן. מיך, מיך, צום רומעל! שקר וכזב. כ'בין נישט געווען! פאַרדריסן פאַרדריסט מיך אָבער אויף ר' מרדכי לייבן. צו וואָס איז ער גע־גאַנגען צון אים? מה ראה לשטות זו? ר' מרדכי לייב ראַפּאַפּאָרט נעמט און הייבט זיך אויף און א'ז זיך מטריח און גייט, בכבודו ובעצמו, אליין אַריין אין קהלס שטיבל, גיט אָפּ שלום עליכם כאַצקעלען, דעם זשלאָב, און זאָגט אים נאָך שבחים בפניו. הישמע כזאת? נו, ווייל, וועט מען מיט ענטפערן, אַז ר' מרדכי לייב איז אַ גרויסער ליטישער ייד און האָט עס געטאָן מפני דרכי שלום. פרעג איך, און מקשין העולם, צו וואָס דאַרף ר' מרדכי לייב אַ „שלום" מיט דער כאַליעווע א'ן מיט זיין 'מעריקאַנטשיק? און וואָס איז טאַקע געווען דער שפּיץ? ס'מעריקאַנער כאַצקעלע, דער באַלוואַן, האָט אַריינגעלאַכט ר' מרדכי לייבן אין פּנים אַריין מיט חוצפּה, מיט עזות און מיט אַ שמעל, און שוין!

די מעשה, אַז חאַצקעל־טשאַרלי האָט חוזק געמאַכט פון ר' מרדכי לייבן, איז געווען אַ גוזמא; לצים האָבן דאָס אויסגעטראַכט. פאַרקערט: ווען דער אַמע־ריקאַנער האָט דערזען דעם ווילבעווער חסידישן „פריץ" אין באַגלייטונג פון זיין אייניקל לוין, האָט ער זיך פאַרלוירן, צעטומעלט געוואָרן און געגאַפט. דרייסיק יאָר זענען ווי אַוועקגעווישט געוואָרן, ר'האָט פאַרגעסן ווו ער האַלט אַליין אין דער וועלט, און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ר'איז נאָך אַלץ דאָס צעפּלאָ־שעטע יאַנעוווקער יינגל, וואָס גלאָצט מיט אָפּשיי פאַרן „פריץ" דעם למדן, דעם געהויבנסטן יידן פון שטאָט. ר'האָט געשמייכלט פון צעטומעלטקייט און געהאַלטן אין איין איבערהזרן:

— אַ שיינעם דאַנק, יעס... אַ שיינעם דאַנק... טהענקיו... ס'איז אָלרייט... שור...

וואָס כאַצקל־טשאַרלי איז אויסן געווען מיט „כ'וויים" האָט קיינער נישט געוווסט. פונדעסטוועגן האָט יאַנעוווקע געהאַט „פּאָדעם" — געהאַט אַרום וואָס זיך צו אַמפּערן.

און קיווע גולאַש, דער פירער פון די „אַמעריקאַנטשיקעס", וואָס קאָן זאָגן גראַמען, האָט לכּבוד כאַצקלען פאַרפאַסט אַ לידל און עס געזונגען מיט די צוויי אונטער־קעלנערס, מיט דער דינסט, מיט דער קעכין און דעם וועכטער פון יואל אַלטערס האָטעל „פּאָלאָניאַ":

„לעבן זאָג קאָלומבוס, איבער ווייטע ימען,
גייען ווילן מיר צון אים, אַלע אוי, צוזאַמען;
וואָלטן מיר אַ שיף געהאַט, וואָלטן מיר געשוווּמען,
ווי זשע קאָן מען, אַז נישטאָ קאַ וויזע, קאַ מזומן.
קום אַהער. קאָלומבוסיו, כ'וויל דיר קושן אין פּיסקעניו"...

מיט דעם־אַ לידל האָט קווינע גולאַש געפירט באַצקל־משאַרלין מיטוואָך דער נאַכט צו דוד ראַפּאָפּאָרטס רעקציע.

ווען דער אַמעריקאַנער איז אַריינגעקומען, האָט דוד, איש גבעוניה, שוין געהאַלטן אינמיטן פון זיין רעדע, און דער גרויסער עולם, וואָס האָט אַ פאַרגאַפטער און אַ פאַרטיפטער געשלונגען איטלעך וואָרט, האָט כמעט נישט באַמערקט באַצקלען מיט זיין „סוויטשע״, וואָס איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל. מענטשן האָבן פּשוט געהאָנגען אויף די ווענט, יונג און אַלט. צווישן יונגוואַרג האָבן זיך געגרינט די מונדירן פון די „שומרים״ — סיי יאַנעוועקער, סיי פון די אַרומיקע שטעטלעך — און ס'האָבן געבליט די בלימלעך אין די לאַצן פון חלוצים, וואָס אַרבעטן אויף הכשרה אין דער ווישאַנקער פּאַכט, פון וואַנען זיי האָבן אַריינ־מאַרשירט אין שטאָט אַריין מיט אַ הילכיקן געזאַנג. אמונה און בענקשאַפט, דבקות און אַנטשלוס האָבן אַרויסגעגליט פון זייערע אויגן, וואָס זענען געווען אָנגעשטעלט אויף דודן, דעם שליח פון ארץ־ישראל, וואָס ברענגט אַ בשורה פון בויאונג און דעם רוף צו באַנייונג, אַזוי פּשוט און פּראָסט.

און דודס קול האָט זיך געכוואַליעט איבער די קעפּ, אָנגעלאָדן מיט כוח און דערביי באַדאַכט און געצאַמט:

„אונזערע קעגנער וואַרפן אונז פאָר, אַז מיר, וואָס לעבן אויף דעם אַלטן מדבר און בויען דאָס לאַנד, צעמענטירן עס און גרונטפעסטיקן עס מיט די צרות און לייד פון אונזער פאָלק, אונזערע קעגנער טענהן, אַז וואָס ערגער עס לעבט זיך יידן — עקאָנאָמיש, פּאָליטיש — אין די לענדער פון דער צעשפּרייטונג, אַלץ גרעסער ווערט די שמחה און די גדולה אין אונזער לאַגער, מחמת בעסערע אויסזיכטן אויף אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג און אַ מאַסן־געלויף. אָבער, צי איז דאָס באמת אַזוי? זאָל איך זיך אַריינלאָזן אין אַ וויכוח און באַווייזן ווי פאַרפירט און פאַלש די דאָזיקע קלאַגע איז? „לאָזט מיר אייך דאָ זאָגן״, האָט דוד אויפגע־הויבן די האַנט ווי צו אַ שבועה, „אַז קיינער, קיינער, קוקט נישט אַזוי אַרויס אויף פּאָליטישער און עקאָנאָמישער בעסערונג בכל תפוצות ישראל אַזוי ווי מיר! קיינער באַגערט דאָס נישט אַזוי שטאַרק ווי מיר. ראשית איז דאָס סתם גוט פאַר יידן; פאַר מענטשן. והשנית איז דאָ אַ טעם, אַ כוונה און אַ תכלית דערביי: מיר ווילן, אַז יידן, די יידישע יוגנט, זאָלן קומען בויען זייער לאַנד מתוך חדווה, פון גרויסן באַגער און טיפער בענקעניש, און נישט לויפן און אַנטלויפן פון אַ בראַנד. וואָרעם לויפן פון סכנות איז משמע אַ מוז. אָבער מיט לויפן זיך ראַטעווען ברענגט מען קיין קרבן נישט. דאָס איז דרך הטבע, דאָס איז מענטשלעך, אָבער נישט גרויס. און אונזער לאַנד, וואָס וואַרט אויף אויסלייזונג און אויף באַנייונג, קאָן אָן קרבנות זיך נישט באַגיין. מ'דאַרף אַריינבראָכן כוח און מוח און לייב־און־לעבן; שמחה און חלומות און זיך קוויקן מיט דערוואַרטונגען... און בלויז די, וואָס האָבן אַ זעליש באַדערפעניש פאַר אייגענער אַלטער ערד, און די, וואָס האָבן אַ טיפע אַנונג פאַר דאָס קומענדיקע אין גלות, די וועלן לאָזן די כלומרשטע באַוואָרעניש, די איינגעפונדעוועטקייט און די איינרעדעניש פון הונדערטער יאָרן פון אַלטגעזעסנקייט, זיי וועלן הערן דעם רוף און עולה זיין. פּאָליטישע בע־סערונג יאָ היי? אדרבה: אַלע דאַרפן זיך איינשטעלן דערפאַר! און נאָך ווי! צי וועלן די בעסערונגען קומען דאָ־היי? איך בין קיין נביא נישט און, זייט מוחל, וואָס ב'וועל אייך מיט קיין נביאות נישט באַלעסטיקן״.

— סעי, וואָס זאָגט ער דאָרטן? פּליז! — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט באַצקל־משאַרלים קול — סעי, העכער אַ ביסל, פּליז...

ס'איז געוואָרן אַ שטיקל צערודערונג. ערשט איצט האָט מען באַמערקט דעם אַמעריקאַנער מיט זיין שוועסטער קלאַראַן און דעם גאַנצן „אַנטוראַזש״. מ'האָט זיך אַביסל צערוקט, געדריקט צו די ווענט און געמאַכט אַ דורכגאַנג צום רעדנער־טיש. פאַרט אַ גאַסט פון מדינת הים. מ'האָט זיך צונויפגעקוועטשט, צו־געשטעלט עטלעכע בענקלעך און אַוועקגעזעצט באַצקלען מיט קלאַראַן פּונקט אַנטקעגן דודן.

ביי אַ טייל פון עולם האָט עס אַרויסגערופן אַ חידוש: וואָס זוכט דאָ דער

„אמעריקאנער"? ווייסן ווייסט מען ווייל, אז אים ליגט אין קאפּ אַ שיינע כלה, אזוינס און אזאס, וואָס ער וואָלט וועלן אריינכאפּן און ברענגען קיין ניו־יאָרק. נו, איז דאָ דער פּלאַץ אויף צו זוכן אַ שידוך, און גראָד איצטער־אָט אייניקע האָבן זיך געחידושט, למאי די „פּרימאַדאָנע", קלארא, וואָס קאָקעטירט מיט רעוואָלוציע, פּונקט ווי זי פּאַראַדירט מיט איר שיינקייט, איז מיטגעקומען אהער. האָט זי עס געטאָן דערפאַר, וואָס לוי ברווידעס איז דאָ, און צוליב דעם, וואָס דער מאָדנער „פּלירט" האַלט נאָך אָן צווישן זיי?

נאָר צופיל האָט קיינער וועגן דעם נישט געקלערט. ארץ־ישראל האָט געצויגן ס'האַרץ און נישט געלאָזט קיין פּלאַץ פאַר שטותעריי. פאַראַן בילכערס וואָס צו טאָן.

האָט שוין קיינער כמעט נישט באַמערקט ווי קלאַראַס אויגן שיסן ממש מיט פייַלן אָן לוין, וואָס זיצט לעבן פּעטער דודן, הערט זיך צו און פאַרצייכנט עפּעס אויף שטיקלעך פּאַפּיר. אין איר צילן איז געווען רוגזה, אומגעדולדיקייט, צערייצטקייט און איראָניע. ז'האָט זיך געפּילט געטראָפן, למאי לוי האָט ביי זיך געקאָנט פּועלן נישט צו קומען צו איר שבת־צו־נאַכטס, כאָטש זי האָט אים צוגעשיקט אַ בריוועלע. לוי האָט פון צייט צו צייט אויפגעכאַפּט איר בליק — אַ פייל, אַ שטאָך, און אַ קרום בייטער שמייכעלע, ווי אַן אָנזאָג און וואָרעניש, אז דאָס איז נאָך נישט אַלץ; ס'איבעריקע וועט ערשט קומען שפּעטער; זי וועט זיך צערעכענען...

האָט עס אים געאַרט? ס'איז אים נישט קלאָר געווען. פּעטער דודס רעדע האָט אים איצט באַהערשט דעם געדאַנק און פאַריאָגט יעדע אַנדערע גריבלעניש.

און דוד, איש גבעוניה, האָט ווייטער גערעדט:

— וואָס וויל דער ציוניזם? ער שטרעבט צו באַנייען ס'לעבן פון יידישן פאָלק און אויסצוקעמפן פאַר אים פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע און גייסטיקע זעלבשטענדיקייט. בקיצור: אַ מלוכה אין ארץ־ישראל. און דאָס איז דער איינציקער ענטפער אויף דער בידנער אויסקומעניש און דער טרויעריקער מערכה פון יידן אומעטום. און דאָס איז דער קלאָרסטער און טיפסטער אויסדרוק פון יידישן ווילן צו מאַכן אַ סוף צו זיין לאַנגע אַלס מינדערהייט; זיך צו באַפרייען פון די חסדים פון אַנדערע און פון דער צווייפלהאַפטער גנאָד, די גנאָד פון די פעלקער, צווישן וועלכע דער ייד זיצט. און כדי דאָס צו דערגרייכן — האָט דוד צעגומען די הענט — איז דער ערשטער תנאי קודם כל ליבשאַפט צו ארץ־ישראל, צי איז דאָס לאַנד, צי קליין, צי פּוסט, צי באַזעצט, צי איז דאָס לעבן דאָרט שווער, צי לייכט — מיר פרעגן קיין שאלות נישט! וואָרעם אַ היים־לאַנד קלויבט מען נישט אויס: דאָס איז גורל! און אונזער גורל איז די אַלטע ערד. און דער צווייטער תנאי איז ליבשאַפט צום יידישן פאָלק. עס דאַרף געשטאַרקט ווערן די פאָלקס שותפות, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון ייד צו ייד, וווּ ער זאָל זיך נישט געפינען, און ווער ער זאָל נישט זיין.

— יו סעד איט! ראַיט! — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט טשאַרלי־כאַצקלס קול און אין אויגנבליק האָט ער זיך געכאַפּט און מוסיף געווען אויף יידיש — געזעגטסט! בראַוואָ! אמת! אמת!

— און פאַרטרייבן די אַראַבער און גיין מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם??! — האָט קלאַראַ זיך אַ ריס געטאָן. — שפּעקולירן מיט באָדן און שנאָרן געלט און...

— סטאָפּ איט! — האָט כאַצקל אַ צי געטאָן די שוועסטער, — הער אויף! און זאָרג זיך צוועגשט פאַר יידן! שור! יעס! שור!

הענט האָבן געקלאַפּט, פיס האָבן געטופּעט און קולות האָבן שיער איינגעלייגט דעם סופיט:

— הידד! הידד דוד! הידד, מיסטער ווינאָקור! הידד, כאַצקל!

„אַמעריקע" האָט, הייסט עס, צוגעגעבן, זיך אונטערגעגעבן, און וויל צולייגן אַ האַנט.

דער דאָזיקער אומגעריכטער אויסגאַנג איז פאַר קיינעם נישט געווען אַזאַ גרויסער פּעראַזענלעכער נצחון ווי פאַר לוי ברווידעסן. קלאַראַ האָט אין איר ניו־

יאָרקער ברודער נישט געפונען קיין פאַרבינדעטן, און איר עקשנות און שטאָלץ האָבן געכאַפּט אַ פּאַטש... מיינט דאָס אַ ריס צווישן כאַצקלען און איר, און זי וועט אויפגעבן די שפּיל און די האַרטנעקיקייט?

לוי האָט עפּעס געאָנט. וואָרעם אויפן וועג אהיים האָט טשאַרלי־כאַצקל באַקומען לשון און צונגעשטאַנען מיט רייד:

— ליסן, הער אויס, קלאַרא, לאָז אָפּ די... די מעשיות... כ'בין אויך נישט קיין זייאָניסט... קיין ציוניסט... געווען געוועזן. אָבער זינט איך בין דאָ און אַ ביסל אַרומגעפאָרן, האָב איך געזען זאַכן... ס'איז שלעכט... דאָ וועט נישט זיין גוט! און וואָס זאָלן די יידן נעבעך טאָן? קיין אַמעריקע לאָזט מען נישט אַריין: מען לאָזט נישט און דאַצאָל! זאָלן זיי גיין קיין פּאַלעסטיין. מ'דאַרף זיי העלפן. שור! און דערציילן מיר נישט קיין סטאָרים, קיין מעשיות וועגן באָלשעוויזם און קאָמוניזם! ס'וועט נישט אַרבעטן. איך ווייס, און באי־דהי־וועי — האָט ער זי אָנגעקוקט — אויב דו ווילסט טאַקע, אַז איך זאָל טאָן אַלץ און דיך ברענגען קיין ניו־יאָרק, דאַרפסטו מאַכן אַ סטאָפּ צו די אַלע זאַכן. נאָ קאָמוניזם! פאַר אַמעריקע איז עס פּויזן. ווייסט דאָס הייסט? סם! הערסט? אפשר איז דאָס גוט פאַר רוסלאַנד. כ'ווייס נישט... כ'מיש זיך נישט אין די רוסישע ביזנעס אָבער אין אַמעריקע איז אַ קאָמוניסט אַ ניוסענס. ווייסט וואָס דאָס הייסט? ס'הייסט אַ... אַ... אַן אָנשיקעניש... הערסט וואָס איך רעד?

— דו רעדסט? ניין! דיינע געשעפטן, דיינע עטלעכע דאָלאַרן רעדן.. — האָט קלאַרא אַ קריק געטאָן מיט די ציין — האָסט באַקומען אַ בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע און פאַראַכטסט דיין קלאַס און שטאַנד.

— באָלאָני! ווייסט דאָס מיינט? ס'מיינט — האָט ער געלאַכט — פּוסטע בעבעכעס!

— האָט נישט אָפּגעלאָזט און ווייטער געמיטן:

— אין באי־דהי־וועי, וואָס טרייבסטו שמיק מיט דעם באָי, כ'מיין מיט יונגערמאַן, מיט דעם לוין? גלייבסטו אים, איז אָלרייט! ווער אַ כלה, גלייבסטו אים נישט, איז נישט. האָט בי פער. ס'הייסט דרייז אים נישט אַ ספּאָרעק. ר'איז אַ פיינער באָי. און אויב דו ווילסט בלייבן אין יוראָפּ איז כאַפּ אים. כאַפּ! כאַפּ, איידער ער בעקט אויס, איידער ער האָט הרטה!

— און אין מיינע פערזענלעכע, אינטימע אָנגעלעגנהייטן ווילסטו מיר אויך זאָגן אַ דעה? — האָט קלאַרא זיך געווערט — כ'וועל עס נישט דערלויבן!

— באָלאָני! — האָט ער געלאַכט...

קלאַרא איז געווען אין כעס, נישט אַזוי אויפן ברודער, ווי אויף לוין, וואָס האָט זי באַזיגט. ז'איז געווען נאָך מער צערייצט, וואָס יענער איז געבליבן אין ביבליאָטעק מיטן פעטער. מיט דער חברה, און טאַנצט דאָרט אַ האָרא און זינגט „אל יבנה הגליל".

האָט לוי זי באַזיגט? געווונען? ס'האַלט נאָך נישט דערביי, האָט עס אַרויס געשריגן פון איר

„מי יבנה הגליל? אל יבנה הגליל"! — האָט זיך געטראָגן דאָס געזאַנג, ווי אַן ענטפער, זיך געטראָגן אין דער אויסגעשטערנטער, זומערדיקער נאַכט אַרויס.

## קאַפּיטל 32

# רעגנבויגן און טוי...

אַ רעגנבויגן האָט זיך פּילקאָלירִיק געוועלבט איבערן ווילכעווער גוט, נאָך אַ שטאַרקן שלאַקס־רעגן, וואָס האָט אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד געוואַשן, געבייטשט און אָנגעטרינקען צו דער זעט. עטלעכע לעצטע פּוביקע וואָלקן־קנוילן האָבן זיך געוויקלט, געריסן, געשפּאָלטן און אָפּגעטיילט. פרישע זון־שטראַלן האָבן זיי געלע־כערט, דורכגעבויערט און געיאָגט. אין דער לופט האָט זיך דערהערט אַ צוויי־טשעריי פון פייגל און אַ גרילצן פון גראָז־שפּרינגערס, וואָס האָבן זיך אויפגע־כאַפּט. בוזיקעס מיט לאַנגע שנאָבלען און דאַרע פיס האָבן זיך ארויסגעלאָזט פון אונטער די סטריכעס פון דעכער און זיך אַ הויב געטאָן העכער און העכער איבער די אויסגעצוואָגענע פעלדער, וואָס ציען זיך אויף מײַלן פון ר' מרדכי לייבס פּאָלווארק און פּויצישן „שלאָס“.

דער האַלב־צייטיקער ווייץ און קאָרן האָבן זיך אויפגעהויבן, אָפּגעטרייסלט די קעפּ פון דער פייכטער משא און זיך אויסגעגלייכט. אַ ווארעמע פּארע איז אויפגעגאַנגען פון צווישן די תבואות, און ס'האָבן זיך געכוואַליעט דינע ריחות פון צעבליטן רומיאַנעק, פּוטער־בלימעלעך און קליי; פון גרויסן סאַד, פון בלומען־גאָרטן און פון געדיכטן וואַלד אַרום פּאַלאַץ, וואָס האָט זיך געהויבן אויף אַ בערגל, האָבן זיך געטראָגן זופטן פון יונגע גרינענדיקע עפּל, בארן און דער אַראָמאַט פון צעבליטע קאַשטאַנעס, לאָרבער און אַקאַציע.

מיטן געצוויטשער פון די פייגל האָט זיך געהערט אַ טעמפּער רעש און פּרייכן פון אַ גראַלניע, פון אַ ציגעלניע און אַ זשום פון אַ מיל. דער זשום און דאָס רוישן וואָס זענען געקומען פון טאָל, האָבן זיך געריסן ארויף, אין דער הויך, און זיך פאַרקליבן צום בערגל, צום ווייס־געפּאַרבטן, שטוקאַטירטן פּאַלאַץ אינמיטן פון אַ־ומגעצאַמטן הויף. ס'ווידער־קול האָט זיך געהויבן, געקלעטערט ארויף צו דער גרויסער וועראַנדע מיט די פיר זיילן אויף דער פּאַסאַדע, ווי ריזיקע פיר שומרים אויסגעטעסענע פון רויטלעכטן מירמלשטיין.

דער זשום און דאָס ווידער־קול האָבן אָנגעשלאָגן אין דודס אויערן, האָבן געפּרוווט זיך אַריינצובויערן אין זיין מוח — עלעהיי זיי וואָלטן וועלן זיך איינ־קריצן ווי אויף אַ פּליטע פון וואַקס. און פּאָרט איז דער זשום געווען פרעמד. ר'האָט גאָרנישט צוגעזאָגט, נישט געוועקט, נישט גערופן און נישט געמאָנט. ער האָט בלויז געשראָקן מיט ווייסע, טונקעלע אנונגען און מיט אַ מאָדנער אומ־היימלעכקייט.

דוד ראַפּאָפּאָרט, איש גבעוניה, איז געלעגן אויף אַ קושעטקע, די הענט פאַר־וואָרפן הינטערן נאַקן, די אויגן אָנגעשטעלט אין אַ ווייטקייט, און איין מאָל האָט זיך נאָכגעהאַנגען אַרויסער, ווי ער וואָלט געווען גרייט זיך אויפצוהייבן און זיך אַפּצוטראָגן אַ לויפע מינוט.

פון זינט ער געדענקט זיך — געדענקט דוד דאָס־אָ ווילכעווער גוט. דער ברונעם אין טאָל, מיטן „זשוראַוועל“ — דער לאַנגער שטאַנג און דער הילצערנער עמער, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אַ ליידיקער אין דער טיף און קומט ארויף אַ פולער — דער־אָ ברונעם איז אים אייגן און היימיש פון אַלעמאָל. ווען איז דאָס געווען, ווען ער האָט אים מיט זיינע קינדישע אויגן צום ערשטן מאָל געזען, אַריינגעקוקט

אין אים און דערבליקט דעם אייגענעם קאָפּ. ס׳פּנים — אַזוי נאָענט און פון אויבן ווי אין א שפּיגל, כאָטש שעפּ אָן מיט די דלאָניעס די אייגענע צורה און אנטלויף מיט איר?! ווען איז דאָס געווען? און פון דעמאָלט אָן גלישט זיך דער וואַסער־שפּיגל פאָרויס, וווהין ער גייט...

און פּאָרט — אַזאַ באַנגיקייט. הייסט עס, אז ער איז דאָ שוין אַ פרעמדער. און נישט ס׳ווארעמט און נישט עס בינדט. שוין עטלעכע טעג, אַז ער שפּאַנט דאָ אַרום. געווען אין די פּעלדער, גענומען אַ היי־גאָפּל אין דער האַנט, אַ שופליע, אַרומגעשאַפּעט דעם בוריאַן אין גאָרטן, אָבער אין תוך איז עס געווען נישט מער ווי אַן „איינפאַל״ פון אַ גאַסט. ס׳האָבן זיך רעכט נישט געלייגט די הענט. וואָרעם אַפילו די הענט זיינע זענען אין גבעוניה — דאָרטן, ווו בייגנאַכט שאָטענען זיך די בערג אַרום, ס׳וואָיעט דער שאַקאַל און ס׳וואָיעט דאָס האַרץ פון צופיל אָרימען, אַנגעקוואָלענעם גליק... די הענט אַפילו זענען אין גבעוניה, ווו ז׳האָבן אויפגעריסן דעם מדבר — און איצט בליען דאָרט טרויבן און גאָלד־עפּל און איילבירטן, און ס׳בליט די האָפענינג פון אונטער יעדן פעלז... און ציפּורה, זיין ווייב, גייט דאָרט איצט אַרום אין סאַנדאַלן, אירע אָפּגעברוינטע פיס שווארצלען זיך אין דער זון, און איר געלעכטער הילכט אָפּ פון צווישן בייטן און פון צווישן די עופות־שטייגן אין דער נייער שטאָל. זי גייט אַרום, ציפּורה, — העט? יאָ, מיט וועמען גייט זי איצט אַרום דאָרטן, האַ?

דוד האָט געעפנט די אויגן און זיך ארומגעקוקט מיט פארוונדערונג: אַנטקעגן אים, אין אַ געפלאָכטענער שטול איז געזעסן לוי און געבלעטערט אַ בוך.

— דו, לוי? ווו ביסטו געווען און ווען האָסטו זיך זיאוועט?

— געווען אין פּארק, מיט דער מאמע, שפּאַצירט...

— וואָס נאָך? — האָט דער פעטער דוד געפרעגט — האַ? עפּעס נייעס?

פעטער דוד האָט פארשטאַנען, אַז צווישן מוטער און זון איז פאָרגעקומען אַ „קראַך״, און ר׳איז געווען גערעכט. נאָך אינדערפרי האָט מאַטל גענומען איר זון לוי אונטערן אָרעם און אים אַ ציִ געטאָן:

— קום, זון, באַגלייט מיך... ביטע...

ז׳האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מיט דער אַלעע, צווישן די הויכע טאָפּאָליעס, און זיך ארייַנגעדרייט צו דער סטעזשקע, וואָס פירט צו די בינשטאָקן אויפן לאָן. פונדערווייטנס האָט געגלאַנצט די פיש־סאַזשעלקע, ס׳וואַסער האָט זיך געמיניעט אין קאָלירן: אָט זילבער, אָט גרוי, אָט בלוי, אָט גרין.

מאמע און זון האָבן געשוויגן בילבאַרייטנדיק. ביז מאַטל — מאַטילדע — האָט אַרויסגעזיפּצט:

— און פאר מיר באַהאַלט מען זיך... נו, יאָ, אַזוי איז עס, ווען אַ יונגער זון ווערט גרויס און די מוטער ווערט אַלט...

— מאַמע! — האָט לוי איר אַ גלעט געטאָן איבערן אָרעם — וואָס רעדסטו?

ז׳האָבן איינגעהאַלטן זייערע טריט. ז׳האָבן זיך אָנגעקוקט, און מאָדנע שמייכלען האָבן געקרייזלט אַרום זייערע מיילער און אויף די פּנימער.

— צו וואָס דאַרף מען זיך באַהאַלטן? — איז די מוטער געוואָרן ערנסט. — איך שטיי דיר איבערהויפּט נישט אין וועג, אויב דו קלערסט אַנדערש, מאַכסטו אַ טעות... איך וויל דיך פארשטיין, מיין זון, און איך פארשטיי דיך... איך בין מיט דיר...

— וואָס מיינסטו, מוטער?

— אויב דו האָסט ווירקלעך ליב פרייַלין קלאַרא ווינאָקור, דאַן... דאַן... נו, איך וועל זיך דיר נישט אַנטקעגנשטעלן! איך וועל ווירקן אויף אַלעמען אין הויז דיר נישט צו שטערן! איך האָב געטראַכט, נאָכגעקלערט און דיין לעבן איז דיינס, און דו האָסט א פול רעכט דערויף, מיין זון...

— מאַמע, — האָט לוי זי צערטלעך ארומגענומען, — מאַמע!...

— לוילע, שפּיל זיך מער נישט אַרום... ווילסט, וועל איך איינלאַדן פרייַליַן קלאַרא אַהער... צוגאַסט...

אַ טאָג פון ווייכוט און אויך פון קאַמפּסלוסטיקייט האָט זיך געהערט פון

איר קול. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי וויל איצט איבערלעבן נאָכאַמאָל אירע איירגענע יונגע יאָרן און צוריקכאַפּן אין אַ נעץ די ליבע, וואָס זי האָט „פאַרשפּילט“ צוליב אונטערגעבן זיך צום ווילן, צו די מנהגים און צו די געבאָטן פון דער פאַמיליע ראַפּאַפּאָרט אינאיינעם מיטן זון וויל זי איצט מאַכן אַן „אויפשטאַנד“ און מאַכן אַ וואַרע פאַר די אָנגעלעגנהייטן פון הארץ...

— און זי? — האָט מאַטילדע זיך דערמאָנט — וואָס זאָגט זי? איז זי אויפריכטיק? ווי האַלט עס, לוי?

— גאָרנישט, מאַמע...

— וואָס מיינסטו?

— מאַמע, — האָט לוי געזוכט אַ וואָרט, — ס'איז נישט קלאָר... דאָס פאַרהעלטעניש... ס'איז אָדער אַ סך, אָדער גאָרנישט... אָדער ס'וועט גאָרנישט ווערן...

— איז דאָ אַן אַנדערע? — איז די מוטער צוגעשטאַנען — צי איז אפשר דאָ אַן אַנדערע? אין לעמבערג? און דו וואַקלסט זיך? איז עס אַזוי? אַ נייע „פלאַמע“?

לוי האָט זיך באַנאָסן מיט אַ לייכטער רויטקייט און זיך אָנגעבויגן, כדי אויסצירייסן אַ שטענגל רומיאַנעק פון דר'ערד...

— כ'האָב עס פאַרשטאַנען, געהאַט אַ פאַרדאַכט, — האָט די מוטער אַרויסגעזיפצט — מיין פאַרדאַכט איז...

— דאַרפסט גאָרנישט פאַרדעכטיקן! — האָט לוי געראַדט פון דער נידער — און דאַרפסט זיך נישט שרעקן.

— איז עס ערנסט אין לעמבערג? ווער איז דאָס יונגע פרייליין?

— מאַמע, נישט קיין יונג פרייליין...

— נישט קיין יונג פרייליין? נישט קיין... — האָט די מוטער אויפגעריסן די אויגן און ס'מויל — נישט קיין...

— מוטער, ערגער זיך נישט. ס'איז קיינער, קיינער, קיינער דאָרט נישטאָ!

— ס'איז נישט ריכטיק! פאַראַטסט זיך אַליין! יאָ, לוי!

— מוטער, איך בעט דיך נישט צו ציען קיין שום שלום!

— ביסט נישט מער געזעצט. דו! איז מאַטילדע געוואָרן אין כעס. — ווערסט אומדערטרעגלעך! און דו פאַרגעסט זיך... פאַרגעסט אין כבוד אם!...

ז'האָט זיך געפילט געטראָפן און געקרענקט. למאי דער זון האָט אַ ווינקעלע, ווהין ער לאָזט זי נישט אַריינקוקן — דערצו. ווען דאָס ווינקעלע איז ליבע, וואָס לאָקט מיט איר „מיסטעריע“, מיט דעם תענוגלעכן ווייטיק און מיט דער ראַנגלעניש. זי האָט זיך אויסגעדרייט, געלאָזט לוין שטיין און זיך פאַרקירעוועט אויף צוריק. זי איז געגאַנגען און אונטערגעלאָפן איבער דער סטעזשקע, צווישן קוסטעס און הויכע שטרענגלען גראָז. איר ברייטע ווייסע קרינאָלינע מיט די בלוילעכע פאַסן האָט געפלאַטערט און זיך געבלאָזן. די שיך און זאָקן האָבן געווייסלט, געבלענדט. און זי האָט אויסגעזען און באַליידיקט מיידל, וואָס שוועבט אַוועק — שוועבט אַוועק, כדי איינצושטילן דעם כעס און אויסצוקלערן אַ וועג פון „נקמה“ אין אַ פאַסיקער מינוט...

ווען לוי איז צוריקגעקומען צו דער וועראַנדע, איז די מוטער דאָרט נישט געווען. ר'האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ שטול, גענומען אַ בוך אין האַנט, כדי נישט צו שטערן דעם פעטער דודן. וואָס איז געלעגן אויף דער טאָפּע אַ פאַרטראַכטער און אַ פאַרטיפטער אין זיך. דער פעטער האָט אים דערפילט און געוואָלט פאַרציען אַ געשפּרעך וועגן דעם „קראַך“ מיט דער מוטער. נאָך מיטאַמאָל האָט זיך דערזען ר' מרדכי לייבס קאָפּ אין פעדערשן פענסטער און ס'האָט זיך דערהערט זיין באַפעלעריש קול.

— לוי! קום אַריין, איך דאַרף דיך, תיכף ומיד...

אין ווייסן, רחבותדיקן קאַבינעט, ביים זיידן, האָט לוי געטראָפן דעם פאַן זאַגאַיסקי, דער „רזשאָנדצי“, דער פאַרוואַלטער פון גוט. באַלד, אויף דער ערשטער מינוט האָט לוי דערשפּירט, אַז צווישן זיי ביידע גייט אָן אַ וויכוח, און אַז ס'איז נישט פראָסט.

ווען ר׳ מרדכי לייב — אין די ווייסע קראָכמאַלעטע אַרבל, אין אַ געפּרעסטער פּיקע־וועסט, פון אונטער וועלכער ס׳האָט אַפּגעקוקט אַ „ווידערשפּעניקע״ ציצה, די פּליושענע יאַרמולקע הויך, עלעהיי אַ קליינע קרוין — האָט לכתחילה געשטן באַמערקט ס׳אייניקל, ר׳האָט געהאַלטן אין מיטן אַ שמועס מיט זאַגאַיסקי־רזשאַנצי, וואָס איז געזעסן ברייטלעך אין אַ געפלאָכטענער שטול און זיך צוגעהערט מיט אַן אָנשטעל פון דרך ארץ, אויפמערקזאַמקייט און איבערגעגעבנקייט.

— גערעכט... סלושניע... יאַ טאַק יעסט — האָט דער פּאָליאַק פּאָטאַקעוועט — סלושניע... אָבער...

פון הינטער זיינע שטעכיקע, רויטלעך־גרויע ברעמען, וואָס האָט פאַרדעקט אַ פּאָר גרויע, קעצענע אויגן, האָבן אָבער געשאָסן דיגע, שאַרפע פיילן פון באַהאַלטענעם צאָרן און פון אונטערדריקטן שטאָלץ. דער קאָפּ־האָר, געשוירן ווי אַ האַרטע, שטעכיקע באַרשט, די שמאָלע באַקן־באַרדן אַלאַ פּירשט פּאָניאַטאָווסקי, די קורצע יעגער־הויזן און די אויסגעניטע, פאַרביקע „סאָקאָלן״־בלוזע — אַלץ האָט דערמאָנט, אַז „פונדעסן בין איך אַ שליאַכטשיץ, געבוירן אין דעם גוט, הער ייד״...

נאָך דער זיידע פון דעם־אָ פּאַן זאַגאַיסקי איז דאָ געווען פאַרוואַלטער, דעמאָלט ווען ס׳ווילכעווער גוט האָט נאָך געהערט צו גראַף סיעמיעצקי, וואָס איז אומגעקומען אין אַ דועל מיט אַן אונגאַרישן באַראָן צוליב אַ וויגער טענצערין... מינוטנווייז האָט זאַגאַיסקי זיך געהאַלטן פאַרן „אמתן״ יורש, נאָר דער נאַרישער גורל האָט אים אָפּגעטאָן אַ מיאוס שפּיצל און האָט דאָ אַריינגעזעצט אַ ייד מיט „ציצעסלעך און פייסעלעך״. דער ייד איז טאַקע אַן אָנשטענדיקער, אַ גאַטספּאַרכטיקער, אַ פריינגיביקער — ער גיט שוין צופיל — אָבער פאָרט אַן אַר־אייניקל פון „דערלייזערס תלינים״ און ר׳איז נישט קיין וואַזשנע צירונג אַ־דאָ. דערצו האָט דער ייד געמאַכט פון גוט אַ גאַנצן „קאַהאַל״: דער עקאָנאָם — איז קאַפּל־קיווע; דער רימער — ראובן־הערש; דער ברענער — שמואל׳ע; דער מילנער — נתן־נטע; דער שמיד — מעכל־זעליק; דער קאַסירער — יחיאל; דער גאַמן — אליקום מיט דער בעזעם־באָרד, און ווער נישט? יאָ, אַ „קאַהאַל״, מיט אַ „באָזשניצע״ צום דאַוונען, און מיט אַ גאַספּידע פאַר דורכפאָרנדיקע בערדיקע שנאָרערס, וואָס קומען און גייען פראַנק און פריי... אי, ווען מ׳וואָלט אויף דער כאָליאַסטרע אַמאָל געקאָנט אָנרייצן עטלעכע הינט, כאָטש פּאַר שפּאַס!...

אָבער מיטן „קאַהאַל״ האַלט אַיצט שמאָל. ווייזט אויס, אַז עס קומט פאָרט אַ געזעץ וועגן „פּאַרצעלאַציע״ און דער פּאַריסענער מאָרדקע־לייבקאָ מיטן לייבצעהדאַק וועט מוזן פאַרקויפן שטיקער לאַנד צו פּוילישע קאָלאָניסטן, וואָס די רעגירונג באַזעצט דאָ צווישן די אוקראַינער פּויערים. ער, דער פּאַן זאַגאַיסקי, האָט אַפילו אַ פּאָרטל ווי אַזוי צו באַוואָרענען, אַז דאָס ווילכעווער גוט זאָל נישט צעברעקלט ווערן און מען זאָל נישט מוזן אַוועקגעבן שטרעקעס פעלד האַלב־אומזיסט צו עפּעס פאַרדריפּעטע „מאַזורן״ פון אַרום די בעסקידן־בערג. ער, זאַגאַיסקי, האָט פריער, מיט קלאָרע אָנדייכונגען פאַרגעלייגט אָט אַזאַ מין קונצשטיקל: זאָל דער פּאַן ראַפּאָפּאָרט „פאַרקויפן״, ס׳הייסט איבערשרייבן איין טייל פון גוט אויפן נאָמען פון זיין, זאַגאַיסקיס, געליימטן שוואָגער, קאַפּיטאַן מאָכנאַצקי, איין טייל אויפן נאָמען פון זיין, זאַגאַיסקיס, אַלטע מוטער; אַ שטיקל אויף דעם נאָמען פון זיין פרוי, דער פּאַני זאַגאַיסקאַ, און אַלץ וועט זיין אין בעסטער אָרדענונג. פאָרמעל וועט דאָס גוט זיין אויסגעטיילט, אָבער באַאַרבעטן און פאַרוואַלטן וועט מען עס אינאיינעם ווי פריער, און שוין...

באַהאַלטענערהייט, טיף־טיף, האָט דער שליאַכטשיץ געגערט אַ האָפענונג: ס׳קאָן נאָך אַמאָל קומען אַ מינוט און דער ייד וועט מוזן „איבערשרייבן״ ס׳גאַנצע גוט און דאַן וועט אַ גרויסע, היסטאָרישע „עוולה״ גוט געמאַכט ווערן מיט איין פעדער־שטריך. און דערווייל מוז געמאַכט ווערן אַ גוטער אָנהויב, כאָטש מיט טיילן דערפון...

ער, דער רזשאָנצי, איז געווען זיכער, אַז ר׳ מרדכי לייב וועט זיך אָנכאַפּן אָן זיין פּלאַן, ווי אָן אַ זיכערן רודער, כדי זיך צו באַשיצן קעגן אונטערגאַנג. אָבער

ר׳ מרדכי לייב האָט אַ גלעט געטאָן די צעפּעכערטע באָרד, צערעכטגעמאכט דעם צוויקער אויף דער נאָז, ווי ער וואָלט בעסער וועלן זען דעם ליאך, און אַ מאך געטאָן כלאחר יד:

— ערשטנס, איז נאָך נישטאָ קיין שום געזעץ, ברענט דאָך נישט. צווייטנס איז עס נישט כדאי, מען נארט קיינעם נישט אָפּ. מען נארט נישט.

דער פּאָליאַק האָט זיך באַגאָסן מיט אַ הויטער רויך. האָט דער ייד אים אַ שטאָך געטאָן? פּאַראַדירט ער, דער ראַפּאָפּאָרט, מיט זיין אָרנטלעכקייט און ערלעכקייט? צי דער „תלמיד״־קאָפּ האָט גאָר אפשר אין זיינע פינצטערע „אַדאַבראַקאַדאַבראַס״, וואָס ער לערנט אויסגעפּוגעו אַ ביטרע שפּיצל, אַ שווינדל, און וועט זיך צערעכענען מיט אַלעמען?

— ס׳איז נאָך נישטאָ קיין געזעץ — האָט זאַגאַיסקי געמורמלט — סלושניע, גערעכט... און מען נארט טאַקע קיינעם נישט... גערעכט... אָבער אָפּט נארט מען זיך אליין...

ר׳ מרדכי לייב האָט כמעט נישט געהערט מער וואָס דער זאַגאַיסקי רעדט צו אים. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער כאַפּט אַפילו נישט, וואָס יענער איז אויסן און וווהין ער צילט. ר׳האָט זיך אַוועקגעדרייט, אַ סימן, אַז דאָס געשפּרעך איז געענדיקט, און ס׳איז נישטאָ מער וואָס מוסיף צו זיין.

— אַ שיינער טאָג נאָכן שלאַקס־רעגן... זייער אַ שיינער...

— יאָ. סלושניע... גערעכט...

און אַ שיינער טאָג איז — האָט ר׳ מרדכי לייב עפּעס נאָך געוואָלט זאָגן און פּלוצלינג דערזען זיין אייניקל — לוי? זע!... קום נאָר אַהער! ביזט עפּעס אַ רואה ואינו נראה... קומסט אַריין און מען זעט נישט... וואָס ווילסטו זאָגן גוטס?

— דער זיידע האָט דאָך מיך גערופן...

— טאַקע, טאַקע... הער אויס! יאָ, זאָג נאָר, וויפל פון די דאָזיקע יונגעלייט ווילסטו ברענגען אַהער? זאָל דער פּאַן זאַגאַיסקי וויסן. ס׳מיין די חברה, וואָס קלויבט זיך צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און וואָס גייען דערווייל אויף... אויף...

— הכשרה, זיידע...

— זאָל זיין אַזוי. וויפל זענען זיי?

— דרייסיק, זיידע...

— נו, גוט, האָסט געפּועלט.. האָסט דאָך מחזקות מיט זיי. וועסטו זיי לאָזן וויסן, אַז זיי האָבן דאָ פּלאַץ און כ׳וויל טאַקע זען וואָס זיי קאָנען — האָט ר׳ מרדכי לייב צוגעגעבן און זיך געווענדעט צום פּאַרוואַלטער — דרייסיק יידישע יונגעלייט וועלן דאָ פאַרברענגען שניט־צייט, וועלן קומען שניידן.

— יידישע יונגעלייט?! יידישע? — האָט דער פּאָליאַק זיך אַ הויב געטאָן, ווי מ׳וואָלט אים אָפּגעפּאַרעט מיט אַקריפּ — אָבער... רישקיוויץ... די שניטערס פון רישקיוויץ... די פּויערים!

— זיי וועלן קומען אַרבעטן ווי אַלע יאָר. קיינער נעמט ביי זיי גאָרנישט צו. אָבער די יידישע יונגעלייט וועלן דאָ אויך זיין — האָט ר׳ מרדכי לייב געפּסקנט קורץ און שאַרף — ס׳איז קלאָר.

דער ליאך האָט געברענט. דאָס איז דאָך שוין „צופיל״; איינפאַך אַ באַליידיקונג פון קריסטלעכער ערד. ווי וויל ער האָט פיינט די אוקראַיִנער גויים פון דאָרף, וואָס „פילן זיך״, וואָלט ער איצט אַליין אַרויסגעגאַנגען צו זיי און זיי געזאָגט: „כלאָפּצי, צייט צו הייבן די קאָסע און דעם סערפּ... שניידט און דערלאַנגט״!...

— אָבער, גנעדיקער הער, פּאַניע לאַסקאַווי — האָט דער ליאך זיך געוועדט

— די רישקיוויצער פּויערים וועלן עס נישט פאַרשטיין, וועלן נישט לאָזן און וועלן...

— וואָס וועלן זיי? — האָט ר׳ מרדכי לייב זיך מיטאַמאָל אַ שטעל געטאָן און צענומען די הענט — ווער איז דער באַלעבאָס פון ווילכעווער גוט?!!!

קיינמאָל, קיינמאָל האָט זאַגאַיסקי נישט געזען דעם יידן אין אַזאַ שטעל

און מיט אזא שטאָלץ. דעם פּאָליאַק האָט געשווינדלט אין אַן אויג. דאַכט זיך אַ יאַרמעלקע, אַ ציצה קריכט אַרויס פון הינטער דער זעסט. די פּאות פליען אַפיר פון הינטער די אויערן, — און פאַרט אַ פּריץ, אַ שליאַכטשיץ פון בלוט! „אַ דונער און בליץ, יאַסני פּאַרון, הינטיש בלוט"...

— געזעכט... סלושניע... האָט דער פּאָליאַק זיך פאַרנייגט — סלושניע...

אויך לוי איז געווען געפאַלעכט: נאָך קיינמאָל האָט ער זיין עניותדיקן, חסי־דישן זיידן נישט געזען שטיין אזוי באַפעלעריש און מיט אַזאַ כוח. אַז ר'האָט איב קיינמאָל נישט געהערט אַזוי שטאַרק אויפהויבן ס'קול. האָט דאָ גערעדט דער יהוס־בריון, וואָס ציט זיך ביז רש"י און פון דאָרט ביז העט־העט צוריק צו דוד המלך עליו השלום; דער יהוס־בריון, וואָס דער זיידע האלט פאַרשלאָסן אין דער פּייער־קאַסע און וואָס ער נעמט זעלטן אַרויס?

אַ שטילקייט האָט זיך אויסגעהאָנגען אַרום. קיינער האָט זיך מער נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט. און ר' מרדכי לייב אליין האָט אויך מער גאָר־נישט געזאָגט.

ווער ווייסט ווי לאַנג די אָנגעצויגנקייט וואָלט געווען אָנגעהאַלטן, ווען עס וואָלט זיך נישט נתן־נטע דער מילנער, אין גרויען כאַלאַט און אין האַרטן פאַרפראָשעטן קאַשקעט. ערשט איצט האָט זאַגאַיסקי־„רזשאָנצי" זיך פאַרנויגט, פאַרבויגן טיף, עפּעס אָפּגעמורמלט און אַרויסגעשפּאַנט. אויך לוי האָט פאַר־שטאַנען, אַז בדיעבד האָט ער דאָ אויך נישט מער וואָס צו טאָן איצט. און ר'האָט זיך אַרויסגעשאַרט.

געבליבן אַליין מיט ר' מרדכי לייבן, האָט דער מילנער אַ וויש געטאָן די פאַרמעליקטע שוואַרצע באָרד, אַ הויב געטאָן די אַקסלען און געמאַנט: — הכלל, נו, חוב... סילוק, מרדכי לייב... מאַכסט זיך נישט ווייסנדיק? חוב!...

ר' מרדכי לייב האָט אויף זיך אַרויפגעשלעפּט אַ זשיקעט און, אָן שום שהיות זענען זיי די צוויי יידן אַריין אין אַ זייטיקן חדר, די קלויז. ז'האָבן זיך געוואַשן ביים האַנט־פאַס און זיך געזעצט ביי אַ דעמבענעם טיש.

— הינטערשטעליק... מ'זעמיר הינטערשטעליק סיי אין סנהדרין, סיי אין זוהר. — האָט דער מילנער געשמאָפּט — צוליב דיינע לעצטע יאַזדעס ביזטו געוואָרן אַ בעל־חוב און מאַכסט מיך אויך פאַר אַ חייב, מרדכי לייב... הכלל, נו, ווי האַלטן מיר?

אַ ווײַלע האָבן זיי געמישט אין צוויי ספרים, זיך פאַרטראַכט און מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ ניגון, וואָס האָט זיך געהויבן און געקרייזלט אַרום. דער מילנער האָט געזאָגט. זיך געציקלט און ר' מרדכי לייב האָט נאָכגעזאָגט און נאָכגעצויגן נאָך אים.

— ואימתי נחת האי טלא בה קריבו ישראל לטורא דסיני כדין נחת ההוא שלא בשלימו... און ווען האָט אַראָפּגענידערט דער דאָזיקער טייערער... ליכטיקער טוי? ווען די כנסת ישראל האָט זיך דערנענטערט צום באַרג סיני האָט אַראָפּגע־נידערט דער דאָזיקער טוי... ואדכו ואספסקא זוהמתן מניהו... און די יידן זענען געוואָרן ריין און ס'איז פון זיי אַראָפּ יעדעס שפּרענקעלע בלאָטע און אומריינ־קייט, ואתחברו ביה במלכא וקבילו אוריתא... און זיי האָבן זיך באַהעפטעט מיטן מלך מלכי המלכים און זיי האָבן מקבל געווען די תורה...

און דורך די אָפענע פענצטער האָט זיך געצויגן ס'געזאַנג, געטראָגן צום וויל־בעווער וואַלד, צו די רחבותדיקע פעלדער, צו די גרינע בערגלעך; ס'האָט זיך געצויגן ס'געזאַנג וועגן באַרג סיני און וועגן געטלעכן טוי...

קאפיטל 33

# דער גאלדענער ווייץ...

פון וואך צו וואך האט דוד ראפאפארט, איש גבעוניה געמוזט אפלייגן זיין נסיעה צוריק אהיים קיין ארץ־ישראל. גאר פלוצים, פון דער העלער הויט, האט ער באקומען א גרויס געשווילעכץ אויף דער רעכטער האנט. לכתחילה האט עס אויסגעזען ווי א „רויז". דער געשוויר האט אים געגעבן פיבער און עס האט אים געווארפן אין היץ און אין קעלט. פון וואס די צרה האט זיך גענומען, האט ער אליין נישט געוווסט. זיך פארשטאכן מיט א משוואק? א בים פון אן אנגעשטעקטער פליג? און אפשר איז עס געקומען פון די בלערליי גיפטיקע קרייטעכצער, צווישן וועלכע ער האט זיך געבאברעט אין וואלד און אין די פארווארפנסטע ווינקעלעך פון דארף?

דער ווייטיק האט אים נישט אזוי געארט. עס האט אים מער פארדראסן קמאי דאס אנשיקעניש דויערט אזוי לאנג. דער אלטער דאקטאר זיידענער, וועמען מען האט געבראכט פון יאנעוווקע, האט זיך עפעס נישט געאיילט, זיך „גע־שפילט" און אויסגעפרווט איין רפואה נאך דער אנדערער:

— קיין „רויז" איז עס נישט — האט ער געגלעט דאס ווייסע קמץ־בערדל — און קיין קארבונקל און קיין פירונקעל איז עס אויך נישט. נאר וואס זשע דען איז עס יא? גארנישט! נישט דיין באבעס דאגה! אבי שניידן דארף מען נישט און האקן אויך נישט. ווער האט וואס בין איך, וואס? חיים־לאזער שניידער, צי יאסקע מעכל קצב, צי לעמל פעלשינדער? ס'עט האבן אן אויסשטאנד, וועט עס האבן. און לאז עס צו מיר און צו דער נאטור. פערשטאנדעו?

ער האט געהייסן ווייקן אין „ביטער־וואסער" און שמירן מיט דיאכיל־מאשטש. און אז עס האט נישט געהאלפן, האט ער געהייסן צולייגן א טארבעלע מיט הייסע קאשע און איינרייבן מיט א ציננ־זאלב אויף ביינאכט.

דוד האט אין דעם געזען שיעור נישט אן „עונש". איינמאל האט ער גע־זאגט לויז, אז דערפאר וואס ער האט צוגעלייגט א האנט צו דער ווילכעווער פרעמדער ערד און דערפאר, וואס ער האט אויף א רגע פארגעסן, אז די ידיים זיינען קערן צו גבעוניה, האט ער באקומען דעם פארדינטן פסק.

— מען דארף אבער זאגן „גם זו לטובה" און מען דארף זאגן „נימער ערגער", מיין זון — האט הינדע, די מוטער, אים געטרייסט — און עס היילט זיך, מיין זון, עס היילט זיך.

זי האט אים צוגעלייגט הייסע קאשע און געשמירט מיטן דאקטאר זיידענערס מאשטשן און וואסערלעך. כאטש זי האט עס נישט געבראכט איבער די ליפן. האט זי פונדעסטוועגן געטראכט, אז עס איז מן השמים, וואס עס האט זיך אזוי געמאכט. ער, דוד, וועט מוזן לענגער פארווילן מיט טאטע־מאמע און וועט נישט אנטלויפן איידער מען האט אים נאך רעכט אנגעקוקט נאך אזוי פיל יארן. ווארום דער־אין־הימל ווייסט, ווען מען וועט זיך ווידער טרעפן, און צי וועט נאך באשערט זיין זיך צו זען.

און דערווייל האט אנגעצויגן דער שניט. דאס געטרעטעניש האט אויסגעזען צו זיין גוט. טעג זענען געשטאנען שיינע, און אלץ איז צוגעגאנגען בכי טוב.

און אט, אם ירצה השם דינסטיק גאנץ פרי הויבט מען אן שניידן דעם ווייץ

די „חלוצים“, די חברה פון דער הכשרה, זענען אהער אָנגעקומען נאָך דעם לעצטן מיטוואָך, האָבן זיך דאָ געמאַכט היימיש און עס איז געוואָרן פריילעך אין הויף. מען האָט זיי אָפּגעגעבן די אַלטע ווילע, אַ שייער, און זיי האָבן נאָך דערצו אויפגעשלאָגן עטלעכע געצעלטן אין סאָד. ווילע חברה — כאַפּן זיך צום זעגן האָלץ, צו מעלקן די בהמות, צום רייניקן דאָס מיסט, און אַלץ טוען זיי מיט אַ זמרל. פריקרע איז נאָר, וואָס צווישן די צוויי־און־צוואַנציק בחורים זענען דאָ זעקס מיידלעך מיט אָפּגעשוירענע צעפּ. ר׳ מרדכי לייב האָט געוואָלט משלח זיין די מיידלעך אַהיים. מען האָט אים אָבער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די נקבות וועלן שלאָפן אָפּגעזונדערט פון די זכרים און עס איז קיין סכנה נישט.... „לינה משותפת“ (געמיינזאַמע נאַכטלעגערס) איז ביי דער גרופּע נאָך נישט געווען קיין אָנגענומענער פּרינציפּ און מען האָט לייכט געקאָנט איינגיין אויף ר׳ מרדכי לייבס תנאי... נאָר סיי־ווי האָבן יעקל און סכאַפּ, די הויפֿוועכטערס, אַן אָנזאָג צו האַלטן אַן אויג...

דעם ערשטן שבת צונאַכטס, ווען חברה הכשרהניקעס האָבן געהאַט אַ סעודה־לע און געטאַנצט ביז ווייט נאָך האַלבער נאַכט, האָבן די וועכטערס נישט אָפּגעטראָטן פון זיי. דערנאָך זענען זיי אַרומגעקראָכן מיט די לאַמטערנעס און גענישטערט אין יעדן פאַרבאָרגענעם ווינקעלע. און כסדר זענען זיי אויסגעקומען נעבן דעם ביידל פון די מיידלעך און אַריינגעקוקט אין אַ שפּאַלט.

— העי, דו, יעקל — האָט סכאַפּ, דער גוי, נישט אויסגעהאַלטן — האָסט אַ בערדל און קוקסט אַריין מיט אַן אייגל צו די מיידלעך...

— און דו, וואָס קריכסטו דאָ אַהער? דו, כאַמולע, כאַמיניע! עס זאָלן דיר די אויגן אַרויס!

עס איז געווען פריילעך ערב שניט. די רישקיוויצער אוקראַאינישע שניטערס, וואָס קומען גאַנץ פרי און גייען אַהיים פאַרנאַכט, האָט מען שוין אויך באַשטעלט.

דאָס ערשטע, וואָס מען וועט, אם ירצה השם, די וואָך טאָן, איז אַרונטערנעמען עטלעכע קאָרעץ ווייץ פאַר מצה־שמורה און זיי אַריינגעמען אין סטאָדעלע, זיי זאָלן נישט פאַרנעצט ווערן חלילה וחס. עס וועלן קומען עטלעכע טשאָרטקאָווער חסידים, מיטן דיין, ר׳ שיעלע יאַרידניק, מיט נחמן־לייזער מעקלער און אַלע אינאיינעם וועלן זיך דערמיט מתעסק זיין.

ר׳ מרדכי לייב האָט געהאַט הרחבת הדעת, כאָטש ער איז געווען טרוד און פאַרטאָן. מאַנטיק אינדערפרי, ערב שניט, איז זאַגאַיסקי־רזשאָנצי געקומען אָפּגעבן אַ חשבון און צו הערן, וואָס מען האָט אים אָנצוזאָגן, ווי עס איז דער מנהג אַלע יאָר. ווען דער פאַרוואַלטער איז אַריינגעקומען, האָט ר׳ מרדכי לייב אים גלייך אָנגעוויזן אויף אַ באַשריבענעם בויגן פּאַפּיר. עס איז געווען אַ צעטל וויפיל קאַרטאָפּליעס און קאָרן, מעל און בוראַקעס, האָלץ און אויבס ער, דער פאַרוואַלטער, דאַרף באַלד נאָך שניט איבערגעבן צו אליקום נאָמן פאַר יאַנעוואָקער קהל — פאַר יאַנעוואָקער אָרעמע־לייט. אויך וויפיל פּראָוויאַנט ער דאַרף צושטעלן צו איוואַן פּעזשיבין, דער „סטאַרשי בראַט“ פון רישקיוויץ, פאַר די אָרעמע ערלים פון דאָרף.

— פיין... עס וועט געטאָן ווערן... סלושניע... — האָט דער פאַרוואַלטער געהאָרכזאַם געשאָקלט מיטן קאָפּ — נאָר מיינט דאָס, אַז אין דעם צעטל גייט שוין דאָס מאָל אַריין „ס׳צענטל“, וואָס דער גנעדיקער הער טיילט אויס לויט די פּיסמאָ שוויענטע, לויט די הייליקע שריפטן? צי איז עס דאָס מאָל „אָגולנע“, אַרום און אַרום?

— עס גייט נישט אַריין... עס גייט נישט אַריין... איינס גיט דאָס ווילכער גוט און דאָס צווייטע איז מיין אייגענער ענין...

ר׳ מרדכי לייב איז געוואָרן אַביסל נערוועז, וואָס דער פּאָליאַק מישט זיך אַריין אין זיינע עסקים וועגן „מעשר“, וואָס קערן נישט צו אים.

זאַגאַיסקי, דער ליאַד, האָט הנאה געהאַט, וואָס ער האָט אַביסל צערייצט

דעם אַלטן און ער האָט אונטערגעשמייכלט מיט כלערליי אָנצוגעהערענישן, עפּעס געזאָגט און נישט דערזאָגט...

האָט ר' מרדכי לייב באַמערקט? ער האָט געקוקט דורכן צוויקער, געקוקט אַריבער די גלעזלעך און יאָ און נישט געכאַפּט... זיצט דאָ אַ שונא, צי סתם אַ נאַר, אַ חונף און אַ גדלותניק?

פּאַר יאַנעווקע איז פון תמיד אָן געווען אַ רעטעניש, למאי ר' מרדכי לייב האַלט דעם דאָזיקן ליאַך. מען האָט געבריעט כלערליי סברות און יעדער האָט אָנגעגעבן אַן אַנדערן טעם נחמן־לייזער, דער מעקלער מיט דער ביבקע אויף דער נאָז, האָט זיך געהאַט זיין טייטש:

— איך גיי מיר לשיטתי... לעולם איז דאָך דער גאַנצער באַלעבאָס אין גוט אַליקום נאַמן... ער גיט אַכטונג אויפן ליאַך און האָט אים אין דער אדמה. אַי, מען האַלט אים פאַרט דעם שונא ישראל? איז דאָס קעגן אַן „עין הרע" און מפּני דרכי שלום מיט די אַנדערע פּריצים, די גויאישע... מען קען אויך זאָגן, אַז ר' מרדכי לייב האַלט, אַז חזקה איז חזקה, אַפילו, ווען די חזקה האָט אַן ערל,, אַ רשע, ימח שמו. און איבער וועמען אָרודעוועט ער, דער רשע? איבער די פּאַרנאַליעס, איבער די שטאַל־קנעכט, איבער די רישקיוויצער שקצים און שיקסעס, וואָס קומען שניט־צייט אין גוט אַריין, און וואָס גראָבן די קאַרטאָפליעס און די בוראַקעס, און וואָס קלויבן די פּאַסאָליעס, וכדומה, אַזעלכע מלאכות גסות, צו וועלכע זיי טויגן ויך אוים געזונט און אייזן... און איבער זיי און צו זיי איז דער ליאַך ווי אָנגעמאָסטן. אָבער ווייטער האָט ער אַזאַ דעה אין ווילכעווער גיט ווי איך, למשל, האָב אַ דעה אין גראַף קאָזיבראָדזקים פּאָסעסיעם. פרעגט מיך, איך בין קלאָר אין די עסקים ווי אין „אשרי"...

נחמן־לייזער האָט נישט גערעדט אויסן וועג. קיין צופיל דעה האָט דער „רזשאָנצי" נישט געהאַט. היי־יאָר האָט ער זיך אָבער צופיל געמישט, ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן און געוואָלט זען, ווער עס איז שטאַרקער אין ווילכעווער גוט... און דאָס איז נישט געווען דער איינציקער „פאַרמעסט"...

דער ערשטער טאָג פון שניט איז אָנגעשטאַנען מיט אַ הילכיקן געזאַנג. בעריש, דער עקאָנאָם, רייטנדיק אויף אַ שפּאַקאָוואַטן פערד, האָט געפירט די חברה הכשרהניקעס מיט גרוים פאַראַד אין פעלד אַריין. און זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען ווי זעלנער אַ קאָמאַנדיר; זיי האָבן געהאַלטן שריט און אויפגעוועקט די איינגעדרימלטע לאַנעס מיט זייער לוסטיקן מאַרש. צווישן דער חברה זענען אויך געווען דוד איש גבעוניה און לוי, וואָס זענען מיטגעגאַנגען ווי נאָנטע און אייגענע.

אָנהויבן שניידן האָט מען באַדאַרפט אַרום אַ צוויי קילאָמעטער פון הויף, ביים ווייסן מייל־שטיין, וואָס דערפירט צום „פוסטן יאַר" און צום ווישניפּטשיקער טאָל. די רישקיוויצער שניטערס זענען דאָרטן שוין געווען. זיי האָבן זיך צוגעאיילט און אָנגעקומען כמעט שפּראָץ אויף טאָג. ווי אַלע יאָר, האָט מען דעם סעזאָן אָנגעהויבן מיט אַ „מאָהאָריטש": מען האָט אויסגעליידיקט אַ ברילקעלע בראָנפן, וואָס מען האָט געבראַכט פון גראָלניע, געטרונקען „נאַ סטשאַסטיע אי זדאָראָוויע", אויף גליק און געזונט, און זיך צעקלונגען מיט קאָסע און סערפּ. פּאַן זאַגאַיסקי, וואָס איז אַליין געקומען אין פעלד אַריין, האָט אָנגעוויזן פון וועלכער „מעזשע", פון וועלכער סטעזשקע אָנצוהייבן און וווהין זיך צו פאַרקירעווען.

און אָט האָט זיך דערהערט אַ נייי מאָדנע געזאַנג. די חלוצים, די הכשרהניקעס, האָבן זיך באַוויזן אויף דער אַנדערער זייט פון תבואה־לאַן, וואָס איז אָפּגעטיילט פון ברייטן שליאַך, מיט אַ שטיינערנעם טראַקט.

— זשידעס? יאָ, זשידעס! — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ פאַרחידושטער אויסרוף צווישן די רישקיוויצער פּויערים — קוקט נאָר, גוטע מענטשן, זעט נאָר, גוטע מענטשן! זשידעס!

קעפּ, העלזער האָבן זיך אויסגעדרייט אויף לינקס. אין די אויגן — געפּלעפטקייט, כעס און גיך־אָנגעקוואָלענער און אָנגעשוואָלענער האַס.

— גוטע מענטשן, זעט נאַר! זיי ווילן דאָך אַרבעטן, די יידעלעך! — האָבן זיך געהערט קולות — שדים, נישט־גוטע, הינטישע זין!

הפּנים, אַז דאָס באַווייזן זיך פון די חלוצים איז פּאַר עטלעכע פון זיי, דער עיקר פאַר די עטלעכע ייִנגע שקצים, קיין איבערראַשונג נישט געווען. נו, עמעצער האָט זיי באַצייטנס מודיע געווען זייַ צוגעגרייט און געלערנט וואָס צוטאָן...

— זשיד זשאַד כאַלאַמעי! — האָט זיך דערהערט אַ שפּאָטיש לידל, ווי גיך בעריש דער עקאָנאָם האָט אויסגעשטעלט די יידישע חברה אין אַ ריי.

— זשיד, זשיד אַוועק פונדאַנען! קיין פּאַלעסטינע גיי! צום טייוולס מאַמע גיי!

דוד איש גבעוניה און לוי ברוידעס — זון און אייניקל פון פּריץ — האָבן זיך גלייך אַריינגעמישט. זיי זענען צוגעלאָפן צו זאַגאַיסקין, געמאַכט מיט די הענט, אויפגעהויבן אַ פּויסט, נאָר מען האָט זיי נישט געהערט. עס האָבן אָנגעהויבן פליען שטיינער, שטיקער טשערעפּ, פּלעקער און עס האָט אויפגעבליצט אַ קאָסע מיט דער בלאַנקענדיקער שאַרף.

— חברה! וואָס שטייט איר? — האָט דוד זיך אַ דריי געטאָן צו די הכשרה־ניקעס אויף דער אַנדערער זייט לאָן — אויף וואָס וואַרט איר, אויף כבוד? דערלאַנגט!

ער האָט פאַרגעסן ווו ער איז. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס חזרט זיך איבער אַן איבערפאַל פון אַראַבער אויף אַ יידישן פּונקט אין ארץ־ישראל, און אַז ער פירט אָן מיט דער פאַרטיידיקונג, ווי ער איז געוווינט צו טאָן. חברה האָט נישט געכאַפּט וואָס ער זאָגט; מען האָט אָבער בחוש פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט. ביי די הכשרהניקעס האָט זיך אַ רים געטאָן אינעווייניק, טיף־טיף. מיט הענטלעך פון די טערפּעס, מיט גרודעס ערד און מיט בלעבענע קריגלעך האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן קעגן די צעיושעטע שקצים און געענטפערט קלאַפּ אויף קלאַפּ.

אינמיטן פעלד, אין ליכטיקן פרימאָרגן, איז געוואָרן אַ מהומה, אַ געוואַלט, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער די אָפענע לאַנקעס צווישן הימל און ערד. מענטשן־קנוילן האָבן זיך געוואַלגערט אין דער צייטיקער תבואה, איינגעבראָכן און איינגעפּרעסט די זאַנגען און זיי פייכט געמאַכט מיט קוויטיקן שווייס, מיט סלינע און מיט בלוט פון צעמזיקטע מיילער, פון צעקלאַפּטע שאַרבנס און פון צעריסענע פנימער. אויסגעריסענע פּאַסמעס האָר, שמאַטקעס פון צעפליקטע העמ־דער, פון בלוזקעס, שטיקער הויט און עטלעכע אויסגעהאַקטע ציין זענען פאַרזייעט געוואָרן אין געדיכטן, צייטיקן, גאָלדיקן ווייץ. ביז עס האָט זיך מיט אַמאָל דער־הערט אַ טראָפּ פון פערדישע קאָפּיטעס, צוויי רייטערס האָבן זיך געטראָגן מיט אַ גאַלאָפּ פון פּריצישן הויף.

— דער פּריץ, דער פאַן ראַפּאָפּאָרט אַליין! — האָט דער פאַרוואַלטער ערשט איצט אויסגעשריען — הערט אויף! באַסטאַ! באַסטאַ, אָדער איך רוף זשאַנדאַ־מעריע!

אין דער רגע האָט זיך באַוויזן ר' מרדכי לייב, הויך אין אַ זאָטל, אויף אַ ביסטרען פערד, אין טלית קטן איבערן בלויזן העמד און אין דער יאַרמלקע — איז ער געזעסן אויפן שימל זיכער, פעסט און גלייך. הינטער אים, אויף אַ צווייטן פערד — בעריש דער עקאָנאָם, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה און גע־בראַכט אַהער.

איידער ר' מרדכי לייב האָט נאָך באַוויזן עפּעס צו זאָגן, האָבן די מענטשן־קנוילן זיך אויפגעפּלאָנטערט, זיך אויפגעהויבן, און זיך געשטעלט אויף די פיס. אַ מאָדנע שטילקייט האָט זיך אויסגעהאָנגען אַרום. מען האָט ווי געוואַרט אויף ר' מרדכי לייבס אַ געשריי, אויף אַ שטרענגער וואָרענונג. נאָר דער חסידי־שער ייד אויפן פערד האָט נישט געעפנט דאָס מויל. ער האָט הפּנים געוואָלט איינ־געמען, איינשטילן בלויז מיט זיין בליק. אַ צוויי שקצים, פאַרביסענע און היציקע, האָבן זיך נישט געקייעט און אַ ציל געטאָן מיט שטיינער גלייך אין ר' מרדכי לייבן און געגומען אַנטלויפן, שרייענדיק ווי באַנומענע:

— מיר'ן קוילענען דעם זשיד, דעם הינטישן זון!.. ארויס פונדאַנען אין ריין מאַמען אריין!

זאַגאָיסקי־רזשאָנצי האָט ערשט איצט אַרויסגעכאַפּט זיין פּיסטויל פון לעדערנעם טאַש, געוואָלט נאָכשיסן, נאָר ר' מרדכי לייב האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— זאָלן זיי לויפן! און איר — האָט ער זיך געווענדעט צו די אַנדערע פּויערים — וואָס ווילט איר? וואָרפן שטיינער? שניידן גאָרגלען? צי אַרבעטן?

אַז אַלטער פּויער, זיידע־סטעפּאַן, אַן אויסגעדאַרטער, מיט גרויע, לאַנגע פּעלעכעס אויף דער פּאַטילניצע, וועמען מען האָט ביז איצט נישט באַמערקט, איז צוגעקומען צו ר' מרדכי לייבן און זיך אַ וואָרף געטאָן פאַרן פערד:

— אוי, גאָטעלע אונזער דערבאַרעמדיקער! וואָס פאַרא וועלט איז דאָס געוואָרן? אוי, פּאַניע לייבקאָ, גוטער פריינטעלע, זיי מוחל... פאַרגיב, זיי זענען דול געוואָרן. ווייסן זיי דען, ווער דו ביזט? ווייסן זיי דען, אַז דו האָסט אויסגעבויט אונזער דאָרף? ווער העלפט און ווער געדענקט און ווער דערמאָנט זיך מיט גוטער הילף און מיט אַן עצה? נאָר לייבקאָ! ווערט מען געבוירן, איז צו דיר; דאַרף מען חתונה האָבן, איז צו דיר; טויפן — צו דיר; באַגראָבן — צו דיר, אַלץ, אַלץ... איך שווער, אַז אַזוי איז עס. וואָס דען, עס איז געווען גוט ביים אַלטן גראַף סעמיעצקי? ער האָט אונז געהאַלטן פאַר הינט, פאַר קעץ, מאָרדעווען זאָל עס מיט זיינע ביינער, ווער ליגט. ער האָט נישט געצאָלט, געגעבן קלעפּ, און געווינט האָבן מיר אין כליוועס... אָ, גאָטעלע! פאַרגיב, פּאַניע לייבקאָ!...

זיידע־סטעפּאַן האָט זיך אויסגעדרייט צו די שניטערס און אַ געשריי־געטאָן:

— גייט אַרבעטן און שניידן, אומדאַנקבאַרע וואָראָנעס און סאָוועס אין אייערע מאַמעס אריין... אוי, גאָטעלע!...

די שניטערס האָבן אַרונטערגעלאָזט די קעפּ, זיך אַרומגעווישט, געוואַשן מיטן וואַסער פון די קריגלעך און אַוועק צום לאַן, ווי גאָרנישט געווען. פון די הכשרהניקעס האָט מען צוריקגעפירט אין הויף אריין מיט צעריסענע שטערנס און צעפליקטע הינט. די איבעריקע זענען געבליבן אַרבעטן אין פעלד.

אַ גאַנצן טאָג האָט ר' מרדכי לייב געשוויגן און נישט גערעדט קיין וואָרט. ערשט אַרום מנחה־צייט, ווען ער און דוד און לוי האָבן זיך געלאָזט אין הויף אַריין, האָט ער זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט און אַ מאַך געטאָן מיט אויפרעגונג אין קול:

— נו? וואָס זאָגט איר? מילא... וגם זה יעבור... וואָס זאָגט איר?

מ'שמעות, אַז ביי ר' מרדכי לייבן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן זיין זיכערקייט. עס איז צום ערשטן מאָל פון זינט דוד איז געקומען צוגאַסט, אַז דער פאָטער האָט מיט אים איינגעפּעדעמט אַ שמועס וועגן תוך.

— נו, מיין זון? — האָט ר' מרדכי לייב אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דודס אַקסל —מיינסטו, אַז דאָס־אָ, וואָס איז געשען, איז דער אָנהויב פון די „במאָרעס", וועגן וועלכע דו האָסט מיר געשריבן?

— כ'ווייס נישט, טאַטע... אָבער קיין סימן צום גוטן איז עס נישט...

— נישט וועגן גוטס און נישט וועגן שלעכטס גייט דאָ — איז דער פאָטער געוואָרן אומגעדולדיק — די שאלה איז, צי דאַרף מען זיך אויפהויבן און לאָזן אַלץ און עולה זיין.

— איך מיין אַזוי — האָט דוד געשאָקלט מיטן קאָפּ — דער שכל איז מחייב... און ס'האַרץ זאָגט אויך אַזוי...

— ס'האַרץ איז אויך אַן ענין! אַ גרויסער ענין. אָבער מיטן מוח בין איך נאָך נישט אַזוי זיכער... — האָט דער אַלטער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין"
— און דאָס וואָס די אויגן זעען איז דען אַ סימן פון עקבתא דמשיחא? ווייסן

מיר דאַך, אַז די גאולה דאַרף קומען אויף גאָר אַן אַנדער מין אופן. משיח צדקנו, ער דאַרף זיך באַווייזן אַנדערש! און אַן אים איז קיין גאולה נישטאָ!

— זיי מוחל, טאַטע — האָט דוד אָנגעהויבן מיט גרויס פּאַרזיכטיקייט — משיח איז נישט קיין איינציקער, קיין פּרט... ער איז כּלל. איטלעכער טראָגט אין זיך די גאולה, אויב ער גייט אין טוט. און די אויסלייזונג קומט נישט אויף איינמאָל, עלעהיי אַן איינמאָליקע געשעעניש, ניין!... נאָר זי איז אַ פּראָצעס...

— אַ וואָס איז זי, די גאולה?

— אַ היסטאָרישער גאַנג, טאַטע. . אַ לאַנגער גאַנג, פֿון כּסדרדיקן געראַנגל צו באַפרייען ס'פּאָלק... פֿון מעשׂים... ראַנגלענישן...

— מיינט דאָך עס טאַקע דוחק זיין דעם קץ! וואָס דען איז דאָס דער דאָ־זיקער „פּראָצעס" דיינער, וואָס איז דאָס? — האָט ר' מרדכי געפרעגט מיט די הענט — וואָס מיינט דאָס — וואָס מיינט דאָס? מאי קא משמע לן? וואָס?

— ב'ווייס? אפשר, אפשר — האָט דוד געקליבן אַ וואָרט צו אַ וואָרט — אפשר דאַרף מען מיט כּוח ברענגען דעם גואל; אפשר דאַרף מען זיך אַרויסרייסן אים אַנטקעגן... אומעטום! און בעיקר דאָרטן, אין ארץ־ישראל. מיט אַקעראייזן, מיט אַ שופליע און אפילו מיט אַ שווערד. מען דאַרף מאַכן אַ וואַרע פֿאַרן גואל... און...

— און און... מיט אַ שווערד?! און מאַכן אַ מלוכה ווי די אומות העולם, כּאַפּ־לאַפּ? — האָט ר' מרדכי לייב איבערגעשלאָגן דעם זון — און איך האָב גאָר־נישט געוווּסט, אַז דו האָסט אַזאַ גלאַט צינגל. ביזט אַ מגיד, ממש... אַ מלוכה, האַ? אָבער אם הד' לא יבנה בית שטייט. דאָך? האַ, גלאַט צינגל, בעל־לשון!

אַ ווײַלע זענען פֿאָטער און זון אַנטשוויגן געוואָרן אינמיטן פֿעלד. לוי, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיטן פֿעטער דוד און מיטן זיידן, האָט זיך אַריינגעמישט:

— מיטן אויבערשטנס הילף, זיידע, וועט מען בויען. און מיט אונזערע הענט!

— הייסט עס, אַז מיר, די, וואָס קאָנען, דאַרפֿן הייבן פּיס — האָט ר' מרדכי לייב זיך ווי אויפֿגעכאַפּט — מיר דאַרפֿן איבערלאָזן אַלעמען, אַלע יידן אויף הפקר, און גיין קיין ציון... מחמת וואָס? מחמת מיין דוד און מיין לוי זאָגן, אַז זיי זענען שטיקלעך משיחים... און לויפֿן אַליין ראַטעווען די אייגענע פֿעל?... און נאָר פֿאַרוואָס? מחמת מיין דוד און מיין לוי מיינען, אַז צווישן די אומות האָבן מיר שוין נישט קיין מאָרגן... נו, און דאָרטן וועלן די אומות אונז יאָ ליב האָבן? זיי וועלן אונז קעכלען נאָך פֿאַר דער גאולה שלימה? עס איז דאָך האָ בהאָ תליאָ!...

— פֿון דאָרטן אויס וועלן מיר ברענגען די בשׂורה און אַרבעטן פֿאַר דער גאולה שלימה... און דאָרטן וועלן מיר בויען אַ פֿעסטונג — האָט דוד געענטפֿערט — כּי מציון תצא תורה דאָס מיינט דאָך דער קוואַל פֿאַר דער אויסלייזונג פֿון אַלעמען... אַלעמען.... פֿון דער וועלט... די גאַנצע וועלט...

— זיידע, דו געדענקסט דעם מלבי"ם אויפֿן נביא מיכה? — האָט לוי זיך אַריינגעמישט — דער מלבי"ם זאָגט, אַז די גאולה וועט קומען אין דריי מדרגות: צוערשט וועלן אַביסל יידן עולה זיין, דערנאָך וועט מען שאַפֿן אַ קליינע מלוכה, און דערנאָך וועט קומען די גרויסע מלוכה און די גאולה שלימה...

— און אפשר, טאַטע, וועסטו מיט מיר מיטפֿאָרן און אַליין אָנקוקן? — האָט דוד געפֿרעגט — יאָ, טאַטע?

— טרייב נישט! טרייב מיך נישט! — האָט ר' מרדכי לייב אויסגעשריען — מנחה! קומט עס איז שפּעט! מנחה!

ווען זיי זענען אָנגעקומען אין הויף אַריין, איז דער עולם שוין געווען: דער מילנער, דער ברענער, דער קאַסירער, דער רימער, דער נאמן ר' שמריה, דער איידעם, שלום־יוסף דער זון און עטלעכע אורחים, וואָס האָבן אָנגעצויגן אין

גוט אַריין. ר׳׳מרדכי לייב אַליין האָט געראַוונט פאַרן עמוד און אַ טיפע בענקשאַפט און אַ שטילער כליפּ האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זיין האַלז. ביי דער הויכער שמונה־עשרה האָט ער זיך צעלאָזט:

— תקע בשופר גדול לחרותנו...

איבער די אָפּענע לאַנעס האָט זיך געטראָגן דאָס געבעט:

— ושא נס לקבץ גליותנו...

און זאָמל אונז צענויף אינגיכן פון די פיר עקן וועלט אין אונזער לאַנד אַריין...

און אַנטקעגן האָט געגליט דער ראַנד פון הימל, צונטערדיק־רויט און די זון האָט זיך געגליטשט און לייכט־לייכט געזעגנט...

קאַפּיטל 34

# אַ לייַדיקער פּאָסט־קאַסטן

אַ ווייסער פּוכיקער שניי האָט באַדעקט די גאַסן פון לעמבערג, און אַ ליבמיקע זון האָט זיי געלייכט מיט זילבער און וויאָלעט. דינע פלימערלעך, דריבנע קווייטן, בלווילעכע און גרינלעכע האָבן געפלאַטערט, געקרייזלט אין דער הויך, געפאַלן לייכט און שטיל. און זיך צעדריבלט ווי דימענט־שטויב.

עס איז געווען נאָנט צום סוף דעצעמבער, ערב ניטל, און די שוי־פענסטער אויף די הויפּט־גאַסן זענען געווען אויסגעצירט מיט כלערליי פאַרביקע סחורות. מיט אַ סך סטענגעס, באַנטן און לאַמפּיאָנען, וואָס האָבן זיך געמיניעט אין סאַמע מיטן העלן טאָג. די געשטאַלט פון סאַנקט ניקאָלאַס „שווענטי מיקאָלאַי“ — אין רויטן מאַנטל, הויכער מיטרע און מיט דער שניי־ווייסער באָרד האָט זיך אומעטום געוואָרפן אין אויג. מען האָט אים געזען שטייענדיק, פאָרענדיק און פליענדיק — אין אַ שליטן מיט באַגלעקלטע פערד, אויף הערנער פון הירשן און אויף אַ דינעם, גאָלדיקן שטראַל...

דער ריח פון ווייַנאַכט האָט פאַרפאַרוועט די לופט מיט זיסלעכער ווירציקייט: מיט דערמאָנונג פון געבורט פון „האַר און דערלייזער“, ערגעץ אין יידישן בית לחם, און מיטן ווידערקול פון פאַסטוך־געזאַנג, אַמאָל־אַמאָל אין אַ קאַלטער נאַכט, ביי אַן אָפענער שטאַל אַנטקעגן שטערן־שיין... און סאַנקט ניקאָלאַס — „שווענטי מיקאָלאַי — די טיפע קעשענעס פון די ברייטע שאַרלעך־פליודערן אָנגעשטאָפּט מיט מתנות און חסדים, זאַמלט ער גוטסקייטן אין אַ גרויסן זאַק און טיילט זיי אויס כפל־כפליים, מיט אַ צוזאָג און מיט אַ שמייכעלע...

ניטל איז הייַיאָר אויסגעפאַלן אין דער חנוכה־וואָך. האָט זיך דאָ און דאָרטן דורכגעבראָכן אַ סימן און אַ זכר פון אַלטן יידישן נצחון און פון גרויסן נס. אין באַלויכטענע פענסטער פון זילבערוואַרג־מאַגאַזינען האָבן זיך געזען חניכה לאָמפּן, לייַכטער, מנורות, העסעס, בעכערס און זילבער־בלעכן, מיט כלערליי גראַווירונגען און פאַרצירונגען. אין די יידישע „פּאַסאַזשן“ — האָוזמאַן און בעלער — ביי די איינגעזעסענע ספרים־הענדלערס זענען געווען אויסגעהאָנגען און אויסגעשטעלט געכתיבהטע בלעטער פון ספר החשמונאים, פאַרביקע צייכענונגען און ראַדירונגען פון בית ראשון און פון מתתיהו כהן גדול און זיינע העלדישע זין.

לוי ברוידעס, וואָס האָט שפּאַצירט איבער די פּאַסאַזשן, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי די קראָמען, געקוקט אויף די בילדער, אויף די לייַכטלעך, אויף די לאָמפּן און באַטראַכט די אַנדערע אַנטיקן, עלעהיי דאָס וואָלט געווען אַן אַנטפּלעקונג פאַר אים. אָט ווייזט מען דאָרטן אַן אַלטן חנוכה־לאָמפּ. דאַכט זיך, אַזאַ ווי דער זיידע זיינער האָט: פון טונקעלן, שווערן זילבער, מיט אַ פענסטער וואַנט און מיט אַכט טיפע שיסעלעך, מיט גראַווירטע טרעפּ. און איבער זיי — אַ לייבן־קאָפּ מיט אַן אָפענעם מויל פאַרן „שמש“ אין דער הויך. ענלעכע לאָמפּן, נאָך אַביסעלע גרינגערע, גלאַנציקערע האָבן דער מאַמע זיינער און דער פעטער שלום־יוסף — אַ טלעכער זיין אייגנס און וועדליק זיין גוסט.

מען האָט שוין מסתמא אַרויסגענומען די דאָזיקע לאָמפּן פון די פאַרגלאָזטע זילבער־שראַנקן; מען וועט זיי אָנצינדן און שטעלן אין די פענסטער, וואָס בליען אין גליען מיט פראָסטיקע קווייטן אין דער קאַלטער נאַכט.

הייַנטיקן חנוכה איז ער, לוי, ווייט פון דער היים. דאָ, אין לעמבערג, פאַר־

ברענגט ער זיין ווינטער־וואַקאַציע. אין יאַנעווקע איז איצט פּוסט. פּעטער דוד, איש גבעוניה, איז שוין פון לאַנג אַהיימגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ באַנגיקייט, וואָס נאָגט. עס איז אויך צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע דער מיסטער טשאַרלי־כאַצקל ווינאָקור, העגעך דעם שוסטערס זון. עס איז אויסגערונען דאָס ביסל פריילעכקייט און אויך דער חלום פון „אויפריכטונג“, וואָס יאַנעווקע האָט געשפּינען אין די זומערדיקע טעג.

און נאָך עפּעס איז געשען: אויך קלאַרא ווינאָקור איז דאָרט נישטאָ אַצינד. קיין אַמעריקע מיט איר ברודער כאַצקלען איז זי דערווייל טאַקע נישט געפאָרן. אָבער דאָס שטעטל האָט זי איבערגעלאָזט. אָנהויב הארבסט איז זי אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און זיך „אינסקריבירט“ אויפן פילאָזאָפישן פאַקולטעט אין דאָרטיקן אוניווערזיטעט.

— אַז אַלע פאָרן קיין לעמבערג אָדער קיין קראָקע, מוז דעם שוסטערס זאַבליערע דווקא פאָרן קיין וואַרשע! — האָבן ווייבער, פּליאָטקע־מאַכערינס, געמאָלן מיט די צונגען -- וואָס וואַרשע? ווען וואַרשע? און ווער פערקעט עפּעס אַהין, ווו אונזערע אָבות אבותינו זענען נישט געווען? אָבער קיילע־קלאַרא, מיט דער סמאָליע און מיט דער דראַטווע, זי טראָגט עס דווקא אַהין. און דאָס איז דאָך אומיסטן, כדי זיך צו רייצן מיט די ראַפּאָפּאָרטס און מיט די ברווידעסעס. און די היקעוואַטע שוסטערקע, די מאַמערא, טייעט דאָך אָן דערפון... אפשר ווייסט איר, וואָס דאָס איז פאַר אַ מוניפאָרגע און פאַר אַ מאַנקאָליע? עס איז דאָך איר קעפּעלע דערביי, מיט די שטוטשקעס און מיטן טראָנץ...

עס זענען געפלויגן אַנדערע כברות אויך. ביי בוניע זייגערמאַכער, אין מושב לצים, האָט מען געטייטשט, אַז קלאַרא איז אַוועק צוליב אירע קאָמוניסטישע שפּיצלעך, און אַז דער אוקראַאינישער סטודענט הריצקאָ וועלימאָק איז אין דעם פאַרמישט. מען האָט אויך געגעבן בלערליי אָנצוגעהערענישן, וואָס האָבן צו טאָן מיט קלאַראַן פּערזענלעך — אַז זי מוז, און אַז עס לוינט זיך איר צו זיין וואָס ווייטער אַוועק — דאָרט, ווו מען קען זי נישט ווו עס וועט זי כמעט נישט באַגעגענען קיין היימישער מענטש...

בעת קלאַרא איז אַוועקגעפאָרן פון דער היים, איז לוי גראָד דעמאָלט געווען אין דאָרף, אין ווילכעוווער גוט. הגם זי האָט זיך מיט אים געזעגנט אין אַ בריוו — אַ שאַרפער, פול מיט באַהאַלטענער איראָניע און מיט שטעכיקע באַמערקונגען — האָט זיך ביי אים דאָך דערוועקט אַ חשד, אַז זי האָט אויסגעקליבן וואַרשע אָנשטאָט לעמבערג, כדי אים אויסצומיידן, כדי אים נישט צו געבן קיין „סאַטיספאַקציע“, אַז דאָס לויפט זי אים נאָך. ער האָט געלייענט אירע ווערטער עטלעכע מאָל. וואָרום צווישן די שפּיציקע, פאַרשייטע און גאַליקע שורות האָט פאָרט געוויעט מיט באַהאַלטענער באַנגיקייט, אפילו מיט מעלאַנכאָליע. איז עס פאַר אים געווען אַ רעטעניש.

געענטפערט האָט ער איר העפלעך, קאָרעקט אָדער פאָרזיכטיק, ווי ער וואָלט נישט געשריבן צו קלאַראַן, פאַר וועלכער ער האָט ערשט נישט לאַנג געקניט און, אין זיין גאַנצער אויפריכטיקייט מיט אַ סך האַרץ זי געבעטן צו ווערן זיין ווייב... ער האָט זיך אַליין געחידושט; שרייבט ער צו דעם זעלבן מיידל, צוליב וועלכן ער האָט אַמאָל פאַרלאָזט פּראַג און איז געבליבן זיצן אין יאַנעווקע, כדי צו האַרטן אויף אַ וואָרט פון איר מויל? צייטנווייז האָט זיך אים געדאַכט, אַז די אומרואיקע און פיבערדיקע טעג זענען גאָר כלל נישט געווען אויף דער וועלט; און יענע נאַכט אינמיטן פעלד, אין ביידל פון באַן־וועכטער, צווישן יאַנעווקע און ווישניפּטשיק, איז אַוודאי אויסגעטראַכט. און פאָרט האָט עפּעס געגאָגט און געאַרט און ווי נעטאָן...

דאָס לערנען אין לעמבערג איז איצט צוגעגאַנגען אימפּעטיק, נערוועז און „עקספּרעס“. באַלד אין אָנהויב סעמעסטער האָט ער, לוי, זיך גענומען גרייטן צו די עקזאַמענס און איז זעלטן אַרויסגעטרעטן פון זיין צימער אין פּענסיאָנאַט „האַרמאָניאַ“. ער האָט נעאַקערט מיט דער נאָז אין די דיקע, בייכיקע ביכער און זיך געוויקט אין די „סקריפּטן“, וואָס ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט.

די פֿאַרלעזונגען האָט ער דווקא נישט באַזוכט רעגולער. ער האָט פֿאַרגעצויגן די טויטע, געדרוקטע אותיות מער פֿון פּראָפֿעסאָרישע מיילער אַרויס. וואָרום צו די וויסנשאַפֿטלעכע אַנאַליזן און אויספֿירונגען וועגן די באַטרעפֿנדיקע קענגנשטאַנדן האָבן עטלעכע לערערס לעצטנס צוגעטשעפּעט אַ היבש ביסל וועלט־פּאָליטיק. זיי האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין „פּראָגנאָזן", און זייערע אויספֿירונגען האָבן צעריר־דערט און אויפֿגעוועקט.

פּוילן — האָבן די דאָזיקע לערערס געטייטשט — וועט באַגלייך מיטן גאַנצן מערב, נאָך איינגעבן מוזן אַרויסציען די שווערד, כדי צו פֿאַרטיידיקן די קריסטלעכע ציוויליזאַציע, וואָס איז אין גרויס געפֿאַר. אין פּוילן וועט זיך אויך מוזן אַרויסרייסן פֿון דער שטיק, אין וועלכער מען האָט זי אַריינגעפּרעסט. זי וועט אויסשפּרייטן אירע פֿליגלען — אירע אייזערנע אָרעמס — צו מזרח, און דערביי וועט זי קוקן צו מערב מיט קלאָרער וואַכזאַמקייט. און צוליב דעם מוז פּוילן צוערשט צאַמען די אינעווייניקסטע שונאים און שמידן ענגער און פֿעסטער די רינגען פֿון גלויבן און שמאַרקן די באַנדן פֿון ליבשאַפֿט צום פֿאָטער־לאַנד. אַ ליבשאַפֿט — מיינע הערן סטודענטן — „ביז צום שטאַרבן; און מיט דעם וועלן מיר אָנזאָגן די גרויסע, הערלעכע מיסיע אונזערע"...

באַוואָפֿנט מיט דער דאָזיקער „ליבשאַפֿט און מיסיע", האָבן די פּראָפֿעסאָרן אָן שום שוועריקייטן פֿאַרענטפֿערט, למאַי די קרימינאַלן זענען פֿול מיט „פּאַ־ליטישע", למאַי מען האָט איינגעפֿירט „אַפּזונדערונגס־לאַגערן", און וואָס מיינען די בסדרדיקע אָבלאַוועס, איבערפֿאַלן און דעפּרעסיעס.

איין דאָצענט — אַ יונגער, אַ זשעדנער, מיט צוויי שיקלדיקע גרינע אויגן, מיט אויסגעבערענטע פֿלעקן פֿון אויסגעהיילטע „פּראָנצן" אין די פֿאַסמעס געלע האָר — איז איינמאָל געגאַנגען נאָך ווייטער: ער האָט געלאָזן פֿאַלן ווערטער אויפֿן חשבון פֿון דער „יידישער בורזשואַזיע" און וועגן דער ראָל פֿון „אינטער־נאַציאָנאַלן ייד". דער דאָזיקער „אייביקער ייד", וואָס באַווייזט זיך אומעטום אין מאַמענט פֿון אָנטשיידונג; דער־אָ ייד און דער באָלשעוויק פֿון מזרח זענען גאָר איינע און די זעלבע „קרעאַציע" — זיי שטאַמען פֿון איין קוואַל און רייסן זיך צו איין ציל: צו צעשטערן די קריסטלעכע מאָראַל, צו פֿאַרמיאוסן אַלדאָס שיינע, אונטערצוגראָבן די יסודות פֿון דער ציוויליזאַציע און צו באַהערשן די וועלט מיטן שטנס מאַכט... סאַטאַנישע מאַכט...

די דאָזיקע ווערטער האָבן אַרויסגערופֿן אַ טומל: עטלעכע יידישע סטודענטן, וואָס זענען געווען געצוווּנגען „געזעצלעך" צו זיצן אין די הינטערשטע בענק, האָבן פּראָטעסטירט. צוויי קריסטלעכע יונגעלייט און אַ קריסטלעך מיידל האָבן דווקא געהאַלטן מיט זיי. אָבער דער געשריי און דאָס בילן פֿון די צעקאָכטע און צעוויינטע פּוילישע „פּאַטריאָטן" האָבן אַלעמען איבערגעשריגן און שיעור איינגעלייגט די ווענט און היגע סופיט.

ביי דער דאָצענט האָט זיי איינגעשטילט. ערשטנס — האָט ער געשיקלט מיט די אויגן און געגלעט די „זיגלען" אויפֿן קאָפּ — האָט ער נישט געמיינט אַלע יידן. נאָר געוויסע שטאַנדן, געוויסע גרופּעס; און זיי זענען דאָך דאָ, און קיינער קאָן דאָס נישט אָפּלייקענען. און צווייטנס איז זיין באַהויפּטונג נישט קיין פֿאַראייניצלטע. אָט, זאָל מען אַריבערקוקן אויף יענער זייט גרענעץ, צו דעם קולטורעלן דייטשלאַנד — וואָס זאָגט מען דאָרטן, וואָס? אויך דאָס אייגענע. און וווּ נישט? אַ גאַנצע וועלט איז דאָך נישט אינגאַנצן דול. אָנשטאָט שרייען וואָלט גאָר אַ סך בעסער געווען, ווען יידן זאָלן אַליין אָפּשאַפֿן דעם איבל, אַרויס־רייסן אים מיטן וואָרצל, אויסברענען די זינד.

— עס קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז זינדיקן טוען גאָר אַנדערע זינדיקן? — האָט לוי זיך אויפֿגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך און גענומען רעדן רואיק, אָבער מיט איינגעהאַלטענעם כעס — עס איז דאָך געמאָלט, אַז דאָ זוכט מען פֿאַר זשעדנעקייט, פֿאַר אָפּגעשטאַנענקייט און פֿאַר נאַרישקייט? עס קאָן דאָך אַ קרבן, אַ זינד־באָק פֿאַר דער אייגענער שוואַכקייט, פֿאַרן אייגענעם דורכפֿאַל, זיין, אַז דאָס געשעעט אַזוי אויף אַלע זייטן פֿון אַלע גרענעצן? קלאָר גערעדט, הער־

פּראָפעסאָר, וואָס דאַרפן, כּלומרשט, די יידן טאָן? זענען מיר פאַרמעגלעך — ווערן מיר „אינטערנאַציאָנאַלע באַנקירן“; זענען מיר אָרעם — זענען מיר באָלשעוויקעס. זענען מיר אפשר ביידע צוזאַמען?

— דאָס איז סאָפּיזם. אַז מען וויל רייניקן די נשמה, געפינט מען דעם פלעק, די קרעץ — האָט דער דאָצענט געגלעט די „סיגנעטן“ אויף זיין קאָפּ — אָבער מיט סאָפיזמען פון תלמוד ווערט מען נישט געהיילט. אָבער... מיר זענען אַביסעלע אַוועק פון דער טעמע. ווי האַלטן מיר וועגן דער „דעסקוואַמאַציע“ פאָן פעלז?

יענעם טאָג האָט לוי מער נישט געהערט, וואָס דער דאָצענט האָט צו זאָגן וועגן זיין „וויסנשאַפט“. אין מוח האָט געעקבערט „מזרח, מערב, פוילן, דייטשלאַנד, די וועלט, דער אָדלער, די שווערד“...

די ידיעות, וואָס זענען געקומען פון דייטשלאַנד, זענען געווען פינסטערע. איין קאַנצלער אַראָפּ, דער אַנדערער אַרויף; און אויף א דריטן האָט מען שוין געשאָסן און אַ גערטער האָט עוקר געווען. די „נאַצים“ בושעווען איבער די גאַסן פון די גרעסטע שטעט. זיי זינגען זייערע בלוט־לידער איבער בערלין, מינכען, האַמבורג און קעלן. אַלע סימנים ווייזן, אַז פעלדמאַרשאַל הינדענבורג, דער העלד פון טאַנענבערג, דער אַלטער פּרעזידענט, וועט רופן דעם עסטרייכישן מאָליער אַדאָלף היטלער און וועט אים אָנבאָטן די קאַנצלערשאַפט.

און די לינקע? די קאָמוניסטן רייסן זיך מיט די סאָציאַליסטן; די ליבעראַלן בריקען זיך צווישן זיך, און די קאַטאָליקן קוקן קיין רוים...

מען זאָגט פאָרויס אַ גענעראַל־שטרייק; מען דערוואַרט אַפילו אַ בירגער־קריג. „ציניקער“ צווייפלען און טרייסטן מיט אַ שמייכעלע: עס וועט זיך נישט אָפּשטעלן סיין איינציק ראָד. דייטשן שטעלן נישט אָפּ קיין רעדער; אַלץ וועט מאָלן און וועט קלאַפּן — און נאָך ווי! די רעדער וועלן זיך דרייען און גיין און צעמאָלן קעפּ, יידישע קעפּ...

און לוי האָט טיפער און טיפער געגראָבן די אויגן אין די דיקע ביכער און געשלונגען חכמה און געשטאָפּט אין זיך: ווי צו פאַרוואַנדלען זאַמל אין אַקערערד, און ווי אַזוי צו ציען וואַסער פון אַ שטיין...

בדיעבד בעסער אַזוי. אַרויסצוגיין אין גאַס האָט זיך אים נישט געגלוסט. די משפּחה כּץ אויף דער לינדענגאָ־גאַס, האָט אים מער נישט געלאָקט; און זאָפּיאַ גראַניצקאַ איז אין שטאָט נישט געווען. איז אפשר דאָס די סיבה פון זיין אָפּגעשלאָסנקייט? ער האָט נישט געוווסט.

נאָך אינמיטן זומער איז די פּאַני זאָפּיאַ אַוועקגעפאָרן פון לעמבערג און ביז אויפן היינטיקן טאָג. איר קליינע דירה אויף דער מיצקעוויטש־גאַס איז פאַרשלאָסן אויף אַ קלאַפּ־שלאָס. דאָס פּאָסט־קעסטל איז ליידיק ווי אַ מויל, עלעהייעס וויל איינשלינגען אַ מענטשן, אָדער עס האָט אים גאָר אויסגעשפּיגן פון זיך. איינמאָל האָט לוי אַהין אַריינגעלייגט אַ צעטעלע. עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער עס געפינען אויפן אָרט. קיין האַנט האָט זיך דערצו נישט צוגערירט. הייסט עס, אַז די פּאַני זאָפּיאַ האָט קיינעם נישט איבערגעלאָזט און קיינער קומט נישט צו איר שוועל. אויך אין ביוראָ פון באַראָן ז׳לוואָווסקי־לעווענהאַרץ, אויף דער סאַפּיעהאַ־גאַס זענען ווי אָפּגעווישט געוואָרן אירע שפּורן און עס איז אויסגעגאַנגען איר דעך, וואָס פלעגט אָנפילן דאָס אַלט־מאָדישע, רחבותדיקע צימער מיט די טונקעלע, געטאָוולטע ווענט און דעם געוועלבטן סופיט.

וו איז די פּאַני גראַניצקאַ און פאַרוואָס איז זי אַוועק? סוף זומער, ווייסט ער, איז זי געווען אין שווייצאַריע. זי האָט אים פון דאָרט געשיקט אַ קאַרטל: בערג, אַן אָזיערע און אַ לאַקאָנישע צושריפט, אַ האַלבער טוץ ווערטער און נישט מער. זיצט זי אַ צינד אויך אין די בערג? פון מינאַ כּץ האָט ער, לוי, אַנומעלט געהערט, אַז דער אַלטער באַראָן, זאָפּיאַס באַלעבאָס, איז אויך אין אויסלאַנד און עס גלוסט זיך אים נישט צו קומען אַהיים. עס האָט צו טאָן מיט דער פּאָליטישער לאַגע. און דער אַלטער נאָבלמאַן וואַקלט זיך. נו, איז איר, דער פּאַני זאָפּיאַ,

אויך שווער אין איר לאַנד, און איז דאָס יחוס־צעטל פון איר טאַטנס שמד בלויז אַ סומנע, נאַריש און וויסט שטיקל פּאַפּיר?

עס האָט אויך געעקבערט אַ שאלה: איז זי אַנטלאָפן פון זיך אַליין, צי האָט ער, לוי, אויך גורם געווען צו איר געלאַף, און צי האָט ער נישט אַמאָל דערמיט צו טאָן? דער־אַ געדאַנק האָט אים אי באַאומרואיקט, אי געשמייכלט — ווערליק דער אייגענער שטימונג און לויט דעם ליכט אין גאַס...

„דעסקוואַמאַציע", איז אים עטלעכע מאָל געקומען אויפן זינען ווי אַ תשובה אויף אַלץ. נאָר וואָס, אין תוך, איז עס אַזעלכעס די „דעסקוואַמאַציע"? דער בייט פון טעמפּעראַטור שפּאַלט פעלזן, און זיי שיילן זיך. בעמישע פּראָצעסן און בייסיקע ווינטן ענדערן די פּאָרעם פון שטיין.

דערווייל האָבן די ווינטן נאָך נישט אַריינגעבלאָזן אין דעם שטילן פּענסיאָנאַט „האַרמאָניאַ". און דאָרט האָט לוי זיך לעת עתה אָפּגעזונדערט מיט זיך.

ביז חנוכה איז געקומען און אים אַרויסגעטריבן פון דאָרט. אַ שאַרפער ריח פון ווייטע דורות — האָט אים אַ שפּאַר געטאָן אין קאָפּ. אַלטע בילדער און לאַנגסטיקע ניגונים, דינע פלעמלעך און נאָגנדיקע נוסחאות האָבן אויף אים אָנגעוויעט און אים געשטעלט אויף די פיס.

און אָט שפּאַנט ער אַרום איבער די „יידישע" פּאַסאַזשן פון לעמבערג, קוקט אויף די פענסטער און זוכט אַ טיר.

און מיטאַמאָל איז אים איינגעפאַלן: פאַרוואָס נישט אַריבערגיין דווקא צום אָרעמען שאַבאַלמאַכער, אויף דער זשרודלאַנע־גאַס? עס איז דאָך אַ טעם דערבײַ. אַ סימן — סע ציט אים אַהין. און דאָס איז שוין גענוג. זענען דאָס דער יינגער מאַשעס אויגן, וואָס ציען? איר שטומער געבעט און דער שטילער צער, וואָס ווייען אַרויס פון איר? איז דאָס דער ריח פון איר טאַטנס טאָוולען פון דעם קלייסטער, פאַרב און קליי? עס איז דאָ אַ טעם דערבײַ, מן הסתם. ער, לוי, איז דאָרט אַ שטיקל היימישער מענטש. ער איז אַהין מיטגעגאַנגען, ווען דער פעטער דוד האָט זיך אַריבערגעכאַפּט צו געזעגענען. און ער האָט מיטגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווען דער פעטער האָט צוגעזאָגט צו העלפן ברענגען מאַשען קיין ארץ־ישראל — זי אַרויסצורייסן פון דער „זשרודלאַנע"־גאַס. זינט דעמאָלט איז ער דאָרט געווען נאָכאַמאָל. ער האָט געבראַכט אַ בריוו און אַ גרוס...

פאַרוואָס נישט אַריבערגיין אַהין, אָט שוין? און פאַרוואָס נישט איינקויפן אַ פּעקל מתנות? עס איז דאָך חנוכה. טשעקאַווע, וואָס די שטילע, בויגעוודיקע מאַשע וועט זאָגן... וועט זי אָננעמען, און וועט זי אים מכבד זיין מיט אַ שמייכל, אָדער וועט זי שווייגן עקשנותדיק און וועט זיך נישט צורירן?

עס איז דאָ אַ טעם, למאי סע ציט אים צו דער הינטער־גאַס, ווי פון דאָרטן וואָלט ער איצט דערוואַרט זיין באַשייד...

קאפיטל 35

# חשמונאים...

מיט האסטיקע טריט איז לוי ארײַן אין טויער פון הויז נומער אכט אויף דער זשווירלאַנע גאַס. דאָ האָט ער אַביסל אָנגעכאַפּט דעם אָטעם, סײַ פון פּראָסט, סײַ צוליב דער פּריקרער באַגעגעניש. נישט ווײַט פון הויז האָט ער זיך געהאַט אָנגעשטויסן אויף צוויי ייִנגעלעך אין לעדערנע רעקלעך, קיילעכדיקע היטעלעך, מיט ברענענדיקע ציגאַרעטלעך אין די מײַלער און מיט שפּיצרוטן אין די הענט. זיי זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין אַ לאַמטערן־סלופּ און געמיטלעך זיך געלוסטערט אויף דער קעלט. ווען זיי האָבן אים, לוין, דערזען און באַמערקט ווי ער באַרקירעוועט זיך, האָט איינער פון זיי אים אָפּגעשטעלט און געבעטן אַ שוועבעלע, כּדי צו זיין ציגאַרעט האָט געברענט. דער צווייטער האָט זיך דערווײַל אַ ביסעלע אַ גליטש געטאָן אויף די קנאַפּל פון זײַנע אויסגעגלאַנצטע שטיוועלעך, ביז ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן לויס קני און אים שיעור איבערגעקערט. ער האָט זיך אַנטשולדיקט אויף פּויליש און שעלמיש פאַרנייגט. לוי האָט גלײַך דערפילט, אַז די צוויי „פּאַצעטן‟ זוכן אַן אָנטשעפּעניש, און אַז דאָ האָט מען אים אויך מיסטן אונטערגעשטעלט אַ פוס. ווער זײַנען זיי און וועמען משאַמעוועט זיי ביים לאַמטערן־סלופּ? ער האָט זיך יאָ און נישט אָנגעשטויסן און זיך געלאָזט זײַן וועג. פון הינטן האָבן אים נאָכגעיאָגט קלאָרע און הויכע רייד:

— ש׳מאַילעך, זעסט דער „הנניה‟ האָט זיך טאַקע זאַנאַדיעט... צו מאַשען, יאָגט עס עס.... צ׳וואָר, ער מאַינט פּאָד חרם...

— אַ שמויגער! ׳עט ער ניש׳ אָפּטיפּלען, ׳עלעך עים אויסלינקען די רעבטע שישוואַלקע, און אויך דער לינקער ׳עט ער ביי מיר הינקען... און מאַשען ׳עלעך מערטשישעם נאָך פּסח „אָנסטראָיען‟... הערסט, פּייטעל?

— מ׳עט דעך איינישבענען אין די „בריגידקעס‟, ש׳מאַילעך... ׳עסט גיין זיצן.

די ייִנגען האָבן זיך צעלאַכט...

ווייטער האָט לוי שוין גאָרנישט געהערט. ער איז אַרויף אויף די טרעפּ און זיך אַרויפגעדראַפּעט צום גאַניק, וואָס פירט צו דער דירה פון שאַכטל־מאַכער פישל מאַלץ. אין דער קיך, וואָס איז אויך דער וואַרשטאַט, דאָס עס־צימער און דאָס קינדער־צימער, האָט שוין געפינטלט אַ קליין לעמפּעלע.

— אָ, אַ גאַסט! — האָט דער שאַכטלמאַכער אויסגערופן, דערזעענדיק לוין — זע׳ט נאָר!

ער האָט זיך אָפּגערוקט פון קליינעם, בייכיקן אויוון, וואָס ער האָט איצט געקערט מיט אַ בעזעמל. ער איז געווען איינגעניאָרעט, פאַרסאַזשעט און פאַרריסט.

— אַ ייִד — האָט ער אַ מאַך געטאָן — אַ ייִד, אַ קבצן, דאַרף זיין אַ קוימענקערער אויך... יאָ, פּאַניע ברוידעס...

און ווי ער וואָלט געהאַלטן אין ציען אַ שמועס פון פריער, האָט ער זיך אויסגעדרייט, געוויזן מיטן בעזעמל אויפן בענקל, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— נו, קיין סכנה איז עס נישט. און קיין טאַראַראַם צוליב דעם מאַכט מען נישט. אָבער מוניקל לינשטאָק, אָט דער, פון נומער 12, ער האָט זיך זיין פּזמון וועגן דעם, ער לייגט אַלץ אַרויף אויף די... אויף די ׳קאָנאָמישע אומשטענדן, ווי ער רופט עס...

— ער איז נישט אינגאַנצן אומגערעכט...

— וואָס הער איך? איך? — האָט דער שאַכטלמאַכער געדרייט מיטן פּאַר־באַזשעטן בעזעמל. — איר הייסט מיך אויך מאַכן אַ בונט? ש׳מיגלער! איר שפּאַסט מילא, דער מוניקל, ער איז פון באַטווינס חדר. דאָ איז אַמאָל געווען אַ קאָמוניסט נפתלי באַטווין. מען האָט אים „ספּראַוועט“, צערעכטגעמאַכט... נו, נו, איר וואָלט אים געווען באַדאַרפט קענען. אַ קליינס, מיט אַ הויקער, אַ דאַרס און אַ פאַרווייניטס...

— איז וואָס?

— איז וואָס? — האָט פישל צוריקגעפרעגט און געענטפערט — דער נפתלי האָט נעבעך געמיינט עדנסט, אַז ער וועט פּועלן ביי די גויים, אַז זיי זאָלן מיך ליב האָבן... ער האָט נעבעך געמיינט, אַז ער קאָן... מיט רייד... עט! און איצט וויל מוניקל בינשטאָק, אַז איך הקטן, פישל מאַלין, זאָל מאַכן יד אחת מיט אַלע פּ׳ליטאַריער און זאָל זיי עפענען די אויגן... דער עיקר, וויל ער, מ׳זאָל מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן מיין ווירט, קעגן ר׳ יונה האָלצער... כאַ־כאַ־כאַ...

דעם שאַכטלמאַכער האָט אָנגעשפּאַרט אזא געלעכטער, אַז טרערן האָבן אים גענומען רינען פון די אויגן און אַריינטריפן אין בערדל אַריין:

— אָבער ס׳האָב איך צו ר׳ יונהן, ס׳האָב איך? — האָט דער קנאָפּ פון גאָרגל זיך ביי אים געצויגן אַריין און אַרויס — ס׳האָב איך צו ר׳ יונהן? אַז כ׳האָב אים נישט צו גיבן קיין דירה־געלט, נעמט ער נישט. און אַז ר׳האָט געזען, אַז מיט ברויט איז ביי מיר אויך שלעכט, האָט ער מיך אַריינגעשטעלט צו זיין קרוב, צו ר׳ הערשל גריידיקער, אין דער ליקער־פאַבריק... כ׳וואַש פלעשער, כ׳קאָרקעווע. ס׳איז דען אַ חילוק וואָס? אָבער ס׳איבעריקע, דעם שפּיץ, שטויסט איר זיך מסתמא אָן אַליין...

— ניין...

— ניין? טאַקע נישט? ס׳אַ שיינס און אַ גוטס. די פּ׳ליטאַריער, די גויאישקע אַרבעטער, זענען מלא רציחה אויף ר׳ הערשלען, למאי ער האָט אַריינגעלאָזן אַ יידן צו זיך אין פאַבריק. און מיר אַליין ווילן זיי דורסן... יעדע רגע... כ׳האָב מורא, אַז כ׳על זיך דאַרפן אָפּטראָגן פון דאָרטן... איין פלאַש האָב איך שוין אַריינגעכאַפּט אין קאָפּ אַריין... בע־בע... און ער וויל נאָך אַלץ דער מוניקל, כ׳זאָל פאַר זיי מאַכן אַ רעוואָליוציע... צ׳פאַרשטייט? וועט די מעשה טויגן, ע׳לן זיי זי נעמען פאַר זיך, אויסלעקן די סמעטענע, און מיר וועט מען גיבן דעם שטעקן. וועט זי זיין שלעכט, ע׳לן זיי מיר אוודאי דערלאַנגען מיט אַ דראָנג... ז׳עלן מיר גיבן דעם שטריק...

פישל האָט זיך אַווײלע פאַרטראַכט און מיטאַמאָל זיך דערמאָנט:

— ס׳טויגן אונז פּוסטע רייד! ס׳איז דאָך היינט חנוכה. מירן בענטשן חנוכה־ליכטעלעך. פיניעלע! מאַשע! ווו זענט איר!?

ער האָט געעפנט די טיר, וואָס פירט צום גאַניק און גערופן אויפן קול:

— מאַשע! פיניעלע! קינדערלעך!

באַלד האָבן זיך דערהערט גיכע טריט איבערן גאַניק, וואָס האָט געדרינזשעט מיט פאַרזשאַווערטן אייזן, פאַרשנייטער בלעך און צעפּלעך אייז. דער ערשטער איז אַריין פיניעלע, וואָס האָט באַצייטנס געהאַט געשפּילט דריידל מיט אַ חבר אין אַ שכנישער שטוב. זיין האַלז איז, ווי תמיד, געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ וואָ־לענעם שאַליק און וואַטע־צווישן האָבן אַרויסגעשטעקט פון זיינע אויערן. בלויז די אויגן זענען געווען „נאַקעט“ און אָפן; זיי האָבן געבליצט און דערציילט: פון דחקות און גרויסן טרויער, וואָס קלעמט איין דאָס קינדישע האַרץ.

פיניעלע האָט דער ערשטער באַמערקט אַ שיין פאַרפאַקטן קאַרטאָן אויפן טיש.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער אויסגערופן, קוקנדיק צו לוין — אייערס? אייער פּעקל?

— ניין... דיינס... און מאַשעס, — האָט לוי געענטפערט עטוואָס אין פאַרלעגנהייט. — נו, עס איז דאָך חנוכה.

— פאַניע ברוידעס! וואָס רעדט איר? — האָט ביים שאַכטלמאַכער זיך

ווידער צערירט דעם קנאָפּ און גאָרגל. — פרעג איך אייך... נאָך וואָס? פּאַניע ברוידעס... אַז...

דער קליינער פּיניעלע האָט דערווייל גישט געוואַרט ביז דער פּאָטער זיינער און דער גאַסט וועלן זיך אויסטענהן און אויסגלייכן צווישן זיך. מיט ציטער־דיקע פינגער האָט ער גענומען אויפבינדן ס'פּעקל און אויסגערופן אַן אַנטציק־טער און פאַרכלינעטער:

— טאַטעשי, טאַטעשי, זע נאָר!

ער האָט אַרויסגעצויגן אַ שרייב־געצייג, אַ פּולפּעדער און אַ בליישטיפט, און אויך אַ גלאַנציקע מויל־האַרמאָניקע.

— פאַר מיר? דאָס איז פאַר מיר? אוי!

ער האָט נישט געוווסט וואָס פריער צו טאָן. ער האָט גלייך געכאַפּט די האַר־מאָניקע צום מויל און געפּרווווט עטלעכע טענער, וואָס האָבן אויפגעציטערט אין דער פינסטערער קיך. מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער דערווייל ווייטער גע־נישטערט אין קאַרטאָן. פון אַ דינעם, קאָלירטן ביבולע־פּאַפּיר האָט ער אויסגע־וויקלט אַ האַנט־בייטל און אַ בוך:

— און דאָס איז פאַר מאַשען? איך וועט זיך, אַז יאָ! אוי! טאַטעשי! פאַר מאַשען!

לוי האָט געשמייכלט און אַביסל שעמעוודיק פּאַטאַקעוועט מיטן קאָפּ. אַ נייע־געריקייט האָט געפּיקט: וואָס וועט מאַשע זאָגן? וועט זי אָננעמען די מתנה, צי וועט זי אויף איר שטייגער זיך ברוגזן?

לאַנג וואַרטן האָט ער נישט באַדאַרפט. מאַשע, וואָס לערנט זינט עטלעכע וואָכן ביי אַ שכנותדיקער נייטאָרין, האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל.

— מאַשע, קוק! זע, אַ מתנה פאַר דיר! — האָט דער קליינער פּיניעלע נים אויסגעהאַלטן און איר אַנטקעגנגעטראָגן דעם האַנט־בייטל און דאָס בוך — מאַשע!

אויף דעם מיידלס גרינלעכן פּנים האָבן אויפגעפלאַמט צווי ראָזעווע פלעקן און אירע לאַנגע וויעס האָבן אַ ציטער געטאָן. מיט די בלייכע פינגער האָט זי אָנגעכאַפּט די צעפּ, וואָס האָבן זיך געשלענגלט איבער די אַקסלען, איבער דער ברוסט.

— עס איז חנוכה, מאַשעלע... און דער הער ברוידע, נו, — האָט דער פּאָטער געשמייכלט, — ער האָלט פון... זעסט דאָך... וואָס קאָן מען מיט אים מאַכן? אַזא מענטש איז ער.

מאַשע האָט אָפּגעלאָזט די צעפּ און מיט די שפּיץ־פינגער צערטלעך אַ ריר געטאָן דעם בייטל און דערנאָך דאָס בוך.

— הערלעך... אַ דאַנק, — האָט זי געשעפּטשעט, און ערשט איצט אויפגע־הויבן איר בליק צו לוין, — וואָס איז דאָס בוך?

— פּאָעזיע... ביאַליק... אויף יידיש.

— הערלעך... — האָט זי נאָך שטילער געשעפּטשעט. — איך וויים... דער טאַטעשי האָט מיר אַמאָל דערציילט וועגן אים.

לוין האָט זיך געדאַכט, אַז די שלאַנקע מאַשע איז אין די לעצטע וואָכן געוואָרן שלאַנקער און בויגעוודיקער. איר גיין צו דער נייטאָרין, דאָס לערנען אַ מלאכה און דאָס וואַרטן צו פאָרן צו דער טאַנטע צירל קיין ארץ־ישראל — דאָס האָט איר צוגעגעבן אַן אויסדרוק פון גאָרן און בענקען, וואָס האָט זיך געצייכנט אויף איר פּנים און אַרויסגערעדט פון איר בליק.

לוי האָט הנאה געהאַט דערפון, וואָס מאַשע האָט אָנגענומען די מתנות און אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ פּאַרניטיקונג — פאַר איר און פאַר אים. עס איז אים געוואָרן היימלעכער.

— איר ווייסט וואָס איך וואָלט וועלן? — האָט ער אַ מאַך געטאָן. — איך וואָלט וועלן, אַז מיר זאָלן היינט אַלע גיין אין יידישן טעאַטער... צו גימ־פּלען... איך האָב געזען די פּלאַקאַטן, מען שפּילט גאָלדפאַדענס „יהודה המכבי“.

— אַלץ אין איין אויפדערנאַכט? מתנות און טעאַטער און... ס'אַביסל צו גוט! — האָט דער שאַכטלמאַכער געשאָקלט מיטן בערדל. — מ'עמיר נאָך פאַר־

געסן אַ נאַר און מ'עמיר נאָך מיינען. אַז מיר זענען שוין אופגעריכט... ס'אַ ביסל צו גוט. הייגט דאַרף מען בענטשן חנוכה־ליכט... אַריינכאַפּן אַ וועטשערע און...

— מיר קאָנען אַלץ באַוויזן, — האָט לוי איינגעווענדעט. — עס איז נאָך פרי... עס איז נאָך קיין זעקס נישט... און שפּילן הייבט מען ערשט אָן אַרום האַלב ניין. עס איז דאָך ווינטער די פינסטערניש פאַלט צו פרי...

— דאָס זענט איר גערעכט... די פינסטערניש פאַלט צו אַביסל צו פרי און צו שנעל און זי האַלט אָן צו לאַנג, — האָט דער שאַכטלמאַכער צענומען די הענט. — אַביסל צו לאַנג האַלט זי אָן.

ווי ער וואָלט באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו דער פינסטערניש און צו דער קעלט, האָט ער אַרויסגעדרייט נאָך אַ לעמפּל — לכבוד חנוכה — אַריינגע־לייגט עטלעכע שטיקלעך קוילן אין בייכיקן, אייזערנעם אויוון, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהאַט אויסגעקערט, און אָנגעצונדן אַ פלאַם מיט אַ וויעבעט־שטרוי. ער האָט זיך צעבעריעט און אַליין אַרויפגעשטעלט אַ טעפּל מיט איבערגעוואַ־שענע קאַרטאָפליעס אויף דער פּלאַטע און עפּעס אַרומגענישטערט איבער די פּאַליצעס.

— און איצט 'עלן מיר זיך אַביסל אָפּוואַשן און אַריינכאַפּן אַ מעריבל. מיט אַן „על הנסים"... מיט אַ „בימי מתתיהו"... וואָס דען?

דערווייל איז אָנגעקומען פישלס ווייב, וואָס האָט דעם גאַנצן טאָג באַ־דינט אַן אָרעמע קימפּעטאָרין אויף דער פּאַד־דעמבעס־גאַס. די קליינע, איינ־געשרומפּענע פרוי, מיט אַ פּאָר גרויסע, גלאַנציקע, בלויע אויגן און אַ כסדרדיקן שמייכל אויף די ליפּן, האָט מיט פלינקער בריהשאַפט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום רוימען, פּונקט ווי זי וואָלט זשעדנע געווען אַ שטאָך־אַרבעט אַ גאַנצן טאָג.

— לאַהטשעלע, — האָט פישל אַרייב געטאָן מיט די הענט, — האָסט אָנגעצויגן אין צייט, אַ געזונט דיר אין די ביינער אַריין. נו"אַ, חנוכה־ליכט! נו, הייט, יאַזדאַ.

דער שאַכטלמאַכער האָט אָוועקגעשטעלט אויפן גזימס פון פענסטער אַ בלוי־געפאַרבט בלעכל מיט אַכט רערלעך, אַריינגעגאָסן אין איינעם עטלעכע טראָפּנס בוימל און אַריינגעלייגט אַן אויסגעוועלגערט קנייטל פון וואַטע־מאָך.

— פיניעלע, קום אַהער, האַלט דעם שמש! — האָט ער קאָמאַנדירט. — האַלט אים אין הער הויך, אַזוי!

דער קליינער פיניעלע, מאַשע, לוי, און פישלס ווייב האָבן זיך אַרומגע־שטעלט און דער באַלעבאָס האָט אָנגעהויבן אויסזינגען און אויסציקלען די ברכות מיט אַ נאָגנדיקן פּייערלעכן ניגון און דערביי מיט אַ פאַרשטיקטער טרער אין האַלז. נאָך די ברכות האָט לוי — אַ דערוואָרעמטער פון דעם דערהוי־בענעם און „מלכותדיקן" דלות און פון אָפּגלאַנץ פון גבורה, וואָס האָט אויפגע־שיינט אויף דער פאַרפרוירענער שויב — אָנגעהויבן זינגען „הנרות הללו" און „מעוז צור" מיטן אַלטן נוסח פון זיידן און טאַטן אין יאַנעוועק. אַלע האָבן אים אונטערגעהאַלטן אַ טאָן. מאַשע האָט געפּרוווט נאָכזאָגן די ווערטער, וואָס דער טאַטע איר'ער האָט פאַר איר געטייטלט אין אויפגעמישטן סידור און איר אונטערגעזאָגט.

לוי איז געווען אַן אורח ביי זייער אָרעמען מאָלצייט, געגעסן קאַרטאָפליעס מיט אַביסל אייל און אַ הערטשענע לאַטקע, וואָס לאַהטשע האָט אויף גיך צוגעגרייט. ביים טיש האָט ער גערעדט מעניגא דיומא, וועגן באַדריקונג און יאָך, וועגן באַפרייאונג און גבורה, וועגן די מאַקאַבייער, און דעם גרויסן נס. מאַשעס טרויעריקע אויגן זענען געוואָרן אויסגעלייטערט און אַ גלי האָט אין זיי אויפגעשיינט.

— די גריכן... נו, איר ווייסט דאָך, זיי האָבן געהאַלטן, אַז „גוט" איז נאָר דאָס, וואָס איז „שיין" — האָט לוי געגעבן צו פאַרשטיין, — און ירושלים האָט געטענהט, אַז גוט איז דאָס, וואָס איז גערעכט. די יוונים האָבן געוואָלט ברענגען שיינקייט מיט געוואַלט. און יידן האָבן געזוכט אמת דורך צדק. און... ווי מיר

די מוטער האָט יאַשען אויסגעפּוצט מיט אַ סטענגעלע אין די האָר, איר געהאָלפן אָנטאָן דאָס סיצענע, שבתדיקע קליידל. אויף איר אויסגעבערשט דעם אָרעמען, דינעם מאַנטל מיט די הילצערנע קנעפּ און איר דערלאַנגט אין דער האַנט אַריין דעם האַנט־ביטל, די מתנה, וואָס לוי האָט איר געבראַכט. מאַמע אין טאָכטער האָבן אַ ווײַלע געצערטלט די מתנה און זיך געשפּיגלט אין איר...

נאָך גאָר באַצייטנס זענען מאַשע און לוי אָנגעקומען אין גימפּלס טעאַטער אַריין אויף דער יאַנגעלאָנען־גאַס. זיי זענען אַריין אין אַ ברייטן טויער, וואָס פירט צום הויף, אין וועלכן עס געפינען זיך ביידע זאַלן, דער ווינטערדיקער און דער זומער־„פּאַוויליאָן". אין אָפּענעם, אָפּגעשיילטן גערטנדל צווישן עטלעכע אויסגעדאַרטע, פאַרפרוירענע ביימעלעך, איז דער הילצערנער פּאַוויליאָן איצט געשטאַנען אַ פּוסטער און פינסטערער. דער דאַך — באַדעקט מיט פריאַבער שניי און די הילצערנע האַלבע ווענט, באַוואַקסן מיט אייזצאַפּלעך, וואָס האָבן געפינקלט אין דער פראָסטיקער נאַכט. אַ נישט פאַרענדיקט פאַרשאָטן ליד האָט, דאַכט זיך, אַרויסגעפּיפּסט פון צווישן די רינעס און די הילצערנע זײַלן, און פאַרלאָרענע ווערטער האָבן דאָ [illegible], געציטערט אין דער פינסטער, געמאָנט און דערמאָנט....

היימלעכער איז געווען אין פראָנט פון דער ווינטער־געביידע, וואָס שטייט אײַנגעראַמט צווישן בלינדע און טויבע מויערן. קאָלירטע לעמפּלעך האָבן געוואָרפן ליכט־פלעקן און לוסטיק געריפן צו זיך.

אינעווייניק, אין קליינעם זאַל, לענגעכדיק און שמאָל, ווי אַ קעסטל, איז געווען נעפּלדיק און הייס. פון דעם אייזערנעם אויוון, וואָס האָט געפלאַקערט אין אַ ווינקל און פון דעם אַלטן זשיראַנדאָל אויפן סופיט; אויף די הילצערנע, פּשוטע בענק זענען שוין געזעסן אויסגעזעצט מענער און פרויען און יינגוואַרג און האָבן צווישן זיך געשמועסט היימיש און לעבעדיק.

לוי און מאַשע האָבן געהאַט פּלעצער אין דער דריטער ריי אין סאַמע מיט.

— דאָ וועלן מיר קאָנען גוט זען, — האָט מאַשע אַרויסגערעדט מיט שטילער אַנמציקונג. — איך בין שוין אַמאָל דאָ געווען... דער טאַטעשי האָט מיך מיטגענומען צו „בר כוכבא"... מיר זענען געזעסן אויבן....

זי האָט נאָך געוואָלט עפּעס פרעגן, אָבער איר איז שווער געווען אויסצולייגן אין ווערטער די אַלע אײַנפאַלן, וואָס האָבן זיך אַרומגעיאָגט אין איר קאָפּ. אירע בליקן זענען צוגעקלעפּט געוואָרן צום שווערן, רויטן פאָרהאַנג, וואָס איז געווען באַמאַליעוועט מיט מלאכים, כרובים און מלאכימלעך, מיט פליטן אין די מײַלער און מיט האַרפעס אין די הענט. מלאכימלעך מיט מיידלערישע פּנימלעך, מיט בלאָנדע לעקעלעך, באָרוועסע פיס און מיט ווײַסע פליגלען, ווי פון ווילדע גענז...

און לוי האָט דערווייל באַטראַכט דעם עולם אַרום. די גאַליאָרקע — דער אייזערנער גאַניק אײַנגעפּאַסט אין דער וואַנט און אונטערגעשפּאַרט מיט אַ לעפאַרבטן שטאַנג — איז שוין געווען געפּאַקט. דאַכט זיך די זעלבע פּנימער פון ווייבער און מאַנסבילן, וואָס ער זעט פאַר דער שול: בײַ די טישלעך און שטעטעלעך, בײַ די סטערטעס מיט אַלטוואַרג און בײַ די פעסלעך פיש. באַלמעלאָכעס און נייטאָרינס און קרעמערס, פון די „אַפּיצינעס" און פון די „שטוב און קיך". נאָר פאַרט אַנדערע, אָפּגעוואַשענע פון דער סאַזשע און פון די צוויטן, פון דער סמאָלע און פון דער טיטשקע, און אויסגעטאָן פון דאגות און שרעק.

„עמך" גלייבט זיך אויס, גיט זיך נישט אונטער און וואַרט אויף נצחון אין דער גרויסער שפּאַנונג. וואָס הייבט זיך אָן. און צווישן זיי סטודענטן און סטו־

רענטגעב און אַפילו ייִנגעלייטלעך, אין בעקעשעס און אין מוכענע קאַפּעליושן, מיטן צעפּלאַטשטע פּנימער און מיט נאַרן אין זייער בליק. עס איז די גרויסע שפּאַנונג, דער גרויסער געראַנגל אויף אַ קליינעם ברעט.

די אָוועריטורע, וואָס די קאַפּעליע האָט אויפגעשפּילט, האָט אויפגעוועקט מאַשען און לוין פון טראַנס. עס איז געוואָרן פינסטער און דער פאָרהאַנג מיט די מלאכימלעך איז מיט אַ קרעכץ אַרויף אין „הימל" אַריין.

אָט איז דער כאָר. כהנים אין פאַרביקע געוועלנדער און לויים מיט האַרפעס, מיט לולבים און מיט טרומייטערס אין די הענט. ייִנגע גבורים מיט לאַנגע לאָקן, מיט שווערדן און מיט שופרות, און יפיפיות אין ווייסע שלייערן און אין סאַנדאַלן אויף די באָרוועסע פיס. דאָס געזאַנג הייבט זיך אָן, צעטראָגט זיך און נעמט אַרום.

„הד' צבאות אונזער גאָט. דער האַר פון אַלע צייטן,

דיך קומען מיר לויבן פון נאָענט און פון ווייטן"...

און דאָרט איז מתתיהו כהן גדול מיט זיינע זין. איר זעט? אָט דער איז יהודה, און דאָס איז שמעון און אָט שטייט אַליעזר ביי דער זייט און די אַנדערע.

קוקט! אָט קומען די יוונים מיט די געצן פון שמאָל און שטיין. זיי ווילן אָפּדייסן דאָס פאָלק פון זייער גאָט, פאַרשוועכן דאָס בית המקדש און עס אָפּווישן פון פּנים פון דער ערד.

— אַ בראַנד־פייער דיר אין פּיסק אַריין! — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ געשריי — 'עסט האָבן אַ שוואַרצן סוף מיט דיינע באָקן, דו שונא ישראל, דו רוצח. ניהעך מיט דער עבודה זרה, נידער!

דאָס האָט אַ צעקאָכטער צושויער, נעבן לוין, אָפּגעשיקט קללות אין דעם פעטן געצנדינער, דעם פּריסטער פון אַנטיאָכיע.

— 'עסט ברענען, 'עסטו! צ'וואָר עך לעב!

אַז דער אויפגעבראָזטער ייִד האָט זיך אַביסל אָפּגעקילט פון זיין צאָרן, האָט ער אָנגעהויבן שעפּטשען צו לוין אַן אויסגעניכטערטער:

— צ'ווייסט ווער דער אינטריגאַנט איז? ס'איז דאָך לייזער־יאַנקל רעלעס, אַן הינערד־אייגל עם אויף דער צונג. ער שפּילט געזונט וו'אַן אייזן. און יהודה? ס'איז דאָך לייבישל קאַליש. אַ געמבעלע דאָס האָט, אַ זאָגעלע און אַ זינגעלע דאָס טוט, מיט אַ שלשלת, מיט אַ טרעלדרעלע... מלא טעם. און דער אַלטער כהן איז דאָך יידל גוטמאַן. צ'זעגט אַ מבין אויף זיין נאָגיע, אויף זיין הענטעלע און זיין מאָך? גאָלד מיט בריליאַנטן. און חנה פון די פינף זין? ס'איז דאָך די שילינג, אַ געזונט איר אין די לונגען.

דער ייִד איז אַנטשוויגן געוואָרן, זיך געלאָזט מיטציען מיט דער האַנדלונג און אומטערגעזיפצט, גורלות הענגען אויף משקולת — קיום אָדער אונטערגאַנג, נצחון אָדער אָפּגעווישט ווערן פון פּנים פון דער ערד. אַ נס — אָדער אלהים האָט חלילה מזיבע אויען און הערט זיך נישט צו.

„מי כמוך באלים הד' ", טראָגט זיך אַ געבעט, אַ געזאַנג, און ס'גאַנצע געביין זינגט און ראַנגלט זיך.

לוי האָט דערפילט אַ לייכטן באַריר. דאָס האָט מאַשע אויפגעציטערט און זיך אָנגעשפּאַרט אין אים. די גרויסע שפּאַנונג — צווישן נצחון און מפּלה — האָט גערירט איר האַרץ.

ווען עס איז ליכטיק געוואָרן, איז זי נאָך געווען „דאָרט". בענקשאַפט און אַ זיסלעכע, ווירציקע, פיבערדיקע אַנגסט האָבן זי אַרומגעכאַפּט.

— ווען מיר, ייִדן, נאָכאַמאָל... טאָן אַזוי... ווען זיי...

לוי האָט געכאַפּט דעם מיין פון אירע ווערטער, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט ווי אין טראַנס: זי, מאַשע, וויל וויסן, צי ייִדן זענען שוין „אויסגעשפּילט" פאַר דער געשיכטע אויף אַלע אייביקייטן, אָדער צי קאָן נאָך אַמאָל אויפקומען אַזאַ

מאָמענט פון אַ נייעם גערანגל, ערגעץ אויף די פּליינען פון יהודה און אויף די בערג? אויסגעשפּילט? דאָס זאָגן „זיי“, די, וואָס מיינען, אַז יידן האָבן שוין אַפילו קיין בלויזן ווילן נישט צו צוקונפט; אַז זיי האָבן גאָרנישט מער... נאַראָנים, זיי ווייסן נישט, אַז יעדער צוואַנג פון עבר שמידט דעם רצון צום מאָרגן, קאָוועט אים אין פּיין און תפילות און אין פייערן, איז דאָס אויך אַ רעטעניש און — אַ נס.

ווידער איז פינסטער געוואָרן און עס האָט זיך נאָכאַמאָל דערהערט דער אַלטער העפּרעין:

„הד׳ צבאות איז גאָט דער האַר פון אַלע צייטן,
דיך קומען מיר לויבן פון נאָענט און פון ווייטן“...

קאַפּיטל 36

# די ממשלה פון שטן...

אין ווייסן ביבליאָטעק צימער פון גבעוניה, ביי א ווינקל־טיש איז דוד ־אַפּאַפּאָרט געזעסן א פאַרטיפטער איבער שמאָלע, באַשריבענע בויגנס פּאַפּיר. אין עלעקטריש לעמפּל מיט א גרינלעכן צעלולאָיד־אַבאַזשור האָט געוואָרפן א טונקעלן פלעק אויף אַ האַלבן ווינטיק־אַנגעצוויקטן פּנים, ביז אַראָפּ צום אָדערדיקן האַלז. ליכט און שאָטן האָבן זיך געמישט אַרום אים און אַזוי אויך אין די ווערטער, וואָס ער האָט איצט אַרויסדערביזועט פון זיך און זיי אויכגעסדרט אויפן פּאַפּיר. בעת מעשה האָט ער געצויגן דעם מונדשטוק פון א קורצער פּיפּקע. רויך־קנייליעכלעך האָבן אַרויסגעשפּאַרט פון צווישן די וואָנסעס אין דעם בערדל, זיך געריסן אַרויף און געקרייזלט אַרום זיין צעקודלטן קאָפּ־האָר.

נאָך יעדע עטלעכע שורות, וואָס עו דוד איש גבעונה, האָט אוועקגעשטעלט האָט ער אַרויסגעלייגט די פּען, אונטערגעברומט און געקנעלט מיט זיך אליין: „מיר שטרעבן צו באַפרייען די יידן פון דער אָפּהענגיקייט פון די לענדער פון דער וועלט; מיר ווילן לייזן די יידן־פראַגע — און די גויים־פראַגע — דורך קאָנצענטרירן יידן אויף אונזער אַלטער ערד און דורך פאַרענדיקן דעם נבזה'דיקן צושטאַנד פון זיין א מינדערהייט אומעטום. איך האָב געזען דעם מצב פון יידישער מינדערהייט אין פּוילן, און עס איז מיר קלאָר געוואָרן וואָס עס הייסט צו זיין דער שעיר לעזאזל אויף צוויי פיס, — פאַר א וועלט, וואָס על פּי רוב איז זי א פּירפּיסיקע ביז היינט...“

אין א צווייטן ווינקל, אין א נידעריקן געפּלאָכטענעם שטול, איז געזעסן צפּורה זיין ווייב, די פיס הינטער זיך, מיט אן אָפענעם בוך אין שויס, פון צייט צו צייט האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איר אויג האָט זיך פאַרטשעפּעט אין דודן. ז'האָט אויפגעכאַפּט זיינע תנועות, א ברום, און א שמייכעלע האָט זיך איינגעקאַרבט אַרום איר מויל. די בליקן האָבן זיך געגלישט איבער איר מאָנס טונקעלן, געדיכטן פּראָפיל, האָבן זיך א ווײַלע פאַרהאַלטן, דערנאָך אַראָפּגעלאָזט, און אירע פינגער האָבן איבערגעמישט עטלעכע בלעטלעך מיטאַמאָל אין דעם אָפענעם בוך...

מער ווי זי האָט געלייענט און זיך איינגעהערט אין די פּאָעטישע רייד, וואָס האָבן אַרויסגעציטערט פון די אויפגעמישטע אותיות, האָט זי זיך צוגעהערט צום געהייל פון שטאַרקן רעגן, וואָס האָט געקלאַפּט אין די שויבן און אין דאַך. דאָס זיינען די לעצטע שווערע רעגנס פון זמן. אָט באַלד וועט זיך אָנהויבן אויסצולייטערן.

אין דערבייאיקן חדר האָבן חברים שוין באַצייטנס זיך געאַמפּערט וועגן ברילינג־פּאַרזיי. אויך אהין האָט זי געגייגט אַן אויער און געפּרוווט אויפכאַפּן אַ וואָרט, נייַ, אייגנטלעך נישט אזוי א וואָרט — ווי דעם וואַרעמען לעבעדיקן הויך פון די רייד, וואָס וועקן אויף. וואָרעם די רעגנדיקע טעג און וואָכן טרייבן אַן א שטיק אומעט און שלעפּערן איין ס'געמיט און ס'דרויב. בלויז די עופית, וואָס זי, צפּורה, האָדעוועט, הייטערן זי אויף. אין די קאַלטע קאַיאָרן, אין די נאַסע נאָכמיטאָגן און אין די ווינטיקע פאַרנאַכטן טישלאַפּיעט זי אַרום אין שווערע גומענע שטיוול, און קנעט די ליימיקע בלאָטע

פון הויף. זי בראָדזשעט ארום צווישן די שטיינער מיט הינער און העגער, צווישן גלינלעך, וואָס קלאַפּן, פעדערן וואָס פליען; צווישן שנאָבלען וואָס פּיקן און פיסלעך, וואָס שקראָבען און פאָרפּלען זיך אָפּט דאַכט זיך איר, אז אָט־אָט וועט זי אליין אויך אָנהויבן צו קוואָקען אָדער קרייען, און אז עס וואַקסט איר א רויטער קאַם אין טשוב. אָט־אָט וועט זי ווי א הון א קלאַפּ טאָן מיט א פליגל און מאַכן אן אָנשטעל, אז זי פליט. אָבער אויפהויבן וועט זי זיך בלויז איבער א באַנטע, אָדער איבער א בערגל שטרוי. בלייבן וועט זי אין דער נידער, קלאַפּן מיט די פליגלען און דרייען מיטן קאַם. נאַ־דיר גאָר פליען! דאָ גייט מען אויף דער ערד; העכסטנס פאַררייסט מען א בליק צום הימל; אנישט זוכט מען איבן גאָר טיף אין זיך...

עטלעכע מאָל האָט זי געפּרוווט זיך אויפהויבן, אריינגיין אין צווייטן חדר און זיך איינהערן צום שמועס פון די חברים וועגן דער ווירטשאַפט, וועגן די פלענער פאַר נייע בנינים, וועגן דער „פּאָלכע" און וועגן פאָרן „פּערסישע" לעמעלעך. זי האָט אָבער זיך נישט גערירט פון אָרט. א תענוג'לעכע מידקייט האָט זיך צעגאָסן איבער איר גוף, איבערן לייב־און־לעבן, און ס'האָט זיך געגלוסט צו בלייבן זיצן אזוי־אָ, הויערן און אריינשווייגן לאַנג און טיף.

א דונער האָט זיך צעקאַטשעט נאָך א שאַרפן בליץ, וואָס האָט דורכגעשטריפט פאַרביי דער פאַרהויכטער שויב. דער בליץ און דונער האָבן זיך אָוועקגעטראָגן צו די אָפּהאַנגען פון די בערג, וווּ עס זשודזשען און שטראָמען צעבושעוועטע וואַסערן. אַלע בעכן זיינען איצט פול. יעדער גרוב, יעדער שפּאַלט איז איצט אָנגעטרונקען, אָנגעשוואָלן, קוועלט און רוישט. סוף־ווינטער און אנהויב־פרילינג ראַנגלען זיך איצט. דער בליץ און דער דונער און די שטראָמען צייכענען אָן די גרענעץ, מיט רעש און מיט קראַפט.

און באַלד וועט אויפבליען דער מאַנד־שטאָק, ער וועט זיך איינהילן אין ווייסן צוויט און פאַרשפּרייטן באַרשיכערנדיקע ריחות איבער טאָל און באַרג. צום ווייסן צוויט וועט זיך ציען די אויפגעכאַפּטע, האָווערדיקע בין.

און וועט אויפהערן דער רעגן, וועט זיך גלייך באַווייזן די „כלנית", די אָנעמאָנע־בלום. קינדער וועלן פון איר פלעכטן פרילינג־קרענץ. און צווישן די „כלניות" — וועט זיך רויטלען די „דמומית", די ווינטן־בלום, מיט די דינע בלעטעלעך. אַלע קינדער ווייסן, אז די „דמומית" שפּראָצט ארויס אויף יענע ערט, וווּ די מכבים האָבן פאַרגאָסן אפילו איין טראָפּן בלוט פאַר אָט דעם לאַנד...

נישט נאָר די דערוואַרטונג אויף דער „כלנית" און אויף דער „דמומית" די ראָזעווע און רויטע קווייטן, האָבן שטיל און תענוגלעך גענאָגט, ס'איז געווען נאָך א טעם, למאַי א מאָדנע בענקשאַפט האָט געבוירעט ערגעץ אין די פאַלדן פון צפּורהס האַרץ און האָט אַלעמאָל אויפגעהויבן א „רויטן קאָפּ". פאַר אָט דער צערודערונג האָט זי גראָד מורא געהאַט. זי האָט נישט געוואָלט, כאָטש זי האָט נישט פאַרשטאַנען קלאָר דעם באַטייט... איז עס אלישע עציוני פון תל־אביב?

מיט א וואָך צוריק איז אלישע אויסגעוואָקסן אין גבעוניה און האָט זיך דאָ פאַרהאַלטן עטלעכע טעג. און פונקט ווי ער האָט זיך אומגעריכטערהייט באַוויזן, אזוי איז ער אויך אומגעריכטערהייט נעלם געוואָרן, אָן א זייַ־געזונט, במעט בסוד. נו אָ, זי, צפּורה, שטויסט זיך אָן: ער איז געקומען וועגן פאַרטרוילעכע ענינים — „הגנה", וואָפן און וועגן א שוץ־ליניע. מסתמא בלויז געציילטע חברים ווייסן דעם סוד. אפשר ווייסט איר דוד, איר מאַן, אויך. אָבער ער האָט פאַר איר גאָרנישט געדאַכט. און אלישע האָט אוואַדע־און־אוואַדע זיך מיט גאָרנישט ארויסגעכאַפּט. ער האָט בלויז געשמייכלט, געגלעט זיין בלאָנדע משפּרינע, געגלאַנצט מיט די בלויע אויגן און געוויזלט מיט די ציין, ווי א לייב...

אלישע איז געקומען ווי א ווינט, און ווי א ווינט אוועק. יאָ, איין אויפדערנאַכט האָט ער געטאַנצט. ר'האָט זיך מיט איר געדרייט אין א קאַראַהאָד.

ייך מיט איר געדרייט אויך אליין. ז'האט זיך דערמאנט אז דעם „דאך“ אין תל אביב, בעתן „נשף“ איידער איך ביך איז אפגעפארן קיין פוילן מיט א מיסיע...

אין משך פון דריי טעג האט אלישע איך דעמאלט געווידמעט א סך צייט אין תל אביב. ר'האט זי פארבעטן אין טעאטער אריין, אין א סינעמא און אין א קאפעהויז ביים ברעג פון ים... איין נאכטזאבן זיי שפאצירט איבער גערטנדעך, איבער אלייעס, כמעט ביז ס'האט אנגעהויבן שארייען אויף טאג. מאדנע, זיי זיינען געלעגן אויף די זאמדן, געזעסן אויף א באנק צווישן געדיכטע ביימער, און ער, אלישע, האט כמעט די גאנצע צייט געשוויגן און זיך געהאלטן אפגערוקט, די הענט פארלייגט אויף דער ברוסט... און האט ער זיך ארויסגעכאפט מיט א ווארט, איז עס געווען מכוח איך דודן... ר'האט אים געליבט און וועגן אים גערעדט מיט א באוואונדערונג... און האבן זיך אויסגעלאזט די עטלעכע ווערטער האט אלישע אנגעהויבן אונטערברומען א לידל און עס געצויגן אן א כוף... עפעס נישט ווי דער אלישע, וועגן וועלכן מיידלעך שושקען זיך אויפן אויער... אן אנדערער! אייגער וואס האט מורא פאר זיך; און אפשר פאר איר, פאר צפורהן מיט די געקרייזלטע האר... און פארוואס איז איך געווען דערווידער זיין „מורא“, און פארוואס האט זיין האלטונג זי אזוי געארט?...

א רעטעניש איז געווען זיין אויפפירונג מיט א וואך צוריק, בעת ער איז געווען דא, אין גבעוניה, דא־א. אין איין פארנאכט האט ער זי פארבעטן אויף א שפאציר קיין תל־גד, די יונגע קבוצה, וואס איז ארויף ערשט נישט לאנג אויף איר אייגענעם באדן. אלישע און זי זיינען געגאנגען איבער די שטעסושקעס, פון די נאקעטע פעלדער איבער וועלכע ס'האט געהאנגען א דינער נעפל, ווי א בלויער רויך. עס האט זיך געדאכט, אז דער נעפל הילט און שליינגט זיי איין ביידע אינאיינעם; נאר איינגעהילט האט ער זיי אייגציקווייז... א קורצער שפאציר, אבער געדויערט האט ער לאנג. דער עיקר האט זיך געצויגן דער צוריקוועגס. א שלאקס־רעגן האט זיי געכאפט. גבעוניה און תל־גד האבן דעם רעגן דערווארט ערשט פארטאג. און דא האט ער זיך ארויפגעלאזט מיט עטלעכע שעה פריער, מיט אזא געפילדער, ווי ער וואלט אומיסטן וועלן אויסלאכן יעדן חשבון און אויסרעכענונג.

— לאמיר זיך אומקערן... וועסט נישט קאנען גיין, צפורה — האט אלישע זי געבעטן — חברה וועלן אונז אונטערפירן מיט א וואגן... אדער מירן נעכטיקן אין תל־גד...

—ניין... כ'על גיין... כ'האב נישט קיין מורא פאר קיין בליץ און פאר קיין דונער — האט זי געענטפערט און ווייטער געשפאנט — קום... איך וועל נישט צוגאנגען ווערן...

אין מיטן וועג האט זי פארט דערפילט א מידקייט. ז'איז געווען דורכגעווייקט. אן א ווארט האט אלישע זיך פארקירעוועט צו א זייטיקער סטעזשקע, וואס פירט צו די בערגלעך, וועלכע נעמען ארום דאס פעלד ווי מיט א פעלזיקער קייט. אין איינעם פון די בערגלעך איז דא א הייל. אלישע האט זי גלייך אריינגעפירט אהין.

— בייג זיך אן און קריך אריין — האט ער באפוילן. — ניין, — ווארט. איך וועל אריינקריכן דער ערשטער...

מיטן קליינעם באטעריע־לעמפל, וואס ר'האט ארויסגעצויגן פון קעשענע, האט ער צוגעלויכטן און אנגעוויזן דעם אריינגאנג, וואס איז געשטאנען אן אפענער און געווארט...

זי, צפורה, האט געפאלגט און איז אים נאכגעגאנגען שטילערהייט. די הייל, א שמאלע און א לאנגע, איז געווען פונקט ווי אנגעמאסטן פאר צוויי, אין דער ברייט.

— איך בין נאך דא קיינמאל נישט געווען — האט זי ארויסגעשעפטשעט
— אבער פון וואנען ווייסטו וועגן דעם באהעלטעניש?

אלישע האָט געשמייכלט און געוויזן די ציין:
— כ'וויס... כ'בין מחויב צו וויסן...
א ניהעריקער פעלזיקער „באַלקן“ האָט זיך געוועלבט איבער זייערע קעפּ. אין דעם באַלקן — א געמיש פון זאַלץ און קאַלך און גראַניט — טיפע לעכער, ווי גריבלעך פון אויסגעהוילטע, אויסגעשעטאָכענע אויגן, דורך וועלכע ס'האָבן זיך אַריינגעזיפּט שנירלעך ליכט. פון וואַנען קומט עס? פון יענער וועלט? און ווי אַלט איז דאָס ליכט, וואָס זיפּט זיך אַדורך? און ווי אַלט איז דאָס אַלץ — דער גראַניט און דאָס זאַלץ.
א שטילקייט האָט געהערשט אין דער הייל. און פון דער שטילקייט, האָט זיך געדאַכט, גייט אויף דאָס שווערע, געצויגענע אָטעמען פון הארץ פון די בערג, אָדער פון דער סאַמע ערד...
א ביסל פאַרוויאַנעטע בלעטער, האַרטע און קרושלענדיקע, אויסגעטריקנטע זאַנגען און מאָגערע, דאַרער מאָך האָבן זיך געזען אויפן אויסגעשטשערבטן דיל. פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען אַהער? איז עמעצער דאָ געווען? אָדער האָבן ווינטן דאָס פאַרטראָגן אַהער און אָנגעגרייט? און אפשר הענט, וואָס זיינען שוין פון לאַנג נישטאָ?
— זעץ זיך און טו־אויס די שיך... דריי־אויס די זאָקן פון דער נעץ — האָט אלישע געזאָגט — נעם אַרונטער דאָס אויסגעווייקטע זשאַקעטל... און די פּאַטשיילע...
ז'האָט געפאָלגט. ז'איז געבליבן זיצן א באָרוועסע. ז'האָט א ציטער־געטאָן. אלישע האָט געפרעגט, צי איר איז קאַלט און האָט איר א גלעט געטאָן אין האַלז. ס'האַרץ ביי איר האָט אָנגעהויבן פּויקן און ס'האָט איר פאַרשפּאַרט אין שלונג. פאַרוואָס האָט ער באַלד אַוועקגעכאַפּט די האַנט און זיך אָפּגערוקט? וואָלט זי אים געוועזן געלאָזט זיך דערנענטערן? האָט זי דאָס געוואָלט? ניין, אפשר נישט געוואָלט, אָבער דערוואַרט... האָט זי געוואָלט א גע־ראַנגל מיט אים? מאָדנע: ס'איז נישט געקומען צו דעם...
און פאַרטאָג, ווען זי איז צוריקגעקומען קיין גבעוניה, האָט זי דאָס ערשטע א קוק געטאָן אין שפּיגל, כדי צו זען וואָס מיט איר איז געשען... איז זי נישט מער יענע צפּורה פון גראַמניץ, די „פּרימאַדאָנע“, וואָס האָט געהאַט כוח איבער מאַנסבילן און כוח איבער זיך?
אלישע איז אַוועק. און זי, צפּורה, כאַפּט אַלעמאָל א קוק אין שפּיגל, אין אן עמער וואַסער, אין א גלאָז, אין א גלאַנציקער בלעך, כדי זיך צו זען און צו דערזען...
צפּורה האָט געצויגן דעם געדאַנק און נישט דערצויגן ביז צו ענד. איז זייטיקן צימער האָבן נאָך חברים זיך געאַמפּערט און היציק געשמועסט.
ווידער האָט זי איבערגעמישט א בלעטל אין דעם בוך. א ליד האָט זיך געוואָרפן אין אויג:
„און מיינע צוויי פיס זיינען באַשאַפן צו שפּאַנען איבער שטערן —
אויף די הויכן פון גאָרנישט;
און ווערן פאַרגלייוועט אין אייביקן גאַנג
אויף איין אָרט...“
אין די שויבן און אין דאַך האָט דער רעגן געקלאַפּט און ערגעץ פון ווייטן האָט זיך געטראָגן א געהייל.
— צפּורה... דרימלסט? — האָט דוד, איר מאַן, זיך מיטאַמאָל דערמאָנט און אויסגעדרייט צו איר — צי דו...
ס'איז געווען א חידוש און אזוי אומגעריכט. ווען ער זיצט פאַרטיפט, זעט ער דאָך קיינעם נישט און פאַרגעסט אין אַלעמען. פון זינט ער איז צוריקגעקומען פון זיין נסיעה איבער רומעניע, אונגאַרן און פּוילן, איז ער אזוי פאַרנומען שרייבט אַרטיקלען, ראַפּאָרטן, און גרייט לעקציעס, וואָס ער האַלט איצט אָפּט אין פאַרשיידענע פּונקטן, איבער וועלכע ער פאָרט אַרום.
— צפּורה, הערסט — האָט ער א צי־געטאָן זיין אויסגעלאָשענע ליולקע

— וואָס מער איך טראַכט זיך אַריין, אַלץ מער בין איך איבערצייגט, אַז דאָ־אָ, יאָ, דאָ־אָ, וועלן מיר באַשטימען דעם גורל פון פאָלק... דעם גורל פון ישראל... דער דרויסן וועט זיין בלויז א זייטיקע סיבה. פשוט, א דרויסנדיקע... אָבער קומען וועט עס פון אינעווייניק... און דער אינעווייניק איז דאָ... הערסט? דער גורל פון פאָלק ישראל! דער המשך... דער קיום... דער לאַנגער קיום... דער נצח...

מיטאַמאָל האָט זיך אויפגעפראַלט די זייטיקע טיר און הלל כספּי האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל:

ר'האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם, זיך אָנגענומען מיט קראַפט און ארויסגערעדט, ווי ער וואָלט קוים אליין געגלויבט וואָס ער זאָגט:

— מ'האָט אים איבערגעגעבן די מאַכט... די ראַדיאָ האָט איצט געמאָלדן... דער אַלטער הינדענבורג האָט אים גערופן... היטלער און די נאַציס!... יאָ, היטלער איז ביי דער מאַכט!

ס'איז געפאַלן דער אָנזאָג, די „בשורה", וואָס איז געקומען מיט א בליץ און דונער פון צווישן די בערג. איין דונער האָט זיך לאַנג געקייקלט און פאַרטויבט אַלע רייד...

ביז ווייט נאָך האַלבער נאַכט זיינען דערנאָך אנשי־גבעוניה געזעסן ביי דער ראַדיאָ אין עס־צימער און צוגעהערט זיך צו די כוואַליעס פון דער לופט. יענע נאַכט איז פאַר א סך פון זיי געווען א ליל־שמורים, א וואַך־נאַכט; ס'האָט זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף. גיין זיך לייגן אויף די געלעגערס האָט געמיינט נישט צו קאָנען און נישט צו וועלן פאַרשטיין דעם באַטייט פון דעם אָנזאָג, וואָס איז געקומען איבער די כוואַליעס פון דער לופט. מאָדנע: גבעוניה און אירע מענטשן זענען קיינמאָל נישט קאַרג מיט רייד. די האָרעוואַניע גייט, דאַכט זיך, כסדר ביינאַנד מיטן וואָרט. יעדע בייט, יעדער פלאָקן, וואָס ווערט דאָ ארייַנגעקלאַפט, יעדער טאָג, וואָס גייט דאָ אויף און פאַרגייט, ווערן דאָך צעטרייַבערט און באַקלערט, באַטראַכט און באַזאָגט.

און איצט — א שווייגעניש. וויפיל מאָל עמיצער האָט געפרוווט ארויסזאָגן א סברא, האָט ער זיך גלייך צוריקגעכאַפּט. וואָרים וואָס זאָל מען זאָגן אין א ווגע, ווען דער יסוד פון דער וועלט האָט זיך בפירוש א טרייסל געטאָן? רוקט זיך אָן די מכּשלה פון שטן און ס'הויבט זיך אָן דער לעצטער געראַנגל מיט אים?

די ליולקע אין דוד ראַפּאַפּאָרטס מויל האָט זיך אויסגעלאָשן און ער האָט זי נישט אָנגעצונדן, כאָטש ער האָט געהאַט א שוועבעלע אין האַנט. ר'האָט געדרייט דאָס שוועבעלע אהין און אהער, עלעהיי ער וואָלט מורא געהאַט עס אָנצוצונדן און וואָלט זיך וועלן לענגער שפּילן מיט דעם פאַרבאָרגענעם, שווייגנדיקן פלעמל אין דעם סירקע־קעפּל אויפן שפּיץ פון דאָרן העלצעלע... הינטער זיין באַרכעטענער בלוזקע האָט זיך געהויבן די ברוסט, אראָפּ און ארויף. און אין דער ברוסט האָט געזאָגט: „זיי... דאָרט... יידן... יאַנעווקע... וועלט... און דאָ? דאָ איז די לעצטע גרענעץ... כן..."

צפּורה, זיין ווייב, האָט זיך צוגערוקט צו אים, אָנגעשפּאַרט א האַנט אויף זיין אַקסל און דערנאָך אוועקגעלייגט דעם קאָפּ. אַלע טראַכטונגען וואָס האָבן איר ערשט פריער דערקוטשעט, האָבן זיך אויסגעוועפּט. די הייל, די הינער, די בענקשאַפט, אלישע — אַלץ האָט זיך אָפּגעטאָן. געפּיקט האָט בלויז דער געדאַנק אַן אומקלאָרער, אַ מטושטשער: „דאָרט... גראָמניץ... אויף יענער זייט ים..."

דאָס שווייגעניש האָט געהאָנגען געדיכט און שווער. קיינער האָט נישט געוווסט דעם באַשייד אויף דער שאלה, וואָס האָט געציטערט אין חלל און געזאָגט: „נו, וואָס וועט איצטער זיין?"...

—כ'מיין... וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס מורא צו האָבן, וואָס? ס'איז דאָך דאָך קלאָר איז עס דאָך... און וויסן זאָלט איר זיין, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון מלחמת גוג ומגוג... — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט א שוואַך קול —

און ר' אבהו האָט געזאָגט: „ווען קומט משיח? לכשיכסה חושך לאותם בני אדם"... ווען אַ פינסטערניש וועט אַראָפּנידערן און צודעקן די דאָזיקע לייט... זיי...

ס'איז געווען דער אַלטער ר' זיינוועלע, הלל כספּים פֿאָטער, וואָס האָט ערשט־נישט־לאַנג עולה געווען אַהער. קיינער האָט נישט באַמערקט ווען דער אַלטיטשקער האָט זיך אַריינגעשלייכט און אַוועקגעזעצט.

—איז הערט? — האָט ער געגלעט דאָס ווייסע שיטערע בערדעלע — איר הערט? ווען אַ פינסטערניש וועט אַראָפּנידערן אויף זיי... ער, ימח שמו דער נייער שר, איז דאָך חושך... איז דער שטן... אין דייטשלאַנד...

ווי דער עולם וואָלט וועלן פֿאַרטרייבן די פינסטערניש, האָט עמיצער, פֿון די יונגע, אַ געשריי געטאָן:

— מי אנחנו?

—ישראל! — איז געקומען די תשובה — ישראל!

רוקנס האָבן זיך אויסגעגלייכט, הענט האָבן זיך פֿאַרוואָרפֿן איבער אַקסלען און מ'האָט אָנגעהויבן אויסטאַנצן אַ ריקוד, ווי פֿאַר ערב אַ שטורעם און ערב דער לעצטער שלאַכט. ס'האָט געשלאָגן די שעה פֿון גרויסן נסיון פֿאַר ישראל, און דאָ איז די לעצטע פֿעסטונג, וואָס וועט באַשטיין.

— מי אנחנו?

—ישראל!

אַ שאַרפֿער בליץ האָט ווידער דורכגעצוקט און אַ דונער האָט זיך צעקאַמשעט און צעוועלגערט אין די בערג.

— מי אנחנו?

— ישראל!

קאַפּיטל 37

# דער חשבון אין דער נאַכט...

— די לאַסקאַוואַ פּאַני זאָפּיאַ... די גנעדיקע פרוי...

דאַכט זיך, וועגן אַלץ אין דער וועלט האָבן זיי שוין איבערגערעדט, לוי און זאָפּיאַ, נאָר איינס מיידן זיי דערווייל ביידע אויס: צוליב וואָס האָט זי זיך נאָר פּלוצלינג דערמאָנט אָן אים, און צו וואָס האָט זי אים איינגעלאַדן צו זיך? אָבער נישט זי זאָגט און נישט ער פרעגט, עלעהיי דאָס וואָלט געווען אַ פעסטער תנאי. זיצט ער און קוקט אויף איר און חזרט איבער איר נאָמען, ווי מען חזרט איבער אַ רעפריין:

— די לאַסקאַוואַ פּאַני... די גנעדיקע פרוי...

— און זי שמייכלט, שאָקלט מיטן קאָפּ און בלאָזט רעדעלעך רויך פון אַ ציגאַרעט:

נו, יאָ... אָט בין איך. און אָט — האָט זי אָנגעוויזן מיט אַ פינגער — אָט איז לוי ברוידעס.

ס'איז נישט „ער“, נישט „דו“, נישט „איר“ — נאָר „ברוידעס“; אַ נאָמען סתם. און דער „נאָמען“ זיצט אין אויסגעסטראָיעטער אין אַ געפּרעסטן אַנצוג, אין אַ גלאַנציקן, ווייסן קאָלנער, דרייט מיטן האַלז און חידושט זיך.

און ווי אַזוי זאָל ער, לוי, זיך טאַקע נישט וווּנדערן? מיט צוויי טעג צוריק האָט ער מיטאַמאָל באַקומען אַ קאַרטל פון איר. עטלעכע ווערטער: אַן איינלאַדונג אויף מיטוואָך אויף דער נאַכט; זי וועט וואַרטן אויף אים ביי זיך אינדערהיים.

און אָט איז ער טאַקע דאָ. צי האָט ער געוואָלט קומען צו'ן איר? אוודאי האָט ער געוואָלט. דערפאַר האָט ער געפאָלגט. ער וועט עס אויך פאַר איר נישט לייקענען. זי וועט במילא דערשפּירן יענע באַהאַלטענע כוונה און דעם מינדסטן פאַרהוילענעם, טונקעלן דראַנג. צו וואָס־זשע מאַכן אָנשטעלן, אַז ס'איז אַזוי פּשוט און פּראָסט?

— ברוידעס — האָט די פּאַני זאָפּיאַ איבערגעריסן דעם פלאָנטער פון זיינע טראַכטונגען, — כ'האָב געטראָפן. ווי נאָר כ'בין צוריקגעקומען, האָב איך גענומען און געשריבן אַ קאַרטל אויף אייער אַלטן אַדרעס. און געטראָפן. נו, זעען מיר זיך, ברוידעס...

פון איר טאָן האָט זיך אַרויסגעהערט אַ שטילע מעלאַנכאָליע. דינער אומעט האָט זיך געטוּקט און די בליקן פון אירע טיף־שוואַרצע אויגן, פון הינטער די לאַנגע וויעס אַפיר. מיט די בלייכע לאַנגע פינגער, האָט זי געגלעט די צעלאָזטע פעך־שוואַרצע האָר, וואָס זענען געפאָלן איבערן בלויען, געפּאַסטן פּאַרזשאַמע־קאָסטיום. די האָר האָבן זיך געכוואַליעט איבערן האַלז, איבער די אַקסלען און דערגרייכט צו די ווייסע אָרעמס, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די דינע אַרבל פון קורצן זשאַקעט.

— ברוידעס, — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט, — זינט מיר האָבן זיך געזען צום לעצטן מאָל, איז אַזויפיל געשען. איז דאָס דער אָנהויב פון אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס יאָגט זיך, יאָגט זיך?... שרייט שוין אויף אַלע קריי־וועגן און...

ז'האָט געקוקט אַראָפּ צו די שפּיצן פון אירע געזילבערטע געפלאָכטענע

רירן זיך אויפן מעפיך אין מאַטאַווע ליכט. די נעגל פון הענט־און־פיס און דער לייכטער שיכט פון קאַרמין אויף די ליפּן זיינען געווען די איינציקע צייכנס פון לעבנס־קאַליר אַנטקעגן דער בלייכקייט און צאַרטער דורכזיכטיקייט, וואָס האָבן געווייעט פון דער פּאַני זאָפיאַ. און די בלייכקייט און די דורכזיכטיקייט האָבן פאַרהלשט געלאָקט...

— און די פּאַני זאָפיאַ בלייבט שוין דאָ, — האָט לוי געפרעגט, — דאָ, אויפן אָרט?

— איך ווייס נאָך נישט. בלייבן דאָ, וואָלט געמיינט בלייבן וואָס איך בין און וואָס איך בין געווען און... דאָס הייסט... דאָס הייסט, — האָט זי געזוכט א וואָרט, — זיצן און וואַרטן, אַז... אַז ס'זאָל דיך אַרומכאַפּן א... נו, „דאָרט" מוט מען עס שוין מיט אַזעלכע ווי איך... ס'איז שוין געשען... יעדן טאָג...

לוי האָט געכאַפּט וואָס דער „דאָרט" באַדייט: דייטשלאַנד, ווו עס בושעוועט שוין די ווילסטע איבערקערעניש. און „אַזעלכע ווי איך" — מיט דעם מיינט זי דאָך משומדים, וואָס ווערן אויך גערודפט און געיאָגט.

— ברווידעס... איך ווייס נישט... איך וויל הערן קלאָר, — האָט זי אָנגעשטעלט אויף אים די בליקן, — זענען יידן מוחל?

—וועמען ?

— אַזעלכע ווי איך...

— פּאַני זאָפיאַ!

— קאָנען יידן פאַרגעבן? פאַר דער בלינדקייט פון טאַטעס... קאָנען זיי פאַרגעבן?

— צו וועמען?

— צו די, וואָס קערן זיך אום!

אויף דעם האָט לוי זיך נישט געריכט. פון גרויס איבעררראשונג האָט אים א שמייכל זיך איינגעקאַרבט אַרום זיין מויל. איז דאָס א באַשלוס ביי איר, צי וויל זי ערשט א פאַרזיכערונג פון אים?

— כ'האָב שלעכט געזאָגט, — האָט זי זיך אויפגעהויבן פון שטול, — כ'האָב געזאָגט „די, וואָס קערן זיך אום"... ניין, איך האָב נישט וווהין זיך אומצוקערן. איך וואָלט נאָר וועלן אַוועקגיין פון דאַנען, ווו איך בין. פון דאַנען — און גיין אהין.

— וווהין?

— אפשר... פּאַלעסטינע... ס'הייליקע לאַנד...

ז'האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער סאָפע לעבן לוין און אים געקוקט אין די אויגן אריין. אירע לייכט־קאַרמינירטע ליפּן האָבן געצוקט. דער אָטעם איז געוואָרן האַסטיק און ס'האָט זיך געזען די באַוועגונג פון איר ברוסט. דער איידעלער סאַטין האָט זיך געפּאָלדעוועט און געמיניעט מיט זיין בליאַסק.

— פּאַני זאָפיאַ... פּאַני — האָט לוי גערעדט שטיל און באַדאַכט — זאָל איך האַלטן א לעקציע וועגן מחילה, פאַרגעבונג? יאָ, יידן ווייסן וועגן דעם. אוי, ווייסן זיי... ס'איז דאָך זייער זאַך... ביי זיי געבוירן געוואָרן... און מיט זיי, הפּנים, פאַרענדיקט זיך עס, און גייט אויס... יאָ, זיי קאָנען פאַרגעבן... און אַלין קאָן געטאָן ווערן און געשען, אַזוי ווי איר טראַכט. אָבער... צי איז דאָס נישט אַמאָל ביי אייך אַן איינפאַל אין א מינוט פון איבערשפּאַנטקייט? איז עס אפּשר האַלוצינאַציע?

— האַלוצינאַציע? — האָט זי איבערגעפרעגט — האַלוצינאַציע?

אירע בליקן האָבן זיך איבערגעצויגן מיט א דינעם נעפּל און די אויגנדעקלעך האָבן זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט. יאָ, מיט פאַרמאַכטע אויגן זעט זי איצט קלאָר: ז'איז אַליין אויף א פרעמדן טראַקט, איבער וועלכן א שטורעם בושעוועט. אירע פריינט — עכט־פּוילישע פרויען און פּוילישע מענער רוקן זיך אָפּ זייער איידל, דערווייטערן זיך מיט פּאָרזיכט, טייטלען מיט די פינגער

הינטער אירע פּלייצעס און סודען זיך. אַזוי דאָ, און אַזוי איז עס געווען אויף יענער זייט גרענעץ, ווו זי האָט פאַרבראַכט און אירע נאָענטסטע חבֿרהטעס שטעכן מיט רייד: „מיינט מען אויך דיך, מייערע? אָ, ס'אַשאַנד, אַ נאַרישקייט און קאָמיש. אָך, קאָמיש, ניין? אָבער, וואָס רעכנסטו צו טאָן?“ יאָ, אפילו אין פּנים אריין ווארפט מען איר שוין פאָר די זיידעס און באבעס, וואָס ליגן אונטער יידישע מצבות מיט סודותדיקע איינקריצונגען און מיסטישע צייכנס אין שטיין. און מען דערמאָנט אזוי אומשולדיק און שטיל, די פעטערס מומעס, וואָס לעבן נאָך: „טייערע, זעסטו אמאָל דיינע יידישע פארוואנדטע, און נעמען זיי דיך אויף?“

אָט דאָס איז די „האַלוצינאַציע“. אָנשטאָט רעדן, האָט זאָפיאַ צוגערוקט דאָס קליינע טישעלע, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען צוויי געפינגערטע גראפינקעס מיט משקה און קעלישאָקלעך אויף א טאַץ. ז'האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך קאָניאק און איינס דערלאַנגט לוין אָן א וואָרט. נאָך דער ערשטער כוסה איז געקומען א צווייטע. אָבער ביי דער צווייטער האָט זי זיך פאַרבליניעט, ווי ס'וואָלט איר פארשפּאַרט אין שלונג און געוואָרגן און געשטיקט. די משקה האָט זיך צעשפּריצט און מיט די שאַרפע טראָפּנס האָט זיך צעגאָסן א געוויין, גלייך ווי אלע טרערן וואָלטן זיך געהאַט אָנגעזאמלט אין האַלז און איצט ארויסגעשפּאַרט פון דאָרט.

— דו אויך נישט... דו זעסט אויך נישט! — האָט זי געהעשעט, טאָ ווער? דו ביזט דער לעצטער.

ז'האָט פאַרדעקט ס'פּנים מיט די הענט און דעם קאָפּ, ווי א שוואָם אויף אן אונטערגעזעגטן שטאַם, האָט זיך א וואקל געטאָן און געפאלן אויף לוויס אַקסל. א ווײַלע האָבן ביידע זיך נישט גערירט. דערנאָך האָט לוי זיך אָנגעבויגן איבער איר, געצערטלט איר קאָפּ און מיטאַמאָל אָנגעהויבן קושן אירע האָר. זאָפיאַס ציטערדיקע פינגער האָבן געזוכט זיינע הענט, זיי געפונען און זיך איינגעפלאָכטן אין זיי. ז'האָט אים געצויגן צו זיך און געטוליעט צון אים; געזוכט אַ באַהעלטעניש און שוץ, ווי זי וואָלט אינגאַנצן וועלן אויפגיין אין אים. איר פלאַטער, איר ציטערניש, דער ריח פון איר לייב האָבן אים באַוועלטיקט און אָנגעטריבן א רויש.

— נעב... מיך... — האָט זי געהעשעט. — ס'איז... נעם... מיך אוועק... אָדער... אָך, מיין האַר!... טו מיט מיר וואָס דו ווילסט... כ'בין סיי=ווי=סיי א פארפאלענע. זאָל זיין נאָך א שעה פון... פון...

מיטאַמאָל האָט דער טעלעפאָן א קלונג געטאָן. אין אָנהויב האָט זי נישט געוואָלט ענטפערן. זאָל קלינגען און קלינגען און צעריסן ווערן, עס אַרט זי נישט מער. דער גלאָק איז אָבער נישט מיד געוואָרן און אויסגעפירט זיינס. זאָפיאַ האָט זיך אויפגעהויבן און זיך צוגעוואקלט צום טעלעפאָן:

— האַלאָ! האַ?

ז'איז געוואָרן גרין און געל. ס'ביסל מראה, וואָס איז איר פריער געקומען אין פּנים אריין, איז איצט אינגאַנצן אַנטרונען, מיט איין וויש. אירע אויגן האָבן געפינטלט און ס'מויל האָט זיך אין קראַמפּן געקרומט:

— ווען? צו... צוליב וואָס? היינט? מאָרגן? אָבער... אָ! נו... איך...

דאָס געשפּרעך איז געווען קורץ. נאָכן אויפהענגען ס'טרייבל איז זי געבליבן שטיין ביים טיש און געשטאַמלט איינציקע ווערטער, אָפּגעהאַקטע רייד:

—ער... דער קאָנסול!... ר'איז דאָ... אין לעמבערג... ער וויל ארויפקומען. איז בעסער אז דו... אז איר... אז... מען דארף זיך אויסמיידן... וואָס וויל ער? איך קען אים גוט!... איז... בעסער, אז...

לוי האָט באַלד געכאַפּט וועמען ז'איז אויסן: ס'איז איר געוועזענער מאַן, פון וועלכן ז'איז אַנטלאָפן נאָך מיט דריי יאָר צוריק. זי מיינט אויך צו זאָגן, אז עס איז גלייכער, אז ער, לוי, און יענער זאָלן זיך דאָ נישט באַגעגענען. זי האָט עפּעס א טונקעלע אַנונג. ס'איז נישט קלאָר וואָס; און נישט קלאָר פארוואָס. א ביטער פאָרגעפיל. דעריבער שטאַמלט זי. און פון זאָפיאַס אויגן

האָט איצט געשריגן איין געשריי: „גיי! איך קען אים דעם שימעניק! געטרוי נישט! גיין“

לוי האָט געזען איר פאַרלעגנהייט. ר'האָט געפילט איר אומרו, וואָס האָט זיך איבערגעטראָגן צו אים. ווי דורך אַ באַריר. נאָר עפּעס האָט ער נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו כאַפּן און לויפן און זיך אָפּטראָגן פאַר איינעם, וועמען ער קען נישט און ווייסט נישט און וואָס מיינט נישט גאָרנישט פאַר אים. פּחד פאר א ווייטן און פרעמדן? — דאָס האָט אים מער געשראָקן ווי די סכנה אליין. אלע צרות נעמען זיך פון אומבאַקאַנטער שרעק. דערפאר וואקלט זיך דער מענטש צווישן מאָרד און זעלבסטמאָרד און זיין גאַנצע חכמה ווענדט ער אָן זיך־ארויסצודרייען פון דער דאָזיקער פינסטערער קלעם. אַ שטראָף פון גאָט, צי פון דער סטרא אחרא — ס'איז קיין חילוק נישט. דער פּחד פארן פּחד — ס'נעמט אָפּ הענט און פיס. און ער וויל דוקא שטיין בלייבן און קוקן און אַרויספאָדערן...

— וואָס איז דאָס קלערן? — האָט זאָפיאַ געפרעגט — אז...

לוי האָט נישט באַוויזן צו ענטפערן. ס'האָט זיך דערהערט א קלונג.

— ער? — האָט זאָפיא זיך א צאַפּל געטאָן — אזוי שנעל? איצט?

אוואדע: ס'איז געווען ער, קאָנסול יאַן זאַיאָנטשעק־באָי.

ער, דער גאסט, איז גאָרנישט געקומען צו רייטן אויפן ווינט: און דער וועג האָט זיך אויך נישט איינגעצויגן אונטער אים. גאָר פּשוט: ר'האָט געזויפט אין אַ שכנותדיקער שענק און פון דאָרט טעלעפאָנירט.

א רגע איז דער קאָנסול געבליבן שטיין א נישט־דרייסטער אויף דער שוועל אין קליינעם מאַט־באַלויכטענעם קאָרידאָר. דערזעענדיק פאר זיך זאָפיאַן, וואָס האָט אים געעפנט די טיר, האָט ער זיך פארנויגט און עפּעס אָפּגעזאָגט. א הויכער, א צעוואקסענער, אין א מיליטערישן מונדיר און אין לאַקירטע שטיוול מיט שפּאָרן — האָט ער אויסגעזען קאָמעדיאַנטיש און לעפּיש אין זיין דרעסירטער העפלעכקייט.

לוי האָט דאָס אַלץ באַמערקט דורך דער געוועלבטער, אָפענער טיר. ר'האָט געזען ווי דער קאָנסול לייגט אוועק דעם קאַשקעט מיטן גרויסן זילבערנעם אָדלער, דעם געפלאָכטענעם שפּיץ־רוט און טוט אויס דעם מאַנטל מיט די גלאַנציקע קנעפּ. ר'האָט עס געטאָן מיט „עלעגאַנץ“ און דערביי האָט ער אויך גערעדט און זיך באַרימט; קורץ, און קנאַלענדיק, ווי פון א ביקס: ר'איז איצט אויף „עקזערציר“; דאָ סטאַציאָנירט; ער לערנט עפּעס נייעס; מען מוז אזוי; דערנאָך גייט ער צוריק אין דיפּלאָמאַטישן דינסט; קיין מאָסקווע; טראַנספערירט; אוואַנסירט.

זיין שטים האָט זיך געהויבן העכער און לוי האָט אַלץ געהערט.

האָט דער דאָזיקער קאָנסול באַמערקט, אז אין צימער איז דאָ א גאַסט, אַ מאַן? ווען זאָפיאַ האָט אים אריינבאַגלייט, דעם דאָזיקן מונדורירטן פּאַן, האָט ער מיטאַמאָל אויסגעגלאָצט א פּאָר גרויסע, גרויע אויגן פון הינטער העלע, לאַנגע וויעס אפיר און אַ הוסט געטאָן:

— אָ, איך שטער...

ס'קול זיינס איז מיטאַמאָל געוואָרן כריפּליווע און האַרב. די גאנצע באַזאָפּנקייט, וואָס ר'האָט פריער אונטערדריקט, האָט ארויסגעזעצט פון־אויבן, ווי א פּאַרע פון אן אָנגעהייצטן שטיין. א רויטער רינג האָט זיך איינגעצירקלט ארום זיין פּארשאַרצטער, בולכעוואטער נאָז. די צוויי פאלדן ארום ברייטן מויל האָבן זיך טיפער געקארבט און אויפגעגלאַנצט מיט שוויים.

— הער ברוידעס, — האָט זאָפיאַ מיט אָנגעשטרענגטער רואיקייט, זיך געווענדעט צו לוין — באַקענט זיך מיט... קאָנסול, הער מאיאָר זאיאָנטשעק־ראָי...

לוי האָט זיך פארנויגט. ר'האָט געוואַרט, אז דער „מונדור“ זאָל דער ערשטער מאַכן א שריט און דערלאנגען די האַנט.

— ווי איז „זיין“ נאָמען? באַמיידעס? — האָט דער קאָנסול ארויסגעשלוקערצט, — אַ באַקאַנטער קלאַנג... ס'דערמאָנט מיך אָן אַ שורקע מיט אַ

בראָדעווקע. כ'האָב אים דערלאַנגט אַ בריקע... אַנטשולדיקט... גוטן אָוונט, דעם הער...

די ערשטע באַמערקונג איז געפאַלן: דער קאָנסול האָט דערשמעקט דעם יידן, נישט אויסגעהאַלטן און גלייך „רעאַגירט“. ר'האָט אָפּגעמאָסטן לוין פון אויבן ביז אַראָפּ — געמאָסטן אַ קאָנקורענט — אַ „גנב“ —און דערנאָך געוואָגן זיינע בליקן צו זאָפיאַן, וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט. אירע פּידזשאַמעס, די נאַקעטע אָרעמס און באָרוועסע פיס, וואָס האָבן ארויסגעקוקט פון די געגילדעטע סאַנדאַלן, האָבן אים איצט צערייצט. אַזוי הייסט עס, אַזוי־אַזוי, זי זאָפיאַ, פילט זיך גאָר היימיש מיט דעם דאָזיקן זשידעק, זיי זיצן זיך „טעט־אַ־טעט“ און טרינקען פון די פלעשלעך און ס'איז לוסטיק צווישן זיי. קאַנאַליעס! שליסן זיך אָפּ, טוען „טענגאָ“ און פייפן אויף דער וועלט! דונער און בליץ, ניין, ס'וועט מער נישט גיין. צו אַלץ קומט אַ סוף. און באַלד קומט דער סוף צו דער זשידאָווסקער ביישלעפעריי, ציגיינעריי און פייפעריי!

— האַ? ווי האָט ער געזאָגט, הייסט ער? כאַמיידעס? — האָט זאיאָנטשעקראָי איבערגעפרעגט, — געהאַט שלעכטע דערפאַרונגען מיט איין כאַמיידעס. יענער איז גאָר אַ פראַנצעוואַטער און פאַרדאָרבענער. געלט האָט ער ליב און באַלעסטיקט דיך און מאָנט. נאָר ער מאָנט, נאָר ער מאָנט, דער דאָזיקער יאַנקל צאַפּצעפּדראַפּ. אָ, אַנטשולדיקט, נישט אַמאָל קיין פאַמיליאַנט?

— ווער? — האָט לוי געפרעגט — דער כאַמיידעס?

— טאַק יעסט! יאָ, יאָ! — האָט דער קאָנסול געשאָקלט מיטן קאָפּ — יענער פון דער סאָביעסקי גאַס.

— ניין, ליידער, נישט קיין פאַמיליאַנט מיינער, האָט לוי געשמייכלט, — ליידער.

— איר באַדויערט? — האָט דער קאָנסול זיך געהידושט, — צי וואָס דאַרף ער נאָך אַזאַ מין צאַפּעדראַפּ אין דער פאַמיליע?

— ס'איז איינפאַך. אין אַזאַ פאַל וואָלט איך אפשר געקאָנט אינטערווענירן און בעטן צו שענקען אַ חוב, — האָט לוי געענטפערט מיט אַ שמאָך, — אָבער אַ שאָד. יענער איז כאַמיידעס און איך בין ברוידעס...

אַ שמייכל האָט אַ ציטער געטאָן אויף זאָפיאַס ליפּ. וואָרים לוי האָט געטראָפן דעם קאָנסול אין אַ ריפּ. געוויס איז דער דאָזיקער פּוילישער „אַריסטאָקראַט“ און פאַרביסענער נאַר אַ בעל חוב. ער איז שולדיק יענעם יידן געלט און דערפון נעמט זיך זיין כעס און צאָרן. נישט גענוג וואָס ער באַצאָלט נישט, האָט ער נאָך געבעטן מער, האַסט נאָך שטאַרקער, און שפּייט מיט גאַל. זי קען אים גוט דעם ראָיען: קאָרטן, געיעג, הוליאַנקעס, האָנאָר, אַ שווערדל און פאַרדריסנקייט. אַזוי ער, אַזוי זיינע פריינט. די וואָס דראַפּען זיך אַצינד אויף די גלייכע ווענט און שמעקן די לאַפּעס צו דער מאַכט. און, אַז עס גייט נישט אַזוי לייכט — פּליוכען זיי גיפט און בריקען מיט די פיס. זיי ברעכן פרעמדע פראַצע ווי שטרוי, באָדן זיך אין ווילטאָג, טרינקען זיך אין הובות איבער די קעפּ און שרייען „זשיד“. אַמאָל פלעגן זיי שרייען „כאַם“. היינט האָבן זיי מורא דערפאַר. נעמען זיי דעם „כאַם“ פאַר אַ שותּף כּדי צו פּלעכטן שטריק פאַרן יידישן האַלז. רייצן און העצן און טוען אַלע מיאוסקייטן מיט כאַמסקע הענט. זי. זאָפיאַ, קען זיי. פאַרוואָס דען איז זי מיט דריי יאָר צוריק אַוועק פון איר „קאָנסול“ אין מיטן דער נאַכט, אַ נאַקעטע און אַ באָרוועסע? זי, ווייסט, זי האָט נישט אָפּגעציכט. זי האָט זיך בלויז געקילט דאָס האַרץ. אַז ער האָט זיך אינצווישן געטרייסט מיט אַנדערע צוויי. איז וואָס־זשע וויל ער פון איר אַצינד? וואָס איז די שפּיל? זאָל זי אויך שפּילן ?אַ קאָן אַזאַ? זאָל זיין... זי וועט זען.

— נו, ביטע, — האָט זי אָנגעוויזן אויף אַ שטול, —און אפשר אַ קאָניאַק?

זי האָט אים אָנגעגאָסן אַ טרונק. צו וואָס וואַרטן ביז ער וועט ווערן דורשטיק און אַליין אויסשטרעקן די האַנט? פון אַ טרונק, פון אונטערשרייבן וועקסלען און פון באָרגן, פון אַזאַרט און פון געיעג האָט ער זיך נאָך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט.

זאיאָנטשעק=ראָי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין א שטול און צעשפּרייט די פּיס, ווי ער וואָלט געריטן אויף א פערד. ער האָט גענומען א גלעזל, עס אָפּגעמאָסטן מיט א ווינקל פון אן אויג און ארויסגעציטשעט צווישן די ציין:

— פאר פּוילן! וויוואַט!

ביים צווייטן האָט ער העכער אויפגעהויבן די שטים:

— נאַ זדראָוויע פון די אייגענע. ארונטער מיט די שונאים!

מיט אַמאָל האָט ער זיך אַהויב געטאָן און זיך געווענדעט צו לוין מיט אַ יעבץ:

— און ער וועט גאָרנישט טרינקען מיט מיר? כאַמיידעם האָט נישט ליב אַ „לעכאיע=לעשאָלע“? נו, ער וועט טרינקען. גיי'ץ טו! נו, „כאיע=שולע“!

און אז לוי האָט זיך נישט גערירט, האָט דער קאָנסול א שמיץ געטאָן דעם קעלישאָק צו דער וואַנט. שטיקלעך גלאָז, וואָס זיינען אָפּגעשפּרונגען פון גלאטן מאַקעט, האָבן א שפּריץ געטאָן אינאיינעם מיט די קאָניאַק=טראָפּנס אויף זאָפּיאַן, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן, א בלייכע און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. די גלאָז=שפּריצלעך און טראָפּנס האָבן איר געטראָפן אין שטערן און אין האלז. צוויי שטראָמען האָבן זיך איינגעשניטן, רויט און פייכט. זי האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן עקשנותדיק. ז'האָט געוואַרט.

— מיט מיר טרינקט מען, אז איך הייס! ביי מיר פאָלגט מען, ווען איך באַפעל. אלע כאַמיידעסעס וועלן באַלד פאָלגן און טאַנצן און זיך קליאַנטשען. אין בערלין און אין מינכען טאַנצן זיי שוין!...

ר'האָט צעשפּרייט די פּיס, געשלוקערצט און אויף זיינע ליפּן האָט ארויסגעזעצט א שוים.

— נו, וואָס שווייגט איר, ציטערנדיקע טכוירן? פייגלינגע! נאָר וואַרט, היטלער האָט אָנגעהויבן און מיר וועלן פארענדיקן מיט די כאַמיידעסעס און זייערע פאַרבינדעטע, די פאררעטערישע הינטעכעס. אָ, די הינטעכעס, וואָס מען דארף ציכטיקן מיט דער בייטש. ר'איז געווען גערעכט, דער דייטש, „נעם צו זיי די בייטש!“

כדי מען זאָל נישט מאַכן קיין טעות וועמען ער מיינט מיט „פאררעטערישע הינטעכעס“, האָט ער אַ טייטל געטאָן מיט די פינגער צו זאָפּיאַן און געבויערט אין דער לופט ווי מיט א שרויף:

— נו, האָסט געהערט? וואָס זאָגסטו?

— איך זאָג — האָט זאָפּיאַ געציילט די ווערטער — הונטסוואָט, שיבעניק, שוויין, ארויס פון דאַנען! שוין!

— אָ, צויג! שמוציקע יידן=ביישלעפערין! גיין זאָל איך? אָט!

ר'האָט אויפגעהויבן א פוס און מיט א באַשפּאָרנטן שטיוול א זעץ=געטאָן אין א בלומענטאָפּ. מיט די האָריקע הענט האָט ער אָנגעכאַפּט א וואזע און זי א שליידער געטאָן אין שפּיגל, איבערן קאַמין. ר'האָט גערידלט געלעסטערט און געבריקעט, ווי א צעווילדעוועטער בולאי, וואָס רייסט זיך אָפּ פון א קייט. א ראָפּע האָט אים אָנגעהויבן טריפן פון די אויגן און א שוים האָט אים געזעצט פון מויל. מיט אַמאָל האָט ער זיך אויף א סעקונדע אָפּגעשטעלט. ר'האָט באַמערקט אז זאָפּיאַ האָט זיך אינצווישן צוגערוקט צום טיש, געעפנט א שופלאָד און עפּעס ארומגעזוכט. זיינע אויגן זיינען גרעסער געוואָרן און איבערגעלאָפן פון צאָרן און אַנגסט. די ליפּן האָבן זיך ביי אים א צאַפּל געטאָן און די נאָז=פליגלען האָבן זיך צעצויגן, ווי ער וואָלט אָנגעשמעקט פייער און רויך. האָט ער ארייַנגעשטעקט די האַנט אין קעשענע און ארויסגעצויגן א קליינעם רעוואָלווער מיט א פערלמוטער=גריף. אין אויגנבליק האָט אָפּגעהילכט א קנאַל — א קויל האָט געטראָפן אין זשיראנדאָל, מיט א געבראזג פון שטיקער גלאָז און קרייש=שטאָל האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס ליכט. דער שאָטן פון זאיאָנטשעקס אויסגעצויגענעם אָרעם האָט זיך איצט געהוידעט און געגליטשט אויף דער וואַנט:

— אוים מיט דער אַלטער שפּיל! אַ נייע שפּיל! פייער. נאַ... פאל!

נאָר קיין צווייטן שאָס האָט ער שוין נישט אָפּגעפייערט מער. לוי וואָס האָט

הינטנאַרום באַוויזן אויפצוהויבן דאָס אייזערנע פייער־שטעקעלע פון קאַמין, האָט אים אָפּגעצילט אזא שאַרפן זעץ אין האַנט,, אז דער רעוואָלווער איז אראָפּגעפאלן און זיך פארקייקלט אויפן דיל. דער קאָנסול האָט ארויסגעלאָזט אַ מוראדיקן יעכץ:

— ביאָן? מען שלאָגט? אַ פּאָליאַק שלאָגט מען? אן אָפיצער שלאָגט מען? א דיפּלאָמאַט?

ר'האָט זיך אָנגעבויגן און געוואָלט אויפהויבן דעם רעוואָלווער, וואָס האָט זיך פארקייקלט צו דער שוועל. אַ צווייטער קלאַפּ פון פייער־שטעקעלע האָט אים געטראָפן אין קארק. ר'האָט זיך א וואקל געטאָן און אויסגעצויגן אויפן דיל. מיט די פינגער האָט ער איצט ארומגעקראצט, געשאַרט און געפּויזעט אויפן בויך, ווי א שלאַנג.

— מאָרדויאָן? יידן מאָרדן? אָ, טייוול! — האָט ער גערעוועט און זיך מיטאַמאָל איינגעביסן אין לוים פּוס. ר'האָט אים געצויגן צו זיך און איבערגעקערט.

פון דער טונקעלקייט, פון דער נידער, האָט זיך איצט געהערט בלויז א כאַרטשען, א וועלגערן פון גופים און טעמפּע קלעפּ.

— הערט אויף! אין גאָטס נאָמען! — האָט אויפגעציטערט זאָפיאַס קול.

ערשט איצט איז זי געקומען צו זיך פון דער פארשטאַרצטקייט, פון דער געפּלעטקייט און זי האָט זיך צעירט. ז'האָט אָנגעצונדן א ליכט אינם לייכטערל, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש.

— באַזינט זיך... הערט אויף — האָט זי זיך געבעטן...

ס'איז נישט געקימען קיין ענטפער; מ'האָט זי נישט געהערט. האָט זי גענומען דאָס לייכטערל פון טיש, זיך אָנגעבויגן און אַ קוק געטאָן. ביי דער מאטער שיין האָט זי געזען: דער קאָנסול ליגט אויסגעצויגן אין זיין גאנצער לענג, מיטן פּנים אַראָפּ, די הענט צעשפּרייט ער דריגעט בלויז מיט די פיס. און לוי זיצט נעבן אים אויפגעזעצט, די האָר צעפּלאָשעט, דער קאָלנער צעריסן און שנירעלעך בלוט רינען אים פון מויל.

— באָזשע... גאָט! — האט זאָביא געשעפּטשעט — וואָס... וואָס האָסטו...

ז'האָט אַראָפּגעשטעלט דעם לייכטער מיטן ברענענדיקן ליכט אויפן דיל, ביים קאָנסול צוקאָפּנס, ווי ביי אַ מת. מיט ציטערדיקע הענט האָט אים אָנגעהויבן צו טאָרען, צו רייך, ביז זי האָט אים איבערגעקערט מיטן פּנים אַרויף.

מיט אַמאָל האָט זי זיך אָפּגערוקט, אויסגעדרייט צו לוין און צענומען די הענט אין אַנגסט.

— הויב זיך אויף און גיי!... גיי פון דאנען... פון הי... גיך...

לוי האָט זיך אויפגעהויבן און געבליבן שטיין אויפן אָרט. ר'איז געשטאַנען אַ צעטומלטער, געקוקט אויפן ברענענדיקן ליכט אין דער נידער, אויף דעם אויסגעצויגענעם קאָנסול און אויף זאָפיאן, וואָס קניט אויפן דיל. ר'האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך און וואָס די קלאָג באַטייט. אַן אומהיימלעכקייט האָט אים אַרומגעכאַפּט; אַ נישט־גוטס־ווייט ביז אויסצוגיין, און אַ סוף.

— וואַרט נישט... גיי... — האָט זאָפיא צו אים געשטרעקט די הענט און אים גערוקט צו דער טיר — גיי...

אליין האָט זי זיך נאָך אים נאָכגעשאַרט אויף די קני, מיט אויפגעהויבענע הענט, ווי אין אַ געבעט. ז'האָט זיך נאָך אים נאָכגעשאַרט ביז צום קאָרידאָר.

אַז לוי איז ארויס איבערן שוועל, האָט זי פארהאַקט די טיר און אַ געוויין האָט זיך ארויסגעריסן פון איר:

— איד!... איך דארף אָפּקומען.. מיין זינד... מיין שטראָף.... און ער... היט אים און שיץ אים, גאָט!...

ז'האָט זיך איינגעקאָרטשעט און געפאַלן מיטן פּנים אַראָפּ.

קאַפּיטל 38

# צו דער גרענעץ...

ס'איז געווען א מאַרצאָווער אויפדערנאכט. אַ קאַלטער רעגן, געמישט מיט אַ האָגל, האָט איצט געכליאַפּעט פון אַ בלייערנעם הימל און אַ שאַרפער צפון-ווינט האָט געריסן שטיקער, געצופּט און געבייטשט. אין אָפענעם דרויסן, אויף די ראָגן, ביי די צוגאַנגען צום "עזיאַיטן-גאָרטן, צווישן די הויכע קאַשטאַנען-ביימער און אין די אַלטע הייזער האָט דאָס וואָיען פון ווינט זיך געבראָכן אין כלערליי משונהדיקע קולות — געברום, געיהיל, געוויין און פייפערייי. די בורע האָט גע-וואָרנט, זיך געשפּילט, געסטראַשעט און חוזק געמאַכט. די לאַמטערנעם האָבן געפינטלט מיט די "אויגן" און געוויינט. די נעץ אונטער די פיס האָט געסווי-טשעט, געפייפט און געפּיפּסט.

לוי ברוידעס האָט געשפּאַנט אויפן ווינט, זיך געדרייט גאַס-איין, גאַס-אויס, אַט גלייך, אַט זיג-זאַג און אַט ווידער גלייך. און האָגל און ווינט האָבן אים גע-טריבן. אונטערגעיאָגט און חוזק געמאַכט. וווהין גייט ער איצט, ווו וויל ער נעלם ווערן און צוליב וואָס טראָגט ער זיך אָפּ? זוכט ער אַן עיר-מקלט, אַ באַהעלטע-ניש? ער, לוי, האָט אַליין נישט געוווּסט. אָבער איינס איז ער זיכער געווען: ער איז אַ רוצח, אַ הורג-נפש; ער האָט אומגעבראַכט אַ מענטשן, דעם קאָנסול יאַן זאַיאָנטשעק-ראָי...

אָבער ווי אַזוי איז דאָס געשען? ער געדענקט איצט קלאָר: ווען זיי ביידע האָבן זיך געוואַלגערט אויפן דיל, האָט ער, לוי, שוין גאָרנישט געהאַט אין די הענט. ער האָט זיך בלויז געווערט. איז, ווי אַזוי-זשע? מחמת מען ווערט זיך — ברענגט מען אום? פּשוט און פּראָסט, מיט די פינגער, מיט אַ פלאַכער דלאָניע? מאָדנע: אָדער דו שטעלט זי אויף, די דלאָניע, און בעטלסט מיט איר, אָדער זי העלפט דיר אין רציחות פינסטערע... ער האָט אַליין נישט געוווּסט, אַז אַזאַ טרפהנע גבורה שטעקט אין זיינע הענט. טמא הענט... וווהינזשע וועט ער לויפן מיט זיי, און וואָס קען ער שוין טאָן? ס'האָט געבוירערט אין זיין מוח, ס'האָט גע-עקבערט אין האַרץ, און העדי האָגל האָט געקלאַפּט און דער רעגן האָט געבייטשט.

אויפן ראָג פון אַ געסל, ביי אַ נאַסן, טריפנדיקן לאַמטערן-סלופּ, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט: וואָס הייסט ער לויפט? און די שטראָף? ווער וועט זי טראָגן, ויער? אַ קול פון זיינע טיפעניש האָט געוואָרנט: "קער זיך אום, זיי זיך מודה און גרייט זיך צום משפּט, צום דין. צי אפשר ווילסטו גאָר טענהן, אַז הבא להרגך השכם להרגו? יענער האָט דאָך געצילט אין דיר, דיך געוואָרגן און גע-שטיקט". לוי האָט איצט ווידער איבערגעלעבט דעם מאַוימדיקן טעם פון פילן אַ פּאָר האָריקע הענט בייַם גאָרגל; פון עפּעס אַ קאַלטן שטיק שטאָל בייַם וושט, בייַם קנאָפּ. ס'האָט פאַרשפּאַרט אין שלונג.

"אַזוי איז עס געווען", האָט ווידער געדופן דאָס קול פון דער טיפעניש, "נו, האָב-זשע כח אויסצושרייען פאַר דער וועלט. אַי, דו ביסט אַ ייד? נו, איז דווקא אַזוי! שריי, כאָטש מען וואַרט שוין אויפצושטעלן אַ תליה און צו לאַכן; צו פאַר-שמירן דיין פּרצוף-פּנים און דיך צו פאַרשיטן אין אַ גרוב"...

אַ פיאַקער, וואָס איז פאַרבייגעפאָרן, האָט אים אָפּגעשפּריצט און ער, לוי, האָט זיך אַ ריר געטאָן. שפּאַנענדיק האָט ער זיך ראָזדריכעט און אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם פריערדיקן איינפאַל צו נעמען זיין פּאַספּאָרט, עוקר צו זיין איבער

דער גרעניץ אַריבער און צו פאַרווישן די אייגענע טריט. דווקא, ווייל ער האָט אַ פּאַספּאָרט ביי זיך אין ראַנץ, וועט ער עס נישט טאָן! לויפן קיין ארץ־ישראל ווי אַ רוצח, מיט בלוט אויף די הענט? ניין, ער גיט זיך איבער דעם געזעץ. זאָל זאַפּיאַ עדות זאָגן, און ביידע וועלן אויסשרייען דעם אמת און דעם צער און די פּיין.

אַ נאַסער, אַן אויסגעווייקטער, אַן איינגעקאָרטשעטער איז לוי אָנגעקומען אין פּאַנסיאָן „האַרמאָניאַ“.

— אָ, איר זענט שוין דאָ? — האָט זיך דערהערט אַ קול אין קאָרידאָר — און איך שטיי דאָ און טשאַטשעווע אויף אייך. דריי מאָל האָט מען שוין געקלונגען אין טעלעפאָן. וואָס איז מיט אייך, פּאַניע ברווידעס? איך שטיי און ווער פאַרקילט און ניס און וואַרט, ווי אַ „שפּיצעל“ און אַ היצעל...

ס׳איז געווען דער הער שפּערבער, לויט שכן, דער אַלטער קאַוואַליר, אין אַ האָריקן כאַלאַט איבערן לאַנגן, באַרכאַטענעם נאַכט־העמד, און אַ געל מיצל אויפן קאָפּ, אַ פּאָר פילצענע שטעקשיך, אויף די ברעסלענע זאָקן, איז ער געשטאַנען אַן אָנגעלאָדענער, אַן אומגעדולדיקער און אַלעמאָל אונטערגעהויבן אַן אַנדערן פוס, אַט רעכטס, אַט לינקס:

— הער ברווידעס, — האָט דער אַלטער בוכהאַלטער נישט אָפּגעלאָזט, — כ׳האָב אייך עפּעס אָנצוזאָגן, עפּעס וויכטיגעס. די דאַמע, וואָס האַלט אין איין טעלעפאָנירן, האָט מיך געבעטן אייך איבערצוגעבן, אַז...

— אַז וואָס? — האָט לוי אים אָנגעכאַפּט ביים גאַרטל — וואָס?

— אַז איר זאָלט זיך נישט שרעקן און נישט נעמען צום האַרץ... עס איז גאָרנישט, ס׳איז אין אָרדענונג... ס׳איז אים בעסער... ער שלאָפט... מען דאַרף נישט האָבן קיין אַנגסט... ער שלאָפט... ניין, ר׳האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט...

— ווער? ווער?

— נאַ, הערן זי מאָל, הער ברווידעס, דאָס דאַרפט איר שוין אַליין וויסן ווער דער „ער“ איז. די דאַמע איז געווען דיסקרעט. און איך האָב טאַקט. אַלעס פאַרלאָרן אָבער ערע און טאַקט האָב איך נישט פאַרלאָרן. און איר, פּאַניע ברווידעס, שטייט גאָר אין אַן איבעראַשטער און אַ... ווי זאָל איך זאָגן? אַ מעכולדיקער, פאַרצייען זי...

דער קורצזיכטיקער בוכהאַלטער האָט צורעכט געמאַכט די בריל אויף דער נאָז און ווידער אַ הייב געטאָן אַ פוס...

— אַך, הער ברווידעס, נאָר איר האַלט אין איין זאָרגן, איך האָב תמיד געזאָגט, אַז אַזאַ מענטשן ווי איר רופט מען אַ מעלאַנכאָליקער, אָדער גאָר אַ מאַזאָכיסט און אַ נעוראַסטעניקער, פאַרצייען זי. זאָרגט זיך און ליידט. ליידט און פייניקט זיך מער. און דערצו ווען אַ דאַמע טעלעפאָנירט אַזוי פיל מאָל.

— וויפל מאָל? — האָט לוי געפרעגט — וויפל מאָל?

דער הער שפּערבער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אונטערן ווייכן, געלן נאַכטמיצל מיט דער טראָלד און אָפּגעזיפצט:

— דריי מאָל, האָב איך געזאָגט. אַך, מענטשן האָבן מזל. דאַמען רופן זיי, געדענקען אין זיי, באַרואיקן זיי און... זיי גאָרנישט. גאָרניכטס. אָבער אַנו, צי רופט מען מיך? אַך, איך בין שוין אויסגעמעקט פון ערדישן און פון הימלישן רייסטער. איך, פּערזענלעך, האָב שוין קאַ קאָנטאַ מער. איך עקזיסטיר נאָר פאַר פרעמדע צאָלן און ציפערן... איך אַליין האָב נישט קיין פּאָזיציאָן... נול... זעראָ... און אפשר מינוס... אַ גוטע נאַכט, הער ברווידעס, אַז דער „יענער“ שלאָפט, גייטשע אויך שלאָפן. רו איז די בעסטע זאַך... נירוואַנאַ... אינערלעכע רו... הי און יענזייטס... אַך, אַ גרייסער חכם געווען דיזער בודהאַ... נעמען זי און לעזן זי „די לערע בודאַס“.. גוטע נאַכט, הער ברווידעס. אויב די דאַמע וועט נאָך ווידער לאָזן הערן איר שטימע, זאָלט איר ענטפערן אַליין. וועט איר האָבן אָנגענעמע טרוימען... אַזוי איז עס. און מיין טרויב? זעראָ... נול... אַ גוטע נאַכט.

דער קורצזיכטיקער אַלטער בוכהאַלטער האָט זיך אַוועקגעדרייט, אַוועקגעשלעפּט צו די טרעפּ און אַריין צו זיך אין צימער אַריין.

אַ ציטער איז אַדורך לוי'ס געביין. וואָס האָט ער געזאָגט דער שפּערבער? וואָס האָט ער געמיינט? זאַיאָנטשעק־ראַי שלאָפט? האָט זיך אויפגעכאַפּט? איז ער גאָר געפאַלן פון שיכּרות און... ס'אַ בלוטיקער געלעכטער, אַ מערדערישער שפּאַס? ר'האָט זיך צעוירט, אויסגעדרייט, אַראָפּגעלאָפן די טרעפּ און אַרויס אין דרויסן אַרויס.

ר'איז געלאָפן אויף צוריק: ס'האָט אים געצויגן צום אָרט פון „מאָרד". אַלעמען ציט צוריק אַהין, ווי זיי װערן געניזוקט, אָדער ברענגען אַנדערע אום...

לוי האָט אַליין נישט געוווּסט ווי לאַנג ר'איז אַזוי געלאָפן אין רעגן און אין קעלט. אין איין אָטעם איז ער אָנגעקומען צו דער מיצקעוויטש־גאַס. ר'האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל, צווישן אַ לאַמטערן־סלופּ און אַ בוים. מיט אָנגעצונדענע, שמאַרצענדיקע אויגן האָט ער געקוקט דאָ צום טויער, פאַר וועלכן עס איז געשטאַנען אַן אויטאָמאָביל און געוואַרט, און דאָ אַרויף צו זאָפיאַס פענצטער, פון וועלכן ס'האָט זיך געזען אַ מאָגערע שיין.

און ווי ער שטייט אַזוי, דערזעט ער — אים! ער שיילט זיך פון אַ נעפּל אַרויס. תּחית המתים פון אַ גוי, אַ צורה, פון קאָנסול יאַן זאַיאָנטשעק־ראַי?!

לויס רויטע, אָנגעצונדענע אויגן זענען שיער פון די לעכער אַרויס. אין האַלז — אַ טרוקעניש, און די פיס זענען צוגעשמידט צום אָרט, כאָטש ער וויל אַנטלויפן, ווי ער פלעגט קינדווייז אַנטלויפן אין שרעק, אין אַ טונקעלער נאַכט, פאַר דעם „שד", וואָס פּיפּסט און קוויטשעט ביי די סליוזעס, אונטער די פּריטערס פון פיש, אונטער די פאַרגרינטע, פאַרשימלטע פעסער און אונטער דער בריק ביים באָד...

זאַיאָנטשעק־ראַי, וועמען ר'האָט געהאַלטן פאַר „טויט", איז אַרויס מיט שיכּורע, וואַקלענדיקע טריט פון טויער, זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל, וואָס האָט געוואַרט אויף אים, און אַוועקגעפּאַטשט אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.

„ער לעבט... ער לעבט..." האָט עס געשריגן אין לוין. „ער איז דאָ, און אַז ער איז דאָ, איז שוין פאַר דיר קיין פּלאַץ נישט פאַראַן. אויס דין אויס משפּט! ס'איז קיין דיז מער נישט פאַראַן. און איצט קאָנסטו שוין גיין, זיך אָפּטראָגן פון דאַנען און אַ סוף. ס'איז דער סוף פון געראַנגל, און ווייטער איז אַן עבֿירה, אַ זינד... איצט קאָנסטו גיין..."

ס'איז געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט.

דעם אַנדערן פאַרטאָג איז לוי איינגעשטיגן אין אַ צוג, וואָס גייט צו דרום־מזרח, צו דער רומענישער גרענעץ, ביים טייך פּרוט. ר'האָט זיך פאַרקליבן אין אַ וואַגאָן פון דריטן קלאַס. אויף אַ האַרטער באַנק, צוקאָפּנס, אויף אַן אייזערנער פּאָליצע — אַ געפלאָכטענער, שטרויענער וואַליז. אָט דערמיט גייט ער אַוועק פון דאַנען; מיט דעם־אָ קויבער לאָזט ער זיך אין וועג אַריין. אַזוי האָט געטאָן זיין פעטער דוד, מיט יאָרן צוריק, ווען יענער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ווען ס'האָט זיך דערהערט דער לעצטער פייף, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען צום האַלב־אָפענעם פענצטער: דער שאַכטל־מאַכער פישל מאַלץ און זיין טאָכטער מאשע זענען נאָך געשטאַנען אויפן פּעראָן. זיי זענען געווען די איינציקע, וואָס האָבן אים באַגלייט. ביי זיי, אויף דער זשרודלאַנע גאַס, האָט ער, לוי, דאָך פאַרבראַכט דעם לעצטן מעת־לעת. פאַר זיי האָט ער זיך פאַרטרויט, און דאָרט האָט ער געקראָגן דעם אָרימען געפלאָכטענעם קויבער, וואָס ער פירט מיט זיך...

— זייט געזונט... — האָט ער שטיל געשעפּטשעט צום שאַכטל־מאַכער און צו זיין טאָכטער — און... איר וועט נאָכקומען, מאשע... גיך... דיין טאַנטע צירל און איך וועלן...

דער שאַכטל־מאַכער איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט און געגלאָצט צום וואַגאָן. און מאשע, הילענדיק זיך אין אַ דינעם מאַנטל און אין אַ שאַל, האָט געפּאַבעט מיט אַ טיכעלע און מיטאַמאָל עס צוגעלייגט צו די אויגן און דאַרין אַריינגעוויינט אַ פאַרטאָקיג, שטיל געוויין...

אַז דער צוג האָט זיך גערירט, האָט זיך אין לוין עפּעס אַ ריס געטאָן. ער

האָט געפילט, אַז ער אליין רייסט זיך אָפּ — ווי פון אַ שטאַם, וואָס מען האָט אונטערגעזעגט אונטער אים. אַ פרעמדער שטאַם און אַ פרעמדע האַק; און נאָך פרעמדערע ערד... נו, וועט ער זיך איינפלאַנצן דאָרט ווו ער געהער, אין יענער ערד, וואָס וואַרט אויף אים, בענקט נאָך אים און רופט אים שטומערהייט...

די רעדער האָבן געריבן איבער די שינעס. זיך צעקאָלערט, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי שרייען אין אַ רעפרען: „די ערד וואָס וואַרט; די ערד, וואָס רופט"...

בּיסלעכווייז האָט אָנגעהויבן טאָגן — גרוי און בלוי — און ביי לוין האָט אָנגעהויבן ליכטיקער ווערן אין קאָפּ; ער פאָרט אַוועק אָן אַ ברכה און אָן אַ זײַ־געזונט. מאָרגן איבערמאָרגן וועט מען אינדערהיים לייענען זיין בריוו, וואָס ר'האָט אין מיטן דערנאַכט געשריבן קיין יאַנעוווקע. אַ פּאַפּיהענע געזעגענונג. די מאַמע וועט מסתמא קלאָגן. דער זיידע וועט ברומען, דער טאַטע וועט שווייגן און די שוועסטער, אסתּר, וועט אַוואַדע צונויפּלייגן די הענט און זיפצן: „כ'האָב געוווּסט: נאָר לוי קאָן אַזוי"...

צי האָט ער דען געקאָנט טאָן אַנדערש ווי ר'האָט געטאָן? אַרונטערפאָרן אַהיים קיין יאַנעווקע זיך געזעגענען, וואָלט אפשר געמיינט צו שטעלן אין סכּנה די נסיעה און די עליה. מען וואָלט מסתמא געפרעגט און געפאָרשט: וואָס איז די איילעניש? וואָס איז דער געלויף אין כּאַמע זמן, נישט אַהער און נישט אַהין? און וואָס איז געשען? און אים, לוין, האָט זיך נישט געגלוסט צו געבן תּשובות, וואָס וואָלטן אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט. און ער האָט נישט געוואָלט מען זאָל גיסן אויל אויפן פייער, וואָס וואָלט זיך נאָך מער צעגליט... מאָרגן איבערמאָרגן וועט מען לייענען, און הערנאָך וועט די משפּחה שלום מאַכן מיט דעם געשעענעם, אַזוי ווי מען האָט שלום געמאַכט מיט זיין פעטער דודן...

ליכטער איז אָנגעקומען דעם בריוו קיין וואַרשע, צו קלאַראַ ווינאָקור. „אַ תּהום איז געווען צווישן אונזערע אידעען, און באַלד וועט אונדז אָפּטיילן אַ ים", האָט ער איר געשריבן, „און מן הסתּם איז אַזוי באַשערט. אָבער ימען קאָן מען אויך אַריבערשפּרייזן, ווען דאָס וואַסער דערגרייכט צום האַלז, און ווען דער רוף צום לעבן שרייט אַרויס פון אינעווייניק. אין אמתן איז דאָך פון ווייט צו נאָענט נאָר אַ קורצער שפּאַן"...

דער צוג האָט זיך געשלענגלט איבער פלאַכע, אויסגעוויקטע פעלדער, פון וועלכע ס'האָט זיך געהויבן אַ גרויער נעפּל און אַ רויך. פון די פעלדער האָט ער זיך אַריינגעשניטן אין געדיכטע וועלדער — וואַלד־איין און וואַלד־אויס...

אַ לייכטער דראָזש איז אים איבערגעלאָפן און די אויגן האָבן זיך געקלעפּט. דער געדאַנק איז אָבער געבליבן וואַך. און ביסלעכווייז האָבן די אויגן זיך ברייטער אויפגעריסן און געבליבן אָפן, ווי זיי וואָלטן איצט וועלן אַריינקוקן אין אָפּגרונטן, וואָס האָבן זיך געעפנט פאַר אים. אין דער זייט, לעבן אים, איז געלעגן דאָס פּעקל ציַיטונגען, וואָס ר'האָט מיטגענומען מיט זיך. נייעסן, נייעסן און בשׂורות, וואָס ר'האָט נישט באַוויזן איינצוזאַפּן אין זיך. פון די שפּאַלטן פון יידישן „טאָגבלאַט" און פון דער פּוילישער „כּווילאַ" האָבן איבערשריפטן אָנגעזאָגט: „אין די רעזידענצן פון דער וועלט רעדט מען וועגן אַ נאָענטן קריג"... דייטשע יידן שיקן ווײ־געשריי צו די ברידער איבער די וועלט... רוזוועלט ווערט איינגעשווירן אַלס פּרעזידענט פון אַמעריקע... אַלע באַנקן אין די פאַראייניקטע שטאַטן געשלאָסן... אַמעריקאַנער יידן גרייטן צו אַ ריזיקע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע קעגן היטלערן... פּראָפעסאָר איינשטיין זאָגט, ער וועט מער נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון דייטשלאַנד... יידישע געשעפטן אין בערלין, מינכען, האַמבורג, ווערן אויסגערויבט... יידן געהרגעט איבער גאַסן. יידן געוואָרפן אין פינצטערע קרימינאַל־קאַמערן... יידן... יידן... יידן...

לוי האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ זײַנס ווערט אַרומגענומען און איינגעקלעמט ווי מיט אַ קאַלטער, שטאָלענער צוואַנג. ס'האָט געקלעמט, געקלעמט ביז אויסצוגיין...

אַ דראָזש איז איבערגעלאָפן זיין לייב: וואָס וועט זיין, וואָס רוקט זיך אָן?

קומט אַ מבול, און האָט מען אין די הימלען פֿאַרגעסן דעם רעגנבויגן און דעם בונד, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן גאָט און מענטש? צווישן גאָט און ייִד? עמיצער מוז דאָך פֿאָרט דערמאָנען דעם בונד! און ווער? ווער וועט דאָס טאָן... וואָס וועט זיין?

די דאָזיקע שאלה האָט געקעקבערט אין אינגעווייד. ער האָט אויף איר קיין ענט־פֿער נישט, כאָטש זי לאָזט נישט אָפּ... נעכטן ביינאַכט האָט זאָפּיא געפֿרעגט דאָס זעלבע און ראָס אייגענע, און ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן... אַ פֿאַרשלייערטע, בסוד, איז זי, זאָפּיא גראַניצקאַ, נעכטן ביינאַכט געקומען צו אים אין דער אָרימער דירה פֿון פּישל שאַכטל מאַכער אויף זשרודלאַנא גאַס... זי איז אַריבערגעטרעטן די שוועל, געשטאַנען ווי אַ פֿאַרגליווערטע און געפֿרעגט: „וואָס וועט זיין?“...

טרערן האָבן גערונען פֿון אירע אויגן, געפֿלאָסן איבער די באַקן, איבער דעם שוואַרצן שלייער, און אויפֿגעגלאַנצט אין דער האַלבער פֿינצטערניש פֿון פּישלס אָרעמער קיך...

לוי האָט קיין תשובה נישט געהאַט, אפֿשר, ווען ער וועט אַריבער די גרענעץ און וועט אָנקומען קיין רומעניע, וועט ער געפֿינען אַ וואָרט, אַ געראַטנס, אַ העלס, וואָס ער וועט קאָנען שרייבן צו זאָפּיאַן... דערווייל איז ער אויסגעליידיקט און שטוב... די איבערלעבעניש איז צו פֿריש, בלוטיק און יאַטערדיק.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעפּייפֿט. זיך צעלאָזט, ווי אַן אָפּגעבונדענער, באַפֿרייטער רייז, האָט לאָזט זיך אַרויס איינצושלינגען אַ האַלבע וועלט...

לוי האָט איינגעדרימלט און דער פּאָדעם פֿון נעכטן איז איבערגעריסן געוואָרן, ווי מיט איין ביס... דער מאָרגן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַרויסקנוילן אָן אַ פּנים, אָן אַ באַשטימטער קאָנטור...

אַ קאַלטלעכע, שלאַבעריקע זון האָט זיך דורכגעריסן דורכן נעפּל און אַ שמייכל געטאָן אין פֿענצטער... געשמייכלט ליכט און קיל...

## קאַפּיטל 39

# אַ געלוסטיק לאַנד

אין איין אינדערפרי — אין אַ ליכטיקן, לוימיקן טאָג פון וואַרעמען חודש אייר — איז לוי ברוידעס אויפגעשטיגן אויף דער „אַזיאַ" אין רומעניש האַפן פון קאָנסטאַנצאַ, ביים שוואַרצן ים.

שפּאַנענדיק איבערן פאַרוואָרפענעם בריקל, האָט ער מיט איין האַנט געשלעפּט דעם שווערן קויבער, וואָס ער פירט מיט זיך נאָך פון ליטמבערג, און מיט דער אַנדערער — אַ צעראַמטענעם ראַנץ, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אין טשערנאָוויץ.

— ארצה עלינו... ארצה עלינו... — האָט פון די דעקן באַצייטנס זיך געטראָגן אַ געזאַנג, און אין פון צענדליקער העלזער אויפגעכאַפּט געוואָרן אונטן, ביי דער ראַמפּע און איבער די טרעפּ — ארצה עלינו..

פאַרויס, פאַר לוין, און הינטער אים, האָבן געשפּאַנט אויפגעלייגטע יונגעלייט און צעפלאַמטע מיידלעך, מיט וואַליזעס, מיט זעק און מיט פּעק. ז'האָבן געקלעטערט צום טאַקט, געפרייכט מחמת טיפער אויפרעגונג אין אונטערגעאיילט איינע די אַנדערע:

— עלה... און גיי! שטעל אַ פוס, חבר... עלה... און גיי...

לוי איז געגאַנגען מיט אַ קלאַפּענדיקן האַרץ. פון צופיל ליכט און פון וואַכיקייט האָט ער געפינטלט מיט די אויגן און געפילט ווי פּריסעק וואָלט געברענט אין זיי. ר'איז דאָך נישט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. ער איז דאָך געזעסן אין דער אכסניה און דורך אַ פענצטער כסדר אַרויסגעקוקט און אַרויסגעגלאָצט צום ים. גלערליי געדאַנקען האָבן דאַן דורכגעצוקט דורך זיין מוח און האַרץ: ס'איז דאָך די לעצטע נאַכט אויף דער יבשה, אויף פרעמדער ערד... און ווי זי ציט זיך די גורלדיקע נאַכט... און ווי עס ציען זיך די שעהן — אַזוי אומברחמנותדיק...

ווען ער, לוי, איז ענדלעך, אַרויף אויבן דעק פון שיף אין אונטערשטן קלאַס, האָט ער אַראָפּגעשטעלט זיין געפּעק און זיך אַרונטערגעלאָזט אויף זיין ראַנץ, אַ מידער און מיט אַ שמייכל פון דערלייכטערונג און אויסלייטערונג, וואָס האָט זיך איינגעקאַרבט אַרום זיין מויל.

און אַרום אים, אין איבער אים, און פון אַלע זייטן האָט זיך געוויגט אַ טאַנץ:

— אל יבנה הגליל... אל יבנה הגליל...

פיס האָבן געטופּעט, פיס האָבן געטאַנצט, פיס האָבן זיך געהויבן און געשפּאַנט, אין אַ געניי און אין אַ גערדריי:

— אל יבנה הגליל... אל יבנה הגליל!

די „אַזיאַ" איז דאַסמאָל אָנגעקומען קיין קאָנסטאַנצאַ שוין אַ געפּאַקטע און אָנגעלאָדענע. כמעט אַלע קלאַסן, פון אונטן־אַרויף, זענען שוין געווען באַזעצט. אויף די אונטערשטע דעקן — צומייסט יונגשלעכע, וואָס האָבן אָנגעפולט אַלע ווינקעלעך מיט אַ פרייליכן רעש. צווישן זיי בהורים און בחורות פון פּוילן, פון ליטע. וואָס האָבן געשמוגלט גרענעצן, הדשים־לאַנג זיך געוואַלגערט איבער בלעריי לעגהער און דורכגעקרייצט אייראָפּע, ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ פּאָרט. די דאָזיקע חברה האָבן כסדר געזונגען יידישע און העברעישע לידער, אויסגעטאַנצט „האָראַס", און די גאַנצע שיף איז געגאַנגען כאַדאָרם מיט זיי, כאָטש געווען זענען זיי אין דער מינדערהייט.

דער רוב זענען איצט געווען „דייטשן": בלאָנדע מיידלעך, שטאַלטנע יונגעלייט, נעט־געקליידעטע, קיל־רעזערווירטע און אַ ביסל צעטומלטע.

די „אַזיא“ איז אַ פראַנצויזיש שיף, פירט אין די לעצטע יאָרן חלוצים, עולים און טוריסטן קיין ארץ־ישראל, און שטעלט זיך דאָ אָפּ רעגולער. געוויינלעך זענען די פּאַרערס צומיינסט פּוילישע, גאַליציאַנער יידן, מיט אַ צומיש פון אַ ביסל אונגאַרישע און רומענישע. דאַסמאָל האָבן די „דייטשן“ איבערגעשטיגן אין צאָל. זיי האָבן „דאָמינירט“. ז'האָבן אָנגעפּולט אַלע קלאַסן און האָבן זיך געוואָרפן אין אויג, עלטערע, מיטל־יעריקע, יוסטע און מיושבע — אויבן; יונגע, רירעוודיקע און שפּאָרזאַמע — אונטן, אין „בויך“ פון דער שיף.

אַ טייל פון זיי „דייטשן“ פאָרן, כדי טאַקע באַלד זיך צו באַזעצן אויף שטענריק אין „ארץ“ און אַרויפצופירן זייערע לעבנס אויף אַ נייעם געלייז. ז'האָבן זיך באַצייטנס אָפּגעזעגנט מט זייער „היימאַט“, ליקווידירט און אַרויסגעראַטעוועט וויפל און וואָס זיי האָבן געקאָנט. זיי האָבן געגלויבט היטלערן אויפן וואָרט, אַז „יידישע קעפּ וועלן זיך וואַלגערן אין שטויב“...

אַנדערע פון צווישן זיי פאָרן קודם כל אויסקוקן: איז „דיזעס פּאַלעסטינאַ“ אַ ישוב פאַר אַ מערב־מענטשן, קאָן מען לעבן מיט די „רוסישע אונד פּאָלנישע“, צי דאַרף מען אפשר זוכן אויף דער מאַפּע אַן אַנדער לאַנד? שוין לאַנג, זייער לאַנג, אַז דייטשע יידן האָבן נישט געקוקט אויף קיין מאַפּעס, האָבן נישט גענישטערט און נישט געטײַטלט מיט די פינגער איבער גלאָבוס און נישט געזוכט קיין נייעם טויער און קיין נייע שוועל...

די ערשטע אָנדערהאַלבן טעג האָט לוי כמעט זיך געהאַלטן פונדערווייטנס פון אַלע פּאַסאַזשירן, אפילו פון דער גרופּע גאַליציאַנער און בוקאָווינער חלוצים, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן אומעטום — וואָס האָבן בייטאָג געזונגען און געטאַנצט, אין אָוונט געפירט דיסקוסיעס, און ביינאַכט געוואַכט אויפן דעק צווישן הימל און ים.

אַריינגעטאָן אין זיך, האָט ער, לוי, געפּרוווט דורכטראַכטן אַלץ, וואָס איז מיט אים געשען ביז דער מינוט ווען די „אַזיא“ האָט אים אָוועקגעריסן פון ברעג. אָ, ווי שנעל די אַלעולייי טרעפעניש האָבן זיך געטראָפן, און ווי גורלדיק האָט זיך אַלץ צוגעפירט און אויפגעקנוילט. נו, יאָ, אוואַדע, פעטער דוד, דאָרט אין גבעוניה, האָט זיך געמיט און צוגעלייגט אַ האַנט. ווי גיך ער, לוי, איז אַריבער די גרענעץ און איז אָנגעקומען קיין רומעניע, איז דאָך אַלץ צוגעגאַנגען גלאַט. אין טשערנאָוויץ האָט מען נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, מ'האָט אים, ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, גלייך פאַרזאָרגט מיט אַ „סערטיפיקאַט“ און אים אויסגעריכט אין וועג אַריין...

אין פעטער דודס זכות? ווייזט אויס. נו, און ער אַליין, ער, לוי, אין וואָס באַשטייט זיין אייגענער זכות? אין ערשטן פאַרטאָג אויף דער שיף האָט ער געפּרוווט פאַר זיך אויסמאָלן און קלאָר מאַכן אַן עול, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. און וואָס ער פירט מיט זיך דאָ איבערן ים. ער האָט מיט זיך געקנעלט און זיך געפאָרשט: מה חובתו, וואָס איז דער חוב פון אַ ייד, וואָס רייסט זיך אָפּ פון גלות און איז עולה צו דער אַלטער ערד? מה חובתו, וואָס איז דער חוב זיינער, בעולמו, אין זיין וועלט, צו אָט דער, צו וועלכער ער טראָגט זיך, און וואָס ער טראָגט אין זיך?

די תשובה אויף זיין שאלה האָט ער בלויז געפילט אין זיך. געשפּירט מיט אַלע חושים און רמ"ח אברים, נאָר אַ קלאָרן נאָמען און קלאָרע ווערטער האָט ער פאַר איר נישט געהאַט. ער האָט אויך קיין „פּנים“ נישט געזען, די תשובה האָט קיין „צורה“ נישט געהאַט...

אין ערשטן פריומאָרגן אויפן ים — אויפן וועג צו נייע מאָרגנס — האָט ער זיך נאָך געקלאַמערט אָן אַ פּאָלע פון נעכטן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט איבערצורייסן דעם לעצטן פאָדעם, וואָס פאַרבינדט אים אויף צוריק. ער האָט עטלעכע מאָל געלייענט צוויי בריוו, וואָס ער האָט באַקומען עטלעכע שעה איידער ער איז אָפּגעפאָרן צו דער שיף: איין בריוו פון לעמבערג, פון זאָפיאַ גראַניצקאַ, און דער צווייטער פון וואַרשע, פון קלאַראַ ווינאַקור.

צוויי בריוו פון צוויי פרויען, וואָס יעדע פון זיי האָט אויף איר שטייגער,

פֿורם געווען צו זיין שנעלן אנטשלוס, באַוווּסטזיניק אָדער אומבאַוווּסטזיניק — זיי האָבן דאָך אונטערגעאײַלט זיין נסיעה און דערפֿירט צו דעם, אַז ער זאָל אויסקלייבן פֿאַר זיך דעם איינציקן וועג, וואָס ער האָט כּסדר פֿאַר זיך געזען און פֿון תּמיד אָן געזוכט.

אַ שמייכל פֿון ווייטוּט האָט זיך איינגעקאַרבט אויף לויס פּנים: האָט דער גורל קיין אַנדערע שליחים נישט געהאַט? ווו שטעקט דאָ דער זינען, און צוליב וואָס האָט גראָד אַזוי געדאַרפֿט געשען? און וואָס מיינען היינט פֿאַר אים די זאָזיקע צוויי — היום יום, איצט־אָ, בעת ער שווימט צווישן הימל און ים?

דער פֿאַני זאָפּיאַס בריוו איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ זיסלעכער מעלאַנכאָליע. ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל האָט זי אונטערגעשטראָכן ווי מקנא זי איז אים, למאַי ער האָט ווויזין צו „לויפֿן“ און ווו זיך צו „געפֿינען“, כּדי צו פֿאַרגעסן דעם נעכטן און כּדי נאָר צו קוקן דעם מאָרגן אין פּנים אַריין... „וועלן מיר זיך ווען־עס־איז נאָך באַגעגענען אין דעם נייעם מאָרגן? ווער ווייסט. דאָס איז מעגלעך נאָר אין געדאַנק... בלויז דאָרטן... זאָל דער געדאַנק זיין געבענטשט און זאָל גאָט בענטשן אייער וועג“...

לוי האָט שוין געקענט אויף אויסנווייניק די לעצטע שורה פֿון דער פֿאַני זאָפּיאַס בריוו. און אויסנווייניק האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט איר ברכה, אַזוי שטיל, פֿאַר זיך: „געבענטש זאָל זיין דער געדאַנק און דער וועג“...

שטיל האָט די שיף זיך געוויגט, זיך געשניטן פֿאָרויס, קאַרבנדיק אַ שמאָלן פּאַס, וואָס האָט זיך געבלעזלט מיט ווייסן שוים. דינע, וואַרעמע נעפּלען, ווי שיטערע ריכעלעך, זענען אויפֿגעגאַנגען, זיך צעגאַנגען, און אַ צונטערדיקע רויטקייט האָט זיך געצונדן אין מזרח־זייט. די הימל־ראַנדן האָבן זיך ביסלעכווייז אָפּגעריסן פֿון וואַסער, אָפּגעטיילט און אויפֿגעהויבן ווי פֿון אַ טיפֿעניש.

— „ימים אומרים: מקולות מים רבים... שמש אומר: ירח עמד זבולה... לאור חציך יהלכו... לנוגה ברק חניתך...“

אַ געזאַנג, פּרק שירה, האָט זיך צעכוואַליעט איבערן דעק, עמיצער האָט באַצייטנס אַרומגעשפּאַנט מיט שטילע טריט און פֿאַרזייעט דעם ניגון און די ווערטער, וואָס האָבן זיך געטראָגן אַרויף צום הימל און געניטערט אַראָפּ צום שפּיגל פֿון ים.

דער ניגון און די ווערטער האָבן מיטגעצויגן און מיטגעזאָגט מיט דעם אַ ייִר געטאָן לויס האַרץ. ר'האָט מיטגעצויגן און מיטגעזאָגט מיט דעם נישט־געזעענעם זינגער, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן ווי פֿון אַ באַהעלטעניש אַרויס. נאָר פֿאַרוואָס באַהאַלט ער זיך, דער זינגער, און מ'זעט אים נישט? זוכט ער זיין ראַשעפֿער אין באַהעלטעניש? אָבער ווי אַזוי? אַז אַלץ איז דאָך איצט אָפֿן, אויפֿגעשלאָסן און אויפֿגעמאַכט?

לוי האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט, זיך פֿאַרגעסן און ווידער אָן עפּעס דערמאָנט — אָן קלאַראַ ווינאָקור, און אָן אירע בריוו. קלאַראַ... טעג און נעכט און יאַנעווקע.. ציטערדיקע חלומות, יונגער פֿאַרדראָס און אַזאַ באַנגיקייט... ווידער האָט ער אַרויסגעצויגן קלאַראַס בריוו. שוין צום דריטן מאָל אַז ער לייענט אים. אַזוי האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געשריבן צו אים און קיינמאָל ביז איצט האָבן אירע רייד נישט געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף אים. ער האָט געפֿילט, אַז פֿון הינטער דעם דינעם שלייער פֿון איראָניע, עקשנות און שפּילעוודיקייט שרייט איצט אַרויס עפּעס מער...

„לוי, איך האָב דען אַן אַנדער ברירה ווי דיר צו ווינטשן גליק? זיי זשע מצליח און געפֿין דאָרט דאָס נישט־פֿאַראַנענע. און אויב ס'איז טאַקע פֿאָרט נישטאָ, טאָ באַהאַלט זיך נישט און זאָג עס אויס. שוין פֿון לאַנג, אַז דו יאָגסט זיך נאָך אַ טרויב און אַ מיראַזש. שטרעקסט צו זיי די הענט. איז בעסער וואָס גיכער אויסצופּרובירן, געזעגן צו ווערן און צו קומען צו זיך. די צייט איז צו אַן ערנסטע. ס'איז איצט פֿאַראַן וואָס צו טאָן אַ וועלט מיט אַרבעט, וואָס אַ טאָג אַלץ מער. לוי, זיי נישט בייז אויף מיר. אויב דאָס, וואָס איך שרייב, קלינגט אפֿשר ווי אַ שפּאַס, דאַן נעמט זיך עס פֿון אַ מאָדנעם געפֿיל... בענקעניש... איך זאָג דיר אויס דעם אמת: עס אַרט מיך, וואָס עס האָט זיך דערווייל אַזוי אויסגעלאָזט... און אַביסל שרעקט עס

מיך אויך אַן אמתן. איך קאָן נישט זיין גלייכגילטיק צו דעם וואָס דו טוסט. לוי, איבערן ים פאָרט מען אין כלערליי ריכטונגען, צו מזרח, צו מערב, אַהין און אויך צוריק... דער עיקר איז, אַז מ'האָט צו וועמען און צו וואָס"...

וואָס הייסט „צוריק"? איז זי נאָך אַליין מסופק אין זיין ציל־באַוווסטקייט און אין זיין שטאַנדהאַפטיקייט? טראַכט זיך נאָך אַליין, אַז דאָס איז אַ שפּיל אַזאַ, אַפילו אויף די כוואַליעס פון ים? עלעהיי קינדער, וואָס מאַרשירן אויף אַ ברעט איבער צוויי פעסלעך — מאַרשירן אַהין און אַהער? וואָס מיינט „צוריק"? אַז אַזאַ זאַך איז ראָך לגמרי נישט פאַראַן. עס איז שוין לכתחילה נישט געווען. עס איז בלויז אַ דוכטעניש. פון אָנהויב אָן איז געווען בלויז „אַהין" און ס'איז געווען בלויז „דאָרטן"... און דאָס איבעריקע איז נאָר אַ בלאָנקען און אַ בלאָנדזשען אין די צווישנצייטן פון פריי און לייד...

— העי, דו! וואָס ליגסטו כסדר ווי אין אַ הינערפּלעט און פאַרגלייזסט די אויגן ווי אַ האָן ערב קרייען? דו! ראַזדריכע זיך און צעטשוכרע זיך!

לוי האָט דערפילט, אַז מען שלעפּט אים פאַר אַ פוס און מ'לאָזט אים נישט אָפּ:

— העי, דו פאָרסט קיין מאַדאַגאַסקאַר, צי קיין ארץ־ישראל?...

פאַר זיינע אויגן איז אויסגעוואַקסן אַ הויכער יונג מיט אַ געדיכטער, צעקודלטער, קאַשטאַנאָוואַטער טשופּרינע. אַ פּאָר לאַכנדיקע, גרויסע ברוינע אויגן און אַ שאַרפער קאַנטיקער נאָז. די דאָזיקע נאָז האָט כסדר געצויקט — פון ליצנות, פון אומרו און פון ווילדע שטיק.

— העי, דו פּאַסאַזשיר, הויב די לעפּל און טו זיך אַ ריר!...

ס'איז געווען נח שאַפּיראָ, אַ קאָלאָמייער בחור, מיט וועמען לוי האָט זיך באַגעגנט אין דער אכסניה אין קאָנסטאַנצאַ. ווו זיי האָבן געוואַרט אויף דער שיף. נח איז געקומען אַ באַלאַדענער מיט כלערליי כלים: מיט אַ האַרמאָניקע, מיט דודקעס, מיט אַ דרינדע און אַ מאַנדאָלין. ווי גיך ר'איז אַריבער די שוועל פון דער קוואַרטיר, האָט ער גענומען אַרבעטן אויף אַלע כלים און האָט קיינעם נישט געלאָזט איינרוען אַ מינוט. ר' האָט געשפּילט, געפירט אַ טאַנץ, געזאָגט חכמות, אָפּגעטאָן שפּיצלעך, און ס'האָט זיך נישט פאַרמאַכט זיין מויל:

— העי, דו! פאָרסט קיין מאַדאַגאַסקאַר, צי קיין ארץ־ישראל? — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן זיין ווערטל — און אַז קיין ארץ־ישראל, טוט מען אויס דאָס תשעה־באָב פּנים און מען טוט אָן אַ פּנים פון שמחת תורה! העי, דו...!

אָט דער נח האָט אויפגעוועקט לוי'ן פון זיין פאַרטראַכטקייט, האָט אים גענומען אונטער זיינע „פליגלען" און אים אַריינגעצויגן אין קאָן:

— קום, און זיי אַ יאַט מיט יאַטן גלייך, — האָט נח אים געמוסרט, — שטיי נישט אָפּ פון קאָהאַל... פון דער „חראָמאַדע"...

און ס'איז גאָרנישט אָנגעקומען שווער. לוי האָט זיך דערנענטערט צו דער חברה — דער עיקר צו די גאַליציאַנער און בוקאָווינער חלוצים — און האָט זיך אויסגעמישט מיט זיי. ער האָט געגעסן מיט זיי, געזונגען מיט זיי, און צוזאַמען מיט זיי געוואַרט אויף דער מינוט, ווען עס וועט זיך דערזען דער געגאַרטער ברעג. אין איין אָוונט האָט ער, אינאיינעם מיט דער חברה, זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון דעק צו אַ „שיחה", אַ שמועס. אין יענעם אָוונט האָט ער זיך אָנגעטרונקען מיט גאַנצע „לאָגלען" פון דערהויבענע רייד וועגן זינען פון דער עליה און וועגן האַפענונגען, אין אַ שיינעם טאָג, אַרויסצוגיין אויף אַן אייגן שטיקל באָדן, אָט דאָרט אין יענעם לאַנד, וואָס וועט זיך שוין מאָרגן בייטאָג אַרויסשניידן פון האָריזאָנט און מ'וועט עס קאָנען דערזען מיטן נאַקעטן אויג. איין מיידל, מיט אַ גרויסן צעפּלאָנטערטן שלייער איבער די קוטשעראַווע האָר, מיט אַ פּלאַם אויף אַ באַק און מיט אַ „פּלאַם" אין קול, האָט געוואָלט וויסן איינס:

— לאָזט מען דען צו די מיידלעך אויף אַ רעכטן אמת צו אַלע צווייגן פון דער ווירטשאַפט? אָט אַ שטייגער איך, — האָט זי געטייטלט אויף זיך און דערביי געוויזלט מיט די געזונטע ציינער — איך בין אַ „סילוכניצע", אַ דאָרפישע... אויפגעוואַקסן ביי סאַזשעלקעס, ביי אַ טייך... וועט מען מיך לאָזן פּלעקן פיש?

— אפילו דעם לויתן! — האט דער קאלאמייער נח ארויסגעשאסן א חכמה און באלד זיך צוריקגעכאפט — פארוואס זאלסטו נישט קענען פלעקן קיין פיש? וועסט שפינען נעצן און זיך האלטן אויף שיפלעך ביי די וואסערן... און... פאר־שטייסט?

דאס מיידל מיטן גרינעם, צעפלאטערטן שלייער האט נישט אפגעלאזט: זי האט גערעדט וועגן איר דארף, וועגן טייך נימשלאווא, און איז אריבער צום ירדן און צום כנרת, און אירע רייד זענען געפלאסן, ווי ס'פליסן נאענטע, פארחלומטע, וואסערן...

— יארדאן... דער יארדאן... פערציי׳אונג מיינע הערשאפטן, — האט זיך מיט אמאל דערהערט א קול, — אך, ווי האבן זי געזאגט? ירדן... נא... ניכט דער רהיין... ניכט די עלבע.. נור דער יארדאן... ניכט וואהר? וואס זאל דאס בעדויטען אונד ווי זאל מאן דאס בעגרייפען?

א רעטעניש, א פלאטערניש און באהאלטענע זארג פאר דעם נאך־נישט־געזע־ענעם מארגן האבן ארויסגעקלונגען פון די נישט־געבונדענע ווערטער פון דעם הויכן בייכיקן „דייטש“, וואס שטייט אצינד פאר זיי, אזא פארלוירענער, ווי א פאר־בלאנדזשעט קינד. קיינער האט נישט באמערקט ווען און ווי אזוי דער דאזיקער הער האט זיך צוגעשארט אהער. נאר אט שטייט ער, און אויף זיין גלאט־געגאלטן קאפ שפיזלען שטראלן פון לבנה־שיין, די פולע באקן „ברעכן“ זיך ווי ביי א קינד ערב א געוויין, און די גרויסע אויגן קוקן פאר זיך:

— ערלאובען, מיינע הערשאפטען... איך... יוסטיץ־ראט היינריך האפענ־בערג... אויס לייפציג... יא... ניכט וואר... דער יארדאן — איז ער איבערגעגאנגען אין א שעפטשען — דאס הערץ בריכט ענטצוויי... אונד אלע ציען וויר דאהין נאך „ערעץ“...

א ווילע האבן אלע געשוויגן, ווי זיי וואלטן וועלן אויפכאפן דעם זיפץ, וואס האט זיך ארויסגעריסן פון דעם „דייטש“, וואס איז פון לייפציג, און וואס רופט זיך יוסטיץ־ראט היינריך האפענבערג.. ביז דער לאנגער קאלאמייער נח האט א נעם געטאן דעם „יעקע“ ביי דער האנט און אים געגעבן צו פארשטיין:

— ס'עט זיין רעכט, הער יוסטיץ־ראט... ס'עט זיין ווויל, ר' קרוב... מאכט זיך א ביסל היימיש און האדייע. זי פאהרן נאך מאדאגאסקאר, אדער נאך „ערעץ“? טא צו וואס מארודיען? שלום עליכם און שמעקט אריין... עס וועט זיין רעכט...

נישט נאר האט דער „יעקע“, דער יוסטיץ־ראט הער האפענבערג, טאקע „אריינגעשמעקט“ און דערביי געשאקלט מיט זיין לבנה־באשטראלטן גלאט־גע־גאלטן קאפ, נאר נאך איידער ער האט זיך נאך רעכט ארומגעקוקט, איז ער שוין געווען איינגעשלאסן אין רעדל און געהויבן א פוס. דער קאלאמייער נח האט דער־לאנגט א „הארא“ אויף זיין הארמאניקע, דערנאך געביטן אויף דער דודקע און קאמאנדירט:

— שטעלט א פוס, הער יוסטיץ־ראט... „ארצה עלינו“... אנו... אנו...

די „הארא“ האט זיך געהויבן און געזעצט, געשלענגלט און געדרייט, און נח האט געפירט:

— וטהר... וטהר... וטהר לבנו לעבדך באמת... וטהר... וטהר“...

און אז דער טאנץ האט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט און זיך געלאשן, ווי אן אויסגייענדיקער פלאם, האט זיך מיטאמאל דערהערט א נאגענדיקער און א זאגענדיקער ניגון, ווי ער וואלט אויפגעגאנגען פון די טיפענישן פון ים, און פון דער נאכט ארויס:

— „שומר מה מלילה, שומר מה מליל? אמר שומר: אתא בוקר וגם לילה... וועכטער, וועכטער וואס פון דער נאכט? זאגט דער וועכטער: געקומען פרימארגן, אויך די נאכט... אמר שומר אתא בוקר... אתא בוקר...“

ס'איז געווען דאס זעלבע קול, וואס זינגט גאנץ פרי פרק־שירה אין א באהעל־טעניש. נאר איצט האט זיך באלד נאכן מתיקותדיקן קול נאכגערוקט א געשטאלט: א לאנגער, דארער ייד, מיט שפיציקע אקסלען, פאות ווי שרויפן, און א שיטער

בלאַנד בערדל אַרום קין. ר'איז אַרומגעגאַנגען אין ווייכע לאַטשן, די פּאָלעס פון זיין כאַלאַטל צעפלויגן, און אויפן קאָפּ אַ הויכע יאַרמולקע מיט אַ שאַרפן שפּיץ.

— ס'אי ער! — האָט לוי זיך אַ רוק געטאָן פאָרויס פון רעדל — ער...

אים האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז דער רבי ר' כתריאל, דער למד־וואָווניק פון לעמבערג, וועמען ער פלעגט זען אַרומגיין אַרום דער פּעדערשטאָטישער שול מיט זיין הייליקן זאַק... דאָס זעלבע דאַרע, קוואַדרע פּנים, טיפע אויגן און דער אייגענער ווייכער גאַנג... דאָס זעלבע קול און דער אייגענער געזאַנג... לוי האָט זיך געוואָלט צולאָזן צו אים, אָפּגעבן שלום עליכם, פרעגן, צי ער איז טאַקע „ער", און צי האָט זיין נסיעה אויף דער שיף אַ באַטייט... ר'האָט אים געוואָלט פרעגן, צי פאָרט ער מיט אַ פולן, צי מיט אַ ליידיקן זאַק... אָבער דער ייד האָט לייכט אַוועק־געשפּאַנט, און נאָך אים האָט זיך נאָכגעשלעפּט דאָס געזאַנג:

— „שומר מה מלילה, שומר מה מליל... וועכטער, וואָס פון דער נאַכט"...

און געוויס איז דאָס די לעצטע נאַכט. דעם אַנדערן טאָג אַרום מיטאָג־צייט האָט זיך איבער דער גאַנצער שיף דערהערט אַ בשורה, וואָס האָט זיך צעטראָגן מיט אַ ציטער און מיט אַ פאָרכטיקער פרייד.

— לאַנד! מען זעט דאָס לאַנד!

ווי פון הינטער אַ בלויליכן, רויכיקן שלייער האָט זיך לייכט־לייכט אַרויס־געשניטן אַ יבשה־פּאַס, דער ערד־שטרייף האָט זיך געוויקלט און געשלענגלט און אָפּגעטיילט פון ים. און אויף דעם יבשה־פּאַס האָבן זיך געהויבן און געוועלבט קיילעכיקע, ווייטלעכע, וואָלקעטע בערג מיט גרינלעכע שפּיצן, ווי נאָפּלען פון בריסטונגען.

— דער כרמל! און חיפה... דער חיפה־אויסגוס...

לוי ברוידעס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער פאָרענטשע פון שיף און נישט אַוועקגענומען דאָס אויג. אין די ווינקלען פון די וויעס האָבן פייכטע טראָ־פּנס זיך געבונדן און אויפגעלייזט און גערונען אין שנירעלעך... און ס'האַרץ האָט זיך געוואָרפן אין דער פאַרמאַכונג, פון נישט־געאָנטער ענוגלעך־ווייטיקדיקער פרייד.

— העי, דו, זעסט עפּעס? — האָט דער קאַלאָמייער נח עפּעס געוואָלט זאָגן און נישט דערזאָגט — העי, דו...

ר'האָט געפּרוווט די האַרמאָניקע, אָבער ס'האָט געציטערט די האַנט.

— אונד... דאַז איזט... „ערעץ"... — האָט זיך דערהערט דאָס קול פון יוס־טיץ־ראַט הער האָפּענבערג — און דאָס הערץ בריכט ענטצוויי... „ערעץ"...

און ווי אַן ענטפער אויף דעם האָט זיך דערהערט דאָס מתיקותדיקע קול:

— „ואתן לך ארץ חמדה נחלת צבי... און איך וועל דיר געבן אַ גלוסטיק לאַנד, די שענסטע נחלה ווי פון הירש־פּראַכט"...

דער הויכער, דאַרער ייד האָט געקוקט אין דער ווייטקייט, געזונגען זיין געזאַנג, און לוי האָט מיט אים מיטגעזונגען און מיטגעזאָגט, מיט שטילן שעפּטש, מיט פאַרשמאַכטע ליפּן און אַן אָנגעקוואָלן האַרץ.

לייכט און פּאַמעלעך האָט איצט די שיף זיך דערנענטערט צו די געגאַרטע ברעגעס, ווי זי וואָלט וועלן פאַרלענגערן די תשוקה, די זיסע בענקשאַפט, און אויסציען יעדע שעה פון דערוואַרטונג און גאַרן און טרוים.

— „ואתן לך ארץ חמדה נחלת צבי... און איך וועל דיר געבן אַ גלוסטיק לאַנד" — האָט דער ייד געצויגן, און לוי האָט געצויגן מיט אים, ווי אַ תפילה ביים אויסלאָז פון אַ לאַנגער וואַנדערונג, און ערב־אָנהויב פון אַ נייעם וועג — „און איך וועל דיר געבן אַ געלוסטיק לאַנד"...

און פולער און פולער האָט זיך אַרויסגעשניטן דער ברעג, אין בלויע און גרינע פאַרבן, און די צעשפּילטע קאָלירן האָבן אַנטקעגנגעזונגען צו די אָנקומענדיקע, וואָס קערן זיך אום צו דער שענסטער נחלה, די נחלה פון פּראַכט...

סוף.